# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

12 דעקאַבער

1987

# אינהאַלט

יעווגעני גיק

# א רײַזע קיין באַקו

## וועגן איינעם א אינטערוויו מיט גאַרי קאַספּאַראָוו

## פֿאָרוואָרט

דער הויפּט־העלד פֿון דער דערציילונג, וועלכע עס ווערט פֿאַרגעלייגט דעם לייענער, איז דער דרײַצנטער שאַך־טשעמפּיאָן פֿון דער וועלט גאַרי קאַספּאַראָוו. דאָס איז אָבער ניט קיין ביאָגראַפֿיע פֿונעם ייִנגסטן שאַך־קיניג, ביפֿראַט נאָך, אַז אין אָט דער דערציילונג זײַנען בײַוועזנד אויך אַנדערע העלדן. דעם אוטאָר, עמעס, איז אויך שווער אָנצורופֿן דעם זשאַנער, צו וועלכן עס האָבן א שײַכעס זײַנע נאָטיצן. אַן עסיי, אַן אַרטיקל, אַן אינטערוויו... מיסטאַמע וואָלט פּינקטלעכער געווען צו זאָגן — סוביעקטיווע זיכרוינעס...

עטלעכע ווערטער וועגן דעם, וויאַזוי אָט דער מאַטעריאַל האָט זיך באַוויזן אינעם זשורנאַל. דער מאַנוסקריפּט איז איבערגעגעבן געוואָרן דער רעדאַקציע זומער 1984, קורץ פֿאַר דעם סטאַרט פֿונעם ערשטן גרויסן געראַנגל פֿאַר דער שאַך־קרוין צווישן אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו און גאַרי קאַספּאַראָוו. לויט טעכנישע סיבעס האָט דער מאַטעריאַל געקאָנט דערשײַנען בלויז שפּעט אין האַרבסט, ווען דער געראַנגל האָט, לויט אַן אײנהײַטלעכער מיינונג, שוין געדאַרפֿט זיך פֿאַרענדיקן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צוּוואַרטן. דער מאַטש אָבער האָט זיך נישט פֿאַרענדיקט ניט האַרבסטצײַט 1984, ניט ווינטער 1985. ער האָט זיך ביכלאַל ניט פֿאַרענדיקט. דער פּרעזידענט פֿון „פֿידע"[1] פֿ. קאַמפּאָמאַנעס האָט אין פֿעברואַל 1985 איבערגעריסן דעם געראַנגל, ניט מעלדנדיק דעם זיגער. צו יענער צײַט האָבן די פּאַרטניאָרן שוין געשפּילט 48 פּאַרטיעס און פּאַרויס איז געווען א. קאַרפּאָוו 3:5 (די שפּיל איז געפֿירט געוואָרן אַן א באַגרענעצונג פֿון דער צאָל פּאַרטיעס ביז 6 ניצחונעס, די רעמי זײַנען ניט פֿאַררעכנט געוואָרן). ס'איז באַשטימט געוואָרן א נײַער מאַטש אויף האַרבסט פֿון דעם זעלבן יאָר. אין אַזאַ סיטואַציע איז אויסגעקומען דעם מאַנוסקריפּט אויף א צײַט אָפּלייגן אין א זײַט און וואַרטן אויפֿן סאָף פֿון דעם שטרײַט.

דער צווייטער מאַטש איז דורכגעפֿירט געוואָרן לויט אַן אַנדער סיסטעם און האָט אומענדלעך ניט געקאָנט דויערן. פּינקטלעכער גערעדט, ער איז באַגרענעצט געוואָרן מיט 24 פּאַרטיעס און די צאָל ניצחונעס האָט ניט געהאַט קיין באַדײַטונג. נעמענדיק די אויבערהאַנט איבער זײַן מערקווירדיקן קאָנקורענט, איז גאַרי קאַספּאַראָוו געוואָרן דער 13־טער וועלט־טשעמפּיאָן פֿאַר דער גאַנצער הונדערט־יאָריקער געשיכטע פֿונעם קאַמף פֿאַר דער קרוין. פֿינף ניצחונעס, דרײַ מאַפּאַלעס, און דער אַלגעמיינער כעזשבן 11:13 לטובֿת דעם באַקוער גראָסמייסטער — אַזאַ איז דער סאַכאַקל פֿון דעם נײַעם געראַנגל.

---

[1] צווישנפֿעלקערלעכע שאַכמאַט־פֿעדעראַציע.



א קאָמפּליצירטער גאַנג. פעווראַל, 1987

אַצינד קאָן מען זיך אומקערן צו דער פראַגע וועגן דער פּובליקאַציע פון דעם געגעבענעם מאַטעריאַל. דער ציקל אָבער האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט. ס׳איז פאָרגעשטאַנען א נײַער געראַנגל — א מאַטש־רעוואַנש...

אָסיען־צײַט 1986 האָט זיך פאַרענדיקט דער דריטער געראַנגל צווישן ביידע קאָריפייען. קאַספּאַראָוו האָט געוווּנען אָט דעם מאַטש $11\frac{1}{2}:12\frac{1}{2}$, דערווײַזנדיק, אַז ער איז בעעמעס דער שטאַרקסטער שאָך־שפּילער אויף דער פּלאַנעטע. וואָס איז שײַעך אונדזערע נאָטיצן, זײַנען ניט פאַרבליבן קיין שום באַריערן, קעדיי זיי פּובליקירן! עמעס, ס׳איז אויפגעשוווּמען א נײַע פראַגע: צי וועט פאָרקומען א נײַער, דער פערטער געראַנגל צווישן קאַספּאַראָוון און קאַרפּאָוון?

אינעם סופּערפינאַל, וועלכער האָט געדאַרפט אָנרופן קאַספּאַראָווס קעגנער אינעם מאַטש, וואָס פאַרענדיקט דעם אָרדנטלעכן ציקל פונעם קאַמף פאַר דער קרוין, האָט קאַרפּאָוו מיט אַן אויסערגעוויינלעכער לײַכטקײַט געוווּנען בײַ אַנדריי סאָקאָלאָוון. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז דער טאַנדעם קאַספּאַראָוו—קאַרפּאָוו האָט אויף א סאַך איבערגעשטיגן די איבעריקע גראָסמייסטערס אין דער וועלט.

און אָט הייבט זיך אָן א נײַער געראַנגל פון שאָך־גיגאַנטן, דער פערטער פאַר דרײַ יאָר! אינגיכן וועלן קאַספּאַראָוו און קאַרפּאָוו זיך זעצן צו דער שאָך־ברעט צום 101־טן מאָל. די איצטיקע פּובליקאַציע איז טאַקע געווידמעט דעם סטאַרט פונעם נײַעם געראַנגל צווישן די שאָך־קיניגן נומ. 12 און נומ. 13.

העיויס דער אינטערוויו מיט גאַרי קאַספּאַראָוון, וועגן וועלכן עס וועט ווײַטער גיין א רייד, איז געזונען (?) באַם קינפטיקן טשעמפּיאָן אין 1980 יאָר, קאָן מען זאָגן, אַז די אַרבעט איבער אָט דעם מאַטעריאַל האָט געדויערט זיבן יאָר. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די לעצטע יאָרן זײַנען פאָרגעקומען אין דער וועלט פון שאָך פיל געשעענישן, וועלכע זײַנען ניט געקומען צום אויסדרוק אינעם ערשטן וואַריאַנט פון די דאָזיקע נאָטיצן. די וויכטיקסטע געשעעניש באַשטייט אין דעם, וואָס קאַספּאַראָוו האָט זיך פאַרוואַנדלט פון א פּרעטענדענט אין א טשעמפּיאָן, און שפּעטער פאַרטיידיקט זײַן טיטל. אַזוי־אַרום, אויב ס׳וואָלט איצט אויסגעקומען זיך נעמען פאַר דער פען „אויף א פּוסט אָרט", וואָלט דער מאַטעריאַל אויסגעזען גאָר אַנדערש. אָבער, ווי מיר דוכט, שטעלט ער פאָר אויך אין געגעבענעם אויסזען אַן אינטערעס פאַרן לייענער. סאָפקאָלסאָף איז דער כיִלעק אינעם ספּאָרטיוון פּראַט ניט אַזוי גרויס — געווען איז קאַספּאַראָוו דער צווייטער שאַכמאַטיסט אין דער וועלט, און איז געוואָרן דער ערשטער. עמעס, קעדיי באַקומען אָט דאָס טרעפל, האָט זיך געפאָדערט פון אים אומגעהײַערע אָנשטרענגונגען, פאַנטאַסטישער ווילן און כאַראַקטער, א טיטאַנישע פּסיכאָלאָגישע און שאָך־אַרבעט. ער האָט דאָך געקאָנט זיך ספּראַווען מיטן טשעמפּיאָן, וועלכער איז געזעסן אויפן טראָן העכער צען יאָר און געפינט זיך אין סאַמע בלי פון זײַנע שעפערישע קויכעס.

אין דעם נאָכוואָרט צו די דאָזיקע נאָטיצן וועלן מיר אינקורצן דערמאָנען די וויכטיקסטע שאָךנײַעס פון די לעצטע יאָרן, מירן דערגאַנצן קאַספּאַראָווס אינטערוויו מיט נײַע פראַגן און ענטפערס. לעסאָף וועלן אין גאַנג פון דער דערציילונג אַרײַנגעשטעלט ווערן עטלעכע דערגאַנצונגען, וועלכע דער אוטאָר האָט אַרײַנגעטראָגן נאָך דעם, ווי דער איבערגעזעצטער מאַנוסקריפּט איז איבערגעגעבן געוואָרן אין זאַץ.

■

דאָס איז בעעמעס געווען א געלונגענער צופאַל פון אומשטאַנדן! אינעם אַעראָפּלאַן, וואָס פליט מיטן רייס מאָסקווע—באַקו, האָב איך בײַ א פּאַסאַזשיר, וואָס איז געזעסן ניט ווײַט פון מיר, דערזען א פרישן נומער פון דער וואָכנשריפט „ניעדיעליא". די צײַטונג איז געווען צעעפנט אויף דער רובריק „דער גאַסט פון דער דרײַצנטער זײַט". פאַנאַנדערקלײַבן דעם טעקסט האָב איך ניט געקאָנט, אָבער לויט דער פאָטאָגראַפיע האָב איך פאַרשטאַנען, אַז צוגאַסט בײַ דער „ניעדיעליא" איז דאָס מאָל געווען

דער ייִנגסטער גראָסמייסטער אין דער וועלט, דער 17־יאָריקער גאַרי קאַספּאַראָוו (כידעשט זיך ניט — דאָס איז פֿאָרגעקומען האַרבסט־צײַט 1980). אויף דער פֿאָטאָ איז גאַרי געווען אין אַ ספּאָרטיוון טרעניר־קאָסטיום, אין די הענט האָט ער געהאַלטן אַ קעשענע־שאָך. ווײַזט אויס, אַז די פּאָזיציע פֿון די פֿיגורן איז אים בעפֿייִרעש געפֿעלן — קאַספּאַראָוו האָט געשמייכלט.

די וואָכנשריפֿט איז געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, און די פּאַסאַזשירן, קודעמקאָל באַקוער טוישווים, האָבן מיט אינטערעס געלייענט דעם אינטערוויו מיטן יונגן העלד פֿון זייער שטאָט. קאַספּאַראָווס לאַנדסלײַט האָבן געזעצלעך שטאָלצירט און ניט אײַנגעהאַלטן דעם קאַווקאַזער טעמפּעראַמענט. איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, האָבן זיי באַהאַנדלט די דערפֿאָלגן פֿון זייער ליבלינג און, אורטיילנדיק לויט די רעפּליקעס, געבויט פּראָגנאָזן וועגן דעם, וויאַזוי עס וועט זיך אויספֿורעמען זײַן ווײַטערדיקער גורל.

נאָך זומער 1980 האָט קאַספּאַראָווס נאָמען אַלץ אָפֿטער זיך אָנגעהויבן באַווײַזן אין דער פּרעסע — אינטערוויוען, עסייען, שמועסן. און ס'איז קיין כידעש ניט, ווײַל גאַרי האָט נאָרוואָס זיך אומגעקערט פֿון דער דײַטשישער פֿעדעראַטיווער רעפּובליק, וווּ ער האָט לײַכט דעראָבערט דעם טיטל פֿון וועלט־טשעמפּיאָן צווישן די יונגלינגען. אָט דער זיג האָט אַרויסגערופֿן אַ נאַטירלעכע דערמאָנונג, וויאַזוי מיט 11 יאָר צוריק האָט זיך דערשלאָגן פּונקט אַזאַ דערפֿאָלג אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו, וועלכער האָט אומגעקערט דעם היימלאַנד די שאָך־קרוין נאָך אַ צו פֿאַרצויגענעם איבערײַס. און העיויס ביידע לעצטע סאָוועטישע וועלט־טשעמפּיאָנען „צווישן די דערוואַקסענע" (ביז קאַרפּאָוון איז געווען אויך ספּאַסקי) האָבן זײַנערצײַט באַזיצט דעם ערן־טיטל פֿון אַ יונגן קיניג, דאַרף דער, וואָס שטעלט זיך אַפֿן קאָפּשווינדלענדיקן און געפֿערלעכן וועג צום שאָך־אָלימפּ, רעספּעקטירן די קלאַלים...

נאָך גיט אַראָפּנידערנדיק אויף דער באַקוער ערד, אַפֿן צוטריט צו דער שטאָט, האָב איך, לויט דער רעאַקציע פֿון די פּאַסאַזשירן, דערזען, מיט וואָס פֿאַר אַ סימפּאַטיע די באַקוער טוישווים באַציִען זיך צו גאַרי קאַספּאַראָוון. דאָ טאַקע האָב איך באַקומען נאָך איין מעגלעכקײַט צו איבערצײַגן זיך אין זײַן אויסערגעווייִנלעכער פּאָפּולערקײַט אין דער הויפּט־שטאָט פֿון אַזערבײַדזשאַן.

באַמערקנדיק, אַז איך קאָן ניט אײַנזיצן אַפֿן אָרט (האַגאַם איך בין געווען צוגעשפּיליעט מיט רימענס), האָבן די שכיינעס פֿונעם סאַלאָן זיך פֿאַרינטערעסירט מיט דער סיבע פֿון מײַן אומרו. ווען איך האָב אָנערקענט, אַז איך שפּיל אין שאָך און איך קאָן זיך ניט דערוואַרטן צו באַקומען אין די הענט די וואָכנשריפֿט „ניעדיעליאַ", זײַנען זיי געוואָרן לעבהאַפֿטער. דאַרעם־אײַנוווינער זײַנען באַרימט מיט זייער צוגעלאָזנקײַט. צומאָל קומט אַפּילע אויף אַ געפֿיל, אַז זיי אַלע וווינען אויף איין גאַס און גייען איינער צום אַנדערן צוגאַסט. פֿונדעסטוועגן איז גרויס געווען מײַן ווונדער, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז ביידע מיטפֿאָרערנס זײַנען באַקאַנט מיט דער מישפּאָכע קאַספּאַראָווס.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נעלי גאָלדבערג, די שכיינע פֿון לינקס, האָט עטלעכע יאָר געאַרבעט אין איין אינסטיטוט מיט גאַריקס פֿאָטער, קים מאָיסייעוויטש. נעלי וווינט אין אַרמעניקענד, אין אַלטן ראַיאָן פֿון באַקו, ניט ווײַט פֿון די קאַספּאַראָווס, און יעדעס מאָל, ווען גאַרי מאַכט זײַן טראַדיציאָנעלע פֿרימאָרגנדיקע גימנאַסטיק, זעט זי, ווי ער טראָגט זיך האַסטיק דורך פֿאַרבײַ אירע פֿענצטער. רינאַ פֿאָלעכינאַ, די שכיינע פֿון רעכטס, איז גוט באַקאַנט מיט קלאַרע שאַגענאָוונען, גאַריקס מוטער. זיי האָבן ביידע געלערנט אין איין גרופּע פֿונעם אינסטיטוט, זיך ניט געזען פֿיל יאָרן, נאָר ענדלעך האָבן זיי ערשט ניט לאַנג זיך באַגעגנט אַפֿן אָוונט, געווידמעט דעם צוואַנציקסטן יאָרטאָג זינט זיי האָבן פֿאַרענדיקט די הויכשול.

מע דאַרף זאָגן, אַז מײַן קאָמאַנדירונג קיין באַקו האָט געהאַט אַ ביז גאָר ווײַטע שײַכעס צו שאָך. איך בין געפֿאָרן אויף דער אַלפֿאַרבאַנדישער קאָנפֿערענץ וועגן קיבערנעטיק, וווּ צווישן אַנדערע איז פֿאָרגעשטעלט געוואָרן אויך מײַן באַריכט (לאַכלוטן ניט פֿאַרבונדן מיט דער שאָך־טעמע). דער פֿאָרום פֿון די געלערנטע האָט אַ גאַנץ הויכן „רייטינג". גענוג איז צו דערמאָנען, אַז דער פֿאָרזיצער אויף דער קאָנפֿערענץ איז געווען דער לאַורעאַט פֿון דער נאָבעל־פּרעמיע, אַקאַדעמיקער ל. קאַנטאָראָוויטש. אַרבעט איז פֿאָרגעשטאַנען ניט ווייניק — לעקציעס, סעמינאַרן, וויסנשאַפֿטלעכע שמועסן. אָבער גרינג איז פֿאַרשטיין דעם צושטאַנד פֿון אַ מענטשן, וועלכער שרײַבט וועגן שאָך און דערנעענטערט זיך מיט אַ שנעלקײַט פֿון 1000 קמ. אַ שאָ צו דער שטאָט, וווּ עס וווינט דער אויפֿגייענדיקער שאָך־שטערן. די אידיי וועגן אַ באַגעגעניש מיט קאַספּאַראָוון איז געבוירן געוואָרן אַן און פֿאַר זיך.

ענדלעך, איז די וואָכנשריפֿט „ניעדיעליאַ" דערגאַנגען אויך צו מיר. שוין די ערשטע פֿראַגע צום „גאַסט פֿון דער 13־טער זײַט" האָט געקלונגען אַ ביסל נאַיִוו: „צי קאָן מען זאָגן, אַז דו ביסט געפֿאָרן קיין דאָרטמונד, קעדיי פֿאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט?" פֿאַר די 30 יאָר, זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די יוגנטלעכע טשעמפּיאָנאַטן, איז צום ערשטן מאָל צווישן די אָנטיילנעמער געווען אַ גראָסמייסטער, איז וועגן וואָס פֿאַר אַן אָרט האָט ער געדאַרפֿט טראַכטן?! ביפֿראַט נאָך, אַז ניט לאַנג צוריק האָט קאַספּאַראָוו געזיגט אויף צוויי גרויסע צווישנפֿעלקערלעכע טורנירן — אין יוגאָסלאַוויע און בא זיך אינדערהיים, אין באַקו.

לייענענדיק די „ניעדיעליא", האָב איך ניט־ווילנדיק אָפּגעמערקט, אַז אינעם שמועס האָב איך ניט געפֿונען אייניקע פֿראַגן, וועלכע איך אַליין וואָלט געוויס געשטעלט קאַספּאַראָוון. די האַנט האָט, ווי עס רעדט זיך, זיך אַ ציי געטאָן צו דער פּען, און טאַקע דאָ, אויף דער צײַטונג, האָב איך אָנגעהויבן צונויפֿשטעלן מײַן אייגענע רעשימע (די דאָזיקע פֿאַרשריבענע זײַט פֿון דער „ניעדיעליא" איז ביז איצט פֿאַרהיט געוואָרן — איר באַלעבאָס האָט אָן באַדויערונג זיך צעשיידט מיט דער צײַטונג, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז איך קלײַב זיך באַגעגענען מיט קאַספּאַראָוון).

...ס'איז אָפּגעבן ניט אַזוי פּאָשעט אָנצורופֿן אַ גרויסע שטאָט אין אונדזער לאַנד, וווּהין ס'האָבן מיך ניט פֿאַרטראָגן אין פֿאַרשיידענע צײַטן מאַטעמאַטישע, זשורנאַליסטישע אָדער שאַך־ענינים. דעריבער איז טרויעריק געווען צו אָנערקענען, אַז גראָד קיין באַקו, אין מײַן היימשטאָט, האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן אַרויסצורײַסן זיך בעמעשעך פֿון דרײַסיק יאָר. און אָט איז דער טרוים מעקוייעם געוואָרן. מיט אויפֿרעגונג האָב איך זיך דערנעענטערט צו די ערטער, ווו ס'איז אַדורך מײַן קינדהײַט, ווו כ'האָב געהאָפֿט נאָך טרעפֿן אַלטע פֿרײַנט פֿון מײַנע עלטערן.

ניט באַווײַזנדיק ווי ס'געהער צו זײַן זיך אײַנאָרדענען אינעם האָטעל „אַזערבײַדזשאַן", האָב איך זיך צוגעײַלט צו דעם „מיידלשן טורעם", איינעם פֿון די מערקווירדיקסטע אין דער שטאָט אַלטער־טימלעכע דענקמעלער. די פֿענצטער פֿון אונדזער דירע האָבן געקוקט גלײַך אויף זײַנע ווענט. דאָ בין איך געבוירן געוואָרן, דאָ האָבן צען יאָר געלעבט מײַנע טאַטע־מאַמע. און אָט איז דאָס פּיצינקע הייפֿל ניט ווײַט פֿון דער פֿעסטונג־וואַנט (דעמאָלט האָט עס, דאָס הייפֿל, אויסגעזען אין מײַנע אויגן גיגאַנטיש). עטלעכע זקיינעס זײַנען אומבאַוועגלעך געזעסן בײַ זייערע פֿענצטער און פֿאַרדעכטיק געקוקט אויף דעם אומגעבעטענעם גאַסט, ס'איז שווער געווען צו מיינען, אַז זיי געדענקען מיך, צײַט געווען אוועקגיין. און דאָ האָט איינע פֿון די זקיינעס אַ פֿרעג געטאָן:

— איר זײַט צופֿעליק ניט גיקס זון?

...בײַס דער מילכאָמע איז מײַן פֿאָטער געווען אַן אייגענער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער צײַטונג „איזוועסטיאַ" איבער אַזערבײַדזשאַן, נאָכדעם האָט מען אים באַשטימט אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג „באַקינסקי ראַבאָטשי". צו שאַך, וועלכן ער האָט מיך אויסגעלערנט צו שפּילן, ווען איך בין אַלט געווען זעקס יאָר, האָט דער פֿאָטער זיך באַצויגן מיט דער זעלבער לײַדנשאַפֿט, ווי צו פֿוטבאָל, זײַנע ליבלינגען זײַנען געווען דער מאָסקווער „ספּאַרטאַק" און... מיכאַיִל באָטווינניק. די זעלבע פֿאַרערונג איז איבערגעגעבן געוואָרן בירושע אויך מיר. עמעס, מיט דער צײַט האָבן זיך מײַנע צוגעבונדנקײַטן ניט איין מאָל געביטן.

נאָכן אַריבערפֿאָרן קיין מאָסקווע אין 1950 האָט מײַן פֿאָטער געאַרבעט קימאַט צען יאָר אינעם זשורנאַל „אָגאָניאָק", און דאָס, וואָס סאַלאָ פֿלאָר האָט אַקטיוו מיטגעאַרבעט אינעם זשורנאַל, איז דעם פֿאָטערס ניט קיין קליינע פֿאַרדינסט. אין 1958, ווען אינעם שאַך־קלוב איז אָפּגעמערקט געוואָרן סאַלאָמאָן מיכײַלאָוויטשעס 50־טער געבורטסטאָג, האָט מײַן טאַטע באַגריסט דעם גראָסמײַסטער פֿון שאַך־זשורנאַליסטיק און אים איבערגעגעבן אַ געדענק־מאַטאָנע. דער טאַטע איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער (נאָך דער רעוואָליוציע איז ער נאָך גאָר אַ יונגער מענטש געפֿאָרן לויטן רוף פֿונעם קאָמיוג אויף פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט אין קראָנשטאַדט), און איך געדענק, אַז זײַן אַרויסטרעטונג אויף פֿלאָרס יובילײַ האָט זיך אויסגעטיילט מיט קלאָרקײַט און שאַרפֿזיניקײַט.

אין דער יוגנט איז דער פֿאָטער געווען אויך אַ פּאָעט (ניט לאַנג צוריק האָב איך געפֿונען אין דער לעניִן־ביבליאָטעק אַן אַרטיקל וועגן פּאָעטישער טעכניק, אין וועלכן דער אווטאָר פֿאַרופֿט זיך אויף יאַ. גיקס נאָוואַטאָרישקײַט אין אָט דעם געביט). אָבער זײַן עמעסער באַרוף האָט זיך אַנטפּלעקט אין זשורנאַליסטיק. דער פֿאָטער איז געווען זייער אַ טאַלאַנטפֿולער רעדאַקטאָר. אים איז גענוג געווען זיך דורכגיין מיט דער פּען איבער אַ געוויינלעכער פֿאַרצייכענונג אָדער רעפּאָרטאַזש, און זיי האָבן אָנגעהויבן פֿינקלען מיט גאָר אַנדערע פֿאַרבן. ניט צופֿעליק האָבן אַ סאַך אָנפֿאַנג־ליטעראַטן אָפּט זיך געווענדט צו אים נאָך אַן אייצע. אָבער פֿאַרנעמענדיק זיך מיט זשורנאַליסטיק, איז דער פֿאָטער זײַן גאַנץ לעבן טרײַ געווען זײַן ערשטער ליבע — דער ליטעראַטור. ער האָט אָנגעהאַלטן ענגע פֿאַרבינדונגען מיט שרײַבער. אין אונדזער ביבליאָטעק זײַנען פֿאַרהיט צענדליקער ביכער מיט וואַרעמע אויפֿשריפֿטן פֿון מעכאַברים, וועלכע האָבן גוט געקענט דעם פֿאָטער.

דער פֿאָטער איז געשטאָרבן צו פֿרי, אין 1963 יאָר, ווען איך האָב זיך געלערנט אויפֿן דריטן קורס פֿונעם אוניווערסיטעט. ער האָט געהאָפֿט, אַז איך וועל ווען־עס־איז ווערן אַ שאַך־מײַסטער, אָבער מיט מײַנע מאַטעמאַטישע ענינים האָט ער זיך אינטערעסירט פֿיל מער. איך געדענק אויך, אַז דעם פֿאָטער האָט אַ ביסל אַנטמוטיקט דאָס, וואָס זײַן יורש האָט ניט קיין נייגונגען צו ליטעראַטור...

אין פֿינף יאָר אַרום האָב איך צוגעשפּיליעט צום לאַץ פֿון מײַן פּידזשאַק אַ מײַסטער־צייכן, און נאָך אין פֿינף יאָר אַרום פֿאַרטיידיקט אַ דיסערטאַציע און שפּעטער זיך אָנגעהויבן באַשעפֿטיקן מיט זשורנאַליסטיק — די יערושעדיקײַט האָט פֿונדעסטוועגן גענומען די אויבערהאַנט. און איינער פֿון מײַנע שאַך־ביכער, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַזערבײַדזשאַניש, האָט זיך באַוויזן אין דער

שטאָט פֿון מײַן קינדהייט. אָבער מײַן פֿאָטער האָט ניט באַוויזן טיילן מיט מיר קיין איין יאָמטעוו מײַנעם.

אין אונדזער מישפּאָכע־אַלבאָם האָבן זיך פֿאַרהיט פֿאָטאָגראַפֿיעס, אויף וועלכע מע זעט דעם פֿאָטער מיט זײַנע באַקוועד פֿרײַנט. טשיקאַווע, וואָס אַכוץ דעם אינטערעס צום געדרוקטן וואָרט, האָט זיי פֿאַראייניקט אויך די ליבע צו שאַך. אָט איז אַ פֿאַרגעלטע פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס איז דאַטירט מיטן יאָר 1946 — דער פֿאָטער מיטן סאַמע ייִנגסטן פֿרײַנט זײַנעם לעאָניד זאָרין.

זאָרין איז שוין דעמלט געווען אַ טרײַער פֿאַרערער פֿון שאַך. שפּעטער וועט די דאָזיקע לײַדנשאַפֿט קומען צום אויסדרוק אין זײַן שאַפֿונג — ער וועט אָנשרײַבן אַ סצענאַרי פֿון אַ פֿילם, געווידמעט די גראָסמייסטערס, און אויפֿן צווישנפֿעלקערלעכן פֿעסטיוואַל אין יוגאָסלאַוויע באַקומען פֿאַר אים אַ פּערסאָנעלע באַלױנונג.

לעאָניד זאָרין איז נאָך ניט אַלט געווען קיין צען יאָר, ווען ס'האָט אויף זײַן ליטעראַרישער באַגאַבונג געווענדט זײַן אויפֿמערקזאַמקייט אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש גאָרקי. און צו 17 יאָר האָט מען אים אויפֿגענומען אין שרײַבער־פֿאַריין. אין יענע יאָרן איז דערשינען זײַן ערשטע פּיעסע, און זינט דעמלט האָט מען אויפֿגעפֿירט אינעם לאַנד און אויסער זײַנע גרענעצן זאָרינס העכער 30 פּיעסעס.

לעאָניד גענריכאָוויטש איז געווען אַן אָפֿטער גאַסט בײַ אונדז אין שטוב סײַ אין באַקו, סײַ אין מאָסקווע. ער איז גערן געווען מײַן שאַך־פּאַרטניאָר, און איז פֿאַרבליבן אַזאַ אויך ביז איצט. ווען איך זיץ בײַם שאַך־טישל אין זײַן קאַבינעט און רײַס אויף מײַן בליק פֿון דער שאַך־ברעט, זע איך אויף דער וואַנט דאָס בילד פֿון מײַן פֿאָטער און טראַכט דערבײַ, אַז ניט שטענדיק האָבן די צײַט און גוירהלעס מאַכט איבער די מענטשלעכע פֿאַרבינדונגען.

איך ענטפֿער אויפֿן שרײַבשטעלערס געגנג ניט געײַלט. און די זאַך באַשטייט ניט נאָר אין דעם, וואָס דער קעגנער איז אַ געפֿערלעכער (זאָרין איז אַפֿילו געווען טשעמפּיאָן פֿונעם צענטראַלן ליטעראַטן־הויז), עס ווילט זיך באַהאַנדלען מיט אים ליטעראַרישע און שאַך־געשעענישן. ווען ער דאַרף מאַכן זײַן אָרדנטלעכן גאַנג, פֿאַרטיפֿערט ער זיך אין דער פּאָזיציע, און דאָ פֿאַרשפּאָרט מען שוין וועגן עפּעס צו ריידן.

פֿאַרשפּילן איז מיר ניט איבעריקס אָנגענעם, ווײַל ווען דאָס פּאַסירט (צום באַדויערן, ניט אַזוי זעלטן), רופֿט דער באַלעבאָס פֿון דער שטוב פֿונעם שכײַנעסדיקן צימער זײַן זון אַנדריי, און צוזאַמען באַהאַנדלען זיי די ניט־פּאַדערעוודיקײַט פֿון דער קוואַליפֿיקאַציע־קאָמיסיע, וועלכע האָט מיר צוגעייגנט דעם טיטל ספּאָרט־מײַסטער.

לעאָניד גענריכאָוויטש האָט קעסיידער אויפֿמערקזאַם געשפּירט נאָך דעם, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין מײַן לעבן, געפֿרייט זיך מיט מײַנע דערפֿאָלגן, אין שווערע מינוטן האָט ער געפֿונען טרייסטווערטער. דער העלד פֿון איינער פֿון מײַנע שאַך־הומאָרעסקעס (מע רופֿט אים פֿעטער ליאָניע — ס'האָט ניט געסטײַעט בײַ מיר קיין פֿאַנטאַזיע צו ענדערן דעם נאָמען) לעבט איבער, ווען ער זעט, ווי זײַן באַליבטער פֿלימעניק געפֿינט די סאַמע אומגלייבלעכע מיטלען צו פֿאַרשפּילן אויסגעשפּילטע פּאָזיציעס. אינטערעסאַנט איז, וואָס נאָך דעם, ווי ס'איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די דערציילונג, האָבן אייניקע לייענער, אָנשטויסנדיק זיך, וועגן וועמען עס גייט אַ רייד, באַשלאָסן, אַז מיר זײַנען בעעמעס קרובֿים.

דער אָפֿטער קאָנטאַקט מיטן שרײַבשטעלער האָט ניט געקאָנט פֿאַרבײַגיין אָן אַ שפּור, און אייניקע פֿון אונדזערע שמועסן האָב איך פֿאַרשריבן און נאָכדעם פֿאַרעפֿנטלעכט. סאָפֿקאַלסאָף האָט זיך געשאַפֿן פֿון זיי אַ גאַנץ קאַפּיטל „שאַך־טעאַטער", וואָס איז אַרײַן אינעם בוך „אומויסשעפּלעכע שאַכמאַטן" (אָנגעשריבן צוזאַמען מיט אַנאַטאָלי קאַרפּאָוון און דעם מעכאַבער פֿון די דאָזיקע שורעס).

די גוירהלעס פֿון מענטשן פֿלעכטן זיך צומאָל איבער אויף אַ וווּנדערלעכן און אומגעריכטן אופֿן. מיט יאָרן צוריק איז אויף דער בינע פֿונעם אַזערבײַדזשאַנישן טעאַטער פֿון אָפּערע און באַלעט געשטעלט געוואָרן די אָפּערע „סיגנאַל", די ליברעטאָ האָט אָנגעשריבן דער 17־יאָריקער לעאָניד זאָרין, און די מוזיק... קאַספּאַראָווס זיידע, דער פֿאָטער פֿון זײַן פֿאָטער מאָיסיי וויינשטיין. וועגן דער שפּעטערישער פֿרײַנטשאַפֿט פֿון די פּאָפּולערע אין באַקו קאָמפּאָזיטאָר און דראַמאַטורג געדענקט גאַנץ גוט גאַריקס באָבע — אָלגאַ יוליעוונאַ בעליאַווסקאַיאַ (אויף אָט דער אַזוי גוט באַקאַנטער אים פֿאַמיליע וועט גאַרי זיך אָנשטויסן אין דרײַ יאָר אַרום, אין 1983, ווען ער וועט זיך צונויפֿקומען אינעם פֿערטל־פֿינאַל־מאַטש מיט אַן אַנדער פּרעטענדענט אויף דער שאַך־קרוין — מיט אַלעקסאַנדער בעליאַווסקין).

אין די לעצטע יאָרן האָט לעאָניד זאָרין זעלטענער זיך געווענדט צו דראַמאַטורגיע. ער האָט געשאַפֿן צוויי גרויסע ווערק, וועלכע קאָנען לויטן זשאַנער פֿאַררעכנט ווערן צו פֿילאָסאָפֿישע ראָמאַנען, אָנגעשריבן פֿיל דערציילונגען. אין אַ היפּשן בוך פֿון זײַן פּראָזע פֿאַרנעמט דאָס צענטראַלע אָרט דער ראָמאַן „דער אַלטער קסאַוויאַד". אין אָט דעם בוך איז פֿאַראַן אַ דערציילונג — „אַ נאַכט אין פּריעניע", — וועלכע פֿאָדערט אַ שאַך־קאָמענטאַר.

אַן עכטער באַקוועד טוישעוו, פֿאַרגעסט ניט זאָרין, ווו ער זאָל זיך ניט געפֿינען (די געשעענישן אין אָט דער ביאָגראַפֿישער דערציילונג קומט פֿאָר אין טערקיי), די שטאָט פֿון זײַן יוגנט. און גראָד

די מישפאָכע קאַספּאַראָװס שװימט אױף אין זײַן זיקאָרן, װעלכער האָט אַזױפֿיל אײַנגעזאַפּט אין זיך פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרן. מיט דער דערלױבעניש פֿונעם אױטאָר דעשיפֿריר איך דעם נאָמען פֿונעם ייִנגל, דעם העלד פֿון אָט דעם עפּיזאָד. דימאַק — דאָס איז קים, גאַריקס קינפֿטיקער פֿאָטער.

„מײַן שטאָט האָט ניט אײן מאָל אָפּגעטאָן אַזעלכע שפּיצלעך. עס געדענקט זיך, אַז איך האָב באַזוכט אַ הױז, װוּ דער באַלעבאָס איז געװען אַ סך עלטער פֿון מיר, אָבער אונדז האָבן פֿאַרבונדן געמײנזאַמע אינטערעסן. אינעם הױז האָט געװאַלטיקט דער צעניאָריקער דימע — די עלטערן האָבן אים גערופֿן דימאַק — אַ מערקװירדיקער װײַסכװורעניק, װאָס האָט קײן רעגע ניט געקאָנט אײַנזיצן אױף אײן אָרט.

אײַנגיכן בין איך אַװעקגעפֿאָרן קײן מאָסקװע. עס זײַנען פֿאַרגאַנגען מער פֿון צװײ יאָרצענדליקער. אײנמאָל האָט מען צוגעפֿירט צו מיר אַ פֿרױ מיט אַ ייִנגל. זי האָט מיר דערצײלט, אַז זי איז דימעס אַלמאָנע, ער איז אַװעק פֿון דער װעלט צו 39 יאָר. זי האָט גערעדט װעגן דעם, װיאַזױ זי האָט זיך באַגעגנט מיט אים, װי גליקלעך זײ האָבן געלעבט, װי ער האָט ליב געהאַט דאָס ייִנגעלע. און דאָס ייִנגעלע האָט אומגעדולדיק זיך געדרײט דערנעבן. נאָך אײן אומרויִקער דימאַק, דער צעניאָריקער זון פֿונעם צעניאָריקן פֿאָטער, װײַל זיך פֿאָרשטעלן דימען אַלס דערװאַקסענעם, אַלס הױפּט פֿון אַ מישפּאָכע, האָט בעשום־אױפֿן זיך ניט אײַנגעגעבן. פֿאַר מײַנע אױגן האָבן די גאַנצע צײַט געשװינדלט צװײ ייִנגלעך, פֿון אײנע און די זעלבע יאָרן, פּונקט װי אָט דאָס, װאָס שטײט ניט אײַן אױף אײן אָרט. זײ האָבן זיך צעצװײט, און אײנס פֿון זײ איז געװען דער מאַן פֿון אָט דער פֿרױ, און דאָס צװײטע — איר זון.

אַ מאָדנע געשיכטע — איך האָב אַ לאַנגע צײַט זיך ניט געקאָנט אומקערן צום רעאַלן און זיך געפֿילט ניט מיט אַלעמען".

קים מאַיסײעװיטש איז געשטאָרבן, װען דאָס ייִנגל איז אַלט געװען סאַכאַקל זיבן יאָר. ער האָט בלױז באַװיזן צו באַקאַנען דעם זון מיט דער שפּיל און זיך איבערצײַגן אין זײַנע אױסנעמלעכע שאַך־פֿעיִקײַטן.

שפּעטער האָב איך זיך דערװוּסט פֿון קלאַרע שאַגענאָװנען, אַז גאַריקס פֿאָטער איז געװען אַ פֿאַרשײדנאַרטיק באַגאַבטער מענטש. אָבער די צײַט פֿון דער פֿאָרמירונג פֿון זײַן פּערזענלעכקײַט איז צונױפֿגעפֿאַלן מיט שװערע יאָרן אין זײַן מישפּאָכע. נאָכן פֿאַרענדיקן די שול זײַנען קײן באַזונדערע מעגלעכקײַטן פֿאַר לאַנגע מאַכשאָװעס ניט געװען, און העיװיס אַלע קעגנשטאַנדן האָבן זיך אים אײַנגעגעבן לײַכט און פּאַשעט, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו זײַנע שול־כאַװײרים און איז אַװעק אין ענער־געטיק. קים מאַיסײעװיטש האָט פֿאַרענדיקט אַן אינדוסטריִעלן אינסטיטוט, אָבער טעכניק איז, אַפּאָנעם, ניט געװען זײַן עמעסער באַרוף. זײַן פֿאַרנונפֿט, װאָס איז גענײגט געװען צו אַבסטראַקטן דענקען, איז גלײַכצײַטיק געװען אַן אױסערסט באַװעגלעכער, פֿול מיט אײַנפֿאַלן. גאַנץ מעגלעך, אַז פֿון אים װאָלט אַרױס אױך אַ געניטער קאָנסטקענער. געװאָרן איז ער אָבער אַן אינזשעניער און זיך דערשלאָגן אין דעם געביט ניט װײניק װיכטיקע רעזולטאַטן. ער האָט אַפֿילע פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען, װעלכע האָבן צוגעצױגן די אױפֿמערקזאַמקײַט, און ער האָט שױן געדאַרפֿט פֿאַרענדיקן די דיסערטאַציע. דער פֿריִער טױט האָט צו נישט געמאַכט פֿון אַלע האָפֿענונגען.

פֿון קינדװײַז אָן האָט גאַריק זיך אױסגעצײכנט מיט אַנאַליטישע פֿעיִקײַטן, און דער פֿאָטער פֿלעגט אָפּט אים דערמאָנען, אַז מע דאַרף קאָנען ריכטיק מיט זײ זיך באַנוצן. װאָלט זיך געדאַכט, אַז די פֿראַגע װעגן דער צוקונפֿט פֿונעם קינד האָט ניט געדאַרפֿט אופֿקומען אין אָט דער מישפּאָכע. אַלײן קים האָט מיט פּראָפֿעסיאָנעלער מוזיק זיך ניט באַשעפֿטיקט, אָבער ער האָט גוט געשפּילט אױף אַ פֿידל. אַ קאָמפּאָזיטאָר איז געװען ניט בלױז גאַריס זײדע, נאָר אױך זײַן פֿעטער — לעאָניד װײַנשטײן, דעם פֿאָטערס ייִנגערער ברודער. לעאָניד װײַנשטײנס נאָמען איז גוט באַקאַנט אין דער מוזיקאַלער באַװוּסטזײַן. צװישן זײַנע געשאַפֿענע װערק זײַנען פֿאַראַן לידער, װעלכע עס פֿילט אױס נאָך אײן באַװוּסטע — סטער באַקוער טױשעװו — מוסלים מאַגאָמײַעװו. צום סאַך פֿון מײַן באַזוך אין באַקו בין איך געװען אין דעם גאַסטפֿרײַנטלעכן הױז, װוּ דער קאָמפּאָזיטאָר װױנט מיט זײַן װײַב אַ פּיאַניסטקע, מיטן זון — אַ שילער פֿון דער מוזיקאַלער שול און מיט זײַן מוטער אָלגע יוליעװנאַ, גאַריקס באָבע[1]. די דירע

---

[1] בײַס דעם ערשטן געראַנגל צװישן קאַרפּאָװון און קאַספּאַראָװון אינעם קאָלאָנען־זאַל האָט לעאָניד מאָיסײעװיטש געבעטן, איך זאָל אים געבן דעם מאַנוסקריפּט אױף עטלעכע טעג. איך װײס ניט, צי ער איז אים געפֿעלן געװאָרן צי ניט (ער האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, ער האָט צופֿיל איבערגעלעבט די געשעענישן אינעם מאַטש, און איך האָב זיך געשעמט אים צו פֿרעגן). אָבער די באַמערקונג, װי ס׳געדענקט זיך, איז געװען אַן אײך־און־אײנציקע — זײַן זון האָט. צום באַדױערן, געװאָרפֿן די מוזיקאַלע שול... עטװאָס פֿריִער האָט אױפֿן פֿינאַל־מאַטש פֿון די פּרעטענדענטן צװישן קאַספּאַראָװון און סמיסלאָװון איך װילנע איבערגעלײענט דעם גרונט־טעקסט אױך קלאַרע שאַגענאָװנאַ. זי האָט באַמערקט, אַז נאָך דעם װי מע האָט אױסגעשלאָסן גאַריקן אױף אַן אומגעלומפּערטן אױפֿן פֿונעם קאַמף פֿאַר דער קרױן, האָט ער זיך שטאַרק געענדערט. איך װעל דערמאָנען, אַז פֿ. קאַמפּאָמאַנעס האָט ניט קאָנטאַקטירט דאָס אָרט װוּ עס װעט דורכגעפֿירט װערן זײַן האַלב־פֿינאַל־מאַטש מיט קאָרטשנאָיען און אין רעזולטאַט האָט ער

געפינט זיך אין סאמע צענטער פון דער שטאָט, און די קאַספּאַראָווס — סײַ די מוטער, סײַ דער זון זײַנען דאָ אָפּטע געסט. מיר האָט, עמעס, א ביסל ניט אָפּגעגליקט. ווען איך באַווײַז זיך אין באַקו מיט צוויי וואָכן פריִער, וואָלט איך געטראָפן צוגאַסט באַם קאָמפּאָזיטאָר סײַ מוסלים מאַגאָמײַעוון, סײַ אַלאַ פוגאַטשאָווען...

(און קאַספּאַראָוו האָט באַזוכט אַלאַ פוגאַטשאָווען דעם 8 אַפּרעל 1984. דער גורל פונעם פינאַל-מאַטש פון די פּרעטענדענטן איז געווען געלייזט — ער האָט אָפּגעהאַלטן דעם פערטן זיג איבער סמיסלאָוון און מע וואָלט געקאָנט א ביסל זיך פאַרווײַלן, באַזוכן א קאָנצערט פון דער פּאָפּולערער עסטראַדע-זינגערין. גאַרי האָט ניט אויסבאַהאַלטן זײַן כשיוועס פאַר איר בונטער באַגאַבונג, און דאָס, וואָס דער אָנהייב פון אַלאַ פוגאַטשאָוועס גאַסטראָלן אין ווילנע איז צונויפגעפאַלן מיטן סאָף פונעם פינאַל-מאַטש, איז געווען פאַרן זיגער א מין אייגנאַרטיקע מאַטאָנע).

וואָס קאָן זײַן וווּנדערלעכער פון מוזיק? אָבער אַלע פּרוּוון צו אַנטפּלעקן בא א קינד אַן אַבסאָ-ליוטן געהער האָבן ניט געהאַט קיין דערפאָלג. דערפילנדיק, אַז גאַריק איז גלײַכגילטיק צו דער וועלט פון מעלאָדיעס, האָט קים מאָיסייעוויטש באַשלאָסן א ביסל אַנדערש צוציִען דאָס ייִנגל צו קונסט. דערזען, אַז זײַן זון איז אַזוי פאַרקאָכט אין שאָך-שפּיל, האָט ער געזאָגט, אַז ס'איז דאַפקע דאָס, וואָס זײַן זון דאַרף. שאָך איז נאָענט צו קונסט, און גלײַכצײַטיק איז עס א פּאַסיקער אָביעקט, קעדיי אַנטפּלעקן די „אַנאַליטישע פעיִקייטן" (ער האָט זייער ליב געהאַט איבערכאַזערן די דאָזיקע ווערטער). „יאָ, ער דאַרף ערנסט זיך פאַרנעמען מיט שאָך", — און גאַריק איז געקומען אין פּיאָנערן-פּאַלאַץ. ער איז נאָרוואָס אַלט געוואָרן 6 יאָר.

דאָס, וואָס דער זון ווײַזט אַרויס א נייגונג צו דער שפּיל, האָט זיך אַנטפּלעקט בא אומגעווייג-לעכע אומשטאַנדן. קאַספּאַראָווס עלטערן האָבן ליב געהאַט א ברעך טאָן דעם קאָפּ איבער א שאָך-אויפגאַבע. אָבער אײנמאָל האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף א שווער ניסל, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אונטערגעבן עטלעכע טעג. גאַריק האָט ראַכמאָנעס געהאַט אויפן טאַטן מיט דער מאַמען, און ער האָט זיי געוויזן, ווי אַזוי צו געבן מאַט. פון כידעש האָט דער טאַטע ניט געקאָנט גלײַך קומען צו-זיך, נאָר ווען ער האָט זיך איבערצײַגט, אַז די לייזונג איז א ריכטיקע, האָט ער פאָרגעלייגט דעם זון צו שפּילן א פּאַרטיע שאָך. אָבער א נעכטיקער טאָג! דאָס ייִנגל האָט קיין אַנונג ניט געהאַט, ווי אַזוי מע דאַרף פאַנאַנדערשטעלן די פיגורן פאַרן אָנהייב פון דער שפּיל. מע האָט דרינגענדיק געדאַרפט פאַרפילן אָט דעם בלויז...

אין א יאָר אַרום איז גאַריקס פאָטער געשטאָרבן פון אַן אומויסהיילבאַרער קרענק. און נאָך אין צען יאָר אַרום איז קאַספּאַראָוו געוואָרן א גראָסמייסטער (און נאָך אין פינף יאָר אַרום — וועלט-טשעמפּיאָן).

ווען פאָטערס זאָלן ניט אוועקגיין, גייען זיי אוועק פרי, אָבער וואָס קאָן זײַן טרויעריקער, ווען זיי באַווײַזן זיך ניט פרייען מיט די דערפאָלגן פון זייערע קינדער.

...בלאָנקענדיק איבער די היימישע ערטער, בין איך אוועק אין אינסטיטוט פון קיבערנעטיק, אויסגעקלאָרט די רעשימע פון די פּאָרטראָגן, פאַרפינקטלעכט, ווען איך דאַרף אַליין אַרויסטרעטן. אַציִנד קאָן מען א טראַכט טאָן וועגן דעם, ווי אַזוי אָפּצוזוכן קאַספּאַראָוון.

און דאָ האָט מיר צוגעשפּילט דאָס מאַזל. מײַן ערשטער וויזיט איז געווען צום אַלטן פרײַנט פון מײַן פאָטער, יעפים גריגאָריעוויטש גורוויטשן, א געבוירענעם אין באַקו, וועלכער איז פיל יאָרן געשטאַנען בעראָש פון דער אַזערבײַדזשאַנער טעלעגראַף-אַגענטור. מיר זײַנען לאַנג געזעסן, דערמאָ-נענדיק די ווײַטע יאָרן. מיר האָבן דערמאָנט דעם צימער ניט ווײַט פונעם „מיידלשן טורעם", די פריי-לעכע הוליאַנקעס, מײַנע טאַרומעס, ווען מע האָט מיך געצוווּנגען גיין שלאָפן. צום סאָף פון אונדזער שמועס האָב איך זיך געטיילט מיט אים מיט מײַן פּראָבלעם. יעפים גריגאָריעוויטש איז מיר לײַכט געקומען צו הילף. גיך האָט זיך אָפּגעזוכט דער נייטיקער טעלעפאָן-נומער, אָן שום באַזונדערע באַ-מיִונגען האָבן מיר זיך צונויפגערעדט וועגן א באַגעגעניש. אויפן אַנדערן טאָג איז אָנגעמערקט געוואָרן קאַספּאַראָווס אַרויסטרעטונג, געווידמעט זײַן זיג אויפן יוגנטלעכן וועלט-טשעמפּיאָנאַט. דאָרט טאַקע האָט געדאַרפט פאָרקומען אונדזער באַקאַנטשאַפט.

---

צוגעמישפּעט קאַספּאַראָוון א מאַפּאָלע. שפּעטער, אַגעוו, האָט די גערעכטיקײַט טרִיומפירט, און זייער געראַנגל האָט זיך פאַרענדיקט מיט קאַספּאַראָווס זיכערן זיג. מע קאָן זאָגן, אַז אין יענעם יאָר איז קאַספּאַראָוו פאָטער געוואָרן פון איבעריקער נאַיִווקײַט. איצט, נאָך דעם, ווי עס זײַנען פאַרבײַ א היפּשע צאָל יאָרן, נאָך אַזעלכע אויספּרוּוון סײַ בא דער שאָך-ברעט און סײַ אויסער איר, האָט זײַן כאַראַקטער זיך נאָך מער פאַרהאַרטעוועט, מעגלעך, אַז אין וואָסער-ניט-איז הינזיכט איז דער וועלט-טשעמפּיאָן געוואָרן האַרבער, פאָדערעוודיק צו מענטשן. אַפּאָנעם, אַז יעדער מענטש ענדערט זיך מיט יאָרן. לאָמיר רעכענען, אַז אין אונדזער דערציילונג איז אָפּגעשפּיגלט דער „ווייכער" פּעריאָד פונעם לעבן און שאַפונג פונעם מערקווירדיקן שאַכמאַטיסט.

סאָף סענטיאַבער איז די בעסטע צײַט אין באַקו, און מיר האָט בעעמעס אָפּגעגליקט, וואָס איך בין געקומען צו פֿאָרן גראַד אין אָט דער צײַט. ס׳איז געווען אַן עמעצס מאַטאָנע פֿונעם גורל צו קומען אויפֿן באַוווּסטן באַקוער בולוואַר, וועלכער ציט זיך לענגעוויס דעם רויִקן קאַספּי. איך געדענק ניט פּינקטלעך, מיט וואָס — צי מיט דער לענג, צי מיט זײַן מאַמאַשעסדיקער ברייט און עפּשער טאַקע סײַ דאָס און סײַ יענץ, — נאָר דער בולוואַר פֿאַרנעמט, לויט דער באַהויפּטונג פֿון די באַקוער, דאָס ערשטע אָרט אין דער וועלט. דאָס איז איינע פֿון די באַליבטסטע ערטער פֿון שפּאַצירן און טרעפֿונגען. דאָ טאַקע געפֿינט זיך דער שאַך־פּאַוויליאָן, ווו עס האָט געוואַרט אויף מיר אַ סיורפּריז — איך האָב דערזען אַ גרופּע מאָסקווער שאַכמאַטיסטן.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויפֿן כאַווערישן מאַטש מיט די באַקוער איז געקומען די אוניווערסיטעטישע זאַמל־קאָמאַנדע, דערבײַ וועט אויף דער ערשטער שאַך־ברעט שפּילן קעגן איר גאַרי. דער סטודענט פֿונעם אינסטיטוט פֿון אויסלענדישע שפּראַכן קלײַבט זיך אַרויסצוטרעטן אין איין „סעמינאַר" מיטן סטודענט פֿונעם עקאָנאָמישן פֿאַקולטעט פֿון דעם מאָסקווער מעלוכישן אוניווערסיטעט אַרטור יוסופּאָוו.

מיטן מאָסקווער אוניווערסיטעט בין איך שוין פֿון לאַנג ענג פֿאַרבונדן. אַ יאָר צען האָב איך געשפּילט אין באַשטאַנד פֿון זײַן קאָמאַנדע — סײַ ווען כ׳האָב זיך געלערנט, סײַ ווען איך בין אָנגעקומען אין דער אַספּיראַנטור. אינעם אוניווערסיטעטישן קלוב האָב איך אויסגעפֿילט די נאָרמע פֿון אַ מײַסטער, און מײַנע ערשטע פֿאַרצייכענונגען האָב איך פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער צײַטונג „מאָסקאָווסקי אוניווערסיטעט".

צוויי מאָל בין איך געווען טשעמפּיאָן פֿונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, אָבער איבערכאַזערן דעם דערפֿאָלג דאָס דריטע מאָל האָט מיר געשטערט... דער 17־יאָריקער אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו! אינעם טשעמפּיאָנאַט, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין סאָף 1968, האָט אַלץ, ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסזען, געלייזט אונדזער פּערזענלעכע באַגעגעניש. דער סטודענט פֿונעם ערשטן קורס פֿון דעם מעכאַניש־מאַטעמאַטישן פֿאַקולטעט (ווי באַוווּסט, האָט קאַרפּאָוו אָנגעהויבן זײַן בילדונג פֿון מאַטעמאַטיק און בלויז שפּעטער זיך איבערגעשלאָסן אויף עקאָנאָמיק) האָט אין אַ גלענצנדן סטיל אויסגעשפּילט באַם אַרויסלאָזלער. אין רעזולטאַט איז קאַרפּאָוו געוואָרן דער טשעמפּיאָן, און איך האָב פֿאַרנומען דאָס בעקאָוועדיקע צווייטע אָרט. די פּאַרטיע האָט זיך באַקומען אַזוי פֿאַרכאַפּנדיק, אַז איך האָב אַפֿילע אויף קיין רעגע ניט געהאַט קיין אַגמעסנעפּעש. פֿאַרקערט, איך האָב געהאַט אַ פֿריידיק געפֿיל דערפֿון, וואָס כ׳האָב אַ כײַלעק אין אָט דער מיניאַטיור. שפּעטער איז זי געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער גאַנצער שאַך־פּרעסע, זי עפֿנט אויך אַ. קאַרפּאָווס „אויסדערוויילטע פּאַרטיעס". פֿאַרשפּילן דאַרף מען אויך קענען!

אין פֿופֿצן יאָר אַרום זײַנען די מיטאַווטאָרס פֿון אָט דער פּאַרטיע געוואָרן מיטאַווטאָרס פֿונעם בוך „אומויסשעפּלעכע שאַכמאַטן", וועלכער איז דערשינען אינעם פֿאַרלאַג... פֿונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט. דאָס קאַפּיטל, געווידמעט יענעם טשעמפּיאָנאַט, איז טאַקע אַזוי באַטיטלט: „ס׳איז אָנגענעם צו דערמאָנען די יוגנט"...

האָגאָם אין 1968 איז קאַרפּאָוו נאָך ניט געווען קיין גראָסמײַסטער (אָט דעם טיטל האָט ער דערוואָרבן אין צוויי יאָר אַרום), דאָך איז פֿאַר די אָנטיילנעמער פֿונעם טשעמפּיאָנאַט געווען קלאָר, אַז דער גורל האָט זיי צונויפֿגעפֿירט מיט אַ שאַך־שפּילער פֿון זעלטענער באַגאַבונג. און איינער אַ מײַסטער האָט געזאָגט: „אָט וועט איר זען, אָט דער באָכער וועט פֿריִער אָדער שפּעטער ווערן וועלט־טשעמפּיאָן!" די בעוואָרע איז מעקויִעם געוואָרן אין זעקס מיט אַ האַלבן יאָר אַרום.

אויב זיך טרעפֿן בײַ דער שאַך־ברעט מיטן 17־יאָריקן קאַרפּאָוון האָבן מײַסטערס נאָך געקאָנט האָפֿן, האָבן שפּילן מיטן 17־יאָריקן קאַספּאַראָוון דורכגעלאָזט דעם מאָמענט שוין אַפֿילע אַ סאַך גראָסמײַסטערס. קיין אַנדער ברײדע איז ניטאָ — אַקסעלעראַציע! עמעס, עס בלײַבן נאָך פֿאַרמעסטונגען צווישן קאָמאַנדעס. בײַ מיר האָט זיך באַוויזן אַ שטאַרקער באַגער צו זעצן זיך בײַ דער שאַך־ברעט — ניט קעגן קאַספּאַראָוון, פֿאַרשטייט זיך, נאָר כאָטשבי קעגן איינעם פֿון זײַנע מיט־כאַווייִרים. און איך האָב געבעטן דעם קאַפּיטאַן פֿון די מאָסקווער שפּילער בײַראַמאָוון אײַנשליסן מיך אינעם באַשטאַנד פֿון דער קאָמאַנדע.

צום באַדויערן, איז מיר אויסגעקומען פֿולקום צו פֿאַרזוכן די שטרויכלינגען, וועלכע פֿאַלן אויס אויפֿן גורל פֿון וועטעראַנען — בײַראַמאָוו איז געבליבן טויב צו מײַן באַקאָשע. ס׳האָט אויך ניט געהאָלפֿן, ווען איך האָב אים דערמאָנט וועגן אונדזער געפֿעכט אינעם טשעמפּיאָנאַט פֿונעם אוניווערסיטעט. דאָס איז געווען נאָך איין מיניאַטיור, אָבער האָגאָם איך האָב זי פֿאַרענדיקט אויפֿן פֿופֿצנטן גאַנג, איז זי ניט אַרײַן ווי איר פֿאָרגענגערין אין די שאַך־אויפֿלאַגעס. עפּשער האָב איך געדאַרפֿט אויך איצט פֿאַרשפּילן? אַזוי צי אַנדערש, נאָר מײַן פֿאַרטעניאַר האָט אָפּגענומען בײַ מיר די זעלטענע מעגלעכקײַט צו שפּילן אין איין מאַטש מיט קאַספּאַראָוון אין דער שטאָט, וועלכע האָט געהאַט פֿאַר מיר אַזאַ גרויסע באַדײַטונג.

דער מאַטש צווישן דעם מאָסקווער אוניווערסיטעט און דער זאַמל־קאָמאַנדע פון אַזערבײַדזשאַן איז פאָרגעקומען אין צוויי טעג אַרום, ד.ה., שוין נאָך דעם, ווי כ׳האָב זיך באַקאַנט מיט די קאַספּאַראָווס. ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דער אָרדנטלעכער אַרבעטסטאָג פון דער קאָנפערענץ, איך האָב געאײַלט אין שאָך־קלוב און זיך צוגעזעצט ווי אַ צושויער צו קלאָרע שאַגעגאָוונען. די געשעענישן אין דער פּאַרטיע פון די לידערס האָבן זיך אַנטוויקלט לאַנגזאַם, מיר האָבן באַשלאָסן אַ ביסל זיך דורכשפּאַצירן. מיר זײַנען געגאַנגען איבערן בולוואַר, פאַרקערעוועט אין אַ זײַט, ניט געאײַלט זיך אויפגעהויבן אויפן באַרג און לעסוף דערגרייכט דעם ציל. „ווײַטער מעג מען ניט גיין", — האָט פּײַערלעך דערקלערט קלאָרע שאַגעגאָוונע. און טאַקע אינדערעמעסן, קיין מער וווּנדערלעכן און רעטענישפולן פונקט פאַר באַאָבאַכטן האָט מען זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן. דער רוים און די צײַט האָבן זיך איבערגעבראָכן אויף אַ מין מאָדנעם אופן, און איך האָב איבערגעלעבט אַ געפיל, ווי איך וואָלט זיך געפונען אין אַ קאָסמישער שיף. פון אונטן האָט זיך געצויגן אַן אַנסאַמבל פון אַלטערטימלעכע געבײַען, טורעמס און מעטשעטן, אַ ביסל אין אַ זײַט האָט זיך געהויכט אַ הײַנטצײַטיקער אַרכיטעקטור־קאָמפּלעקס. כ׳האָב אַ קוק געטאָן אין דער הייך און מיט פאַרווונדערונג דערזען אַ זומער־טעאַטער, וואָס דערמאָנט די עסטראַדע אין סאָפּאָט, אויף וועלכער עס קומען פאָר פּאָפּולערע פעסטיוואַלן.

דאָס איז געווען אַ צויבער־בילד. מײַן באַגלייטערין האָט דערציילט וועגן דער געשיכטע פון דער שטאָט, וועגן איר אַרכיטעקטור, דערמאָנט לעגענדעס, וועלכע זײַנען דערגאַנגען צו אונדזערע טעג. כ׳האָב אויפמערקזאַם געהערט, און פונדעסטוועגן (עמעס, איך בין טאַקע געוואָרן אַ זשורנאַליסט!) האָב איך זיך געכאַפּט אויפן געדאַנק, אַז איך וויל פרעגן וועגן איר זון. מיט אַ טאָג פריִער איז אונדזער געשפּרעך געווען אַ לאַנגער, דאַכט זיך, מיר האָבן אַרומגערעדט אַלץ אויף דער וועלט, זעט אויס, די טעמע איז ניט אויסגעשעפּט געוואָרן. נאָר צײַט שוין זיך אַראָפּלאָזן אויף דער ערד.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אין שאָך־פּאַוויליאָן, איז דער גראַנגל צווישן די יונגע גראָסמײַסטערס געווען אין סאַמע ברען. מיר האָבן ניט פאַרשפּעטיקט.

קאַספּאַראָוו און יוסופּאָוו געפינען זיך אין גלענצנדע באַציִונגען, אָבער בײַ דער שאָך־ברעט קעמפן זיי ניט אויף לעבן, נאָר אויף טויט! מיט צוויי יאָר פריִער, ווען גאַרי איז שוין געווען אַן אָנערקענטער לידער פון די יונגע, האָט אים אַרטור איבערגעיאָגט בײַסן אָפּקלײַב צום יוגנטלעכן וועלט־טשעמפּיאָנאַט, און קאַספּאַראָוון איז אויסגעקומען דורכצולאָזן אַ „ציקל".

הײַנט, ווען קאַספּאַראָוו איז געוואָרן דער שטאַרקסטער שאַכמאַטיסט אויף דער פּלאַנעטע און יוסופּאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אומיטלבאַרער נאָענטקײַט פונעם טראָן (בלויז די מיסדערפאָלגן אויפן פיניש פונעם מאַטש מיט סאָקאָלאָוון האָבן אָפּגענומען בײַ אים די מעגלעכקײַט צו פירן אַ גראַנגל מיטן סופּערפינאַל־מאַטש מיט קאַרפּאָוון), קאָנען די דערינערונגען וועגן זייערע יוגנטלעכע גראַנגלען אַרויסרופן אַ שמייכל...

אינעם 47־טן טשעמפּיאָנאַט פונעם לאַנד איז קאַספּאַראָוו, האַגאַם ער האָט באַזיגט יוסופּאָוון, אָפּגעשטאַנען פון אים אויף אַ האַלב אייגל. אין רעזולטאַט האָט יוסופּאָוו באַקומען אַ זילבערנע מעדאַל, און קאַספּאַראָוו — אַ בראָנזענע. עמעס, אינעם פּאָעטישן טורניר, ווען איינער הייבט אָן לייענען לידער און דער אַנדערער איז מעכויעוו פּאָרזעצן, האָט דער ייִנגערער גראָסמײַסטער געוווּנען רעוואַנש (וועגן גאַריס פּאָעטישן געשמאַק וועט גיין אַ רייד שפּעטער). אָבער אינעם 49־טן טשעמפּיאָנאַט האָט ער טריומפירט אויך אין אַן אַנדער מין קונסט. דאָס מאָל איז אים געלונגען געווען צו דערווײַזן, אַז זײַנע שאָך־מעגלעכקײַטן שטייען ניט אויף פון דער ליטעראַרישער ערודיציע. ער האָט ניט בלויז אויסגעשפּילט בײַ יוסופּאָוון, נאָר אויך אים איבערגעיאָגט, דערבײַ מיטאַמאָל אויף פיר אייגלעך. אויף אָט דעם טשעמפּיאָנאַט האָט ער (צוזאַמען מיט פּסאַכיסן) דעראָבערט אַ גאָלדענע מעדאַל. און כאָטש די באַגעגעניש צווישן קאַספּאַראָוון און יוסופּאָוון אין באַקו האָט ניט געהאַט קיין ספּאָרטיווע באַדײַטונג, דאָך האָט וועגן אַ פרידלעכן רעמי ניט געקאָנט גיין קיין רייד.

מיר זײַנען געזעסן מיט קלאָרע שאַגעגאָוונען קימאַט אויף איין ליניע מיט דער דעמאָנסטריר־ברעט. די פיגורן האָט איבערגעשטעלט אַ סאָליד ייִנגל פון אַ יאָר צען. ער איז געווען שטאָלץ, וואָס מע האָט אים פאַרטרויט די פּאַרטיע פון קאַספּאַראָוון און האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס. דאָס סאַמע קאָמפּליצירטע איז געווען אָפּצוטרײַבן דאָס קלײַנוואַרג. די קאָנקורענטן אין באַשטאַנד פון אַ צענדליק ייִנגלעך און מיידלעך האָבן מיט אַן ענגן קרײַז אַרומגערינגלט דאָס ערשטע טישל, און ווען עמעצער פון די גראָסמײַסטערס האָט געמאַכט אַ גאַנג, האָבן זיי זיך צוזאַמען אַ לאָז געטאָן צו דער קאָלאָסאַלער ברעט, צו די פּלאַסטמאַסע־פיגורן, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אויפן דיל און אויף אַ בענקל. אָבער דער געזעצלעכער דעמאָנסטראַטאָר האָט אָפּגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס. און דאָס קלײַנוואַרג האָט, ווי אַ טשאַטשע בינען, ווידער זיך אַ לאָז געטאָן אויף דער בינע. דער גורל פון דער קרוין האָט אין אָט דער פּאַרטיע זיך ניט געלייזט, און די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם מאַטש האָבן ניט געשטערט די קינדער צו פילן זיך גאַנץ פרײַ.

קאַספּאַראָוו דערפֿאָלגן האָבן באַגײַסטערט די יונגע באַקוער טוישווים. ס'איז געעפֿנט געוואָרן אַ ספּעציעלע קינדער־שול. נאָנאַ אוואַנעסאָוונאַ, איינע פֿון אירע דערציערנס, האָט אַף אַן אַרײַנפֿיר־לימעד פֿאַר די מיידעלעך געזאָגט: „איידער מיר מאַכן די ערשטע גענג, לאָמיר, קינדערלעך, דערמאָנען די נעמען פֿון יענע, וועלכע האָבן געשאַפֿן די געשיכטע פֿון דער שאָך־שפּיל. צי ווייסט איר די נעמען פֿון וועלכע־ניט־איז גראָסמייסטערס?"

ס'האָט זיך אופֿגעהויבן אַ וואַלד מיט הענט. „גאַריק קאַספּאַראָוו!" — האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעשריען די זעקסיאָריקע מיידעלעך.

„גוט, נו, און ווער איז באָטווינניק?"

אָט די פֿראַגע איז געווען אַ ביסל קאָמפּליצירטער. די קינפֿטיקע טשעמפּיאָנקעס האָבן אַף אַ רעגע זיך פֿאַרהײַעט, אָבער ניט פֿאַרשעמט דאָס פּנים: „גאַריק קאַרפּאַראָוו טרענירער!"

איך האָף, אַז מיכאַיל מאָיסייעוויטש וועט זיך ניט באַליידיקן, ווען ער וועט פּלוצעם איבערלייענען די דאָזיקע שורעס. דאָס איז דאָך געשען אין באַקו, און די מיידעלעך זײַנען געווען אַזעלכע קליינינקע. גאָר אײַנגיכן וועלן זיי זיך דערוויסן, אַז באָטווינניקס טעטיקײַט איז פֿאַרבונדן געווען ניט נאָר מיט זייער אָפּגאָט.

...ביינע לעביינע, האָט די לאַגע אין דער פּאַרטיע פֿון די לידערס זיך פֿאַרשאַרפֿט. יוסופּאָוו, וועלכער האָט געשפּילט מיט די שוואַרצע פֿיגורן, האָט געמאַכט אַן אומגעריכטן גאַנג מיטן פֿערדל. גאַרי האָט אין איין אויגנבליק געענטפֿערט, און, ווי עס וואָלט גאַרנישט ניט געשען, אָנגעהויבן שפּאַצירן אַרום די טישלעך. מיט אַ גיכן טראָט האָט ער געשפּאַנט איבער דער בינע (אויב מע קאָן אַזוי אָנרופֿן אַ הויך אָרט פֿון אַ גראָדעקיקער פֿאָרם, בלויז אַ ביסל אופֿגעהויבן איבער דער איבעריקער פֿלאַך פֿונעם פּאַוויליאָן). זײַנע טריט זײַנען געווען לײַכטע, עלאַסטישע, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געגרייט אַ שפּרונג טאָן אין דער הייך. לויט זײַן האַסטיקער פּלאַסטיק וואָלט איך אים פֿאַרגליכן מיט מאַרק טײַמאַנאָוון אין די בעסטע יאָרן פֿונעם גראָסמייסטער. אַלנפֿאַלס, ניט מיט סמיסלאָוון, וועלכער דערלויבט זיך ניט קיין איבעריקע באַוועגונגען, אויב אַפֿילע זײַן פּענדל געפֿינט זיך אין אַ געפֿאַר אַראָפּצופֿאַלן.

מעגלעך, אַז אָנשטויסנדיק זיך מיט אַן אומגעריכטן גאַנג, האָט גאַרי געוואָלט אויסבאַהאַלטן פֿון די אַרומיקע זײַן אומרו, און קוידעמקאָל פֿון די כאַוויירים לויט דער קאָמאַנדע. אָבער דער אײַליקער ענטפֿער און די אונטערגעשטראָכענע נאַטירלעכקײַט האָבן אים אויסגעגעבן. אַ מענטשן איז דאָך שווער צו האַלטן בעסאָד זײַן צושטאַנד, אויב ער סטאַרעט זיך זייער דאָס צו טאָן. אַזוי אָדער אַנדערש, האָט זיך אים ניט אײַנגעגעבן אָפּצונאַרן די מוטער. קלאַרע שאַגענאָוונאַ האָט זיך אָנגעהויבן ערגערן. קיין זאַך האָט זי איצט ניט אָפּגעווענדט — זי האָט ניט אַראָפּגעלאָזט דאָס אויג פֿונעם זון.

איך וועל אַף אַ רעגע איבעררײַסן מײַן דערציילונג, קעדיי מיטיילן דעם לייענער, האַגאַם מיט אַ קליינער פֿאַרשפּעטיקונג, אַז עס גייט אַ רייד וועגן זומערצײַט 1984, און הייסט עס, אין דרײַ מיט אַ האַלבן יאָר אַרום נאָך מײַן רײַזע קיין באַקו. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער זיג אינעם פּרעטענדענטן־ציקל, וואָס האָט אָפּגענומען אַזויפֿיל פֿיזישע און גײַסטיקע קויכעס, ווי אויך שעפֿערישע און פּסיכאָלאָגישע, האָבן זיך נישט געקאָנט ניט אָפּשפּיגלען. די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וועלכע זײַנען אופֿגעקומען סײַ בייס די עצעם שאָך־געראַנגלען און סײַ בייס די איבעררײַסן צווישן זיי, האָבן, ווײַזט אויס, געווירקט אָפֿן באָכער. ער איז רײַפֿער געוואָרן, זיך אויסגעלערנט אַרויסווײַזן פֿעסטקײַט אין וויכטיקע פֿאַר אים פֿראַגן. און די קינפֿטיקע אינטערוויוירער וועלן, מעגלעך, שוין האָבן צו טאָן ניט „מיט קיין ייִנגל, נאָר מיט אַ מאַנצבל".

דאָ איז, מיסטאָמע, קעדײַ צו זאָגן, ווי שווער עס קומט אויס אַ שאַכמאַטיסט צו ספּראַווען זיך מיט זײַנע עמאָציעס. באַהערשנדיק אָט די קאָמפּליצירטע וויסנשאַפֿט, האָט קאַספּאַראָוו קעסיידער אין דער ערשטער רײ זיך צוגעקוקט צו קאַרפּאָוון. איך דערמאָן זיך אין דעם ערשטן געראַנגל, אינעם מאַטש־טורניר פֿון פֿיר זאַמל־קאָמאַנדעס — די ערשטע, צווייטע, פֿונעם עלטערן צאַד און פֿון דער יוגנטלעכער (די סעאַנס־פּאַרטיע, וועלכע קאַרפּאָוו האָט געוווּנען מיט פֿינף יאָר פֿאַר דעם, רעכנט זיך ניט). אין מאָסקווע, אינעם פּאַלאַץ פֿון שוועראַטלעטיק פֿונעם צענטראַלן ספּאָרטיוון אַרמײ־קלוב, האָבן זיך פֿאַרזאַמלט די „שטערן" פֿונעם שאַכמאַט־געדאַנק, אָבער באַשײַנט האָט דעם יאָמטעוו, אָן שום ספֿק, דער מיני־מאַטש פֿון צוויי פּאַרטיעס צווישן די לידערס פֿון דער ערשטער און יוגנטלעכער קאָמאַנדעס.

אַרײַנגייענדיק אין זאַל, האָב איך זיך צוגעזעצט צו לעאָניד זאָרינען, וועלכער האָט זיך געפֿונען אַף דער טריבונע פּונקט אַנטקעגן דעם טישל מיט די שילדלעך „קאַרפּאָוו" און „קאַספּאַראָוו". געפֿינענדיק זיך ניט ווײַט פֿון די גראָסמייסטערס, האָבן מיר דעם גאַנצן אָוונט זיך געפֿילט ווי מיטבאַטייליקטע אין דער שלאַכט.

אַלזאָ, 24 פֿעווראַל 1981. אַ גליקלעכער טאָג איז עס געווען פֿאַר די פֿאַטאָ־קאָרעספּאָנדענטן! אַף דער שאָך־פֿאָרשטעלונג אין אָט דעם פּאַלאַץ זײַנען קאַרפּאָוו און קאַספּאַראָוו געשטימט געווען גוטמוטיק, און דעם גאַנצן אָוונט האָבן דאָ און דאָרט געקנאַקט פֿאַטאָ־אַפּאַראַטן. אַלע האָבן זיך ווי

געײַלט צו פֿאַרקערפּערן די קינפּטיקע קעגנער אינעם קאַמף פֿאַרן טיטל פֿונעם ערשטן שאַך־שפּילער אויף דער פּלאַנעטע.

אויב קאַספּאַראָוו איז אינגאַנצן געווען פֿאַרכאַפּט פֿון דער לאַנג־געגאַרטער — ערשטער! — באַגעגעניש מיטן וועלט־טשעמפּיאָן, איז זײַן פּאַרטנער געווען שווערער צו קאָנצענטרירן זיך — ער האָט נערוואָס זיך אומגעקערט פֿון מעראַנאָ, ווו ער האָט זיך באַקאַנט מיט די באַדינגונגען פֿונעם פֿאַרשטייענדיקן גוראַנגל מיט קאָרטשנאָיען.

מיט די ווײַסע פֿיגורן האָט געשפּילט גאַרי. א רוק טוענדיק פֿאָרויס די קיניגלעכע פּעשקע, האָט ער אונטערגעטראָגן דעם פּאַרטנער ניט קיין גרויסן דעביוט־סורפּריז. ווײַל ס'איז שוין געווען א יאָר צײַט, ווי גאַרי האָט אַרופֿגעלייגט א וועטאָ אויף זײַן פֿריִער באַליבטן ערשטן גאַנג e2—e4. ס'איז ניט שווער צו פֿאַרשטיין, אַז ער רײַסט זיך אין א געפֿעכט. אָבער דער טשעמפּיאָן האָט אויסגעקליבן אין אײַנגעהאַלטענעם אָנהייב — די רוסישע פּאַרטיע. אַגעוו, צו אַט דעם דעביוט האָט אין דעם זעלבן אָוונט זיך געווענדט — אין דער פּאַרטיע מיט ספּאַסקין — אויך אַרטור יוסופּאָוו (וועלכער וואַרט דערווײַל אויף אונדזז אין באַקו. דער אויטאָר פֿון דער דערציילונג האָפֿט, אַז ער האָט ניט צופֿיל פֿאַרפּלאָנטערט דעם לייענער מיט זײַן רײַזע אין דער מאַשין פֿון צײַט...).

פֿונדעסטוועגן האָט קאַספּאַראָוו זיך אײַנגעגעבן אַרויסרופֿן קאָמפּליקאַציעס, און די לוינבאַרע צעבײַט־אָפּעראַציע האָט באַשטימט זײַן איניציאַטיוו. איצט איז מיר מיט זאָרינען געווען אינטערעסאַנט צו שפּירן ניט בלויז נאָך די געשעענישן אויף דער שאַך־ברעט, נאָר אויך נאָך דער אויפֿפֿירונג פֿון די פּאַרטנערן. גאַרי האָט געשפּאַנט איבער דער אָרענע שנעלער ווי געוויינלעך (צום אונטערשייד פֿונעם באַקוער שאַך־פּאַוויליאָן, זײַנען די באַדינגונגען א יאָג צו טאָן זיך פֿאָרויס אין אַט דער גרויסער ספּאָרט־אײַנריכטונג געווען, נאַטירלעך, בעסערע), זי איבערגעשניטן אין פֿאַרשיידענע ריכטונגען, מאַכנדיק געקינצלטע געאָמעטרישע ליניעס. ווען די אַרמייען פֿון די ווײַסע און שוואַרצע פֿיגורן האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן, האָט קאַספּאַראָוו אויפֿגעהאַנגען אויפֿן אָנלען פֿונעם בענקל זײַן רעקל, בלײַבנדיק אין א געל העמדל. כ'האָב ניט־ווילנדיק אַריבערגעפֿירט דעם בליק אויף קאַרפּאָוון. דער טשעמפּיאָן איז געווען, ווי געוויינלעך, קאַלטבלוטיק. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די טעמפּעראַטור האָט זיך אָנגעגליט, האָט ער אַפֿילו ניט געטראַכט אַראָפּנעמען זײַן פּידזשאַק — דאָס וואָלט געווען א געוויסער באַווײַז, א דירעקטער „פּסיכאָלאָגישער אונטערזאָג“ דעם קעגנער!

די צושויער, דערונטער די סאַמע קוואַליפֿיצירטע, האָט זיך געדאַכט, אַז די שוואַרצע פֿיגורן דראָט א געפֿאַר. יאָ, די רעסורסן פֿון די ווײַסע פֿיגורן זײַנען געווען גרויסע, און קאַספּאַראָוו האָט, זעט אויס, ניט אויסגעניצט אַלע שאַנסן אין אַט דעם היסטאָרישן דועל. פֿילנדיק, אַז זײַן טרוים איז נאָענט צו פֿאַרווירקלעכן, האָט דער באַכער ניט געקאָנט זיך נעמען אין די הענט. עטלעכע אימפּולסיווע גענג, און, צו דעם מאָמענט, ווען מע האָט די פּאַרטיע געדאַרפֿט אָפּלייגן, זײַנען די שאַנסן פֿון די ווײַסע אויף א דערפֿאָלג געווען גלײַכן צו נול. דער טשעמפּיאָן האָט אויסגעבויט א זיכערע פֿעסטונג, זײַנע פֿיגורן האָבן באַקומען א געפֿערלעכע אַקטיווקייט.

דעם גאַנצן צווייטן טייל פֿון דער פּאַרטיע זײַנען מיר מיט זאָרינען געזעסן, ניט רירנדיק זיך פֿון אָרט, — די ווילנסקראַפֿט פֿונעם וועלט־טשעמפּיאָן האָט געמאַכט א שטאַרקן אײַנדרוק. מיט קיין איין זשעסט האָט ער ניט אויסגעגעבן זײַנע געפֿילן, אויף זײַן פּאָנעם האָט מען אַבסאָליוט גאָרנישט ניט געקאָנט באַמערקן.

גאַרי האָט זיך געפֿילט גאַנץ פֿרײַ, און לויטן אויסדרוק פֿון זײַנע אויגן וואָלט מען געקאָנט זאָגן קימאַט אָן שום טאָעס, וואָס עס טוט זיך אויף דער שאַך־ברעט.

ווען די פֿאַרמעסטונג וואָלט פֿאָרגעקומען אין א טעאַטער, איז א ספֿק, צי וואָלט איך זיך פֿאַרקליבן אויף דער בינע. אָן אַנדער זאַך איז אַראָפּלאָזן זיך אויפֿן ספּאָרט־פּלאַץ, ווו ס'האָבן זיך פֿאַרזאַמלט צענדליקער גראָסמייסטערס און מײַסטערס, ריכטער און קאָרעספּאָנדענטן.

ביזוואַנען קאַספּאַראָוו האָט באַטראַכט זײַן פֿאַרשריבענעם גאַנג, האָב איך זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט און בין צוגעגאַנגען צו זײַן פּאַרטנער. די צײַט האָט זיך אויסגעשעפּט, און ער איז, ענדלעך, אויפֿגעשטאַנען פֿונעם טיש.

— א שווערע פּאַרטיע? — האָב איך געפֿרעגט.

קאַרפּאָוו האָט לײַכט א שמייכל געטאָן און געזאָגט, אַז נאָך איין־צוויי גענג, און ער וועט אָנהייבן טראַכטן וועגן שפּילן אויף צו געווינען.

— האָבן דען די ווײַסע ניט געהאַט קיין איבערוואָג?

— איך מיין, אַז בלויז אַן אילוזיע פֿון אַן איבערוואָג, — האָט געענטפֿערט דער וועלט־טשעמפּיאָן.

אין אַט דעם מאָמענט האָט קאַספּאַראָוו פֿאָרגעלייגט רעמי. אויף א מין פֿערטל שעה האָט קאַרפּאָוו זיך פֿאַרטראַכט און האָט געגעבן די האַסקאָמע. אינגיכן האָט ער פֿאַרלאָזט דעם זאַל, איז אַרויסגעגאַנגען אין א שטילן צימער הינטער דער טריבונע, אָבער אויך דאָרט האָבן אים אַרומגערינגלט ליבהאָבער

פון אויטאָגראַפֿן. דאָס מאָל האָט דער טשעמפּיאָן זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרפֿולן זייער קאָלעקציע. בלויז דעמלט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז אויך ער איז אין יענעם אָוונט געווען אונטער אַ היפּשער שפּאַנונג. אינגיכן נאָך דער פּאַרטיע האָט גאַרי באַוויזן, וויאַזוי ער האָט נאָך מער געקאָנט פֿאַרגרעסערן זײַן איבערוואָג, צי וואָלט אין דעם פֿאַל געקאָנט דער וועלט־טשעמפּיאָן בײַשטיין? דעם ענטפֿער אויף דער פֿראַגע וועלן מיר קיינמאָל זיך ניט דערוויסן.

דער טור האָט זיך פֿאַרענדיקט. קאַספּאַראָוו איז געווען אויפֿגערעגט — ניט מיטן סאַך פֿונעם געראַנגל (רעמי מיטן וועלט־טשעמפּיאָן איז געווען פֿאַר אים בעקאָוועדיק), נאָר מיט זײַן היציקייט. מע האָט געדאַרפֿט זיך אָפּשטעלן און אַרומקוקן זיך! צוליב וואָס איז געווען דאָס אײַלעניש? ס'האָבן זיך געשאַפֿן אַזעלכע גינסטיקע אומשטאַנדן! ער האָט זיך ניט באַרויִקט אויך אויפֿן אַנדערן פֿרימאָרגן. „היינט איז דען פֿאַראַן אַ שפּיל?“ — דאָס איז געווען זײַן ערשטע פֿראַגע. ס'האָט זיך אויסגעקלאָרט, אַז דאָס לעבן גייט ווײַטער. און אין אָוונט האָט ער אָן קיין שום ווידערשטאַנד קאַפּיטולירט פֿאַר אַלעג ראָמאַנישינען, דעם לידער פֿון דער צווייטער זאַמל־קאָמאַנדע. בלויז אין אַ טאָג אַרום האָט זיך אומגעקערט זײַן גלײַכגעוויכט, און קאַספּאַראָוו האָט באַזיגט סמיסלאָוון, וועלכער איז געשטאַנען בעראָש פֿון דער קאָמאַנדע פֿונעם עלטערן דאָר (דאָס וואָרט „וועטעראַנען“ האָט די ריכטער־קאָלעגיע קאַטעגאָריש פֿאַרבאָטן).

ס'איז אַוועק נאָך איין טאָג, און קאַרפּאָוו מיט קאַספּאַראָוון האָבן ווידער זיך געזעצט באַם טישל איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן זייער צווייטער געפֿעכט. ווידער איז גאַרי איבער־פֿולט געווען מיט עמאָציעס, ווידער האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע קאָלטבלוטיקייט זײַן פּאַרטנ־ניאָר. אַגעוו, אויך אין אָט דער פּאַרטיע האָט דער אונטערשייד פֿון די טעמפּעראַמענטן ניט געבראַכט מיט זיך קיין גרויסע אויפֿטרײַסלונגען. און האַגאַם ביידע האָבן לויט דער רײ זיך אָפּגעזאָגט פֿון די רעמי־פֿאָרשלאָגן, האָבן ניט דער און ניט יענער נישט פֿאַרברענט הינטער זיך די בריקן. די פּאַרטיע האָט ווידער זיך פֿאַרענדיקט מיט רעמי.

אַ טשיקאַווער עפּיזאָד, דער איינציקער איידעס פֿון וועלכן עס איז געווען דער אויטאָר פֿון די דאָזיקע שורות, איז געשען אויפֿן 23־טן גאַנג. לעאָניד זאָרין איז צוגעגאַנגען צו זײַן פֿרײַנט מאַרק טײַמאַנאָוון און, קוקנדיק אויף דער דעמאָנסטריר־ברעט, פֿאַרטראַכטערהייט אַ פֿרעג געטאָן:

— צי קלײַבט זיך ניט קאַרפּאָוו אַ רוק טאָן פֿאָרויס די פֿערדל־פּעשקע?

דער גאַנג האָט אויסגעזען ניט קיין באַרעכטיקטער. מאַרק יעווגעניעוויטש האָט מילד אַ שמייכל געטאָן. זײַן ענטפֿער האָט געקלונגען ווי אַן אייגנאַרטיקער אַפֿאָריזם:

— אָט דער גאַנג קאָן ניט געמאַכט ווערן, ווײַל ער קאָן ניט קיינמאָל נישט געמאַכט ווערן!

טײַמאַנאָוו איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צו דער דעמאָנסטריר־ברעט און האָט ניט געקאָנט זען, אַז פּונקט אין אָט דער רגע האָט די ווײַסע פּעשקע זיך אַ רוק געטאָן אויף איין טראָט פֿאָרויס. ווען דער גראָסמייסטער האָט זיך אויסגעדרייט אויף 180 גראַדוס און אַ קוק געטאָן אויף דער ברעט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און באַשיידן באַמערקט:

— דעריבער טאַקע בין איך ניט קיין וועלט־טשעמפּיאָן!

— אַלץ איז קלאָר, — איז מאַסקים געווען מיט אים זאָרין, — אָבער פֿאַרוואָס בין ניט איך דער וועלט־טשעמפּיאָן?

נאָך דער פּאַרטיע האָט קאַספּאַראָוו לאַנג ניט געקאָנט קומען צו־זיך, ער האָט זיך באַוויזן אָט אין פּרעסע־צענטער, אָט אויף דער ספּאָרט־אַרענע און פּונקט ווי ער וואָלט אויסגעפּליוסקעט פֿון זיך זײַנע עמאָציעס. אַ גליק נאָך, וואָס איצט האָט זײַן צושטאַנד ניט געדראָט קיין געפֿאַר. דער מאַטש־טורניר האָט זיך פֿאַרענדיקט.

אומעטום האָט געהערשט אויפֿלעבונג, און בעשאַסמײַסע האָבן זאָרין און קלאַרע שאַגענאָוונאַ שפּאַצירט אין פֿאָיע, דערמאָנט באַקו און אַלץ, וואָס עס איז פֿאַרבונדן געווען מיט דער היימשטאָט.

אין צוויי כאַדאָשים אַרום האָבן קאַרפּאָוו און קאַספּאַראָוו געשפּילט זייער דריטע פּאַרטיע — אינעם מאָסקווער טורניר פֿון די „שטערן“. דער גורל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל געשפּילט ווערן אינעם לעצטן טור און זײַן די אַנטשיידנדיקע. אָבער די האָפֿענונגען פֿון די צושויער זײַנען ניט מעקוייעם געוואָרן. צוערשט האָט דער יונגער גראָסמייסטער לידירט באַגלײַך מיט קאַרפּאָוון. אָבער ס'איז געקומען דער גורלדיקער טאָג, און, שפּילנדיק מיט פּעטראָסיאַנען, האָט גאַרי שוין דאָס וויפֿלטע מאָל ניט געקאָנט זיך נעמען אין די הענט. צוערשט האָט ער אָנגעווירן דעם איבערוואָג, און שפּעטער, אַ צערודערטער, אויך פֿאַרשפּילט. מער האָט ער אַזעלכע פֿעלערן ניט געמאַכט, אָבער קאַרפּאָוו האָט זיך אַרויסגעריסן פֿאָרויס, און ס'האָט זיך געפֿילט, אַז ס'איז אים ניט צו דעריאָגן. צום לעצטן טור האָט דער אײַנרײַס באַטראָפֿן אָנדערהאַלבן אייגלעך, און קאַספּאַראָוו האָט, ניט געקוקט אויף די ווײַסע פֿיגורן, ניט דערווידערט קעגן האַלבע אייגלעך. ער האָט ווי אונטערגעשטראָכן, אַז ער אַנערקענט — דערווײַל! — דער פֿאָרצוג פֿונעם שאַכמאַטיסט נומ. 1. קאַרפּאָוו האָט געזיגט אינעם טורניר, און קאַספּאַראָוו האָט צעטיילט דאָס צווייטע — פֿערטע אָרט.

סימפּטאָמאַטיש איז, וואָס די פּאַרטיע צווישן קאַספּאַראָוון און סמיסלאָוון אין אָט דעם טורניר (אויך די דריטע לויטן כעזשבן) איז פֿאָרגעקומען דעם 13 אַפּרעל 1981, ווען גאַרי האָט דערגרייכט פּאָליעריקייט. וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט זיך ניט געקליבן פֿאַרומערן דעם יאָמטעוו פֿון זײַן יונגן קאָלעגע, און א גראָסמייסטער־רעמי האָט באַפרײַט דעם באַל־סימכע פֿאַר דער באַגעגעניש מיט זײַנע פֿרײַנט.

קאַספּאַראָוו און קאַרפּאָוו האָבן דורכגעפֿירט צווישן זיך דרײַ מאַטשן פֿאַר דער קרוין, אָבער אין איין טורניר האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט בלויז אין זעקס יאָר אַרום, אין אַפּרעל 1987. דאָס איז פֿאָרגעקומען אין בריסל, אויף א גרויסן צווישנפֿעלקערלעכן פֿאָרום פֿון גראָסמייסטערס. דאָס מאָל איז קאַספּאַראָוו געווען פֿאָרויס. דעם ערשטן פּריז האָט ער צעטיילט מיטן יוגאָסלאַווישן גראָסמייסטער ל. ליובאָיעוויטש, און נאָך זיי איז אויפֿן דריטן אָרט געווען קאַרפּאָוו. אָט דער טורניר איז סימפּטאָמאַטיש דערמיט, וואָס צוויי טשעמפּיאָנען האָבן געשפּילט אויף אים זייער יובילײ־פּאַרטיע — די הונדערטסטע! זי האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט רעמי...

נאָך דעם מאָסקווער צווישנפֿעלקערלעכן טורניר האָבן קאַרפּאָוו און קאַספּאַראָוו, הערט ביזן צווייקאַמף פֿאַר דער קרוין, קיין איין מאָל זיך מער ניט געזעצט בא איין שאָך־טישל איינער קעגן דעם אַנדערן. עמעס, אין מײַן טאָגבוך פֿיגורירט נאָך אויך די פּערטע באַגעגעניש צווישן די הײַנטיקע קאָנקורענטן. דעם 20 יוני 1981 איז פֿאַרשריבן בא מיר, זײַנען אין דער טעלעוויזיע פֿאָרגעקומען מיטאַמאָל צוויי שאָך־אַאודיציעס. איינדערפֿרי, לויט דער פּערטער פּראָגראַם, האָט די פֿאַרנעמונג אין דער „שאָך־שול" געפֿירט קאַספּאַראָוו (ער האָט גענוי דערציילט וועגן זײַן פּאַרטיע מיט טימאַנען אינעם טורניר פֿון די „שטערן"), און אין אָוונט, שוין לויט דער ערשטער פּראָגראַם, איז באַוויזן געוואָרן א דאָקומענטאַלער פֿילם „קאַרפּאָוו קעגן קאַרפּאָוון". עס זײַנען פֿאַרבײַ דרײַ יאָר, און איצט שטייט זיי פֿאַר זיך טרעפֿן אין איין און דער זעלבער צײַט, לויט איינער און דער זעלבער פּראָגראַם, — „קאַרפּאָוו קעגן קאַספּאַראָוון"...

עס קאָן זיך דוכטן, אז דער אַווטאָר פֿון די דאָזיקע שורעס וואַרפֿט פֿאַר קאַספּאַראָוון פֿאַר אזא מין עמאָציאָנעלקײַט, וואָס איז טאַקע געפֿערלעך בא דער שאָך־ברעט. אָבער דאָס איז ניט אזוי. נאַטירלעכקײַט איז א ווערטפֿולע אייגנשאַפֿט, און אויב דער שאַכמאַטיסט קאָן בלײַבן אַן און פֿאַר זיך אין די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציעס, קאָן מען בלויז דערמיט אַנציקט ווערן. סאָפֿקאָלסאָף האָט דער טעמפּעראַמענט גיכער פֿון אַלץ אים געהאָלפֿן, איידער געשעדיקט.

אָבער אונדזער רײַזע אין דער צײַט האָט זיך פֿאַרצויגן. מע דאַרף זיך אומקערן צוריק, קיין באַקו, וווּ אין שאָך־פּאַוויליאָן פֿאַרענדיקט זיך די פּאַרטיע צווישן גאַרין און אַרטור יוסופּאָוון.

זוכנדיק אַן אַנטשיידענע פֿאָרזעצונג, איז יוסופּאָוו שוין אַרײַנגעפֿאַלן אין צײַטנויט. געציילטע מינוטן זײַנען געבליבן אויך בא קאַספּאַראָוון. דאָס שטיל געוואָרענע קלײַנוואַרג האָט נאָך ענגער אַרומגערינגלט דאָס טישל, ווי פֿאַרקישעפֿט פֿון דער אומופּהערלעכער קלאַפּערײַ פֿון די זייגערס. דער יונגער דעמאָנסטראַטאָר האָט אײַנגאַנצן פֿאַרגעסן וועגן זײַנע פֿליכטן. ערגער פֿון אַלעמען איז געווען מיר מיט קלאָרע שאַגענאָוונען — מיר האָבן קיין שום באַגריף ניט געהאַט, וואָס עס טוט זיך אויף דער שאָך־ברעט.

ענדלעך, האָבן די זייגערס זיך אָפּגעשטעלט, דאָס קלײַנוואַרג איז זיך צעלאָפֿן, אומעטום האָבן זיך געהערט לעבהאַפֿטע שטימען. אין דער פּאָזיציע, ווו דאָס סאַמע אומאָנגענעמע פֿאַר קאַספּאַראָוון איז שוין פֿאַרבײַ, איז באַם פּאַרטניאָר אויסגעגאַנגען די צײַט.

דאָ דאַרף איך זאָגן, אז דער שלוס־טייל פֿון דער פּאַרטיע איז אָנגעקומען קלאָרע שאַגענאָוונען ניט לײַכט. איר פּאָנעם איז בלייך געוואָרן, די פֿינגער האָבן געציטערט. קיינמאָל איז מיר ניט אויסגעקומען צו זען, אז א דערוואַקסענער מענטש זאָל די געשעענישן אויף דער הילצערנער ברעט נעמען אזוי נאָענט צום האַרצן. ס'איז דאָך אָבער געווען א מאַמעס האַרץ!

וואָס זשע קאָן מען ריידן וועגן די ניסויינעס, וועלכע זײַנען אויסגעפֿאַלן אויף קלאָרע שאַגענאָווענען אין די ווײַטערדיקע יאָרן, בייס די גראַנגלען פֿון איר זון מיט קאַרפּאָוון! אין אָנהייב פֿון דעם ערשטן מאַראַפֿאָן אינעם קאָלאָנען־זאַל האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף איר באַליבט אָרט אין פּאַרטער, אין דער אַכטער ריי, גלײַך ווי אונטערהאַלטנדיק גאַריקן מיט איר אָנוועזנהײַט, — דער מעהאַלעך צווישן זיי האָט דאָך באַטראָפֿן א וועלכע־ניט־איז צוויי־דרײַ צענדליק מעטער. מאַכנדיק א גאַנג, האָט דער פּרעטענדענט געוואָרפֿן א בליק אין זאַל, כאַפּנדיק אַן ענטפֿער־בליק פֿון זײַן סאַמע געטרײַען אָנהענגער. אָבער דער סטאַרט איז געווען א האַרבער עקזאַמען. אין נײַן פּאַרטיעס האָט גאַרי פֿיר מאָל געליטן מאַפּאַלעס. יעדע פֿון זיי האָט ווייטיקלעך זיך אָפּגערופֿן אויף קלאָרע שאַגענאָוונען, ס'איז איר שווער געווען אײַנהאַלטן די עמאָציעס. זי האָט פֿאַרשטאַנען, אז איר נאָענטקײַט צו דער בינע האָט גיכער געשטערט גאַריקן. און זי האָט זיך איבערגעזעצט אויפֿן סאַמע אויבן, אין דער לאָזשע פֿון דער פּרעסע, זי האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט אַפֿילע טראַכטן, אז ס'וועט איר אויסקומען קומען אַהער יעדן פֿאַרנאַכט בעמעשעך פֿון נאָך דרײַ כאַדאָשים.

מע האָט זיך געקאָנט בלויז כידעשן, וויאַזוי קלאַרע שאַגענאַווונא האָט מיט איר מוטערלעכן כּוש געפֿילט לויט קוים באַמערקבאַרע ניואַנסן אין דער אױפֿירונג פֿונעם זון, וואָס עס קומט פֿאָר אױף דער שאָך־ברעט. אָט דער כּוש האָט איר ריכטיקער אונטערגעזאָגט דעם מעגלעכן קער פֿון די געשעענישן, איידער די סאַמע בעסטע פּראָגנאָזן פֿון קענער. פֿאַרשטייט זיך, אַז די דערוווּטערטקייַט פֿון דער קאַמפּס־אַרענע האָט ניט געמינערט דעם אַנגלי פֿון די איבערלעבונגען, און מיר זייַנען ניט איין מאָל געווען ניט־ווילנדיקע איידעס, וויאַזוי זי האָט אַרויסגענומען פֿון איר רידיקיול באַרוּיִקנדיקע טראָפּנס.

אין נאָיאַבער 1985 האָב איך געזען די גליקלעכסטע רעגע אינעם לעבן פֿון דער מוטער און איר זון. ס'האָט זיך פֿאַרענדיקט די 24־טע פּאַרטיע פֿון דעם צווייטן גוראַנגל — דער אַנטשיידנדיקער געפּעקט האָט הערמאָנט אַ פֿאַנטאַסטישן סוזשעט. קאַספּאַראָוו איז געווען אין זייַן סטיכיי און אין אַן אַנגעשטרענגטן קאַמף געזיגט. קאַרפּאָוו האָט אַנערקענט זייַן מאַפּאַלע און דער ערשטער באַגריסט דעם קאָנקורענט. דער 13־טער קיניג האָט מיט אופֿרעגונג פֿאַרלאָזט די בינע, און צענדיקער מענטשן האָבן אַרומגערינגלט אין אַן ענגן קרייַז קלאַרע שאַגענאָווונען (אָט דעם מאַטש האָט זי דורכגעפֿירט אין פּאַרטער...).

אַלע זייַנען געווען גליקלעך, אופֿגערעגט, ס'האָבן זיך געהערט פֿריידיקע באַגריסונגען, אויסגעשרייען, מע האָט זיך געקושט. דער מאַטש האָט זיך פֿאַרענדיקט, דער זון איז געוואָרן וועלט־טשעמפּיאָן. ס'איז שווער געווען צו גלייבן, אַז אַלץ איז שוין פֿאַרבייַ. ווען דער גליקלעכער פֿרוי האָט ענדלעך זיך אייַנגעגעבן אַרויסצורייַסן זיך פֿון דער אַרומרינגלונג פֿון די נאָענטסטע פֿרייַנט און קרובֿים און אַרויסגיין אין פֿאָיע, האָט צו די פֿילצאָליקע גראַטולירונגען זיך אויך פֿאַריייניקט איר געוועזענער לאַנדסמאַן לעאָניד זאָרין.

קלאַרע שאַגענאָווונא קאַכפּאַראָווא האָט פֿאַרענדיקט דעם פֿאַקולטעט פֿון אויטאָמאַטיק און טעלעמעכאַניק, געווען עלטערער וויסנשאַפֿטלעכער מיטאַרבעטער. איך האָב, נאַטירלעך, זיך פֿאַרינטערעסירט מיט אירע דיסערטאַציע־איניאַנים. אָבער זי האָט צו נישט געמאַכט פֿון מייַנע פֿאַרשטעלונגען, דערקלערנדיק, אַז אַ דיסערטאַציע איז ניט דאָס וויכטיקסטע אין לעבן.

און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז נאָך איר מאַנס טויט האָט קלאַרע שאַגענאָווונא איינגאַנצן זיך אָפּגעגעבן דער דערציִונג פֿונעם זון, דער זאָרג וועגן זייַן געזונט. קינדווייַז האָט גאַריק איבערגעטראָגן רעוומאַקאַרדיט, און דאָס האָט זיך צומאָל געלאָזט פֿילן. ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט מען געדאַרפֿט אָנווענדן אַ סאַך באַמיִונגען, קעדיי ער זאָל קומען צו די קויכעס און ענדלעך פֿאָטער ווערן פֿון די אומענדלעכע פֿאַרקילונגען און אַנגינעס.

זי האָט שטענדיק געדענקט, אַז גאַריקס פֿאָטער האָט געטרוימט מאַכן פֿון אים אַן עכטן שאַכמאַטיסט, און זי האָט געטאָן אַלץ, אַז זייַן קינדערשער אינטערעס זאָל ניט פֿאַרלאָשן ווערן, זאָל ווערן אַן ערנסטער באַרוף.

ביזוואַנען בײַ קאַספּאַראָוון האָבן זיך ניט באַוויזן פּראָפֿעסיאָנעלע טרענירער, האָט די מאַמע זיך פֿאַרנומען מיט אים אַליין. זי האָט פֿאַנאַנדערגעשטעלט פֿאַרן זון אַ פּאָזיציע פֿון אַ בוך און געפֿרעגט בײַ אים זייַן מיינונג. נאָכדעם האָבן זיי צוזאַמען קאָנטראָלירט דעם טעקסט, אַנאַליזירט, קעגנגעשטעלט.

ווען גאַריק האָט פֿאַריכט זייַן געזונט, זייַנען שאַכמאַטן אַרייַן אין זייַן בלוט און פֿלייש. די יונגע פֿרוי האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז פֿון איצט אָן וועט איר זון זיך קאָנען באַגיין אָן איר אָפּטעראָפּסעס. אָבער פֿאַר די דאָזיקע יאָרן האָט קאַספּאַראָוו באַוויזן אַרויסצוגיין אױף דער אַלפֿאַרבאַנדישער אַרענע. די קינדהייַט האָט זיך פֿאַרענדיקט, די פּראָבלעמען זייַנען פֿיל קאָמפּליצירטער געוואָרן. איצט איז אים אַ נאָענטער מענטש, אַ קלוגער פֿרייַנט נאָך נייטיקער.

קאַספּאַראָוו האָט אַנומלטן געזאָגט, אַז ווען זייַן מאַמע וואָלט אַליין זיך געזעצט צו דער שאָך־ברעט, וואָלט זי אָן שום צווייפֿל געקאָנט באַקומען דעם טיטל „מייַסטער". אָבער ניט אין אירע שאָך־קענטענישן, פֿאַרשטייט זיך, גייט עס. זי האָט אים פֿאַרביטן אַ גאַנצע קאָמאַנדע פּסיכאָלאָגן.

ווען קלאַרע שאַגענאָווונא זיצט אין זאַל, — געוויינלעך אין איינער פֿון די לעצטע רייען, קאַסיידער אױף איין און דעם זעלבן אָרט, — איז גאַריק אַ סאַך רויִקער. און אויב עס קומט פֿאָר עפּעס אופֿרעגנדיקס — צי האָט ער אַן אַנטשיידנדיקן איבערוואָג, צי, פֿאַרקערט, אַלץ ענגער פֿאַרקוועטשט אין די קלעמען פֿונעם קעגנער, — איז זייער וויכטיק צו פֿילן, אַז עס זיצט אין זאַל זייַן סאַמע געטרייַע נעשאָמע און טיילט מיט אים זייַן צושטאַנד.

לאָמיר נאָך איין מאָל זיך אָפּווענדן און אַריבערטראָגן זיך קיין מאָסקווע. אינעם נייַנטן טור פֿונעם צווישן־זאָנאַלן טורניר האָט אַנדערסאָן, אין דער פּאָזיציע מיט עטלעכע איבעריקע פּעשקעס, שרעקנדיק זיך פֿאַר זייַן פּענדל, אומגעריכט פֿאַרגעלייגט קאַספּאַראָוון רעמי. דער באָכער איז ניט בעקוויעך געווען איינצוהאַלטן זייַן פֿרייד. ער שפּרינגט אױף פֿונעם טישל און קוקט אַ גליקלעכער אין דער ווייַט פֿונעם זאַל, ווו עס האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט זייַנע פֿרייַנט און טרענירער. יאָ, אין אָט דעם אָוונט האָט אים אָפּגעגליקט, עס שמייכלט אויך די מאַמע — מיט אַ נאָך מילדערן שמייכל.

אין אַ צײַטונגס־באַריכט האָב איך געשריבן וועגן אָט דעם טור, אַז די מאַמע פונעם יונגן גראָס־מייסטער איז אַ שיינע פרוי, און אויב דער זון זאָרגט וועגן דעם, אַז זי זאָל ווערן נאָך שענער, דאַרף ער ניט באַקומען אַזעלכע שלעכטע פּאָזיציעס. „די צענטראַלע פּרעסע איז ניט דאָס בעסטע אָרט פאַר קאָמפּלימענטן", — האָט געזאָגט קלאַרע שאַגענאָוונאַ אַפן אַנדערן טאָג. עס געדענקט זיך, אַז אין יענעם אָוונט האָב איך זיך געפילט פּריקרע. און פונדעסטוועגן, דוכט זיך מיר, איז ניט איבעריק צו דערציילן וועגן אָט דעם באַלערעוודיקן עפּיזאָד. סאָפּקאָלסאָף מישפּעט מען ניט פאַר איין זינד צוויי מאָל!

אינעם מאַטש מיט אַלעקסאַנדער בעליאַווסקין האָט גאַרי קימאַט ניט פאַרשאַפן זײַנע פאַרערער קיין אַגמעסנעפּעש. לויט זײַן מיינונג, איז די בעסטע פּאַרטיע אין אָט דעם מאַטש געווען די צווייטע. די פּאַרטניאָרן האָבן נאָך ניט באַוויזן אַרײַנפירן אין שלאַכט די פיגורן, ווי זיי האָבן טייקעף זיך פאַר־פלאָנטערט אין אַ געפערלעכן קנויל. אַרײַנפאַלנדיק אין אַ היימישער כטיכיי, האָט קאַספּאַראָוו אַף אַ ווירטואָזן אויפן דורכגעפירט דעם גערעגל און דעראָבערט דאָס ערשטע אייגל. צום 20־טן גאַנג איז זײַן סטראַטעגישער פּלאַן פולקום רעאַליזירט געוואָרן. אין אָט דער רעגע האָט דער באַכער אַ קוק געטאָן אין ווײַטן ווינקל פונעם זאַל, ווי געווינלעך, האָט ער געזוכט מיט די אויגן זײַן סאַמע געטרײַען פרײַנט.

פריִער, ווען גאַריק איז געפאָרן אַף פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרמעסטונגען, פלעגט קלאַרע שאַגע־נאָוונאַ זיך סטאַרען אַזוי אײַנאָרדענען אירע אַמטלעכע איניאָנים, אַז זי זאָל אומבאַדינגט קאָנען באַגלייטן איר זון. פאַרשטייט זיך, אַז די אָנפירונג, וועלכע איז פאַרינטערעסירט אין די דערפאָלגן פון איר לאַנדסמאַן, איז גערן געגאַנגען איר אַנטקעגן, און די אָפּרו־צײַט האָט מען איר אונטער־געקליבן אין העסקעם מיטן שאַך־קאַלענדאַר. אָבער ווען די טורנירן זײַנען געוואָרן אָפטער און יעדערער פון זיי איז נאָך פאַראַנטוואָרטלעכער, איידער דער פריִערדיקער, איז קאָמבינירן די וויסנ־שאַפטלעכע אַרבעט מיט דער מוטערלעכער זאָרג געוואָרן אַלץ קאָמפּליצירטער. דעריבער האָט זי באַשלאָסן שאַרף ענדערן איר לעבן און איז געוואָרן, קאָן מען זאָגן, אַ שטאַטנער טרענירער. אַף אַזאַ אויפן האָבן די מוטער און דער זון אויסגעמיטן די צו לאַנגע צעשיידונגען.

דער פאַקולטעט, וועלכן ס'האָט פאַרענדיקט קלאַרע שאַגענאָוונאַ, האָט נאָך איין נאָמען — אָנפיר־סיסטעם. די לער איז ניט פאַרפאַלן געגאַנגען. אין דער נאַטור איז ניטאָ פאַראַן קיין מער קאָמפּליצירטע אָנפיר־סיסטעם, איידער דער מענטש. ביפּראַט נאָך, אויב דער מענטש איז אײַער זון!

דאָ, מיין איך, איז דאָס אָרט צו דערמאָנען די נעמען פון די ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן אַ שײַכעס צו קאַספּאַראָווס אויפשוווּנג.

אַן ערשטראַזריאַדניק איז גאַריק געוואָרן צו 9 יאָר, און אָט די געשעעניש איז ניט פאַרבליבן אומבאַמערקט. אַ באַזונדערס גרויסן אײַנדרוק האָט געמאַכט די שפּיל פונעם יינגל אַף אַלעקסאַנדער ניקיטינען, דעם באַוווּסטן מאָסקווער מײַסטער. ער האָט זיך אונטערגענומען צו העלפן גאַריקן, — צוערשט אַף איין טורניר, נאָכדעם אַף אַן אַנדערן. סאָפּקאָלסאָף האָט זיך געשאַפן אַ שעפערישע געמיינ־שאַפט, וועלכע ווערט גאַנץ דערפאָלגרײַך פאַרגעזעצט ביזן הײַנטיקן טאָג.

מיט וואָס קאָן מען דערקלערן, וואָס גראָד דער מאָסקווער ניקיטין האָט באַמערקט דעם באַקוער קאַספּאַראָוון און דער געאָגראַפישער מעהאַלעך האָט ניט געווירקט אַף דער פעסטקײַט פון זייער בונד? צי ניט דערמיט, וואָס ניקיטין איז מיט דרײַסיק יאָר צוריק אַליין געווען אַ מערקבאַרע פיגור אַפן שאַכמאַט־האָריזאָנט — דעם טיטל „מײַסטער" האָט ער באַקומען צו 17 יאָר (און אין יענעם ווײַטן 1952 יאָר איז דאָס געווען אַ געשעעניש), — אָבער דערנאָך האָט ער ניט געקאָנט באַרעכטיקן אַלע האָפענונגען? דער קינפּטיקער טרענירער האָט ניט איין מאָל פאַרגעשטעלט אונדזער סטודענטישע קאָמאַנדע אַף די וועלט־טשעמפּיאָנאַטן, איין מאָל אַרויסגעטראָטן אַפן טשעמפּיאָנאַט פונעם לאַנד, אָנגעשריבן ניט ווייניק ווערטפולע טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען. און פונדעסטוועגן האָט מען דערוואַרט פון אים מערערס. מעגלעך, אַז טראַכטנדיק איבער די סיבעס פון זײַנע בלויזן, האָט ניקיטין פאַרשטאַנען (אַ שאָד, צו שפּעט!) די „יוגנט־זינד".

און אָט איז פאַר אים אַ יינגל, מיט וועלכן מע קאָן זיך טיילן מיטן סאַמע פאַרבאָרגענעם, אָפּגעבן זײַנע קענטעגישן, זײַן דערפאַרונג. די באַגעגעניש צווישן קאַספּאַראָוון און ניקיטינען איז געווען אַ מאַזלדיקע פאַר ביידן.

אין די קאָמפּליצירטע באַציִונגען פונעם לערער מיטן טאַלמיד, באַזונדערס אויב דער צווייטער יאָגט גיך איבער דעם דערציִער, האָבן אַ באַדײַטונג אַ סאַך, ביז גאָר פאַרשיידנאַרטיקע ניואַנסן. דער סאַמע הויכער פּראָפעסיאָנעלער ניוואָ גאַראַנטירט נאָך ניט דעם פּעדאַגאָג אַ דערפאָלג, ניט ווייניקער וויכטיק זײַנען די קעגנזײַטיקע סימפּאַטיע און אַכטונג. אין אונדזער געשיכטע זײַנען די פאַרבינדונגען געווען אַזעלכע זיכערע און פעסטע, אַז דער מעהאַלעך האָט ניט געשטערט. און געפי־נענדיק זיך אין פאַרשיידענע שטעט, זײַנען ביידע — דער טרענירער און דער טאַלמיד — געווען פאַרכאַפּט מיט איין זאַך, געלייזט געמיינזאַמע אויפגאַבן.



בייסן מאַטש מיט וו. סמיסלאָוון. 1984



מיט דער מוטער. 1983

מיט מיכאַיל באָטווינניק. 1987.








אפן מאטש־רעוואנש מיט א. קארפּאָוון. 1986

אף דער פּרעסע־קאָנפערענץ אינעם זאל אף פּ. טשײַקאָווסקיס נאָמען. 1985

דער טשעמפּיאָן מיט א לאָרבער־קראַנץ. נאָיאבער, 1985



אַלזאָ, נאָך דעם סאָף פונעם טורניר זײַנען קאַספּאַראָוו און ניקיטין זיך פאַנאַנדערגעפאָרן אין זייערע היימען. וואָס זשע טוט מען? שאַכמאַטן, פּונקט ווי מוזיק, פאָדערן דאָך טאָגטעגלעכע אַרבעט, די פּאַוזעס קאָנען קאָסטן טײַער. אַן אויסוועג פון דער לאַגע איז געפונען געוואָרן. ניקיטין האָט איבערגעגעבן קיין באַקו די עסטאַפעטע אַן אַנדערן מײַסטער, שאַקאַראָוון, אַן אַנדער אַלעקסאַנדער... אַן אָנגעזעענער טעאָרעטיקער, דער שעפער פון אַן אוניקאַלער קאַרטאָטעק פון דעביוטן, אַן אַנאַליטיקער לויט זײַן עצעם נאַטור, האָט שאַקאַראָוו זיך געסטאַרעט צוגעבן זײַנע לימודים אַ פאַרגאַנצטע סיסטעם. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז צוליב אַ דערפאָלגרײַכן קאַמף אפן העכסטן ניוואָ וועט גאַריק פּריִער אָדער שפּעטער זיך ניט קאָנען באַגיין אָן אַ „דאָסיע" אַף די קאָנקורענטן, און אונטער דער אָנפירונג פונעם באַקוער מײַסטער האָט קאַספּאַראָוו צוגעגרייט זײַנע ערשטע קאַרטלעך.

ווי טאַלאַנטפול עס זאָל ניט זײַן דער לערער, וועט ער איינער אַליין ניט קאָנען זיך דערשלאָגן פונעם שילער שליימעס. און אויב ער איז קרענקלעך אַמביציִעז, ווײַל מיט קיינעם ניט טיילן דעם דערפאָלג, קאָנען אַלע דערגרייכונגען זיך אויסוועפּן. ניט צופעליק האָט אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו זיך געווענדט צו דעם סעקונדאַנט נומ. 1 — דעם גראָסמייסטער איגאָר זײַצעוון און צו אַנדערע כאַשעווע שאַכמאַטיסטן נאָך אייצעס, קעדיי לייזן פּריוואַטע פּראָבלעמען. אַף אַזאַ אויפן האַנדלט אויך קאַספּאַראָוו. אין די פאַרמעסטונגען פון די לעצטע יאָרן האָבן אים אין פאַרשיידענע צײַטן געהאָלפן דער צווישנפעלקערלעכער מײַסטער יע. וולאַדימיראָוו, די גראָסמייסטערט ג. טימאָשטשענקאָ, י. דאָרפמאַן, מ. גורעוויטש. אָבער שטענדיק געפינט זיך לעבן אים — אַלעקסאַנדער ניקיטין.

צווישן די, וועלכע האָבן געשפּילט אין גאַריס לעבן אַ באַזונדערע ראָליע, פאַרנעמט דאָס ערשטע אָרט מיכאַיל מאָיסייעוויטש באָטווינִיק. דאָס יאָר 1963 איז געווען פאַר אים ניט קיין לײַכטס — נאָך דער 15-יאָריקער הערשאַפט (בלויז אַף צוויי יאָר האָט ער אָנטליִען די קרוין) האָט באָטווינִיק אַף שטענדיק זיך צעשיידט מיטן שאָך־טראָן. פאַר גאַרי קאַספּאַראָוון איז יענץ יאָר געווען אַ מער מאַזלדיקס — ער איז דעמלט ערשט געבוירן געוואָרן...

און אָט, אין 10 יאָר אַרום, האָבן זיי זיך באַגעגנט אין באָטווינִיקס באַוווּסטער שול. גאַרי האָט געמאַכט אַ קאָפּשווינדלדיקע קאַריערע, ער האָט גיך זיך דערשלאָגן די שטעלע פונעם ערשטן דעמאָנסטראַטאָר און געהילף. ער האָט באַקומען דאָס רעכט צו באַנוצן זיך מיט דער אומבאַגרענעצטער שטיצע פונעם עקס־טשעמפּיאָן. אָבער צוזאַמען מיט די רעכט האָט ער אויך באַקומען פליכטן — נאָך יעדער טורניר האָט ער געדאַרפט צושטעלן דעם שאָך־פּאַטריאַרך אַ שעפערישן באַריכט — אַ טראַדיציע, וואָס איז גילטיק ביזן הײַנטיקן טאָג. באָטווינִיקס אייצעס און אָנווײַזונגען זײַנען פאַר גאַריקן געווען הייליק. עמעס, מיט יעדן טורניר, מיט יעדן מאַטש ווערט אַפילע דעם עקס־טשעמפּיאָן אַלץ שווערער און שווערער צו געפינען בלויזן אין קאַספּאַראָווס שפּיל...

ווי נאָר ער האָט זיך באַקאַנט מיט די פּאַרטיעס פון זײַן יונגן קאָלעגע, האָט באָטווינִיק פאַרשטאַנען, אַז נעענטער פון אַלץ איז גאַריקן אַליאָכינס שאַפונג. און ניט צופעליק איז דער ניט־באַזיגטער טשעמפּיאָן געוואָרן אײַנגיכן קאַספּאַראָווס אידעאַל. אַליאָכינס פּאַרטיעס האָט ער געקענט אַף אויסווייניק, ווי באַליבטע לידער, ער האָט זיי איבערגעשפּילט צענדליקער מאָל, עפּענענדיק אַלס נײַע און נײַע גרענעצן. ס'איז אַוועק אַ צײַט, און באָטווינִיק האָט פאַרגליכן קאַספּאַראָוון מיט זײַן אידעאַל: „די שנעלע רעאַקציע און דער מאַסשטאַב פונעם זיקאָרן פון זײַן נערוון־סיסטעם זײַנען איבעראַשנדיקע. ער רעכנט אויס טיפע וואַריִאַנטן און געפינט אומדערוואַרטע גענג. די קראַפט פון זײַן קאָמבינאַציע־ריִע מאַכט אים קרויוויש מיט אַליאָכינען אַליין".

דער אָנהייב פונעם האַלב־פינאַלן מאַטש מיט קאָרטשנאָיען איז פאַר קאַספּאַראָוון געווען ניט זייער קיין געלונגענער. די ערשטע פּאַרטיע האָט ער פאַרשפּילט, נאָכדעם איז געווען איין רעמי נאָך דעם אַנדערן, און ס'האָט זיך בעשום־אויפן ניט אײַנגעגעבן אַרויסצורײַסן זיך פון דער אומענדלעכער סעריע האַלבע אייגלעך. אין איינעם פון אַזעלכע אָנגעשטרענגטע טעג האָט באָטווינִיק זיך פאַרבונדן דורכן טעלעפאָן מיטן פּרעטענדענט. ער האָט אים דערציילט וועגן אַן אַנאַלאָגישן פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען מיט אים פּונקט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק — אין 1933.

און טאַקע אינדערעמעסן, דער מאַטש באָטווינִיק—פלאָר האָט מיט עפּעס דערמאָנט דעם גראַנגל אין לאָנדאָן. באָטווינִיק איז דעמלט געווען אַ ביסל עלטער פון קאַספּאַראָוון, זײַן קאָנקורענט האָט געהערט צו דער שאָך־עליטע און האָט ערנסט געטראַכט וועגן דער קרוין. לעסאָף דער איקערדיקער צווייפאַל — די ערשטע העלפט פונעם מאַטש האָט זיך פאַרענדיקט מיט פלאָרס זיג. „כ'האָב אָבער אַ קוועטש געטאָן אין דער צווייטער העלפט, און דער מאַטש האָט זיך פאַרענדיקט מיט רעמי", — האָט באָטווינִיק צוגעגעבן מוט דעם שילער זײַנעם.

באָטווינִיקס בײַשפּיל האָט געווירקט אַף דעם עטוואָס פאַרומערטן באָכער. ער האָט אָבער ניט געטראַכט וועגן אַ רעמי־אויסגאַנג, וועלכער איז דערצו נאָך אויסגעשלאָסן געוואָרן אין לאָנדאָן. קאַספּאַראָוו האָט געוווּנען קימאַט אַלע פאַרבליבענע פּאַרטיעס, און אָפּרײַסנדיק זיך איבערצײַגעוודיק

אויף דרײַ אײגלעך, דערװײַז, אַז באַגעגענען זיך מיטן װעלט־טשעמפּיאָן בײַ דער שאָך־ברעט האָט ער שױן פֿאַרדינט ניט װײניקער, װי קאַספּאַראָװס קאָנקורענט אין באַגיאָ און מעראַנאָ.

נאָך דעם, װי קאַספּאַראָװ האָט דעראָבערט דעם טיטל פֿון װעלט־טשעמפּיאָן, האָט די שול פֿונעם פּאַטריאַרך פֿון די סאָװעטישע שאַכמאַטן נאָך אַ געװיסן איבעררײַס באַנײַט איר אַרבעט, נאָר שױן אונטער אַן אַנדער נאָמען — „די שול פֿון באָטװיניק — קאַספּאַראָװ". אַזױאַרום, האָט דער שעפּערישער בונד פֿון די צװײ מערקװירדיקע שאַכמאַטיסטן, פֿון דעם לערער און דעם שילער, פֿון אונדזער ערשטן טשעמפּיאָן און פֿון דעם לעצטן, באַקומען הײַנט אַן אומדערװאַרטע אַנטװיקלונג...

...ענדלעך איז אונדזער באַקאַנטשאַפֿט פֿאַרגעקומען. פֿאַרשטײט זיך, לױט די בילדער (כאָטש אין דער זעלבער „ניעדיעליא") האָב איך, װי אַלע, גוט געקענט גאַריקן, אָבער אין לעבן האָט ער מיר אױסגעזען נאָך סימפּאַטישער. זײַן לעבהאַפֿטיקײט, געזעליקײט, דער דאָרעמדיקער טעמפּעראַמענט גיבן זיך מיט גרױסער מי אונטער דעם פֿאָטאָ־אָביעקטיװ. אין דעם זין איז אַ קינאָ־לענטע זיכערער. דעם רעזשיסער און דעם אָפּעראַטאָר פֿון דעם דאָקומענטאַלן פֿילם „גאַרי קאַספּאַראָװ" איז געװען גרינגער, און דאָס געשטאַלט פֿונעם באַכער האָט זיך באַקומען איבערצײַגעװדיק און עמעסדיק.

אין יענעם טאָג איז בײַ גאַריקן געװען אַ געהױבענע שטימונג. אַ קלײניקײט, די ערשטע אַרױסטרעטונג אין דער הײמשטאָט נאָך דעם, װי ער האָט זיך אומגעקערט פֿונעם יוגנט־טשעמפּיאָנאַט, די ערשטע באַגעגעניש מיט פּילצאָליקע פֿאַרערער זײַנע!

די צײַט פֿון דער באַגעגעניש איז באַשטימט געװען ניט אײַנגאַנצן קײן באַקװעמע — פֿיר אַזײגער בײַטאָג (איך, למשל, האָב קױם באַװיזן זיך דערקלײַבן פֿון דער קאָנפֿערענץ). מיסטאָמע האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן, מױרע האָבנדיק פֿאַרן לאָקאַל, ניט ריזיקירט אָפּצורוקן דעם אָנהײב אויף אַ שפּעטערדיקער שעה. אַגעװ, דער זאַל פֿון דער באַקװער געזעלשאַפֿט „זנאַניע" איז סײַװי געװען פֿולגעפּאַקט.

גאַרי האָט אױפֿגענומען באַגריסונגען שױן בײַם אַרײַנגאַנג אין דער געבײַדע, נאָכדעם האָט ער זיך אױפֿגעהױבן אויף דער בינע, און איך מיט קלאָרע שאַגענאָװנען האָבן פֿאַרנומען אונדזערע ערטער.

אַ קורצע פֿאָרשטעלונג, און דער באַכער האָט אָנגעהױבן זײַן דערצײלונג װעגן דער זיגרײַכער רײַזע. פּרעסע־קאָנפֿערענצן און אַרױסטרעטונגען אין טעלעװיזיע האָבן אים דערװאָרט שפּעטער, און ס'איז געװען צו מערקן, אַז מיטן מיקראָפֿאָן האַלט ער זיך ניט אַזױ זיכער, װי מיט די שאָך־פֿיגורן. גאַרי איז געװען אױפֿגערעגט, דעריבער טאַקע האָט זיך געפֿילט די אומיטלבאַרקײט פֿון זײַן רעדע.

— מײַן לאַגע איז געװען ניט פֿון די בעסטע, אַ קאָמפּליצירטע, — האָט ער געזאָגט, — װען איך פֿאַרנעם אַפֿילע דאָס צװײטע אָרט, װאָלט מען אױך ניט געװען צופֿרידן. ביזװאַנען די קאָנקורענטן זײַנען אָפּגעשטאַנען אויף אַ האַלב אײגל אָדער אַפֿילע אויף אַ גאַנץ אײגל, האָב איך זיך געפֿילט ניט זײער געמיטלעך. בלױז אין דער צװײטער העלפֿט האָט מיר ענדלעך געלונגען זיך אָפּרײַסן, און אויף דער נעשאָמע איז געװאָרן רױיקער. און פֿונדעסטװעגן זײַנען דאָס געװען „קינדערשע" שאַכמאַטן. דעם עמעס געזאָגט, װײס איך אַלײן ניט, װאָס האָט מיר דער טורניר מער געבראַכט — נוץ אָדער שאָדן. אַלנפֿאַלס, איצט װעט מיר אױסקומען זיך איבערבױען און זיך גרײטן צו אַן עכטער מאַנצבלשער שפּיל.

ער האָט דערצײלט אַ טשיקאַװן פֿאַל. אײן גאַנג זײַנער האָט געמאַכט אויף אַ צושױער אַזאַ גראַנדיעזן אײַנדרוק, אַז יענער האָט אים אַפֿילע געשאָנקען אַ נישקאָשעדיקן ראַדיאָ־אױפֿנעמער. „װי איר זעט, איז דאָס געװען אײנער פֿון די סאַמע געלונגענע גענג, װאָס ס'איז װען־ניט־איז געמאַכט געװאָרן בײַ דער שאָך־ברעט!" — האָט דורכקאָמענטירט קאַספּאַראָװ אָט דעם לעכערלעכן, אָבער אָנגענעמען עפּיזאָד.

גאַרי האָט גערעדט מיט הומאָר, די צוהערער האָבן געשמײכלט, און פֿונדעסטװעגן האָט ער צומאָל גענומען זיך אײַלן. איך האָב ניט פֿאַרשטאַנען, צוליב װאָס ער טוט אַזױ און זיך דערמאָנט אין קאַספּאַראָװס אימפּולסיװקײט.

אָבער גאָר אײַגיכן האָט זיך אַלץ אױסגעקלאָרט. גאַרי האָט געאײַלט צו דער דעמאָנסטריר־ברעט. ס'האָט אים ניט געסטײַעט קײן געדולד װאָס גיכער אָנהײבן באַװײַזן די פּאַרטיעס. דאָס איז פֿאַר אים בעעמעס געװען אינטערעסאַנט.

װען ער האָט פֿאַרענדיקט מיטן ערשטן בײַשפּיל, איז געװאָרן שטיל. דער דעמאָנסטראַטאָר האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ שטיקל פּאַפּיר, סטאַרענדיק זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אין דער פֿאַרשריבענער נײַער פּאָזיציע. פֿיגורן האָבן לאַנגזאַם פֿאַרפֿולט די ברעט, און גאַרי האָט ניט געװוּסט, מיט װאָס זיך פֿאַרנעמען אויף דער בינע. ער איז צופֿיל געװען פֿאַרכאַפּט, װי ער װאָלט געשפּילט אַ נײַע פּאַרטיע.

דער געצװונגענער איבעררײַס איז געװען פֿאַר אים אומגעריכט. באַזונדערס האָט איבערגעלעבט די מאַמע, דער איבעררײַס איז געװען אומאָנגענעם אױך פֿאַר איר. קלאָרע שאַגענאָװנא האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און אונטערגעזאָגט דעם זון אַ גאַנג: „גאַריק, ענטפֿער אויף די פֿראַגן, ביזװאַנען דאָס ייִנגל שטעלט פֿאַנאַנדער די פֿיגורן!". בלױז איצט האָט ער זיך דערמאָנט װעגן די צעטעלעך, װעלכע זײַנען נאָך אַלץ אָנגעקומען פֿונעם זאַל. אָבער ענטפֿערן האָט ער ניט באַװיזן — די נײטיקע פּאָזיציע איז געװען גרײט.

קאספאראָוו האָט פאַרגעלײגט די צושויער א פאַרכאַפּנדיקן פראַגמענט פון זײַן פּאַרטיע מיטן
שוועד אַנדערסאָן. דאָס איז געווען א פאַנטאַסטישער פינאַל. גאַרי האָט צוגעטראַכט אַן אָריגינעלן
קאָרבן פונעם לויפער, און אויף דער שאָך-ברעט האָט אויסגעבראָכן אַן עמעצער שטורעם. די צושויער
האָבן קוים באַוויזן נאָכשפּירן נאָך דעם גאַנג פון קאַספּאַראָווס געדאַנק, פאַנאַנדערקלײַבן זיך אינעם
קאַסקאַד וואַריאַנטן, וועלכע ער האָט באַוויזן, איז געווען קימאַט אוממעגלעך. נו, וואָס קאָן מען דאָ
ריידן, זײַן פּאַרטנער אַליין איז ניט אימשטאַנד געווען נאָכשפּירן נאָך די אומגעריכטע טראַיעקטאָריעס
פון זײַנע פיגורן. מע דאַרף זאָגן, אַז דער גראָסמײַסטער איז אײַנגעגאַנגען אויף א געוויסער ריזיקע, —
א שמאָל שטעגל האָט געפירט די שוואַרצע צו רעמי. אָבער פאַרבלאָנדזשען זיך איז געווען ניט שווער.
די ווײַסע האָבן געזיגט, שאַפנדיק פאַרײַנוועגס א קלײנינקן שעדעווער.
די בײַוועזנדע אינעם זאַל האָבן זיך געפילט ווי אײדעס פון א מין צויבער.
— איך בין זיך מודה, אַז אָט די אַלע וואַריאַנטן, — האָט פאַרענדיקט דער צעהיצטער
לעקטאָר זײַן אַרויסטרעטונג, — האָב איך באַוויזן באַלד נאָך דער פּאַרטיע, און גראָד אין אַזא
אורשפּרינגלעכן אויסזען האָב איך זי איבערגעגעבן פאַר דעם זשורנאַל „64" (זיך אומגעקערט קיין
מאָסקווע, האָב איך אײַנגיכן אַרײַנגעקוקט אינעם זשורנאַל. און טאַקע אינדערעמעסן, די פּאַרטיע וואָלט
מען געקאָנט ניט פאַנאַנדערשפּילן — דער אויספירלעכער אַנאַליז, וועלכער איז געבראַכט אינעם
אַרטיקל, איז מיר גוט באַקאַנט געווען לויט קאַספּאַראָווס לעקציע).
דער אָוונט האָט זיך פאַרענדיקט, מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פונעם זאַל, זיך אַרײַנגעזעצט אין
אויטאָמאָביל, און די פרײַנט פון די קאַספּאַראָווס האָבן אונדז שנעל געבראַכט קיין אַרמעניקענד. די
דירה איז באַשטאַנען פון דרײַ צימערן אויפן ערשטן שטאָק. אַרבעטן האָבן מיר באַשלאָסן אין גאַריס
קאַבינעט. איבערן דיוואַן זײַנען געהאַנגען ביכער-פּאָליצעס. אויך די שאַפע איז געווען פאַרפולט מיט
קינסטלערישע און שאָך-ביכער. באַנאַנד מיטן מאַגניטאָפאָן זײַנען געלעגן וויסאָצקיס לעצטע מאַגנעט־
לענטעס. אַן אופנעמער „גרונדיג" (א באַלוינונג פאַר א גראָסמײַסטערישן גאַנג!) איז געשטאַנען אויפן
פענצטער. קלאַרע שאַגענאָוונא האָט געזאָגט, אַז אינעם צימער איז פאַראַן אַלדאָס נייטיקע פאַר שאָך־
איבונגען. איך בין מאַסקים געווען, אָבער אין-זיך האָב איך אָפּגעמערקט, אַז אַזאַ אויסשטאַטונג האָט
מען געקאָנט זען אויך אין אַנדערע דירעס, וועמענס באַלעבאַטים פאַרמאָגן ניט אַפילו די צווייטע
קאַטעגאָריע. זעט אויס, אַז די שאָך-דערגרײַכונגען זײַנען ניט שטאַרק אָפּהענגיק פון דער מעבלירונג...
האַקלאַל, אַלץ איז גרייט געווען פאַר א שמועס, אָבער אין אָט דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די
טיר און אינעם צימער האָבן קימאַט אומבאַמערקט זיך באַוויזן שאַגען מאָסעסאָוויטש און סוסאַנע באַג־
דאַסאַראָוונא, קלאַרע שאַגענאָוונעס עלטערן. מיר האָבן זיך באַקאַנט. גאַריקס זיידע און באָבע זײַנען
געקומען ניט מיט קיין ליידיקע הענט. אויפן טיש האָט זיך באַוויזן א פרוכטן-וואַזע און אין איר, ווי עס
פּירט זיך אויף קאַווקאַז, מילגרוימען און ווײַנטרויבן. איך בין אַרײַנגעפאַלן אין א שווערער לאַגע. אָפּזאָגן
זיך פון דעם באַרימטן באַקווער קיבעד איז ניט אָנגענומען, און מיסבריוכן מיט די זיסקייטן איז א
ריזיקע — מע קאָן לײַכט א וואַקל טאָן די רעפּוטאַציע פון די הויפּטשטאָטישע מײַסטערס. ווען דער
שמועס האָט סאָפּקאָלסאָף זיך אָנגעהויבן, האָבן דער זיידע מיט דער באָבען אַרײַנגעקוקט אין צימער,
קעדיי אָנפילן די וואַזע. באַמערקנדיק אָבער, אַז דער פרוכט-באַרג טײַעט צו לאַנגזאַם, האָבן זיי מיט
אַגמעסנעפּעש אויסגעשריִען: „וואַי, וואַי!" (צום כאָף פונעם שמועס איז, אַגעוו, די וואַזע געוואָרן
פּוסט).
איך האָב זיך גענומען פאַר א מילגרוים, און דאָ האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב צוגעגרייט
פאַר גאַרין דעם ערשט ניט לאַנג דערשינענעם בוך הומאָרעסקעס „שאָך-פאַרווײַלונגען". אויף דעם
טיטל האָב איך אים געווונטשן אָנגענעמע פאַרווײַלונגען צווישן די שאָך-ניצחונעס.
גאַרי האָט געבלעטערט דעם הומאָריסטישן זאַמלבוך, און איך האָב אין דער זעלבער צײַט
געגרייט מײַן מאַגניטאָפאָן. דער שנור האָט ניט דערצויגן צו דער עלעקטרישער ראָזעטקע, און קלאַרע
שאַגענאָוונא האָט געבראַכט א פאַרלענגערונג-שנור. איך האָב א קוועטש געטאָן די קנאָפּקע, אָבער די
קאַסעטע האָט ניט געוואָלט זיך דרייען. צום גליק, האָט זיך אײַנגעגעבן גיך פאַנאַנדערקלײַבן זיך אין
דער טעכניק. און דאָך האָב איך ניט געײַלט צו באַזײַטיקן דעם דעפעקט. דער באַלעבאָס פונעם
צימער האָט זיך פאַרטיפט אינעם לייענען, וואָס האָט געטרייסט דעם ערעגײַץ פונעם אווטאָר.
...הומאָר איז איינע פון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן פון די באַקווער, אָבער אין קאַס־
פּאַראָווס לעבן פאַרנעמט ער א באַזונדער אָרט. מיך, אַלס בוך-ליבהאָבער, איז שווער וועגן דעם צו
שרײַבן, אָבער איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען, אַז אַלע פינף בענדער פון אילפן און פּעטראָוון
אין זײַן ביבליאָטעק זײַנען ניט איין מאָל געלייענט געוואָרן.

גאַרי האָט ניט געקאָנט זיך פֿאָרשטעלן קיין טאָג אָן א שפּאַס, אָן א שאַרף וואָרט, און די באַרימטע הומאָריסטן זײַנען שטענדיקע באַגלייטער זײַנע.

— צי זײַנען פֿאַראַן אויף דער וועלט גראָסמייסטערס, צו וועלכע איר האָט נאָך ניט אונטערגעקליבן קיין שליסל? — האָב איך געפֿרעגט דעם וועלט־טשעמפּיאָן אין אַן אינטערוויו פֿאַרן קלוב „צוועלף שטולן" פֿון דער „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ".

— די פֿרישע שפּיל פֿונעם גראָסמייסטער אַ. בענדער ברענגט אָן סאָפּעק אַרײַן אין פֿאַרלעגנהײַט.

— וועלכע איז אײַער באַליבטע רובריק אויף דער 16־טער, אויף דער הומאָריסטישער זײַט פֿון אָט דער צײַטונג?

— „דערציילונגען, וועלכע באַשטייען פֿון איינע נעמען". צום בײַשפּיל, די דערציילונג וועגן דעם אָרעמען און אומגליקלעכן קיניג, וועלכער דאַרף, אַנשטאָט לעבן און ניט דײַגעגען, זיך באַמרויִקן, אַז מע זאָל פֿון זײַן קאָפּ ניט אַראָפּשלעפּן די קרוין.

אַצינד ווייסן מיר, אַז איינער פֿון די העלדן פֿונעם נײַעם וואַריאַנט פֿון אָט דער „דערציילונג" איז געוואָרן גאַרי קאַספּאַראָוו. און מיט וואָס עס זאָל זיך ניט פֿאַרענדיקן דער געפֿעכט צווישן ביידע פֿאַרערער פֿון איליף און פּעטראָווס שאַפֿונג, דערוואַרט די לייענער פֿיל אינטערעסאַנטע און אָנגענעמע אָוונטן.

...איינמאָל איז קיין באַקו געקומען צו פֿאָרן דער מאָסקווער הומאָריסט אַרקאַדי אַרקאַנאָוו. ווען דער מאָסקווער גאַסט האָט בעשאַסן קאָנצערט געלייענט זײַנע דערציילונגען, האָט גאַרי אַזוי געלאַכט, אַז ער האָט שיִר ניט אַראָפּגעריסן די אַרויסטרעטונג פֿונעם שרײַבער. אָבער ראַקאַנאָוו האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געפֿאָדערט, אַז אויף דער בינע, לויטן בײַשפּיל פֿון שאָך־גראַנגלען, זאָל מען אָנצינדן א סיגנאַל־טאַבלאָ מיט די ווערטער: „שטיל זאָל זײַן!". פֿאַרקערט, דעם פֿאַנאַטישן פֿאַרערער פֿון שאָך איז געווען אָנגענעם, אַז ער קאָן דערפֿרייען דעם גראָסמייסטער — אויב ניט בײַ דער שאָך־ברעט, איז כאָטש פֿון דער בינע. די דאָזיקע ביידע מענטשן פֿאַראייניקט ניט אַזוי די אוראַלטע שפּיל, ווי דאָס געפֿיל פֿון הומאָר. און איצט, ווען גאַרי קומט קיין מאָסקווע — אויפֿן קרייצוועג פֿון אַלע שאָך־מאַרשרוטן, באַהאַלט אים אויס אַרקאַנאָוו פֿון די פֿילצאָליקע קאָרעספּאָנדענטן אויף דער הערצען־גאַס, אינעם צענטראַלן ליטעראַטן־הויז.

„הומאָר העלפֿט סײַ געווינען, סײַ פֿאַרשפּילן", — האָט ליב איבערכאַזערן קאַספּאַראָוו. עמעס, ווי ס'איז צו זען, העלפֿט דעם העלד אונדזערן אָט די וויכטיקע אייגנשאַפֿט, פֿונדעסטוועגן, אָפֿטער צו געווינען...

פֿאַרוואָס האָב איך א היפּשע צײַט ניט פּובליקירט דעם שמועס מיט גאַרי קאַספּאַראָוון? די איקערדיקסטע און גלײַכצײַטיק די סאַמע טשיקאַווע סיבע באַשטייט אין דעם, וואָס איך האָב בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט געפֿינען קיין טערעץ פֿאַר דער פּובליקאַציע! פּינקטלעכער גערעדט, טערוצים זײַנען אַנטרונען גיכער, איידער זיי האָבן זיך באַוויזן. דער יוגנט־טשעמפּיאָנאַט איז שוין אַוועק אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט. העלד פֿונעם מאָסקווער טורניר פֿון די „שטערן" איז געוואָרן קאַרפּאָוו, און ווען אינעם סוף 1981 האָט קאַספּאַראָוו דעראָבערט די גאָלדענע מעדאַל פֿון טשעמפּיאָן פֿונעם לאַנד, — איז דאָס דען ניט קיין אַרגומענט! — האָט מען דעם יונגן גראָסמייסטער, אָן שום אָפּקלײַב, בלויז אַדאַנק דעם הויכן רייטינג, טייקעף צוגעלאָזט צום צווישנזאָנאַלן טורניר. קאַספּאַראָווס כּפֿאָרט־דער־גרייכונגען אינעם אינערלעכן קאַלענדאַר זײַנען אָפּגעטראָטן אויפֿן צווייטן פּלאַן.

קאַספּאַראָוו האָט אָפּגעהאַלטן זײַן מערקווירדיקן זיג אויפֿן גראָסמייסטער־פֿאָרום אין בוגאָינאָ (1982) ערעוו דעם צווישנזאָנאַלן, און ווידער האָט מען געדאַרפֿט זיך אָנעמען מיט געדולד. אָבער ס'האָט זיך נאָך ניט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן אויך אָט דער טורניר, וועלכער האָט געבראַכט גאַרין די פּרעטענדענט־פּוטיאָווקע, ווי ער איז גלײַך אוועקגעפֿאָרן אויף דער אָלימפּיאַדע. דאָרט האָט ער דאָס ערשטע מאָל זיך געזעצט בײַ דער שאָך־ברעט אַנטקעגן קאָרטשנאָיען. אין א לײַדנשאַפֿטלעכן און פֿאַרכאַפּנדיקן געראַנגל האָט קאַספּאַראָוו געזיגט, דערווײַזנדיק דער גאָרער וועלט, אַז צום קאַמף פֿאַרן טיטל וויצע־טשעמפּיאָן פֿון דער וועלט איז ער שוין גרייט.

אָבער נאָך אומרויִקערע מינוטן האָבן דערוואַרט קאַספּאַראָוון אויפֿן אַנדערן טאָג נאָך דער פּאַרטיע מיט קאָרטשנאָיען, ווען מע האָט געוואָרפֿן גורל ערעוו די פּרעטענדענט־מאַטשן, און גאַרי האָט זיך דערוווּסט דעם נאָמען פֿון זײַן קאָנקורענט אין פֿערטל־פֿינאַל. דער צווייקאַמף מיט בעליאַווסקין האָט צוגעזאָגט צו פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַן אויסטערלישער שווישפּיל. מע האָט געדאַרפֿט וואַרטן ביז זי וועט זיך פֿאַרענדיקן.

און ווען ס'האָט אָפּגעדונערט אויך די דאָזיקע שלאַכט, האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ מישמאַש מיטן ווײַטערדיקן עטאַפּ, אַז ס'איז מיר אויסגעקומען אָפּצולייגן אין א זײַט מײַנע פֿאַרצייכענונגען. אין דער לופֿט האָט געלויערט די געפֿאַר פֿון אַראָפּרײַסן די האַלב־פֿינאַלן, די שאָך־וועלט האָט געפֿי־

בערט, און די מיט פונעם יאָר 1983 איז דורכגעגאַן אין אַ נערוועזער, ניט-אַרבעטספּעיִקער אומגעבונג.
נאָר אָט זײַנען שוין אוועק אין דער פאַרגאַנגענהײַט אויך די האַלב-פינאַל-מאַטשן — קאַספּאַראָוו מיט
קאָרטשנאָיען און סמיסלאָוו מיט ריבלין, און באַלד נאָך זיי אויך דער פינאַל-געראַנגל קאַספּאַראָוו —
סמיסלאָוו.
גאַרי קאַספּאַראָוו האָט דעראָבערט דעם פּרעטענדענט-טיט נום. 1 און זיך פאַרמאָסטן אַפן
וועלט-טשעמפּיאָן.
קאַספּאַראָווס זיג אינעם פינאַל-מאַטש איז געווען אַן אָנהייב פון אַ נײַער עפּאָכע אין שאַכמאַטן,
וואָס האָט זיך אינטויִטיוו געפילט אויך פריִער, אָבער איצט איז עס ווי געזעצלעך געוואָרן. עס האַנדלט
זיך, פאַרשטייט זיך, וועגן דער עפּאָכע פון אַנאַטאָלי קאַרפּאָוון און גאַרי קאַספּאַראָוון. די דאָזיקע
צוויי גראָסמייסטערס, וועלכע געפינען זיך אין בלי פון שעפערישע (און פיזישע) קויכעס, האָבן זיך
אַף אַזויפיל אָפּגעריסן פון אַנדערע פאַרשטייער פון דער שאַכמאַט-עליטע, אַז עס ווערט קלאָר, אַז אין
די נאָענטסטע יאָרן וועט אויסקומען נאָר זיי באַהאַנדלען די פראַגע וועגן דעם אָרט, ווו עס וועט
אײַנגעהיט ווערן די קרוין — אין מאָסקווע צי אין באַקו. וויִאַזוי זיי וועלן באַשליסן, אַזוי וועט זײַן!
אַלזאָ, דער מאַטעריאַל איז אָנגעשריבן געוואָרן צו דער צײַט, און אָפּגעדרוקט איז ער געוואָרן
אויך צו דער צײַט — אין דרײַ יאָר אַרום! וויִאַזוי איז עס געשען, האָבן מיר שוין דערקלערט אינעם
פאָרוואָרט.
אינעם ערשטן וואַריִאַנט פונעם מאַנוסקריפּט האָט דער אווטאָר אַף דעם אָרט טיפזיניק געטראַכט
וועגן דעם, ווער זשע וועט זיגן אין דעם פאַרשטייענדיקן געראַנגל. פאַרשיידענע האַשאָרעס זײַנען
אַרויסגעזאָגט געוואָרן, אָבער איצט זײַנען זיי אַלע פאַרעלטערט געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין איין
געניטער נאַווי וואָלט ניט געקאָנט פאָרויסזאָגן, וויִאַזוי דער מאַטש וועט זיך פאַרענדיקן. און בעטאָך
האָט ער זיך דאָך ניט פאַרענדיקט. דעם געראַנגל האָט אָפּגעשטעלט, ווי ס'איז שוין געזאָגט געוואָרן,
דער פּרעזידענט פון „פידע”, ניט מעלדנדיק דעם זיגער. דער שטרײַט איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אַף
האַרבסט 1985. מיר וועלן בלויז אָפּהיטן דעם שלוס-טייל פונעם פּראָגנאָז.
ווער זשע וועט פונדעסטוועגן זיגן אינעם האַרבסטיקן געפעכט? פאַר יעדן אויסגאַנג איז אין דער
געשיכטע פאַראַן אַ צוגעגנגלעכער אַנאַלאָג. קימאַט מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק איז דער יונגער
מיכאַיל טאַל האַסטיק בײַגעקומען דעם וועג צו דער הייך אויך פונעם ערשטן פּרווו — אין 1960
האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פונעם טראָן מיכאַיל באָטווינִיקן. פונקט אַזוי ענערגיש איז געגאַנגען צום ציל
אויך באָריס ספּאַסקי, אָבער אין 1966, אינעם ערשטן געראַנגל מיט טיגראַן פּעטראָסיאַנען, האָט ער
געליטן אַ מאַפּאָלע.
און פונדעסטוועגן איז דערווײַל שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, אַז אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו וועט זיך
אַראָפּלאָזן פונעם טראָן און אָפּטרעטן דעם וועג דעם יונגן פּרינץ. דאָ קאָן קיין זאַך ניט העלפן. ער
האָט אונדז אַליין צוגעוווינט צו גלייבן אין זײַן אומבאַזיגבאַרקײַט. אורטיילט אַליין...
דער ניט לאַנג צוריק דערשינענער קאַטאַלאָג-האַנטבוך „שאָך-פילאַטעליִע” עפנט זיך מיט דער
באַשרײַבונג פון די סאַמע ערשטע שאָך-שטעמפּלען. מיר דערוויסן זיך, אַז די ערשטע שאָך-פאַרמעס-
טונג, אַף וועלכער מע האָט געשטעלט אַ ספּעציִעלן שטעמפּל, איז פאָרגעקומען אין אונגאַרן אין 1927.
דאָס צווייטע און דריטע אָרט האָבן געטיילט אינעם טורניר נימצאָוויטש און שטיינער, און געזיגט
האָט, ווי ס'איז צו זען פון דער מיטיילונג אינעם פילאַטעליסטישן קאַטאַלאָג, אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו,
וועלכער איז געבוירן געוואָרן מיט קימאַט אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער! און דער עמעסער זיגער
אינעם טורניר אַלעקסאַנדער אַליאָכין, דער אָפּגאָט פונעם באַקוער גראָסמייסטער, איז געווען „דער
געליטענער צאַד”. און עפּשער באַשטייט די זאַך ניט נאָר אין דעם, וואָס קאַרפּאָוו איז פאַרכאַפּט מיט
מאַרקעס?! יאָ, אַ לעכערלעכער טאָעס, אָבער אויך ביז גאָר אַ סימפּאַטאָמאַטישער...
שמועסנדיק מיט קאַספּאַראָוון, האָב איך אים געשטעלט די ערשטע פראַגע:
— גאַרי, דערציילט, זײַט אַזוי גוט, וועגן דײַנע באַליבטע ביכער.
אין מײַן רעשימע איז די דאָזיקע פראַגע געשטאַנען ערגעץ אין דער מיט. אָבער איך האָב
אַ קוק געטאָן אַף דער ביכער-פּאָליצע, און אָט די פראַגע האָט זיך אַרויסגעריסן בא מיר אַבסאָליוט
ניט-ווילנדיק.
— נו, האָט איר מיר פאַרגעבן אַן אופגאַבע... זעט איר, אָט שטייען 200 בענדער „БВЛ“[1].
מער פון אַ העלפט פון זיי קאָן מען איבערלייענען ביז דער פּענסיע. ניט צופעליק האָבן אַזאַ טרויע-
ריקן אויסזען די סופּער-טאָוולען פון די דאָזיקע ביכער.
— אויב אַזוי, רוף כאָטש אָן דײַנע באַליבטע זשאַנרען.
— דאָס ערשטע אָרט פאַרנעמען, אָן שום סאָפעק, די היסטאָרישע ראָמאַנען — אויב איר ווילט,
קאָן איך איבערעכענען די עפּאָכעס, וועלכע רעגן מיך באַזונדערס. הייסט עס, אַזוי. די היסטאָריקער

[1] „БВЛ“ — ביבליאָטעק פון דער אַלוועלטלעכער ליטעראַטור.

פון רוים. צעזאר. די אוראַלטע געשיכטע. דער מיטלאַלטער. די גרענעץ פון די XIX—XX יאָרהונ־דערטער. די פראַנצויזיש־פּרײַסישע מילכאָמע. די פאַרייניקונג פון דײַטשלאַנד. די ערשטע און צווייטע וועלט־מילכאָמעס. אײַך איז ניט לאַנגווײַליק?

— ניין, פאַרוואָס? עפּשער אָבער איז קעדײַ ברענגען עטלעכע קאָנקרעטע נעמען?

— איך געדענק, ווי דער טאַטע האָט מיר געלייענט אַף א קאָל „מאַגעלאַנס העלדנטאַט". ווען כ'האָב אין א גענוגנדיקער מאָס באַהערשט דעם אַלעפבייס, האָב איך צוויגן איבערגעלייענט אַליין, איינער פון מײַנע ערשטע ביכער איז געווען, ווי מאָדנע עס זאָל ניט זײַן, טאַרלעס „נאַפּאָלעאָן". אַגעוו, אין קעדײַ אויך אים נאָכאַמאָל איבערלייענען. זײַנערצײַט האָט געמאַכט אַף מיר א שטאַרקן אײַנ־דרוק פּיכטוואַנגערס ראָמאַן „דערפאָלג". און ניט מיטן נאָמען, האַגאַם, זעצנדיק זיך צו דער שאָך־ברעט, שטרעב איך שטענדיק צו א דערפאָלג... נאָך אָט דעם ראָמאַן האָב איך פאַרשלונגען אַלע גע־זאַמלטע ווערק פון אָט דעם גרויסן דײַטשישן שריפטשטעלער. צו דער צאָל טײַערע פאַר מיר ביכער וואָלט איך ארײַנגערעכנט אויך „די געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָליוציע" פונעם פּירשט קראָפּאָטקין.

אין אָט דעם אָרט האָט קאַספּאַראָוו זיך אָפּגעשטעלט, און כ'האָב זיך דערמאָנט אין איינעם א צופאַל. אינעם טאָג פונעם גראָסמייסטערס פּוליעריקײַט (בייסן מאָסקווער טורניר פון די „שטערן") האָב איך גאַריץ געשאָנקען בולאַט אָקודזשאַוועס בוך „די רײַזע פון דילעטאַנטן". בייס דער פאָלגנדיקער פּאַרטיע האָט קלאַרע שאַגענאַוונא זיך באַקלאָגט, אַז איר זון האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט מיטן היסטאָרישן ראָמאַן, אַז ס'האָט זיך קוים אײַנגעגעבן צו לייגן אים שלאָפן. די דאָזיקע ידיִע האָט מיך א ביסל דערשראָקן — גאָט באַהיט, אויב קאַספּאַראָוו וועט הײַנט פאַרשפּילן, וועל איך זײַן דערין שולדיק...

— צו מײַנע באַליבטע שרײַבער געהערן אויך דזשעק לאָנדאָן און ערנסט העמינגוויי, — האָט זיך געטיילט מיט זײַנע ליטעראַרישע געשמאַקן גאַרי, — „דער אַלטער און דער יאַם" האָב איך דורכ־געלייענט, ווען איך בין אַלט געווען 13 יאָר. די דערציילונג האָט מיך אַזוי דערשיטערט, אַז איך האָב זי געשלונגען איין מאָל און א צווייט מאָל און בעשום־אויפן ניט געקענט קומען צו־זיך. א מענטש קעמפט מיט דער נאַטור, מיטן אָקעאַן, און מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז עס גייט א טויט־געפעכט בא דער שאָך־ברעט... און בלויז דאַן, ווען אַף מײַן טיש איז געלעגן דער בוך „נאָך וועמען קלינגט דער גלאָק", בין איך פאָטער געוואָרן פון דער אײַנגעגעסענער אידיי.

— אין די גאָר יונגע יאָרן ווערט מען אָפט פאַרכאַפּט מיט פאַנטאַסטיק, דעטעקטיוון, — האָב איך געפּרוווט איבערפירן דעם שמועס אַף א לײַכטערער כוואַליע.

— און איך בין אויך ניט געווען קיין אויסנאַם. אָבער, בין איך זיך מוידע, נאָך דעם 6־טן קלאַס בין איך א ביסל אָפּגעקילט געוואָרן צו פאַנטאַסטישע ראָמאַנען. דעטעקטיוון האָבן מיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט. איך ווייס ניט פאַרוואָס. עפּשער דערפאַר, וואָס דעטעקטיווע סוזשעטן האָט מיר ניט אויסגעפעלט בא דער שאָך־ברעט...

איצטער פרעג איך בא קאַספּאַראָוון:

— ניט איין מאָל איז אויסגעקומען צו הערן, אַז דאָס עמעסע פערדל פונעם יונגן באַקוער גראָס־מייסטער איז פּאָעזיע. צי וואָלסטו ניט צום סאָף פון אונדזער ליטעראַרישער דיסקוסיע זיך געטיילט מיט דײַנע פּאָעטישע לײַדנשאַפטן?

— בעסער וועל איך דורכלייענען מײַנע באַליבטע לידער. „א דיכטער אין רוסלאַנד איז מער ווי א דיכטער. דאָ איז באַשערט צו געבוירן ווערן פּאָעטן בלויז יענע, אין וועמען עס יוירט דער שטאָלצער גײַסט פון בירגערשאַפט, ווען ער האָט ניט קיין געמיט, קיין רו...". איך האָף, אַז איר האָט זיך אָנגעשטויסן, פונוואַנען זײַנען די דאָזיקע ווערטער — דאָס איז פונעם פּראָלאָג צו יעווגעני יעווטו־שענקאָס פּאָעמע „די בראַטסקער העס". ווען אײַער רעשימע פון פראַגן וואָלט געווען קירצער, וואָלט איך זי אײַך איבערגעלייענט אַף אויסווייניק ביזן סאַמע סאָף. שטאַרק האָט זיך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן אויך אַן אַנדער פּאָעמע יעווטושענקאָס — „קאַזאַנער אוניווערסיטעט". וועגן זײַנע לירישע לידער רייד איך שוין ניט.

— און די רוסישע קלאַסיק?

— שרײַבט אָן אַזוי: „אין דער טיפער קינדהײַט איז זײַן באַליבטער העלד געווען לערמאָנטאָוווס „דעמאָן". נו, און פון די הײַנטצײַטיקע פּאָעטן, ווי איר האָט געקאָנט באַמערקן, איז מיר נעענטער פון אַלע יעווטושענקאָ.

אומגעפער אין א יאָר ארום נאָך אונדזער שמועס איז גאַרי ארויסגעטראָטן אינעם צענטראַלן ליטעראַטן־הויז. געפירט האָט דעם אָוונט, נאַטירלעך, אַרקאַדי אַרקאַנאָוו. ווען ס'איז געקומען די ריי צו שטעלן פראַגן, איז איינער א שריפטשטעלער (זײַן נאָמען וועל איך האַלטן בעסאָד) געווען אַנטוישט

פונעם ליטעראַרישן געשמאַק פון דעם יונגן גראָסמײַסטער און האָט אויף אַ קאַל זיך געכידעשט מיט זײַן אויסוואַל. גאַריס רעאַקציע איז געווען אַן אויגנבליקלעכע:

— אַנטשולדיקט, כ׳האָב ניט געוווּסט, אַז אין שרײַבער־פאַרבאַנד זײַנען אויך אײַנגעפּירט רייטינגען! הייסט עס, אַז דעם טאַלאַנט פון אַ פּאָעט קאָן מען איצט פעסטשטעלן לויט אַ טאַבעלע?! צי וועט איר ניט אונטערזאָגן, וואָס זשע פאַר אַ רייטינג איז בײַ יעווגעני יעווטושענקאָן? עפשער האָט ער אים פאַרקלענערט נאָך זײַן אַרדנטלעכן טורניר, אַנטשולדיקט, נאָך דער נײַער אויסגאַבע פון זײַנע לידער?!

דער זאַל האָט פריילעך געלאַכט...

אַלס דערגאַנצונג איז דאָ קעדײַ צו ברענגען קאַספּאַראָווס ענטפערס, שוין ווי אַ וועלט־טשעמפּיאָן, אויף די פראַגעס, וועלכע טראָגן אַ ליטעראַרישן כאַראַקטער... די ערשטע פראַגע האָט מען אים געשטעלט נאָך זײַן זיג אינעם מאַטש הארבסטצײַט 1985.

— צי האָבן געהאָלפן ביכער אין אײַער אַפּרו בײַס דעם גערשטנגל?

— פאַר די 70 טעג פונעם מאַטש האָב איך, דעם עמעס געזאָגט, איבערגעלייענט בלויז איין בוך, דערפאַר אָבער פון 700 זײַטן! דאָס איז יאָהאַן גאָטפריד גערדערס „אידייען צו דער פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט".

נאָך איין פראַגע האָט מען פאַרגעבן דעם וועלט־טשעמפּיאָן נאָכן זיג אינעם אַרדנטלעכן גערשטנגל, אינעם מאַטש־רעוואַנש פון 1986:

— זומער האָט איר אויף „אויסגעצייכנט" פאַרענדיקט דעם אַזערבײַדזשאַנער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט פון אויסלענדישע שפּראַכן. און ווײַטער? מיט וואָס קלײַבט איר זיך צו באַשעפטיקן, אויסער שאַכמאַטן?

— שוין פון לאַנג פיל איך אין זיך אַ געוויסן הומאַניטאַרן אַפּעטיט און איצט — אַ באַזונדערע צוציִונג־קראַפט צו פילאָסאָפיע און געשיכטע. כ׳וואָלט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט די דאָזיקע וויסנשאַפטן ערנסט. אַגעוו, אויפן לענינגראַדער עטאַפּ פונעם מאַטש־רעוואַנש האָב איך געלייענט דעם „היסטאָרישן וועלט־אַטלאַס" און „די געשיכטע פון עגיפּטישע פּיראַמידעס" (אויף ענגליש). מיך אינטערעסירן די מעטאָדן פון דער ווירקונג פון ספּאָרט, באַזונדערס פון שאַכמאַטן, אויף מענטשן. ס׳וואָלט זיך געוואָלט באַזייַיקן דעם פּראָצעס פון דענקען: וויִאַזוי האָט ער זיך פאָרמירט, וויִאַזוי האָט ער זיך געביטן און וויִאַזוי גייט ער דורך הײַנט...

ביז איצט איז געגאַנגען אַ רייד וועגן קינסטלערישער ליטעראַטור. כ׳האָב אָבער געפרעגט בײַ גאַרין אויך וועגן זײַן באַציִונג צו דער שאַכמאַט־ליטעראַטור.

— צום אַלעם ערשטן אינטערעסיר איך זיך מיט טורניר־זאַמלביכער און מיט אַנדערע אויסגאַבעס, וועלכע זײַנען פּעיִק פאַרברייטערן מײַן שאַך־האָריזאָנט, העלפן דער פאַרפולקומונג. איך קאָן פעסט זאָגן, אַז אַליאָכינס ביכער האָב איך איבערגעלייענט אָן אַ שיר מאָל. אפשר, אַז דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק האָט אויף מיר געמאַכט דער זאַמלבוך פון די פּאַרטיעס פון זײַן ערשטן מאַטש אויפן וועלט־טשעמפּיאָנאַט מיט יע. באָגאָליובאָוון.

— שאַך־ביכער זאַמלסטו?

— קוידעםקאָל סטאַרע איך זיך פּאָטער ווערן פון איבעריקס. צו זאַמלונגען באַצי איך זיך ביכלאַל גלײַכגילטיק. אָט האָב איך געבראַכט פון דאָרטמונד אַן אָפּישע פונעם טורניר, זעט, ווי באַפּוצט זײַנען אויף איר די פיגורן — ניט קיין פערדלעך, נאָר עמעסע פערד. עפשע איז עס דער ערשטער עקספּאָנאַט פון מײַן קינפטיקר קאָלעקציע פון אָפּישעס? פונדעסטוועגן האַלט איך, אַז אינטערעסאַנטער איז קאָלעקציאָנירן ניט קיין אָפּישעס פון טורנירן, נאָר ניצכוינעס אין זיי (ביפראַט נאָך, אַז זיי דרוקן זיך!).

הײַנט, ווען עס ווערן געשריבן די דאָזיקע שורעס, קאָן מען קאָנסטאַטירן, אַז אָט די אָריגינעלע קאָלעקציע קאַספּאַראָווס וואַקסט גאַנץ שנעל, און קימאַט יעדער טורניר מיט זײַן אָנטייל ברענגט אַרײַן אין איר אַ נײַעם עקספּאָנאַט...

געפינענדיק זיך לויט מײַן איקערדיקער מאַטעמאַטישער פּראָפעסיע אַ ביסל אין אַ זײַט פון די שטורמישע שאַכמאַט־געשעענישן, דראַמען און לײַדנשאַפטן, שפּיר איך, וויִאַזוי עס שאַפן זיך צומאָל אָנגעשטרענגט די צווישנבאַציִונגען פון מענטשן אין אָט דער „פּרעכטיקער און אימפּעטדיקער" וועלט. ווי מע זאָגט, פון דער זײַט זעט זיך בעסער. און די ווערטער, וועלכע זײַנען אָנגעצייבנט אויפן דעוויז פון „פידע" — "Gens una sumus" — וואָס אין דער איבערזעצונג פון לאַטײַן באַטײַט „מיר אַלע זײַנען איין מישפּאָכע", ווערן, ווי מיר דוכט, אָפּגעהיט ניט שטענדיק. יאָ, מאַטעמאַטיק האָט אַ געוויסן פּאָרצוג איבער שאַכמאַטן — דערווײַזנדיק אַ מאַטעמאַטישע טעאָרעמע, קאָן מען לײַכט זיך באַגיין אָן שטרײַטן און אָן אויסקלאָרן די באַציִונגען מיט די קאָלעגן פון דער לאַבאָראַטאָריע... האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז אויך שריפטשטעלער האָבן דעם זעלבן פּאָרצוג איבער די שאַכמאַטיסטן, און האָב געשטעלט מײַן פראַגע:

— גאַרי, פאַרוואָס, לאָמיר זאָגן, קאָנען שריפטשטעלער זיך כאַווערן, ענג קאָנטאַקטירן צווישן זיך, אַפילע איבערלעבן איינער פאַרן אַנדערן, און בא די גראָסמייסטערס זייַנען כאַווערישע וויזיטן גיכער אַן אויסנאַם, איידער א קלאַל?

— אויב איר וועט אָנשרייַבן א גוטע דערציילונג אָדער אַן עסיי, וועלן אַלע נאָרמאַלע מענטשן זייַן נאָר צופרידן. אָבער ס'א סאָפעק, צי א געלונגענער גאַנג פונעם שאַכמאַטיסט, באַזונדערס זייַן מאַט־אַטאַקע, וועט פאַרשאַפן גרויס פאַרגעניגן דעם פאַרטנייאָר. דאָ טאַקע זוכט דעם וואָרצל פונעם „בייז". א שאָד, וואָס די קאָנקורענץ בא דער שאָך־ברעט רופט זיך צומאָל אָפ אויך אויף די מענטשלעכע באַציִונגען. דאָ קאָן מען גאָרנישט ניט טאָן: גראָסמייסטערס זייַנען צווישן זיך נאָך קאָנקורענטן. און אָפטמאָל וועגט איבער אָט דער קאָמפּאָנענט. קאַמף באַטייַט קאַמף, און וואָסער־ניט־איז רייַבונגען זייַנען אומפאַרמייַדלעך. ביפראַט נאָך, אויב עס האַנדלט זיך וועגן אָנגעזעענע שאַכמאַטיסטן. זיי האָבן זיך קאָנצענטרירט אויף אַזא שמאָלן שטעך, אַז זייערע אינטערעסן שטויסן זיך ווילנדיק, ניט־ווילנדיק צונויף. פונדעסטוועגן האַלט איך, אַז דאָס איז א גוזמע. אָט האָט איר א פרישן בייַשפּיל. נעכטן איז יוסופּאָוו געווען בא מיר צוגאַסט, און מיר האָבן פריילעך פאַרבראַכט די צייַט, אָבער מאָרגן וועל איך מיט אַרטורן זיך זעצן איינער קעגן אַנדערן און אונדז וועט זייַן ניט גאָר פריילעך (גאַרי איז, אויב דער לייענער געדענקט, ווי געווען דערבייַ. אויפן אַנדערן טאָג, אָנהייבנדיק די שפּיל, האָבן די גראָסמייסטערס פאַרטריבן איינער דעם אַנדערן אין צייטנאָט, און זיי איז טאַקע אינדערעמעסן געווען ניט צום געלעכטער). וואָס שייַעך מיך, בין איך ניט קעגן צו כאַווערן זיך מיט אַלע שאַכמאַטיסטן, און די קאָנקורענץ בא דער שאָך־ברעט קלייַב איך זיך ניט אַריבערטראָגן אין אַנדערע ספערן.

א קליינע אָפּווייַכונג. איינמאָל אין א שמועס מיט לעאָניד זאָרינען האָבן מיר באַרירט די זעלבע טעמע.

— צי איז דאָס אַן ערנסטע פּראָבלעם? — האָב איך געפרעגט.

— מער ווי אַן ערנסטע, — האָט געענטפערט דער שרייַבער. — פאַר מייַנע אויגן ווערט, אין פולן זין פון וואָרט, פאַרקריפּלט דאָס געשטאַלט פונעם שאַכמאַטיסט. יעדע דערשייַנונג איז דיִאַלעקטיש. און די פּראָפעסיִאָנאַליזאַציע פון שאַכמאַטן, וואָס איז נייטיק און אומפאַרמייַדלעך, טראָגט מיט זיך, באַגלייַך מיט א סאַך פּאָזיטיווע אַספּעקטן, אויך געפאַרן. ריידן וועגן זיי דאַרף מען כאָטשבי צוליב דעם, קעדיי צו קעמפן מיט זיי. עס העכערן זיך די סטאַווקעס אינעם קאַמף פאַרן ערשטן אָרט, עס וואַקסט די באַדייַטונג פונעם ספּאָרטיוון רעזולטאַט און עס ווערן האַרבער די כאַראַקטערן. נעכטיקע פרייַנט ווערן קאָנקורענטן ניט נאָר בא דער שאָך־ברעט. אַלץ מער ווערט פאַרשפּרייט די טעאָריע, לויט וועלכער מע דאַרף פילן פּערזענלעכע אומפרייַנטשאַפט צום פאַרטנייאָר, קעדיי זיך דערשלאָגן א דערפאָלג אינעם געראַנגל.

— אין איינעם קאַספּאַראָווס אַן אינטערוויו, — האָט באַמערקט זאָרין, — האָט גאַרי אויף דער פראַגע, וויִאַזוי באַציט ער זיך צו זייַנע קעגנער, מיט פאַרוווּנדערונג געענטפערט: „זייער גוט, ווי זשע אַנדערש? מיר שפּילן א פּאַרטיע, און נאָך דער פּאַרטיע זייַנען מיר ווידער פרייַנט".

— יאָ, ס'איז פאַראַן א מייַנונג, אַז די אומפרייַנטשאַפט צום פאַרטנייאָר העלפט בייַקומען אים, — האָט געזאָגט קאַספּאַראָוו. — איך מיין, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פונעם מענטש אַליין. איך פּערזענלעך בין ניט קיין אָנהענגער פון אַזא טעאָריע. אויב דער פאַרטנייאָר האָט מיר קיין שלעכטס ניט געטאָן (דעם מאַט, וועלכן ער האָט זיך געקליבן צו מעלדן מייַן קיניג, רעכן איך ניט), איז צוליב וואָס אַרויסווייַזן נעגאַטיווע עמאָציעס? — גאַריס פּנים האָט אויסגעדריקט אופריכטיקע פאַרוווּנדערונג.

און פונדעסטוועגן זייַנען געשפּאַנטקייַט, שטרויכלונגען, וועלכע אַנטשטייען אין די באַציִונגען צווישן גרעסטע שאָך־שפּילער, אין א וואָסער־ניט־איז מאָס אומפאַרמייַדלעך, — האָב איך א טראַכט געטאָן, און אין מייַן באַוווּסטזייַן האָבן ווי דורכגעוווימלט „סצענעס פונעם גראָסמייסטערישן לעבן".

...מיכאַיל טאַל האָט נאָך זייַן אָרדנטלעכן זיג אינעם בליץ־טורניר אויפן פּריז פון „וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ" אין מאָסקווער פּאַרק „סאָקאָלניקי" באַקומען פון מיכאַיל באָטווינניקן אַן איינלאַדונג צו באַזוכן אים. דער גאַסט פון ריגע האָט מיטגענומען מיט זיך דעם טראָפּיי, וועלכן ער האָט באַקומען פאַר דער שנעלער שפּיל.

א קלונג אין דער טיר.

— אויף א גלעזל טיי מיט אַן אייגענעם סאַמאָוואַר, — באַגריסט טאַל דעם שאָך־פּאַטריאַרך. לויט אַלעמען איז צו זען, אַז מיכאַיל דער ייִנגערער איז הייַנט אין אַן אופגעלייגטער שטימונג.

— מיכאַיל נעכעמיעוויטש, באַהאַלט אייַער סאַמאָוואַר. איר האַלט טאַקע בעעמעס, אַז איך פאַרמאָג ניט קיין טשייַניק?

— ניין, נעמט, זייַט אַזוי גוט, די מאַטאָנע, איך האָב זי געבראַכט פון „סאָקאָלניקי". און ביכלאַל האָב איך אינדערהיים א היפּשע קאָלעקציע סאַמאָווערן, איִנגיכן וועל איך עפענען א טשייַכאַנאַ...

— צי איז עס ניט קיין אַנדײַט אױף מײַן טערמאַס, װעלכן כ'האָב בעקיװן איבערגעלאָזט אינדער־היים בײס כ'האָב דערשפּילט די צװאַנציקסטע פּאַרטיע פון אונדזער מאַטש־רעװאַנש, אָפּשװאַכנדיק א ביסל אײַער װאַכזאַמקײַט?

— װאָס רעדט איר, מיכאַיל מאָיסײעװיטש? זינט דעמלט איז קימאַט א פערטל יאָרהונדערט פאַרבײַ. װי עס רעדט זיך: „װער ס'דערמאָנט דאָס אַלטע, דער זאָל בלײַבן אָן אן אויג!" איבערײדן ערנסט, האָב איך אָן אײַער גאַנג ניט געזען קיין געװינס אין יענעם שלימאַזלדיקן ענדשפּיל.

— אנטשולדיקט מיך, דעם אַלטן, אָבער זײַט זיך מוידע, איר האָט אויך ניט זײַער העפלעך זיך באַגאַנגען מיט מיר א יאָר פאַר דעם, װי איר האָט אָפּגענומען בײַ מיר די קרוין, צו װעלכער איך בין אַזוי צוגעװוינט געװען. אַגעװ, װוּ איז מײַן נאָטיץ־ביכל? מע דאַרף אויך סמיסלאָװן א רוף טאָן. מירן זיך זעצן בײַ דער שאַך־ברעט — פאַנאַנדערשפּילן אײַער סאַמאָװאַרטשיק. איבטרינקען א גלעזל טײ, דאַרפן אַלע „עקסן" צוזאַמען. עמעס, כ'האָב מוירע, צי האָט ער ניט פאַריסן די נאָז נאָך אַט דעם ציקל!

— און פאַרװאָס בלויז גאַלע געװעזענע טשעמפּיאָנען? לאָמיר אויך קאַרפּאָװן אײַנלאַדן, זאָל ער אונדז געבן א קלײנעם סעאַנס...

— אויב אַזוי, װעל איך אַרויסרופן פון באַקו מײַן אַפּעקירטן, און דעמלט װעלן מיר זען, װער װעמען!

— גאַטעניו! װידער קריגן מיר זיך צוליב די דאָזיקע הילצערנע קלעצלעך, װי קיין זאַך אין דער װעלט איז ניט פאַראַן.

דער מאַטש־טורניר האָט זיך פאַרענדיקט, צו אַלעמענס פאַרגעניגן, מיטן זיג פונעם באַלעבאָס פון הויז — ער האָט פאַרגעלײגט די געסט אַזא פײַנעם קיבעד, אז אַלע האָבן סאַפּקאַלסאָף דורכגעלאָזט די צײַט...

נאָך א שפּיל פון דער פאַנטאַזיע, אײן קאָדער װערט פאַרביטן מיט אן אַנדערן, און אױפן „עקראַן" באַװײַזט זיך א נײַע פּאָר גראָסמײַסטערס — דער װײַטערדיקער דאָר.

...א צװישנפעלקערלעכער טורניר אין דער הױפּט־שטאָט פון עקװאַדאָר. דרײַ טורן פאַרן פּיניש יאָגט איבער קאַרפּאָװ קאַספּאַראָװן אױף א האַלב אײגל. ביזװאַנען זײַערע פּאַרטניאָרן באַטראַכטן דעם אָרדנטלעכן גאַנג, שפּאַצירן די ליבלינגען פון דעם אױלעם איבער דער בינע.

— נו, גאַרי, װי גײט עס? — פרעגט זײַן יונגן פרײַנט דער װעלט־טשעמפּיאָן, װען זײַערע מאַרשרוטן קרײַצן זיך איבער.

— נאָרמאַל, אַנאַטאָלי יעװגעניעװיטש, — רופט זיך מיט כײשעק אָפּ קאַספּאַראָװ, — אָט האָב איך געבראַכט דאָס פערדל פאַר א קאָרבן, דאַכט זיך, אז איך שטעל א מאַט.

— צי קענט איר ניט אַרײַנקומען צו מיר הײַנט נאָך דער פּאַרטיע, איך װעל אײַך װײַזן נײַע מאַרקעס, װעלכע כ'האָב געקראָגן דאָ צופעליק. פאַרײנס װעט איר מיר א ליײען טאָן אײַער יעװטו־שענקאָן.

— א דאַנק פאַר דער אײַנלאַדונג, כ'װעל אומבאַדינגט קומען. אָבער איך האָב ערשט ניט לאַנג אַנטדעקט פאַר זיך אַפּסנײַ מאַרינא צװעטאַיעװען, דאָס מאָל װעל איך אײַך דערפרײען מיט איר פרײַקער שאַפונג.

— קומט אַרײַן גלײַך נאָך אונטבריוט, קעדײ מיר זאָלן באַװײַזן זיך טײשן מיט די דעביוט־גע־פינסן. װײַזט אויס, אז טאַראַשס שוין איז לאַכלוטן ניט אַזוי געפערלאַז, װי איר זײַט איבערצײַגט. — און די פרײַנט־קאָנקורענטן גײען זיך פאַנאַנדער צו זײַערע טישלעך.

פערעכטיקע כאַלױמעס! פונדעסטװעגן װעלן מיר גלײבן — גאָר איגיכן װעלן זײ װערן װאָר.

דער אָנהײב פונעם ערשטן מאַטש איז דורכגעגאַנגען אין א פרײַנטלעכער אַטמאָספער — נאָך דעם סאָף פון יעדער פּאַרטיע האָבן די פּאַרטניאָרן פאַרהאַלטן אױף דער בינע, קעדײ לױט די הײסע שפּורן באַהאַנדלען דעם גאַנג פון דער שפּיל. נאָכדעם האָט, צום באַדױערן, די טראַדיציאָנעלע פאָרם פון די קאָנטאַקטן צװישן די שאַכמאַטיסטן זיך איבערגעריסן: די אומגעבונג האָט זיך אָנגעגליט מאַקסימאַל. דאָס, װאָס דער מאַטש איז פּלוצעם אָפּגעשטעלט געװאָרן, האָט אַרײַנ־געטראָגן אין די באַציִונגען פון די גראָסמײַסטערס נאָך א גרעסערע שפּאַנונג. עס זײַנען אַרויסגעזאָגט געװאָרן קעגנזײַטיקע פאַרװורפן. ס'האָט אַרױסגערופן באַדױערונג, װאָס די קאָנקורענץ בײַ דער שאַך־ברעט צװישן בײדע לידערס אונדזערע איז אַרויס אויסער די ראַמען פון דער שאַך־ברעט. איצט אָבער װערן, זעט אויס, די באַציִונגען „נאָרמאַליזירט". אַזוי, לעמאָשל, זײַנען די גראָסמײַסטערס אױף דער אָלימפּיאַדע אין דובאַי געװען קימאַט אומצעשײדלעך, זײ האָבן אַפילע צוזאַמען געקויפט קינדער־שפּילכלעך פאַר מאַטאָנעס. אָפּט האָבן זײ אויך געשמועסט בײַס זײַער לעצטער געמײַנזאַמער אַרויס־טרעטונג אין בריסל, קאַסײדער באַהאַנדלט, װאָס עס געשעט אױף דער שאַך־ברעט אין די פּאַרטיעס פון זײַערע קאָנקורענטן. מילאָנען טעלע־צושױער האָבן צוגעזען דאָס דאָזיקע אָנגענעמע בילד אין אײנער פון די טראַנסלירונגען אין דער פּראָגראַם „װרעמיא".

...ערעוו אונדזער באַגעגעניש מיט קאַספּאַראָוון, אײנעם טאָג, ווען ס'האָט זיך געדאַרפט עפענען די קיבערנעטישע קאָנפערענץ, איז מיט א פאָרטראַג אַרויסגעטראָטן דער אַקאַדעמיקער קאַנטאָראָוויטש. ער האָט גערעדט וועגן די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער וויסנשאַפט, אָבער אין זײַן רעדע האָט מען געקאָנט הערן ניט בלויז מאַטעמאַטישע פּאָסטולאַטן, נאָר אויך געדאַנקען, וועלכע זײַנען פאַרשטענדלעך פאַר מענטשן פון פאַרשידענע פּראָפעסיעס. ער האָט אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער אינטערנאַציאָנאַלקײַט פון דער וויסנשאַפט, באַטאָנט, אַז מאַטעמאַטיק און קיבערנעטיק זײַנען באַרופן צו פאַרייניקן מענטשן, און די דאָזיקע ראָליע זייערע איז ניט ווייניקער וויכטיק, ווי דערווײַזן טעאָרעמעס.

הערנדיק אויפמערקזאַם דעם נאָבעל־לאַורעאַט, בין איך ווידער אַרײַנגעפאַלן אין געפענקעניש פון די אייגענע אַסאָציאַציעס. איך האַלט, אַז ניט בלויז מאַטעמאַטיק, נאָר אויך שאַכמאַטן — און נאָך א גרעסערער מאָס! — זײַנען באַרופן צו פאַרייניקן, און ניט אָפּזונדערן מענטשן.

...אָבער ס'איז צײַט צו בײַטן די טעמע. עס געדענקט זיך, אַז אין איין אַרטיקל וועגן קאַספּאַראָוון ווערט דערציילט, ווי גאַריק האָט (אין יענער צײַט איז ער אַלט געווען פינף יאָר) איבעראַשט עטלעכע מאַנצבלען, וועלכע האָבן ביז הײַזעריק צו ווערן געשטרײַט וועגן דעם, וווּ עס געפינען זיך אורוגווײַ און פּאַראַגווײַ. זיי האָבן בעשום־אויפן ניט געקאָנט קומען צו אַן אַלצײַנער מיינונג בנוגע די הויפּט־שטעט פון די דאָזיקע לענדער. צופעליק איז לעבן זיי געשטאַנען א ייִנגעלע, וואָס האָט גראַטעוועט די לאַגע, דערקלערנדיק, אַז די דאָזיקע מעלוכעס געפינען זיך אין דאָרעם־אַמעריקע, די הויפּט־שטאָט פון אורוגווײַ איז מאָנטעווידעאָ, און די הויפּט־שטאָט פון פּאַראַגווײַ איז אַסונסיאָן.

דער גלאָבוס, וועלכן דער פאָטער האָט געשענקט גאַריקן אין זײַן געבורטסטאָג, און די גרויסע וועלט־מאַפּע האָבן אים פאַרכאַפּט נאָך ביז דער באַקאַנטשאַפט מיט שאַכמאַטן. דער קאָפּ איז געווען פרײַ פון דער אַלט־אינדישער שוך און פונעם שוועדינגער וואַריאַנט, און ער האָט לײַכט פאַרגעדענקט אַלע הויפּט־שטעט און גרויסע שטעט פון דער וועלט (שפּעטער וועט גאַרי זיך באַקאַנען מיט א סאַך פון זיי ניט נאָר לויט דער מאַפּע...).

דער לערער פון געאָגראַפיע איז געווען פעסט איבערצײַגט, אַז קאַספּאַראָווס באַרוף איז אָט דער קעגנשטאַנד. מיט אים האָבן שאַרף קאָנקורירט די לערער פון געשיכטע און ליטעראַטור. אויך די לערער פון מאַטעמאַטיק און פיזיק האָבן געהאַלטן גאַריקן פאַר „זייערן". די גאָלדענע מעדאַל, מיט וועלכער דער גראָסמייסטער האָט פאַרענדיקט די שול, האָט געלאָזט אָפן די פראַגע, ווער פון די לערער איז גערעכט. „פינפן" האָט ער געהאַט לויט אַלע קעגנשטאַנדן.

כ'וועל ניט אויסבאַהאַלטן, אַז מיר פּערזענלעך איז געווען אָנגענעם צו לייענען אין איינעם א זשורנאַל קאַספּאַראָווס אַזעלכע ווערטער: „אויב ניט קיין שאַכמאַטן, וואָלט איך זיך פאַרנומען מיט מאַטעמאַטיק. בלויז צוויי וואַריאַנטן. קיין דריטן קאָן איך זיך ניט פאָרשטעלן".

אין אונדזער שמועס איז גאַרי זיך מודיע געווען, אַז אַמאָל איז ער פאַרכאַפּט געווען מיט בול־אַלגעברע, אָבער איצט דאָמינירן די שאַכמאַטן אויף אַזויפיל, אַז אַלע אַנדערע באַשעפטיקונגען זײַנען ווײַט אוועק אין א זײַט. און פונדעסטוועגן האָב איך באַשלאָסן דורכקאָנטראָלירן די מאַטעמאַטישע פעיִקײַטן פונעם מיטשמועסער.

— אַלזאָ, גאַרי, — האָב איך געזאָגט מיט א מין דאָקטאָראַלן טאָן, — שטעל זיך פאָר, אַז פון א ברעט זײַנען אויסגעשניטן צוויי קרייצאַרטיק ליגנדיקע ווינקל־פעלדער. איצט ענטפער, צי קאָן מען דעם פאַרבליבענעם טייל פון דער ברעט פאַרדעקן מיטביינדלעך פון דאָמינאָ מיט א פאַר־נעם פון צוויי פעלדער אויף איינעם.

קאַספּאַראָוו האָט געטראַכט א קנאַפּע מינוט.

— מע קאָן ניט, — האָט ער זיכער געזאָגט.

ווי בא דער שאַך־ברעט, האָט אים זײַן אינטויִציע ניט אונטערגעפירט. נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן אויף אַן אַלגעבראַאישן אופן דערווײַזן זײַן באַהויפּטונג, אָבער ער האָט זיך אָנגעשטויסן אין געוויסע שוועריקײַטן.

— ווײסט לאַכן, אָבער די דאָזיקע פאַרצײַטיקע אויפגאַבע פאַרמאָגט א ריין שאַכמאַט־לייזונג, — האָב איך פאַרוווּנדערט דעם גראָסמייסטער.

— איר האַרגעט מיך...

— די אויסגעשניטענע ווינקלען זײַנען פון איין קאָליר, — האָב איך דערקלערט. — הייסט עס, אַז די אויסגעשניטענע ברעט אַנטהאַלט א פאַרשיידענע צאָל ווײַסע און שוואַרצע קעסטעלעך. העיווס יעדעס ביינדל פונעם דאָמינאָ פאַרדעקט איין ווײַס און איין שוואַרץ פעלד, איז די אויפגאַבע לייזן אומעגלעך!

— דאָס קאָן מען האַלטן פאַר א שטרענגן דערווײַז?

— פאַרשטייט זיך.

— שיין, ניטאָ וואָס צו זאָגן.

די גאָלדענע מעדאַל האָט געגעבן קאַספּאַראָוון דאָס רעכט סאַכאַקל אַף איין עקזאַמען בײַסן אַרײַנטרעטן אין א הויכשול. א „פּינף" — און ער איז געוואָרן א סטודענט פֿונעם אינסטיטוט פֿון אויסלענדישע שפּראַכן.

— פֿאַרענדיקנדיק די שול, האָב איך ניט גלײַך פֿעסטגעשטעלט דאָס אָרט פֿון מײַן ווײַטערדיקער לער. — האָט אנערקענט קאַספּאַראָוו. — עס זײַנען געווען אײניקע קווענקלענישן אינעם אויסוואַל פֿון א ספּעציאַליטעט. אַמאָל האָב איך געטרוימט זיך ווידמען דער וויסנשאַפֿטלעכער טעטיקײַט, אָבער איך האָב צו דער צײַט פֿאַרשטאַנען, אַז פֿאַרנעמען זיך סײַ מיט וויסנשאַפֿט און סײַ מיט שאַכמאַטן איז אוממעגלעך. ס'איז א סאָפֿעק, צי באָטוויניקס בײַשפּיל איז נוצלעך פֿאַר אונדזער צײַט. די גראָסמײַסטערס קומט איצט אויס איבערצוקאָכן א קאָלאָסאַלע אינפֿאָרמאַציע. די צאָל טורנירן איז מערקבאַר געשטיגן, פּונקט ווי די צאָל דעביוט־ענציקלאָפּעדיעס, זאַמלביכער פֿון פּאַרטיעס, מאָנאָגראַפֿיעס, און אין א געוויסער מאָס איז נויטווענדיק אָט דעם גאַנצן שטראָם באַהערשן, קעדײַ ניט אָפּשטיין פֿון די קאָנקורענטן. ווען באָטוויניק האָט געקעמפֿט פֿאַר דער קרוין, האָט ער געדאַרפֿט צײַט אַף צו שטודירן דעם „שאַכמאַט־אינפֿאָרמאַטאָר". דאָס איז א פֿונדאַמענטאַלע אויסגאַבע, וועלכע מע האָט אין יענער צײַט געקאָנט טרעפֿן עפּשער אין א פֿאַנטאַסטישן ראָמאַן, און איצט שלאָגט ער אונדז פֿאָר צוויי מאָל אין יאָר צו 600—700 וויכטיקסטע פּאַרטיעס. און אויב איר שטודירט ערנסט די דאָזיקע פּאַרטיעס, און דאָס איז לאַכלוטן ניט שעדלעך, איז בעסער אַרויסוואַרפֿן פֿונעם קאָפּ אַלע טרוימען וועגן א דיסערטאַציע.

פֿאַרנעמענדיק צום ערשטן מאָל דעם טראָן אין 1948, האָט באָטוויניק נאָכדעם בעמעשעך פֿון דרײַ יאָר, ביזן מאַטש מיט בראָנשטײַנען, ניט אָנטיילגענומען אין פֿאַרמעסטונגען, זיך באַשעפֿטיקט מיט זײַן דאָקטאָר־דיסערטאַציע. איך קאָן זיך ניט פֿאָרשטעלן, וויאַזוי קאָן מען דרײַ יאָר זיך ניט זעצן צו דער שאָך־ברעט! פֿאַרשטייט זיך, אַז באָטוויניק בלײַבט באָטוויניק, אָבער הײַנט וואָלט עס זיך ניט אײַנגעגעבן אַפֿילע אים! אַגעוו, אויך אין יענעם דראַמאַטישן מאַטש מיט בראָנשטײַנען האָט די פּיליאַריקע פּאַוזע ניט איין מאָל געגעבן צו וויסן וועגן זיך.

אויסהערנדיק די דאָזיקע ווערטער קאַספּאַראָווס, בין איך מאַסקים געווען, אַז אין אונדזערע טעג איז דער אויסוואַל צווישן א דיסערטאַציע און דער קרוין אַן אוממפֿאַרמײַדלעכער. ס'איז א פּאַראַדאָקס, אָבער אַזאַ איז די רעאַליטעט.

— און דאָס קענען ענגליש, — האָט פֿאַרענדיקט גאַרי זײַן געדאַנק, — קומט מיר צוניץ אינעם שאַכמאַט־לעבן — סײַ אין די קאָנטאַקטן מיט די גראָסמײַסטערס פֿון פֿאַרשיידענע לענדער, סײַ אויך ווען איך לייען אויסלענדישע שאַכמאַט־ליטעראַטור, ווי אויך קינסטלערישע.

דאָס פֿאַרייניקן די שאַכמאַט־פּראָפֿעסיע מיט אַן אַנדער ערנסטער זאַך איז א טעמע פֿאַר א באַזונדערן געשפּרעך. וויפֿל פֿאַלן ווייס איך, ווען די יוגנטלעכע לײַדנשאַפֿט, די צוגעבונדנקײַט צו שאַכמאַטן זײַנען געווען אַף אַזויפֿיל שטאַרק, אַז דער מענטש מיט א געגנוג פּרעסטיזשנער פּראָפֿעסיע פֿאַרלאָזט זי פֿונדעסטוועגן צוליב דער באַליבטער שפּיל — ווערט א פֿונקציאָנירנדיקער גראָסמײַסטער, און עפּשער א שאַכמאַט־זשורנאַליסט, טרענירער אָדער אָרגאַניזאַטאָר. אויב אָבער אַפֿילע דער בײַט פֿון די פּראָפֿעסיעס קומט ניט פֿאָר און דער ספּעציאַליסט פֿאַרנעמט א ווירדיק אָרט אין זײַן געביט, בײַט ער אויך אין דעם פֿאַל זעלטן די היסלײַוועס פֿון דער יוגנט.

מיר האָבן שוין געשמועסט וועגן די פּראָבלעמען פֿון צווישנבאַציונגען אין דער שאַכמאַט־וועלט, וועמענס אײַנוווינער קאָנען אָפֿט ניט געפֿינען קיין אַלגעמיינע שפּראַך. זייערע אינטערעסן שטויסן זיך צונויף, די קאָנפֿליקטן נעמען אָן א פֿאַרשאַרפֿטע פֿאָרם, איבערלאָזנדיק לאַכלוטן ניט קיין גלאַטיקע שפּורן. אַזאַ אָנגעשטרענגטע אַטמאָספֿער איז ניט יעדערן צום הארצן, און אין דעם זין איז דאָס לעבן פֿון אַן אינזשעניער אָדער מאַטעמאַטיקער פֿיל רויִקער. מע דאַרף פֿאַרמאָגן געוויסע דרייסטקײַט, קעדײַ מאַקריוו זײַן די „זיכערע" פּראָפֿעסיע און אינגאַנצן זיך אָפּגעבן די שאַכמאַטן. ס'איז נייטיק טויזנט מאָל אַלץ אָפּוועגן, אײדער באַשליסן זיך אַף אַזאַ טראָט.

יאָ, דראַמעס און אַנטוישונגען האָט דער שאָך־מײַסטער איבערגענוג, ניט ווייניקער, ווי אין אַנדערע מינים שאַפֿונג.

פֿאַר דעם, ווי גיין ווײַטער, דאַרף איך דערמאָנען דעם לייענער, אַז די אָרדנטלעכע פֿראַגע האָב איך געשטעלט קאַספּאַראָוון אין 1980:

— גאַרי, צי גלייבסטו, אַז דו וועסט ווען־עס־איז זיך טרעפֿן אין א מאַטש פֿאַר דער שאָך־קרוין מיט אַנאַטאָלי קאַרפּאָוון, אין א מאַטש, אַף וועלכן עס וואַרט די גאַנצע וועלט?

— אַזאַ מעגלעכקײַט איז מיר שווער פֿאָרויסצוזען. וועגן וואָס דו טרוימסט שטאַרק, ווערט זעלטן מעקויעם. לאָמיר א קוק טאָן, וויאַזוי וועלן גיין די איניאָנים, וויאַזוי עס וועלן זיך שאַפֿן די אומשטאַנדן. צופֿיל שטאַפּלען דאַרף מען בײַקומען, און מײַן שפּיל איז אָפּהענגיק פֿון א מאַסע סיבעס — פֿון דער פֿאָרם, שטימונג, קלימאַט. איך קען שפּילן מיט דערפֿאָלג, עס טרעפֿט אויך פֿאַרקערט... אָט אין א יאָרעלעך צוויי אַרום, נאָכן צווישנזאָנאַלן, וועל איך אײַך זאָגן עפּעס מער באַשטימטס.

2*

דאָס לעבן גופא האָט געגעבן אַן ענטפער אויף דער פראַגע. מע האָט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט פאַרבײַטן אים מיט אַ מער אַקטועלער, כּמעט אַן אומבאַדינגטער בײַ מײַן קלײנינקן שוריק. סײַ אין דערהיים, סײַ אין קינדער־גאָרטן קומט אים אויס אָפטער פון אַלץ הערן דעם נאָמען פון איין שאַכמאַטיסט — פון קאַרפּאָוו. דעריבער, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז אונדזער נײַער גאַסט קען שפּילן אין שאַך, וועט ער גלײַך אָנהייבן זיך דערפרעגן: „בײַ קאַרפּאָוו וועסטו געווינען?"

אָבער דאָס, וואָס ס'איז דערלויבט אַ קינד, וואָלט לאַכלוטן ניט טאַקטיש געקלונגען אינעם מויל פון זײַן טאַטן...

פונדעסטוועגן האָב איך געבעטן גאַרין צו דערמאָנען וועגן זײַן דעמאָלט נאָך איינציקער סעאַנס־פּאַרטיע מיט אַנאַטאָלי קאַרפּאָוו — אינעם אַלפאַרבאַנדישן טורניר פון די פּיאָנערן־פּאַלאַצן (דרײַ ערנסטע פּאַרטיעס מיטן וועלט־טשעמפּיאָן, וועגן וועלכע ס'איז אויבן געגאַנגען אַ רייד, זײַנען געשפּילט געוואָרן אין עטלעכע כאָדאָשים אַרום נאָך אונדזער שמועס מיט קאַספּאַראָוון).

— די באַקאַנטשאַפט בײַ דער שאַך־ברעט מיט קאַרפּאָוון איז פאָרגעקומען מיט פינף יאָר צוריק, אין נאָיאַבער 1975 אין לענינגראַד. האַגאַם קאַרפּאָוו איז געווען בײַ זיך אין דערהיים, איז ער געווען דער קאַפּיטאַן פון די טשעליאַבינסקער שילער (ער איז דאָך אַן אוראַלער!), און די דאָזיקע פאַרמעסטונגען פירן דורך גראָסמײַסטערס סעאַנסן פון אײנציײַטיקער שפּיל מיט די ײנגלעך און מיידלעך פון אַנדערע קאָמאַנדעס, און דער דערפאָלג פון די קינדער איז אָפּהענגיק אויך פון זייערע קאַפּיטאַנען. איך בין, נאַטירלעך, אַרויסגעטראָטן פאַר אונדזער פּיאָנערן־פּאַלאַץ. אינגיכן נאָכן דעביוט האָט זיך מיר אײַנגעגעבן פאַרכאַפּן די איניציאַטיוו. אָבער גלײַך איז דערגאַנגען צו מײַן באַוווּסטזײַן, אַז נאָך יעדן דורכגעמאַכטן קרײַז האָט אַנטקעגן מיר זיך אָפּגעשטעלט אַליין דער וועלט־טשעמפּיאָן. איך האָב זיך פאַרלוירן, פאַרהײַעט, און אין רעזולטאַט האָב איך אַפילו ניט געקאָנט דערגרייכן רעמי. מיסטאָמע וואָלט איך הײַנט אין אַזאַ פּאָזיציע ניט דורכגעלאָזט מײַן שאַנס.

עס בלײַבט נאָר צוגעבן, אַז ווען דער טורניר האָט זיך פאַרענדיקט און מע האָט געפרעגט בײַ קאַרפּאָוון זײַן מיינונג וועגן דער שפּיל פון די שילער, האָט ער אָן קווענקלעניש אויסגעטיילט גאַרי קאַספּאַראָוון און אַרטור יוסופּאָוון...

— ווער זײַנען דײַנע באַליבטע שאַכמאַטיסטן? אויף וועמען וואָלסטו געוואָלט זײַן ענלעך?

— די צווייטע פראַגע איז אַ פּאָשעטע — אויף קיינעם ניט. ס'איז, פאַרשטייט זיך, נוצלעך צו שטודירן די דערפאַרונג פון די מײַסטערס, נעמען בײַ זיי די בעסטע אייגנשאַפטן. אָבער עמעצן קאָפּירן, אימיטירן — דאָס איז ניט קיין דאַנקבאַרע און ניט קיין זייער צוציִענדיקע אַרבעט. און ס'איז אויך אַ פּוסטע זאַך — סטאַרען זיך איבערכאַזערן סטייניצן, לאַסקערן, קאַפּאַבלאַנקען. וואָס איז שייך דער ערשטער פראַגע... זײַנערצײַט בין איך געווען אַנציקט פון כּפאַסקיס שפּיל. דער זאַמלבוך פון די פּאַרטיעס נאָך זײַן זיגרײַכן מאַטש מיט פּעטראָסיאַנען — איז מײַן ערשטער שאַך־בוך. עמעס, נאָך דעם מאַטש פישער—כּפאַסקי בין איך אַ ביסל געווען אַנטוישט אינעם צענטן וועלט־טשעמפּיאָן. אָבער אויך איצט אימפּאָנירן מיר גראָסמײַסטערס, וועלכע פאַרמאָגן אַן אוניווערסאַלן סטיל, און דער ערשטער פון זיי איז אַלעקסאַנדער אַליאָכין. פישער איז אויך געווען כּמעט פּעסט־באַוואָרנט, אָבער אין זײַן שפּיל־מאַניר איז צופיל אַנטוויקלט, לויט מײַן מיינונג, דער ספּאָרטיווער יעסאָד. און אַליאָכין האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן קינסטלערישן קסאַוו. איך דאַרף זיך מודיע זײַן, אַז פון די דרײַ קאָמפּאָנענטן פון שאַכמאַטן — כּפאָרט, וויסנשאַפט און קונסט — איז מיר באַזונדערס באַענט קונסט.

און נאָך האָט ער דעמאָלט געזאָגט:

— מיר וואָלט זיך געוואָלט בײַם איצטיקן וועלט־טשעמפּיאָן אַ סאַך לערנען. עס באַוווּנדערט זײַן פאַרשטיין די דינאַמישע מעגלעכקײַטן פון די פיגורן, ווען ער קלײַבט אויס פאַר זיי אַן אָרט אויף דער ברעט. איך קען נישט ניט אָפּמערקן, אַז זײַן בוך „אויסגעוויילטע פּאַרטיעס" איז אַ בונט ווערק פון דער שאַך־ליטעראַטור, און קאַרפּאָווס קאָמענטאַרן צו זײַנע פּאַרטיעס לייען איך סײַ מיט נוץ, סײַ מיט פאַרגעניגן.

— און וואָס וועסטו זאָגן וועגן אַנדערע טשעמפּיאָנען? — מיר איז וויכטיק געווען אונטערצוהאַלטן די דאָזיקע טעמע, און גאַרי האָט מיט כיישעק פאָרגעזעצט זײַן מאָנאָלאָג:

— יעדערער פון זיי איז געווען אַ געוויסע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון שאַך־קונסט, יעדערער פון זיי איז אויף זײַן אויפן איינמאָליק. לאָמיר כאָטש נעמען מיכאַיל טאַלן. מעגלעך, אַז אין פּראָפעסיאָנעלער הינזיכט טרעט ער אָפּ, לאָמיר זאָגן, פישערן אָדער קאַרפּאָוון, אָבער אין די בעסטע יאָרן איז זײַן שפּיל געווען אויף דער גרענעץ פון פאַנטאַסטיק. קוקט איבער טאַלס אַלטע שעדעווערס, וועט איר זיך איבערצײַגן, אַז דאָס זײַנען ניט קיין פּאַרטיעס, נאָר קישעפדיקע מײַסעס פון שעכערעזאַדען. און אויב ריידן וועגן דעם ריינעם שאַכמאַט־קויעך, האָט דעם הויכפּונקט דערגרייכט אומבאַשטרײַטבאַר ראָבערט פישער.

— פאַרוואָס זשע האָט ער פרײַוויליק פאַרלאָזט די שאַכמאַט־וועלט?

— אורטיילנדיק לויט דעם, וואָס איך ווייס וועגן פישערן (כ'האָב דאָך אים קיינמאָל ניט געזען), האָט ער, זעצנדיק זיך צו דער שאָך־ברעט, אין יעדער פּאַרטיע, אָן אויסנאַם, געשטעלט פאַר זיך איינעם און דעם זעלבן ציל — זיגן, נאָך מער, איינברעכן דעם פּאַרטניאָר. ביכלאַל רופט ניט אַרויס אַזאַ קאָמפּראָמיסלאָזיקייט קיין אָפּשיי. אָבער אין אָט דעם צוגאַנג איז פאַראַן אויך אַ וווּנטלעכער דעפעקט — אויב דו ווערסט ניט געווינען די פּאַרטיע, פאַרלירסטו יעטווידן גלייכגעוויכט. אויפמערק־זאַם שפּירנדיק נאָך דער אַנטוויקלונג פון פישערס שאָך־קאַריערע, האָב איך אַנטדעקט, אַז יעדעס מאָל, ווען ס'איז אים אויסגעקומען צו נעמען זיך פאַר אַ גרויסער און פאַראַנטוואָרטלעכער זאַך, האָט ער אַרויסגעוויזן אומאַנטשלאָסנקייט, געפונען אַ מאַסע סיבעס, קעדיי אָפּגיין אין אַ זייט און סאָפּקאָלסאָף האָט די דאָזיקע מוירע פאַרן סטאַרט, פאַרן ערשטן שריט זיך פאַרוואַנדלט בא אים אין אַן עמעסער קרענק. אָפּאָנעם, אַז וואָס אַ יאָר פּראָגרעסירט זי, און איצט גלייבט זיך אַפילע ניט, אַז דער אַמעריקאַנער טשעמפּיאָן וועט ווען־עס־איז זיך אומקערן צו די שאַכמאַטן.

— יאָ, ציטנווייז איז ניט גרינג געווען צו „איינריידן" פישערן, ער זאָל זיך זעצן צו דער שאָך־ברעט. און אויב דאָס האָט זיך שוין איינגעגעבן, האָט ער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ זעלטענעם מאַקסי־מאַליסט. אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, איז עס אויך אייך אייגנטימלעך...

— עס טרעפט פאַרשיידנס. אָפּן פיניש פונעם טורניר אין יוגאָסלאַוויע, ווו כ'האָב פאַרדינט דעם ערשטן גראָסמייסטער־באַל, האָב איך געמאַכט פינף רעמי נאָכאַנאַנד, און אין באַקו, ווו ביזן צווייטן באַל האָט מען געקאָנט דערקריכן אַף האַלבע אייגלעך, האָב איך, פאַרקערט, זיך אַזוי פאַנאַנדער־געיאָגט, אַז כ'האָב אָנגעקליבן פיר מיט אַ האַלבן אייגל פון פינף. צומאָל ווייז איך אַרויס איבעריקן פּראַקטיציזם, אין אַנדערע מאָמענטן כאַפּט מיך אַרום אַן אומגעצוימטע קאַוואָנע צו פאַרפירן אַ געשלעג אַף דער שאָך־ברעט.

אָפּאָנעם, אַז דאָס איז איינער פון יענע ניט קיין סאַך ענטפּערס קאַספּאַראָווס, וועלכע פאָדערן הייַנט אַ פאַרפינקטלעכונג. עפּעס שווער איז צו דערמאָנען אין די פאַרמעסטונגען פון די לעצטע יאָרן אַ צופאַל, ווען גאַרי זאָל פאַרלירן דעם כיישעק צו אַ פולווערטיקן קאַמף. אין דער לעצטער פּאַרטיע פונעם האַלב־פינאַלן מאַטש מיט קאָרטשנאָיען האָט אים פולקום צופרידנגעשטעלט אַ פרידלעכער אויסגאַנג. און לויט דער לאַנגאָניקער טראַדיציע גייט איין דער גראָסמייסטער אינעם געפּעכט פון אַזאַ הויכן ראַנג, אין אַזאַ ספּאָרטיווער סיטואַציע, ווען רעמי איז גלייך צו אַ זיג, אַף רעמי, אויב אַפילע דער קיניג פונעם קעגנער איז ניט בעקויעך זיך אַרויסרייסן פון דער מאַט־נעץ. אַגעוו, האָט דאָ טאַקע, אין לאָנדאָן, אונטערגעהאַלטן די דאָזיקע טראַדיציע סמיסלאָוו — אין דער שלוס־פּאַרטיע מיט ריבלי האָט ער אין אַ פיינפולער פאַרן אונגערישן שאַכמאַטיסט פּאָזיציע פאַרגעלייגט רעמי. גאָר אַנ־דערש האָט געטאָן קאַספּאַראָוו. די עלפטע פּאַרטיע מיט קאָרטשנאָיען, אין וועלכער רעמי האָט אים אַרויסגעפירט אינעם פינאַל־מאַטש, האָט ער געשפּילט מיט אַזאַ אימפּעט, פּונקט ווי ס'וואָלט שוין דעמלט געלייזט געוואָרן דער גוירל פון דער קרוין.

אַף דער דערעפענונג פונעם נייַעם שאָך־קלוב „ספּאַרטאַק" איז פאָרגעקומען קאַספּאַראָווס איינ־ציקע מאָסקווער אַרויסטרעטונג צווישן די מאַטשן מיט סמיסלאָוון און קאַרפּאָוון.

— וואָס פאַר אַ רייטינג איז בא אייך איצט? — האָט געפרעגט דעם פּרעטענדענט נומ. 1 איינער פון די צושויער.

— 2710. ניט קיין שלעכטער רייטינג, — האָט מיט יינגלשער אומיטלבאַרקייַט באַמערקט גאַרי. וואָס עמעס, איז עמעס, אַן אויסגעצייכנטער רייטינג, דער העכסטער אין דער וועלט. אָבער צו פישערס ציפער — 2780 — איז ווייַטלעך. איז לוינט דען פאַרמינערן די שנעלקייַט?! עפשער איז אינטערעסאַנטער זיך אַ לאָז טאָן אין געיעג נאָכן אַמעריקאַנער טשעמפּיאָן?!

ווען מיר לייענען וועגן דעם אָדער יענעם מערקווירדיקן שאַכמאַטיכט, אינטערעסירט אונדז קעסיי־דער די סטאַטיסטיק פון זייַנע באַגעגענישן מיט גרויסע שפּילער, באַזונדערס מיט וועלט־טשעמפּיאָנען. נו, ס'איז ניט שווער צו ברענגען אַזעלכע אָנגאַבן אויך פאַר קאַספּאַראָוון. וועגן זייַנע דריי רעמי מיט קאַרפּאָוון ווייסן מיר שוין. עס זייַנען דערמאָנט געוואָרן אויך קאַספּאַראָווס באַגעגענישן מיט סמי־סלאָוון — צוויי ניצכוינעס און איין רעמי ביז דעם מאַטש אין ווילנע, און פיר ניצכוינעס בא נייַן רעמי אינעם פּרעטענדענט־טורניר. מיט טאַלן און פּעטראָסיאַנען האָט גאַרי זיך באַגעגנט צו פינף מאָל, און מיט ביידן איז בא אים דער כעזשבן געווען אַ גלייַכער. אָבער אָט אַ פּאַראַדאָקס — די פּאַרטיעס מיטן פרידנסליבנדיקן פּעטראָסיאַנען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ זעלטענער בלוטפאַר־גיסונג, יעדער פון די פּאַרטניאָרן האָט צוויי מאָל געדאַרפט אַרויסברענגען דאָס סאַמע אומאָנגענעמע פאַרן שאַכמאַטיסט וואָרט: „איך גיב זיך אונטער". און מיטן „אַגרעסיוון" טאַל האָט די וואָגשאָל קיין איין מאָל זיך נישט געניגט ניט אין איין זייט און ניט אין דער אַנדערער. דער טרענירונגס־מאַטש מאַל—קאַספּאַראָוו איז ניט דערפירט געוואָרן ביזן סאָף, און, לויט גאַריס מיינונג, דאַרפן די סטאַטי־סטיקער אים ניט נעמען אין אַכט (אַגעוו, וועל איך באַמערקן, אַז דער פאַרענדיקטער טייל פונעם מאַטש איז דערפאָלגרייַכער דורכגעגאַנגען פאַרן יונגן גראָסמייסטער).

דער אײנציקער שאָך־קיניג, װעלכער האָט פֿאַרשאַפֿט אַגמעסנעפֿעש קאַספּאַראָװן איז געװען באָריס ספּאַסקי ($2\frac{1}{2}$ אױף $\frac{1}{2}$). אָבער דאָס האָט מען געקאָנט נאָך אױסבעסערן.

די דאָזיקע ציפֿערן פֿאָדערן הײַנט א געװיסע פֿאַרפֿינקטלעכונג. מיט קאַרפּאָװן זײַנען שױן גע־שפּילט געװאָרן הונדערט פּאַרטיעס! ס'איז טשיקאַװע, אַז דער דרײַצנטער װעלט־טשעמפּיאָן האָט אָפּ־געהאַלטן 13 ניצחונעס, און דער 12־טער, פֿאַרשטײט זיך, — 12! די אַנדערע 75 באַגעגעניש האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט רעמי. מיט ספּאַסקין האָט באַ קאַספּאַראָװן זיך באַװיזן נאָך אײן רעמי, און אײנעם כּעזשבן מיט טאַלן האָט דער נײַער װעלט־טשעמפּיאָן זיך אַרױסגעריסן פֿאָרױס. דערבײַ איז אָט דער זיג אָפּגעהאַלטן געװאָרן אײנעם לעצטן, אַנטשײדנדיקן טור פֿון דעם פֿאַרמעסט אין בריסל־87. בלױז א דערפֿאָלג האָט דערמעגלעכט גאַרי אױסצורעכענען אױפֿן ערשטן פּריז (װי מיר געדענקען, האָט ער אים צעטײלט מיט ליובאָיעװיטשן). דער טשעמפּיאָן האָט מאָביליזירט אַלע זײַנע קױכעס און האָט בוכשטעב־לעך צעפּליקט די פּאָזיציע פֿונעם עקס־טשעמפּיאָן, שאַפֿנדיק דערבײַ א קלײנינקן שטדװער. קאַרפּאָװ האָט פֿאַרנומען דאָס דריטע אָרט. באַלד נאָכן סאָף פֿונעם טורניר איז פֿאָרגעקומען א ניט־אָפֿיציעלער, בליץ־טשעמפּיאָנאַט. און װידער איז גלענצנדיק אַרױסגעטראָטן קאַספּאַראָװ. ער איז געװען דער ערשטער, אָנקלײַבנדיק 17 אײגלעך אין 22 פּאַרטיעס (12 גראָסמײַסטערס האָבן געשפּילט צװישן זיך צו צװײ פּאַרטיעס). קאַרפּאָװ איז אָפּגעשטאַנען אױף 4,5 אײגל, צעטײלנדיק דאָס דריטע און פֿערטע אָרט. זײער מיקראָמאַטש האָט זיך פֿאַרענדיקט 1,5:0,5 לטובֿת דעם איצטיקן װעלט־טשעמפּיאָן.

אַלזאָ, אױפֿן הײַנטיקן טאָג האָט קאַספּאַראָװ דערװיזן זײַן פֿאָרצוג איבער זײַן שטענדיקן קאָנקורענט אין אַלע פֿאָרמען פֿון צװײקאַמף — אײנעם מאַטש, אײנעם טורניר, אײנעם בליץ... און פֿונדעסטװעגן קאָן עס ניט געבן קײן שום גאַראַנטיעס אײנעם פֿערטן געראַנגל...

— גאַרי, האָסט קימאַט אױפֿגעהערט צו פֿאַרשפּילן. עפּשער איז שױן ניט פֿאַרבליבן באַ דיר קײן כּעסרױנעס?

— צום באַדױערן, זײַנען כּעסרױנעס נאָך פֿאַראַן.

— װעלכע זשע?

— עפּשער װעל איך פֿריִער פּאַטער װערן פֿון זײ, און נאָכדעם זײ אָנרופֿן?

— גאַרי, װוּ ליגט דעם סאָד פֿון דײַן טאַלאַנט? — האָב איך געשטעלט די פֿראַגע, װעלכע האָט מיך געעגבערט שױן פֿון לאַנג.

— כ'האָב מורא, אַז איך װעל ניט קאָנען באַפֿרידיקן אײַער װיסנגיריקײט. האַלט עס ניט פֿאַר זעלבסטזיכערקײט אָדער, פֿאַרקערט, פֿאַר פֿאַלשער באַשײדנקײט, אָבער צײַטנװײַז דוכט זיך מיר, אַז מײַנע געװנג זײַנען גאַנץ נאַטירלעכע און עס װאָלט זײ געמאַכט א באַליביקער מײַסטער. נײן, איך נעם זיך ניט אונטער צו דערקלערן די פֿעיִקײטן, װעלכע כ'האָב געיאַרשנט.

— אָבער װאָס פֿאַר אַן עלעמענט קאָן מען פּרוּװן אױסטײלן? לעמאָשל, דעם זיקאָרן?

— מײַן זיקאָרן פֿאַרמאָגט די אײגנשאַפֿט פֿון א מאַגנעט־לענטע — אַלץ, װאָס עס טױג ניט, װערט גיך אָפּגעריבן. עס פֿירט מיך, דאַכט זיך, ניט אונטער די אינטויִציע. װאָס נאָך? פּראַקטיש מאַך איך ניט קײן פֿעלער, אין צײַטנאָט סטאַרע איך זיך ניט אַרײַנפֿאַלן, װאָריִאַנטן רעכן איך אױס גענוג װײַט...

— די דאָזיקע אײגנשאַפֿט פֿאַרמאָגן אױך אַנדערע גראָסמײַסטערס, — איך האָב ריזיקירט צו װערן צופֿיל אַקשאָנעסדיק. — אָבער דו ביסט װוּנדערבאַר שנעל געגאַנגען אױף אַרױף...

— מיסטאָמע האָבן די מענטשן, װעלכע האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מיר און געפּאַטערט אױף מיר צײַט, קױעך און האַרץ, דאָס געטאָן מיט אַזױפֿיל פֿלײַס, אַז די פֿעיִקײטן האָבן זיך אַנטפּלעקט גיכער.

— װיִאַזױ האָט זיך דיר אײַנגעגעבן אַזױ לײַכט צו פֿאַרברײטערן דײַן דעביוט־רעפּערטואַר — אָט האָסטו אָנגעהױבן די פּאַרטיע מיטן גאַנג פֿון דער קיניגלעכער פּעשקע, און אָט שליסטו זיך איבער אָן קײן שום באַדױערונג אױף דער פֿערזעװער?

— כ'האָב א סאַך געאַרבעט.

— און דײַנע ענציקלאָפּעדישע קענטעניש, — װען און װיִאַזױ האָסטו באַװיזן זײ צו דערװערבן?

— כ'האָב א סאַך געהאָרעװעט.

אַלזאָ, דער לײענער זעט — אַלע מײַנע פּרוּװן צו אַנטפּלעקן דעם סאָד פֿונעם העלד פֿון אונדזער דערציילונג האָבן זיך ניט אײַנגעגעבן. און ס'א סאָפֿעק, צי ס'איז מעגלעך צו באַגײן זיך דאָ מיט הױלע ליטעראַרישע מיטלען. צי האָט אַנטפּלעקט װ. װאַסיליִעװ די רעטעניש פֿון טאַלן אין זײַן בוך „טאַלס רעטעניש"? און צי איז אונדז ביזן סאָף געװאָרן קלאָר קאַרפּאָװס שאַכמאַט־סטיל, זײַן קונסט פֿון דער שפּיל אױף אַכט „גרונטיקע" װערטיקאַלן פֿון דער שאָך־ברעט נאָך דער באַקאַנטשאַפֿט מיטן בוך „די נײַנטע װערטיקאַל" (װעלכן קאַרפּאָװ האָט אָנגעשריבן צוזאַמען מיט א. ראָשאַלן)? אין טאַלאַנט איז שטענדיק פֿאַראַן עפּעס אומפֿאַרשטענדלעכס.

אױב אָבער עמעצער װעט פֿונדעסטװעגן זיך אונטערנעמען צו דעשיפֿרירן דעם „באַקוער סאָד", װעט ער דאַרפֿן אומיטלבאַר זיך װענדן צו קאַרפּאָװס שאָך־װערק. איך דאַרף דערפֿרײען אָט אַזא

דריסטן יונג — דער פּרעטענדענט זאָרגט אַליין וועגן די פּאַרשונגען פון זײַן שאַפונג און דערציילט וועגן די געשפּילטע פּאַרטיעס, ער סטאַרעט זיך דערקלערן ניט בלויז די גענג אויף דער שאַך־ברעט, נאָר אויך זײַן געדאַנקענגאַנג.

גאַרי באַציט זיך סקעפּטיש צו די קאָמענטאַרן פון זײַן שפּיל, אויב אַפילו זיי געהערן צו גראָס־מייסטערס. און ווען ער אַליין נעמט זיך פאַר דער זאַך, סטאַרעט ער זיך ניט איבערלאָזן קיין בלויזן אינעם אַנאַליז, קיין אַרגומענטן פאַר האַקכאַשעס און ספּייקס. אַט די נוצלעכע געוווינהייט האָט אין אים אײַנגעבירגערט באָטווינִיק, וועלכער האָט שוין פון לאַנג פעסטגעשטעלט, אַז אַ גענויער אַנאַליז פון די פּאַרטיעס איז די בעסטע שול פאַר פּאַרפולקומונג.

ס'איז מיר שווער צו אָנרופן אַן אַנדערן הײַנטצײַטיקן גראָסמייסטער, וועלכער זאָל אָפּגעבן אַזוי־פיל קויכעס די קאָמענטאַרן פון זײַנע שאַך־געפעכטן. באַזונדערס האָט אָפּגעגאָלטן די אַזערבײַדזשאַנער ליבהאָבער. די באַקוער צײַטונג „שאַכמאַטי" סטאַרעט זיך ניט איבעריק באַגרענעצן קאָספּאַראָוון אינעם פּאַרנעם, און דער קאָרעספּאָנדענט אַרבעט מיט אַלע קויכעס. אַזוי, לעמאָשל, האָט גאַרי פּאַרוואַנדלט די באַשרײַבונג פון זײַן מאַטש מיט קאָרטשנאָיען אין עכטער שאַכמאַט־דערציילונג (ג. קאַספּאַראָוס ליטעראַרישער טאַלאַנט האָט מיט אַ באַזונדערער קראַפט זיך אַנטפּלעקט אין זײַן ערשטן בוך „דער צײַט־אויספּרווו", וועלכער איז דערשינען אין באַקו, קורץ ביז דעם ערשטן געראַנגל מיט א. קאַרפּאָוון).

קיינער האָט נאָך אין אַזאַ יונגן עלטער זיך ניט פּאַרנומען מיט אַזאַ טיפן זעלבסט־אַנאַליז, מיט אַזאַ זאָרגזאַמער פאָרשונג פון דער אייגענער שאַפונג. אַגעוו, קיינער האָט אין אַזאַ עלטער ניט געשפּילט אַזוי שטאַרק אין שאַך...

סימפּטאָמאַטיש איז, וואָס גאַרי טיילט זיך אָפּט מיטן לייענער אויך מיט זײַנע פאַרבאַרגענע געדאַנקען. מעגלעך, אַז דער פּרעטענדענט אויף דער שאַך־קרוין האָט געדאַרפט אַ ביסל זיך היטן און זײַן מער באַהאַלטענער, אָבער די ברייטהאַרציקייט, אין אַ באַליביקער אַנטפּלעקונג אירער, איז אַ טיפּישער קאַווקאַזער שטריך, און דאָ וועט שוין קיין זאַך ניט העלפן. גאַרי האָט ליב איבערצוכאַזערן, אַז אַ מענטש, וועלכער דענקט שעפעריש, דאַרף ניט ציטערן איבער זײַנע אידייען. שאַכמאַטן זײַנען אומויסשעפּלעך, און אין אַ באַליביקער סיטואַציע קאָן מען צוטראַכטן עפּעס נײַס און אָריגינעלס.

...דער שמועס האָט פּאַרמאַטערט אונדז ביידן, מיד געוואָרן איז אויך קלאָרע שאַגענאַוונא. צײַט געווען איבערצושליסן זיך אויף פראַגן, וועלכע פאָדערן ניט קיין איבעריקע קאָנצענטרירטקייט, — די רעשימע איז נאָך ניט אויסגעשעפּט.

— גאַרי, נעכטן האָב איך שפּאַצירט איבערן בולוואַר, זיך געשפּיגלט אינעם קאַספּי און פּלוצעם געוווּנדט מײַן אויפמערקזאַמקייט: אויף די בענק שפּילט מען אין נאַרדעס און דאַמינאָ, שאַך פּאַרנעמט בלויז דאָס דריטע אָרט. דאָס טויג דאָך אויף קאַפּאַרעס!

— איר גייט זיך דורך איבער אונדזער מער אינטעלעקטועלן פּאַרק דאָ, אין אַרמעניקענד. בײַס אַ גוטן וועטער, און באַ אונדז אין באַקו איז ער קימאַט קעסיידער אַזאַ, גייען ניט אָפּ הונדערטער מענטשן, יונג און אַלט, גאַנצענע טעג פון דער שאַך־ברעט. קיין איין פּרײַע באַנק וועט איר ניט געפינען. קינדווײַז בין איך ניט איין מאָל געלאָפן אַהער פון די לימודים. אַגעוו, אין אַט דעם פּאַרק זײַנען פאָרגעקומען מײַנע ערשטע שאַכמאַט־שלאַכטן מיט דערוואַקסענע.

— און וואָס וועסטו זאָגן וועגן אַנדערע שפּילן?

— קעדיי אַ ביסל זיך אָפּוועגדן פון די דעבויט־ענדערונגען, שליסן מיר זיך צומאָל איבער מיט די טרענירער אויף פּאַרשיידענע טיש־שפּילן. באַזונדערס האָרעווע איך זיך ניט איבער, אויב אָבער איך שטרענג ערנסט אָן מײַן מויער, וועט באַ מײַנע קעגנער האַלטן גאַנץ שמאָל. דער זיקאָרן איז אין יעדער שפּיל אַ גוטער באַהעלפער. צי לוינט אָבער עקספּלואַטירן אים צוליב קליינקייטן?

— און ווי מיינסטו, צי וואָלטן דײַנע פעיִקייטן געקאָנט זיך אַנטפּלעקן אין אַן אַנדער געביט?

— כ'האָב ניט זייער זיך פאַרטראַכט איבער דעם. עפּשער אין פּינקטלעכע וויסנשאַפטן? איך ווייס ניט. איך האָב קעסיידער געפּילט אַ דראַנג צו קונסט, און אויב נעמען אין אַכט די נאַטור־אינטויציע, זײַנען שאַכמאַטן, מיסטאַמע, דער סאַמע געלונגענער אָביעקט, קעדיי אַנטפּלעקן די פעיִקייטן.

— מיר האָבן שוין געשמועסט וועגן ליטעראַטור. לאָמיר פּאַרענדיקן די „קולטורעלע" טעמע. טעאַטער, מוזיק, טענץ... ס'מאַכט ניט אויס, וואָס איך שליס אײַן אַלץ אין איין פראַגע?

— און דער ענטפער וועט זײַן אַן אַלגעמיינער. אינדערהיים כטאַרע איך זיך ניט דורכלאָזן קיין איין טעאַטראַלע פּרעמיערע. די דאַמע פיר איך ניט אַזוי זיכער, ווי מײַן שאַך־דערציִער — זײַנערצײַט האָט באָטווינִיק געטאַנצט אַ טאַנגאָ — אַ קלייניקייט! — מיט אולאַנאָוועו. נו, און מוזיק, הויפּטזאַכלעך לײַכטע, דינט געוויינלעך אַלס פאָן פאַר מײַנע פאַרנעמונגען. אונטער איר אַקאָמפּאַנע־מענט באַזוכן מיך צומאָל אינטערעסאַנטע שאַך־אידייען.

שאַכמאַטן און מוזיק... די דאָזיקע טעמע איז ווײַט ניט אויסגעשעפּט. דעם גרעסטן צושטײַער אין איר האָט אַרײַנגעטראָגן מיכאַיל טאַל. איינמאָל האָט ער דורכגעפירט אַן אינטערעסאַנטע אַנאַלאָגיע

צווישן די קאָמפּאָזיטאָרן און זײַנע אָנגעזעענע קאָלעגן (אַלס יעסאַד איז געווען גענומען דער שאַכמאַט־קסאַוו פון גראָסמייסטערס).

אַזוי, לעמאַשל, האָט דער אַנאַליז באַוויזן, אַז באָטווינעק דערמאָנט מיט זיך באַכן: אומענדלעך טיף, פון איין גוס, קיין איין איבעריקע נאָטע; סמיסלאָוו איז ענלעך אַף טשײַקאָווסקין: רויִקײַט, מעלאָדישקײַט און גלײַכצײַטיק אומדערוואַרטע קולמינאַציעס; פּעטראָסיאַן איז ענלעך אַף ליסטן: אַבסאָליוטע ווירטואָזישקײַט. זיך גופא האָט טאַל פאַרגליכן מיט גערשווינען, און צומאָל פילט ער זיך אַלס קאַלמאַן — דעם אָפּערעטן־קיניג. די לעצטע דרײַ שאַך־קיניגן — ספּאַסקי, פישער און קאַרפּאָוו — צייכענען זיך אויס מיט אוניווערסאַלקײַט, און אַלס מוזיקאַלן אַנאַלאָג גייען פּולקום אונטער שאָסטאַקאָוויטש אָדער פּראָקאָפיעוו.

און מיט וואָס פאַר אַ קאָמפּאָזיטאָר קאָן מען פאַרגלײַכן גאַרי קאַספּאַראָוון? עפּשער מיט כאַטשאַטוריאַנען? יאָ, מיסטאַמע, די פאַרגלײַכונג מיט אָט דעם מערקווירדיקן קאָמפּאָזיטאָר וועט זײַן אַ ריכטיקע ניט נאָר דערפאַר, ווײַל קאַספּאַראָווס שפּיל דערמאָנט צײַטנווײַז דעם טאַנץ מיט סאַבלײעס...

— גאַרי, עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז דו...

— „קלאַנגען גייען דאָ און דאָרט, און מאָגערע זקיינעס צעטראָגן זיי פאַרט", — האָט אויסגעזונגען דער גראָסמייסטער מיט אַ גוט אָנגעשטעלטער שטים ווייסאָצקיס פּאָפּולערע ליד.

— דו האָסט ליב געהאַט ווייסאָצקין?

— מעשוגענערהייט. עטלעכע טעג בין איך ניט געווען מיט אַלעמען, ווען כ'האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם טויט פון אָט דעם פּרעכטיקן אַרטיסט. זײַנע לידער בין איך גרייט הערן פון אינדערפרי ביז אָפּדערנאַכט, פיל פון זיי געדענק איך אַף אויסווייניק.

בײַם די געראַנגלען מיט קאַרפּאָוון האָט קאַספּאַראָוו, פאַר דעם ווי ער איז געגאַנגען אַף דער שפּיל, אומבאַדינגט געהערט ווייסאָצקיס מאַגניטאָפאָן־סטענגעס, אָפּטער פון אַלץ „פערד קאַפּריזנע", איינע פון די סאַמע עקספּרעסיווע לידער פונעם פּאָעט. ווייסאָצקיס שטים האָט צוגעגעבן דעם גראָסמייסטער קויער און זיכערקײַט.

— גאַרי, האָסט אַ סאַך פרײַנט?

— ניט זייער.

— און וויפל זײַנען פאַראַן צווישן זיי געטרײַע?

— אויב איר האָט אין זינען יענע, וואָס זײַנען מיט מיר אין איין עלטער, זײַנען אָזעלכע, מיסטאַמע, ביכלאַל ניט פאַראַן.

— אַזאַ שווערער כאַראַקטער?

— ניין, איך באַקלאָג זיך ניט. איך בין אַ מענטש אַ צוגעלאָזטער.

— איר פאַרשטייט, — האָט זיך אײַנגעשטעלט פאַר איר זון קלאַרע שאַגענאָוונא, — אין אַ געוויסער מאָס זײַנען שולדיק די שאַכמאַטן. אורטיילט אַליין, פעסטע פרײַנטשאַפט זעט פאַר קעסיידערדיקע באַגעגענישן, קאָנטאַקטן, שמועסן וועגן לעבן. און גאַריק אײַלט זיך שטענדיק צו דער שפּיל. שפּעטער פאַרלאָזט ער ביכלאַל באַקו אַף אָנדערהאַלבן כאַדאָשים. ער באַוויזט ניט אומקערן זיך אַהיים, ווי עס וואַרטן אַף אים „מיידעלעך" — פריִער שילערישע, איצט סטודענטישע. אָבער מיט זײַנע טרענירער האָבן באַ גאַריקן זיך אײַנגעשטעלט בעעמעס פרײַנטלעכע באַציִונגען, — האָט צוגעגעבן די מוטער. — פאַרשטייט זיך, דורכפירנדיק פיל שאָען און טעג צוזאַמען (און איצט אויך כאַדאָשים — דאַרף מען צוגעבן), ריידן זיי ניט נאָר וועגן שאַך. אַלגעמיינע טעמעס סטײַען, און דער כילעק אין דעם עלטער איז ניט קיין שטערונג.

— גוט, מיט פרײַנטשאַפט איז אַלץ קלאָר, אַף דער רײ שטייט — ליבע.

— שרײַבט אַזוי, — האָט קלאַרע שאַגענאָוונא געפונען אַ פּינקטלעכע פאָרמולירונג, — גאַרי איז ניט גלײַכגילטיק צו אָט דעם געפיל.

דאָ בין איך געוואָרן דרייסטער און געשטעלט נאָך איין פראַגע.

— גאַרי, צי וועט פאַרבײַטן דאָס ווײַב, וואָס וועט פריִער אָדער שפּעטער זײַן באַ דיר, די מאַמע אין דער ראָל פון אַ טרענירער?

— מע דאַרף, אַז די מאַמע זאָל אַליין זיך אונטערקלײַבן אַ ווירדיקן פאַרבײַט.

— ניין, דאָס ניט. אויב פאַר די יאָרן פון אונדזער גײַסטיקער נאָענטקײַט האָב איך געקאָנט דערוועקן אין מײַן זון עפּעס גוטס, צווייפל איך ניט, אַז ער וועט זיך ספּראַווען מיט אָט דער אויפגאַבע אָן מײַן הילף. — קלאַרע שאַגענאָוונא האָט לאַכלוטן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען אַף זיך צוגאָבלעכע פאַרפליכטונגען.

— זײַנערצײַט האָט פישער מיטגעטיילט, אַז ער וועט כאַסענע האָבן, ווען ער וועט ווערן וועלט־טשעמפּיאָן. עפּשער ווילסטו אויך, גאַרי...

— פישער האָט נישט נאָר ניט געפונען קיין ווײַב, נאָר ער האָט פאַרלאָרן די שאַכמאַטן. דאָס איז די פרײַז פון ניט־דורכגעטראַכטע צוזאָגן.

— גאַרי, וויאַזוי באַציִסטו זיך צו רום, ער שטערט ניט לעבן?

— פּראָבלעמען זײַנען אַזוי אויך פֿאַראַן איבערגענוג, שאַפֿן איבעריקע קלײַב איך זיך ניט.

— אַנטשולדיק פֿאַר מײַן ניט־באַשיידנקייט, גילט אינטערעסירן דיך?

— אַלס עפּעס אַבסטראַקטס, וואָס דערמעגלעכט צו קויפֿן וואָסער־ניט־איז סימפּאַטישע זאַך.

— אַשטײַגער, אַן אויטאָמאָביל?

— כ'האָב ניט געטראַכט וועגן דעם. צומאָל, עמעס, אַנטשטייט אַ נויטווענדיקייט וואָס גיכער צו קומען פֿון איין פּונקט פֿונעם־רוים אין אַן אַנדערן, און פֿאַרמאָגן אַ מין טעפּיך־אַעראָפּלאַן וואָלט געווען באַקוועם...

דאָ דאַרף איך דערפֿרייען דעם לייענער, מיטײַלנדיק אים, אַז דעם גראָסמייסטערס טרוים וועגן אַ קישעפֿדיק מיטל פֿון באַוועגונג איז מקוים געוואָרן. ניט לאַנג צוריק האָט ער געקויפֿט אַן אויס־געצייכנטן וועלאָסיפּעד, און אַט דער צווייערדערדיקער פֿרײַנט דינט אים מיט לײַב און לעבן.

איצט איז אַנטשטאַנען די אָרדנטלעכע פֿראַגע, שוין, אַפּאַנעם, די לעצטע:

— גאַרי, אין דײַנע פּלענער גייט צופעליק ניט אַרײַן דאָס אַריבערקלײַבן זיך קיין מאָסקווע?

— מיר איז אויך דאָ ניט שלעכט. אַזאַ, זאָגט איר, אין מײַן קאָנסערוואַטיווע פּסיכאָלאָגיע...

— דו ווערסט זיך וווּנדערן, אָבער מײַנע פֿראַגן האָבן זיך עפּעס פֿאַרענדיקט, די רשימה איז פּולקום אויסגעשעפּט.

— פּולקום?! מיר שמועסן דאָך אָבער שוין דרײַ שעה, אויב ניט נעמען אין אַכט די צײַט, וואָס איר האָט רעמאָנטירט אײַער מאַגניטאָפֿאָן!

און טאַקע אינדערעמעסן, די קנאַפּקע האָט אַ קנאַק געטאָן, און די צווייטע קאַסעטע איז שוין אויך פֿאַרשריבן. און דער שמועס האָט זיך פֿאַרענדיקט, בעמײַלע אויך מײַן וויזיט צו די קאַספּאַראָווס. כ'האָב אײַנגעפּאַקעוועט מײַנע טעכנישע אַקסעסואַרן, זיך געזעגנט מיטן העגל ווינטרויבן, זיך אויס־געקושט מיט געזעגענונג־פּראַזעס מיט קלאַרע שאַגענאַוונען און אַרויס אויף דער גאַס.

ס'האָט שוין געדעמערט, און גאַרי האָט זיך אַרויסגערופֿן מיך באַגלייטן ביז דעם אָפּשטעל פֿונעם אויטאָבוס. מיר זײַנען געגאַנגען איבער דער גאַס, און קוקנדיק אויף מײַן באַגלייטער, האָב איך נישט געקאָנט ניט װוּנדערן די אויפֿמערקזאַמקייט אויף זײַן ספּאָרטיווער שטאַלטנקייט, אויף זײַן לײַכטן, עלאַסטישן גאַנג. ניט סטאַם נעמען אָפּ באַ קאַספּאַראָוון דאָס שווימען, לויפֿן, גימנאַסטיק, פֿוטבאָל קימאַט אַזויפֿיל צײַט, ווי שאַכמאַטן. גאַרי קאָן זיך אונטערציִען אויפֿן טורניק אַ מאָל צוואַנציק, און ס'אַ סאַפּעק, צי עמעץ־וועלכער פֿון די גראָסמייסטערס איז בעקוועמער איבערשטײַגן אַט דעם רעקאָרד.

אויפֿן יוגנטלעכן טשעמפּיאַנאַט, פֿון וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער דערציילונג, איז פֿאָרגע־קומען אַ כאַװערישער פֿוטבאָל־מאַטש צווישן די אָנטיילנעמער פֿונעם טורניר. זיי האָבן זיך צעטיילט אויף צוויי קאָמאַנדעס, און קאַספּאַראָוו האָט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿונעם צענטער־פֿאָרווערד אין איינער פֿון זיי. דער פֿוטבאָל־געפֿעכט איז דורכגעגאַנגען אין אַ מער אַקשאָנעסדיקן קאַמף, איידער אין שאַכמאַטן. עטלעכע מינוט פֿאַר דעם סוף פֿונעם מאַטש איז דער כעזשבן געווען אַ גלײַכער — 4:4. און ווען דער ריכטער האָט שוין געקוקט אויפֿן זייגער, האָט קאַספּאַראָוו אַרײַנגעקלאַפּט צוויי שיינע גאָלן אין די טויערן פֿונעם קעגנער. זײַן קאָמאַנדע האָט געזיגט, און גאַרי האָט שטאָלצירט מיט זײַנע גאָלן ניט ווייניקער, איידער מיט קאָמבינאַציעס אויפֿן שאַך־טשעמפּיאַנאַט. דער מאַטש איז אַראָפּגענומען אויף אַ קינאָ־לענטע און שפּעטער באַוויזן געוואָרן די פֿוטבאָל־מייסטערס — דאַכט זיך, אַז די פֿאָרווערדן האָבן פֿאַרשטאַנען דעם אָנדײַט.

נאָך דעם, ווי קאַספּאַראָוו האָט דעראָבערט די קרוין, האָט ער, קאָן מען זאָגן, ערנסט זיך איבערגע־שלאָסן אויף פֿוטבאָל... לויט דער איניציאַטיוו פֿונעם פֿאַרערער פֿון דעם מאָסקווער „ספּאַרטאַק" (קאַס־פּאַראָוו אַליין איז אַ פֿאַרשטייער פֿון אַט דעם ספּאָרט־קלוב) זײַנען פֿאָרגעקומען עטלעכע מאַטשן צווישן די קאָמאַנדעס פֿון שאַכמאַטיסטן און זשורנאַליסטן. קיין איין מאָל האָט קאַספּאַראָוו, דער קאַפּיטאַן פֿון דער שאַך־קאָמאַנדע, ניט פֿאַרלאָזט דאָס פּעלד אָן אַרײַנגעקלאַפּטע גאָלן, וועלכע האָבן געלייזט דעם אויסגאַנג פֿון דער שפּיל. ער האָט דעמאָנסטרירט אויפֿן פּעלד פּונקט אַזאַ דראַנג, ווי באַ דער שאַך־ברעט. אויסגעצייכנט האָט זיך אויך דער אַנדערער העלד פֿון אונדזער דערציילונג יוסופּאָוו. זײַן פֿוטבאָל־טעכניק האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק אויף די צושויער.

צו פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿאַרמעסטונגען גרייט זיך קאַספּאַראָוו געווינלעך אין לענקאָראַן (דערוויסנ־דיק זיך וועגן דעם, האָב איך זיך אַ ביסל געכידעשט — צום ערשטן מאָל האָב איך איבערגעלייענט אין דער צײַטונג דעם נאָמען פֿון אַט דער קנאַפּ פּאָפּולערער שטאָט, וואָס געפֿינט זיך ניט ווײַט פֿון באַקו, פֿון דער שטאָט, וווּ עס איז געבוירן געוואָרן מײַן מוטער). און אָט איצט האָבן זיך באַוויזן אין זײַנע טרעניִרונגען ספּאָרטיווע ביִיס — טיש־טעניס און דער עספּאַנדער. אַלץ איז געזעצמעסיק — אין דער פֿאַרשטייענדיקער שלאַכט קאָן די פֿיזישע פֿאַרהאַרטעווטקייט שפּילן ניט קיין קלענערע ראָל, איידער דער שאַכמאַט־קויער.

— דו לויפסט טאַקע אינדערעמעסן דורך אַן קיין שום צוגרייטונג 100 מעטער שיִר נישט פֿאַר 11 סעקונדעס? — האָב איך געפֿרעגט בא גאַריִן, ווען מיר האָבן זיך דערנעענטערט צום אָפּשטעל. אַלס געוועזענער ספּרינטער האָב איך געוווּסט, אַז ס'איז ניט קיין פּאַשעטער רעזולטאַט — דאָס איז נאָענט צו דער ערשטער קאַטעגאָריע.

— ביטע, מיר קאָנען אַ פּרוּוו טאָן כאַטש באַלד. — אָבער אין איין האַנט האָב איך געהאַלטן דעם פּאָרטפֿעל מיטן מאַגניטאָפֿאָן, און דעריבער האָב איך געמיינט, אַז בעסער איז זיך אָפּזאָגן פֿונעם אַנטייל אינעם געווּעט־לויף. קיין שום שאַנסן האָב איך שוין ניט געהאַט...

אין עטלעכע טעג אַרום האָט די קאָנפֿערענץ זיך פֿאַרענדיקט, און צוזאַמען מיט איר אויך מײַן קאָמאַנדירונג קיין באַקו.

אין מאָסקווע, ווען ס'האָט זיך אויסגעגעבן פֿרײַע צײַט, האָב איך אַריבערגעטראָגן די פֿאַרשריבענע באַקוער קאַסעטעס אויף פּאַפּיר און אַרײַנגעלייגט די נאָטיצן אין אַ ספּעציעלן פּאַקעט, באַטיטלענדיק אים „מײַן רײַזע קיין באַקו“. העכער דרײַ יאָר איז דער פּאַקעט געלעגן אָן באַוועגונג, דערגאַנצט געוואָרן מיט נײַער אינפֿאָרמאַציע, מיט אויסשניטן פֿון צײַטונגען און זשורנאַלן, מיט אַנדערע מאַטעריאַלן צוליב דער דערציילונג וועגן איינעם אַן אינטערוויו מיט גאַרי קאַספּאַראָוון.

# נאָכוואָרט

אַלזאָ, אונדזער דערציילונג האָט זיך פֿאַרענדיקט ערעוו דעם ערשטן גערענגל צווישן קאַרפּאָוון און קאַספּאַראָוון. דער אויטאָר האָט אויסגעדריקט זיכערקײַט, אַז דער געפּעכט צווישן די שאָך־גיגאַנטן וועט דורכגיין אין אַ פֿאַרכאַפּנדיקן קאַמף. די רעאַלע געשעענישן האָבן, ווי מיר ווייסן, איבערגעשטיגן אַלע האָפֿענונגען.

פֿאַר דרײַ יאָר זײַנען אין דער שאָך־וועלט פֿאָרגעקומען פֿיל געשעענישן און איבערקערענישן, די וויכטיקסטע פֿון וועלכע איז — דער אומבײַט פֿונעם קיניג. לאָמיר זשע אַ וואַרף טאָן אַ רעטראָספּעקטיוון בליק אויף די דרײַ דורכגעגאַנגענע מאַטשן פֿאַר דער שאָך־קרוין.

דער ערשטער מאַטש האָט גענומען דעם סטאַרט אין סעפּטעמבער 1984. צוערשט איז קאַספּאַראָוו געווען געשטימט ביז גאָר אַגרעסיוו. די ריזיקע איבער דער מאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אין די ערשטע נײַן פּאַרטיעס האָט דער פּרעטענדענט געליטן פֿיר מפּלות. אַלע האָבן געמיינט, אַז אויף דעם פֿינאַל פֿונעם גערענגל איז שוין ניט לאַנג צו וואַרטן. דאָ אָבער האָט קאַספּאַראָוו, לויט באָטווינִיקס אייצע, אײַנגאַנצן געענדערט די טאַקטיק פֿונעם קאַמף, אָנגעהויבן האַנדלען ביז גאָר פּאָרזיכטיק, מיט כיישעק אײַנגעגאַנגען אויף רעמי. ווײַט אויס, אַז פֿאַר אים איז געשטאַנען איין אויפֿגאַבע: פֿאַרטײַשן די ביטערקײַט פֿון די סטאַרט־מפּלות. לויט אַלעמענס מיינונג, איז אַן ערנסטן פּסיכאָלאָגישן פֿעלער באַגאַנגען קאַרפּאָוו. אַנשטאָט אַ פּרוּוו טאָן אויסניצן דעם „נאָקדאַון“ פֿון זײַן קאָנקורענט האָט ער אויך אָנגעהויבן אויסוואַרטן. קאַרפּאָוו האָט באַשלאָסן אומבאַדינגט געווינען דעם מאַטש מיטן כעזשבן 6:0, האָפֿנדיק אויף אַזאַ אופֿן אויף שטענדיק דערדריקן דעם קעגנער. נאָך אַזאַ קאַטאַסטראָפֿע, האָט ער געטראַכט, איז שוין אַ ספֿק, צי קאַספּאַראָוו וועט ווען־עס־איז זיך פֿאַרמעסטן אויף דער קרוין. אין סאַכאַקל איז אינעם מאַטש אײַנגעשטעלט געוואָרן אַן אוניקאַלער רעקאָרד: 17 רעמי נאָכאַנאַנד. נאָך דעם האָט קאַרפּאָוו אויסגעשפּילט די פֿינפֿטע פּאַרטיע, און זײַן פּלאַן, וואָלט זיך געדאַכט, איז געווען נאָענט צו אַ פֿאַרווירקלעכונג. אין אָט דעם מאָמענט אָבער האָט אויף דער שפּיל פֿון די קאָנקורענטן אָנגעהויבן נאַטירלעך זיך אָפּרופֿן די מידקײַט. און מעגלעך, אַז דער אומשטאַנד, וואָס קאַספּאַראָוו איז ייִנגער פֿון זײַן פּאַרטנײַאָר אויף 12 יאָר, האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָליע. אַזוי צי אַנדערש, נאָר די איניציאַטיוו איז צוביסלעך אַריבער צום פּרעטענדענט און נאָך דרײַ ניצחונות אַפֿן פֿיניש האָט דער כעזשבן 5:0 (קאַרפּאָוו האָט אים דערגרייכט צו דער 30־טער פּאַרטיע) זיך פֿאַרוואַנדלט אין 5:3.

ס'איז שוין פֿון לאַנג אַרויסגעזאָגט געוואָרן די מיינונג, אַז דער גערענגל האָט זיך אומגעהײַער פֿאַרצויגן, אַז אַלע — די ריכטער, אָרגאַניזאַטאָרן, צושויער, — זײַנען שוין מיד געוואָרן, דאָס געזונט פֿון די אָנטיילנעמער איז אין אַ סכּנה און מע דאַרף ווי־ניט־איז לייזן די דאָזיקע פּראָבלעם. ניט געקוקט אויף דעם, האָט דער באַשלוס פֿונעם פּרעזידענט גראַב ברעכן די כּללים פֿון דורכפֿירן די שפּיל, אַרויסגערופֿן פֿיל פּראָטעסטן. די זאַך האָט זיך פֿאַרטיפֿערט דערמיט, וואָס דער מאָמענט אויף אָפּצושטעלן דעם מאַטש איז אויסגעקליבן געוואָרן דער סאַמע ניט־צוגעגנגלעכער. דערבײַ זײַנען געווען אומצופֿרידן ביידע פּאַרטנײַאָרן. קאַספּאַראָוו האָט צום ערשטן מאָל פֿאַר פֿינף כאָדאָשים דערפֿילט, אַז ער האָט געפֿונען זײַן שפּיל. און קאַרפּאָוו, ניט געקוקט אויף דער מידקײַט, האָט פֿאַרגעזעצט לײַדן און ניט געצווייפֿלט אינעם ענדגילטיקן דערפֿאָלג. געבן אַן איינדײַטיקן ענטפֿער, ווען עס איז געווען לויִנבאַר אָפּצושטעלן דעם מאַטש, איז אוממעגלעך אויך הײַנט, אין דרײַ יאָר אַרום. אין אַ

באַליביקן פֿאַל האָבן קאַספּאַראָווס פֿאַרערער ניט געצווייפֿלט, אַז דער באַשלוס פֿונעם פּרעזידענט פֿון „פֿידע" איז געריכטעט קעגן זייער אָפּגאָט. און ווירקלעך, צוליב דעם איז געווען אַ גרונט, ווײַל דעם לעצטן פּונקט אין אָט דעם מאַטש האָט געשטעלט נאָך צוויי ניצחונות נאָכאַנאַנד קאַספּאַראָוו. מע דאַרף אָבער ניט פֿאַרגעסן, אַז פֿאַר די פֿינף חדשים פֿון דער שפּיל האָט דער פּרעטענדענט אָפּגעהאַלטן בלויז דרײַ ניצחונות — אַ העלפֿט פֿון דער נאָרמע. און אויסשפּילן נאָך דרײַ פּאַרטיעס איז געווען פֿיל קאָמפּליצירטער, איידער דערלאָזן איין פֿעלער...

אַזוי צי אַנדערש, נאָר די 48־טע פּאַרטיע איז געווען די לעצטע, און אין סעפּטעמבער 1985 האָט גענומען דעם סטאַרט אַ נײַער געראַנגל. דאָס מאָל איז די צאָל פּאַרטיעס באַגרענעצט געוואָרן מיט דער ציפֿער 24, און קיין שום אומדערוואַרטקײַטן זײַנען שוין ניט פֿאָרויסגעזען. קאַספּאַראָוו האָט געמאַכט אַן אויספֿיר פֿון דעם ערשטן געראַנגל, האַגאַם ער האָט ניט געביטן זײַן אַקטיוון, שאַרף־קאָמבינאַציִעלן סטיל. די ערשטע העלפֿט איז דורכגעגאַן אין אַן אָנגעשטרענגטן קאַמף און זיך פֿאַרענדיקט מיט אַ גלײַכן כעזשבן — 6:6. ווײַטער אָבער איז דער איבערוואָג פֿון דעם באַקוער גראָסמייסטער געוואָרן אַ פּילבאַרער, און אין סאַכאַקל האָט ער גענומען די אויבערהאַנט מיט אַ פֿאָרצוג פֿון צוויי אייגלעך — 13:11 לעטויוועס קאַספּאַראָוון. די שאָך־וועלט האָט באַקומען אַ נײַעם לידער.

דער מאַטש־רעוואַנש איז פֿאָרגעקומען אין אַ מערקווירדיקן יאָר — אין הונדערטסטן יאָרטאָג זינט ס'איז פֿאַנאַנדערגעשפּילט געוואָרן די שאָך־קרוין. דער דריטער מאַטש צווישן קאַספּאַראָוון און קאַרפּאָוון האָט ווירדיק אָפּגעמערקט דעם יובֿילײַ. דער מאַטש האָט געגעבן פֿיל אינטערעסאַנטס סײַ אין טעאָרעטישער, סײַ אין ספּאָרטיווער הינזיכט. צום ערשטן מאָל נאָך דעם מאַטש־טורניר פֿון 1948 (עס האָט דעמלט געזיגט מ. באָטווינניק) איז דער געראַנגל דורכגעפֿירט געוואָרן אין צוויי לענדער — די ערשטע העלפֿט איז פֿאָרגעקומען אין לאָנדאָן, די צווייטע — אין לענינגראַד. די „פֿידע" האָט אָנגענומען אַזאַ באַשלוס, קעדיי פּאָפּוליאַריזירן שאַכמאַטן אין דער גאָרער וועלט. די אידיי האָט, מעגלעך, זיך באַרעכטיקט, אָבער זי האָט געבראַכט געוויסע אומבאַקוועמלעכקײַטן די אָנטיילנעמער פֿונעם מאַטש.

די לאָנדאָנער העלפֿט פֿונעם מאַטש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שאַרפֿקײַט. קאַספּאַראָוו איז געווען פֿאָרויס מיט איין אייגל. נאָך זײַנע צוויי לענינגראַדער ניצחונות (אין דער 14־טער און 16־טער פּאַרטיעס) איז דער כעזשבן געוואָרן פֿאַרן עקס־טשעמפּיאָן אַ קאַטאַסטראָפֿאַלער, דער אײַנרײַס האָט דערגרייכט דרײַ אייגלעך. קאַספּאַראָוו האָט געהאַלטן, ווי ער אַליין האָט אָנערקענט, אַז די זאַך איז אָפּגעטאָן און זיך דערלויבט אַ ביסל זיך אָפּשוואַכן. די שטראָף, ווי עס רעדט זיך, האָט ניט לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך. צום ערשטן מאָל איז אויסגעקומען דעם וועלט־טשעמפּיאָן, ווי באָטווינניק האָט באַמערקט, אָפּצוגעבן אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן עקזאַמען אויף רײַפֿקײַט. דעם עקזאַמען האָט ער אויסגעהאַלטן דערפֿאָלגרײַך. קאַספּאַראָוו האָט אָפּגעשפּילט אַ גלענצנדיקע 22־טע פּאַרטיע, שאַפֿנדיק אַן עמעסדיק קונסטווערק. נאָך צוויי רעמי האָבן אונטערגעצויגן דעם סאַכאַקל: 12,5:11,5. גאַרי קאַספּאַראָוו האָט פֿאַרהיט די קרוין.

נאָכן ניצאָכן אינעם סופּערפֿינאַל איבער אַנדריי סאָקאָלאָוון האָט דער עקס־טשעמפּיאָן ווידער אַרויסגערופֿן אויף אַ דועל זײַן קעגנער. און אָט זײַנען מיר שוין גרייט צו שפּירן נאָכן גאַנג פֿונעם געראַנגל אין זייער נײַעם, שוין פֿערטן מאַטש.

אין די לעצטע יאָרן האָט גאַרי קאַספּאַראָוו געגעבן אומצאָליקע אינטערוויוען (ניט ווי אין דעם ווײַטן, 1980־טן) — קימאַט אַלע „פֿאַרינטערעסירטע" זשורנאַלן און צײַטונגען. זײַן פּאָפּולערקײַט איז אומגעהײַער אויסגעוואַקסן. אַ סאַך געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס האַלטן פֿאַר אַ קאָוועד, ווען אין זייער אַרבעט באַטייליקט זיך דער שאָך־קיניג. איך וועל דערמאָנען, צום בײַשפּיל, אַז קאַספּאַראָוו איז דער פּרעזידענט פֿון דעם ערשטן קינדערשן קאָמפּיוטער־קלוב אינעם לאַנד. אַזויאַרום העלפֿט קאַספּאַראָוו מיט אין די לעצטע יאָרן, ניט געקוקט אויף זײַן בעפּיירעשן הומאַניטאַרן אָפּנייג, אויך דעם טעכנישן פּראָגרעס...

אין זײַנע אינטערוויוען באַלויכט קאַספּאַראָוו געניי דעם גאַנג פֿונעם קאַמף אין די געראַנגלען, שטעלט זיך אָפּ אויף פּסיכאָלאָגישע דעטאַלן, דערקלערט דעם אויסוואַל פֿון די אָדער יענע דעביוטן, דעם פּלאַן פֿון דער פּאַרטיע, אַפֿילע גענג. די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציע איז אינטערעסאַנט גיכער פֿאַר ספּעציאַליסטן און קענער פֿון שאַכמאַטן. מיר וועלן אָבער דערגאַנצן די דערציילונג מיט פֿינף פֿראַגעס צו קאַספּאַראָוון אויף „אַלגעמיינע טעמעס". פֿאַרגעבן זײַנען זיי געוואָרן באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט דעראָבערט די קרוין.

— אַ טראַדיציאָנעלע פֿראַגע: וואָס באַטײַטן שאַכמאַטן, וויאַזוי פֿאַרשטייט זיי דער שאַכמאַטיסט נום. 1?

— ס'איז אַ סאָפּעק, צי מע קאָן דערקלערן דעם טאָך פֿון שאַכמאַטן פֿינקטלעך. און אין דעם איז עפּשער זייער אייגנאַרטיקײַט און צוציִונגס־קראַפֿט. שאַכמאַטן זײַנען דורכגעגאַנגען אַ וועג פֿון אַ פֿאַרווײַלונגס־שפּיל, אַזוי צו זאָגן, פֿון אַ „קאָפּע"־שפּיל ביז אַ גאָר ערנסטער פֿאַרנעמונג, אַפֿילע קונסט. די

צוטריטלעכקייט פון דער שפיל און איינציייטיק א מין געהיימניס־אָרעאָל, וועלכע זי אנטהאלט, ציִען צו אלץ נייע און נייע ענטוזיאסטן, צווינגענדיק זיי פארפולקומען סיי זיך אליין, סיי די שאכמאטן גופא. איך קאָן זיך באנוצן מיטן טראדיציאָנעלן באגריף פון שאכמאטן ווי א הארמאָנישן געשמעלץ פון כפאָרט, וויסנשאפט און קונסט. יעדן שאכמאטיסט, דערונטער דעם וועלט־טשעמפּיאָן, איז מער נעענטער לויטן גייסט דער אָדער יענער קאָמפּאָנענט. באָטווינניק, לאָמיר זאָגן, האָט אויסגעטיילט דעם וויסנשאפטלעכן אספּעקט. קארפּאָוו האָט אנטוויקלט די ספּאָרטיווע זייט פון שאכמאטן, וועלכע איז ביז אים געבליבן ווי אין א שאָטן. פאר מיר זיינען שאכמאטן א קאמף און כפאָרט, אָבער איך פיל בעכוש זייער ווארשיינלעכקייט, ווי אן איבערפלעכטונג פון דער וויסנשאפט און קונסט. איך שטרעב קעסיידער צו פארטיפערן מיינע קענטענישן, צו אן אָנגעשטרענגטער פאָרשונגס־ארבעט, צו פארפילן די רעזערוון פון אידייען. דאָס גיט מיר א מעגלעכקייט צו שאפן א גרויסע צאָל פּאָזיציעס (א באנק פון קענטענישן!), אין וועלכע איך אָריענטיר זיך גאנץ לייכט. אפּאָנעם, אז פאר מיר איז אייגנטימלעך א ווייטע אויסרעכענונג, א געקייפלטע אף טעמפּ און איניציאטיוו. אָבער מיין עצעם שפיל איז געבויט, וואָלט איך געזאָגט, אף די סאמע אלגעמיינע, קלאסישע געזעצן פון שאכמאטן.

— וואָס פאר א ראָליע שפּילן שאכמאטן אין דער הייַנטצייטיקער וועלט?

— פארן לעצטן יאָרצענדליק איז זי וועזנטלעך געוואקסן. דערביי אף אלע ניוואָען. פארשטייט זיך, באזונדערס האָט עס זיך אָפּגעשפּיגלט אפן קאמף פארן העכסטן טיטל. דער געזעלשאפטלעכער אינטערעס איז אָפּהענגיק פונעם לידער. נאָך פישערן איז קארפּאָוו געוואָרן א שפּילנדיקער טשעמפּיאָן, און ער איז קעסיידער געווען פאר אלעמענס אויגן. אונדזער צווייקאמף מיט קארפּאָוון האָט ארויסגערופן א נייע כוואליע פון אן אלגעמיינעם אינטערעס צו שאכמאטן אין דער גאָרער וועלט. פיל מענטשן האָבן מיט אומגעדולד געוואַרט אף דעם צוזאמענשטויס פון צוויי שפּעפרישע ריכטונגען, און די דאָזיקע דערווארטונגען האָבן פולקום זיך בארעכטיקט, ווייל שפּעפרישער קאָנפליקט — דאָס איז אן אימפּולס פאר דער ווייטערדיקער אנטוויקלונג פון שאכמאטן. אונדזער אוראלטע שפּיל וועט, אָן סאָפעק, באקומען נאָך א גרעסערע פארשפּרייטונג. אזא איז די האשפּאָע פון כאָכמע, אזא איז איר קראפט. די צייט ארבעט אף שאכמאטן, — דאָס איז מיין פעסטע איבערצייגונג.

— וויאזוי זעסטו זייער ווייטערדיקע אנטוויקלונג?

— מיר דוכט, אז אן אמערסטן פּערספּעקטיווער וועג — דאָס איז די באהעפטונג פון טאלס שיינעם סטיל מיט קארפּאָווס ראציאָנעלער מאניר. איך פארזענלעך בין אָן אָנהענגער פון ראפינירטע באגייסטערטע שאכמאטן, נאָענטע צו קונסט, וועלכע פארשאפן די ליבהאָבער עכטן עסטעטישן פארגעניגן. אין דעם זין איז דער מאטש פארן טיטל פון וועלט־טשעמפּיאָן, לויט מיין מיינונג, אן אנטשיידנדיקער אינעם פעסטשטעלן דעם הערשנדיקן סטיל. דאָס פארשפּרייט זיך, אגעוו, אויך אף פוטבאָל. לאָמיר דערמאָנען כאָטשבי די סעריע ניצכוינעס, וועלכע ס׳האָט זיינערצייט אָפּגעהאלטן די זאמל־קאָמאנדע פון האלאנד. זי האָט פאָרגעלייגט א נייעם סטיל, און אין איין אויגנבליק האָבן אלע אופגענומען דעם טאָטאלן פוטבאָל. עפּשער ניט אזוי? די צוגן גייען פאָרויס אדאנק די לאָקאָמאָטיוון.

— וואָס האָבן די שאכמאטן געגעבן דיר, און וואָס האָסטו געגעבן די שאכמאטן?

— שאכמאטן איז דער זין פון מיין לעבן. אָבער ניט אינגאנצן דער זין. מיט דער היילף פון שאכמאטן, ווי אליאָכין האָט געזאָגט, קאָן מען דערציִען דעם כאראקטער. שאכמאטן קאָנען ניט אנטוויקלען אין דעם מענטשן דאָס, וואָס אין אים איז ניטאָ, אָבער אנטוויקלט דאָס, וואָס אין אים איז פארלייגט. איך בין דאנקבאר די שאכמאטן קוידעמקאָל פאר דעם, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט קלאָרער צו פארשטיין זיך אליין, אויסוויילן דעם וועג אינעם לעבן. אויב ס׳איז ריכטיק, אז א טשעמפּיאָן פארברייטערט די האָריזאָנטן פון דער פאָרשטעלונג פון מענטשן וועגן דער שפּיל, איז, מיסטאמע, געלינגען עפּעס־וואָס אופטאָן אויך מיר. און איך בין צופרידן, וואָס ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן אונטערצוקלייבן נייע שליסלען צו נאָך מער פארשטיין די טיפקייט פון שאכמאטן.

— אין א סאך פאָרמען פון ספּאָרט דערשלאָגן זיך דערפאָלג אלץ אָפטער יונגע מענטשן. דו האָסט דערגרייכט די הייך אזוי יונג. צי הייסט עס, אז שאכמאטן ווערן אויך יונג? צי דען וועט די טענדענץ, אז שאכמאטן ווערן ייִנגער, זיך פארהיטן און מיר וועלן וועדעס־איז זען נאָך א מער ייִנגערן שאָך־קיניג?

— ביכלאל זיינען 22 יאָר פאר שאכמאטן ניט אזוי פיל. מער דערפארענע שאכמאטיסטן פילן ראפינירטער די ניואנסן פון דער פּאָזיציע, קלייבן זיך טיפער פּאנאנדער אין דער פּסיכאָלאָגיע פונעם פּאָרטניאָר און פון דער שאכמאט־טעאָריע. אָבער די מעגלעכקייטן פונעם יונגן דאָר זיינען פיל העכער, איידער עס דאכט זיך אויס אפן ערשטן קוק. לאָמיר, צום ביישפּיל, נעמען די זעקס פירנדיקע שאכמאטיסטן אין דער וועלט: דה., אז דער איבערוואָג איז בעפּיירעש אף דער זייט פון די גראָסמייסטערס, וועלכע זיינען נאָך ניט אלט קיין 25 יאָר. פארוואָס? פארשטייט זיך, אז סאָקאָלאָוו האָט ווייניקער דערפארונג, איידער טאל און סמיסלאָוו, אָבער זיי פארמאָגן אויך באשיימפּערלעכע פאָרצוגן. דער פאנאטישער גלויבן אין זייערע מעגלעכקייטן, אין זייער פּאָזיציע, דער דראנג, וועלכער קאָן אָפּווישן

אַלע באַריערן אויפֿן וועג. אַגעוו, האָט אַלץ א גרענעץ. 20 יאָר זײַנען, זעט אויס, פֿאַר שאַכמאַטן א קריטישער פּונקט. און ס'א סאַפּעק, צי פֿריִער פֿון אַט דעם עלטער וועט עמעץ־ווער אַרויף אויפֿן אָלימפּ. אַלזאָ, עס שטייט פֿאַר א נײַער צווייקאַמף צווישן צוויי קאַרפּייען! און פֿאַרן אָנהייב זײַנעם לאָמיר ווידער הערן, וואָס עס זאָגט איינער פֿון די העלדן פֿון אונדזער דערציילונג — לעאָניד זאָרין.

— מיט פֿולן גרונט קאָן איך באַטאָנען, אַז קאַספּאַראָוו און קאַרפּאָוו זײַנען „היסטאָרישע קעגנער" אינעם געגעבענעם פּעריאָד פֿון גרויסע שאַכמאַטן. היסטאָרישע קעגנער זײַנען געווען מאַקדאָנעל און לאַבורדאָנע, מאָרפֿי און אַנדערסען, טשיגאָרין און סטייניץ, אין אונדזער יאָרהונדערט — אַליאָכין און קאַפּאַבלאַנקאַ, באָטווינִיק און סמיסלאָוו, באָטווינִיק און טאַל, ספּאַסקי און פּעטראָסיאַן. די אָדער יענע עפּאָכע רוקט אַרויס אויף דער אויבנאָנסצענע צוויי גיגאַנטן — זיי דריקן אַמערסטן פֿול אידעאַל אויס די כאַראַקטעריסטישע פֿאַר זיי אָנשטרענגונגען. און קעדיי פֿעסטשטעלן, וועמענס אָנשטרענגונגען וועלן טריומֿפירן, פֿאָדערט זיך צײַט. מע קאָן גאָרנישט ניט טאָן — מיט אַזאַ קאָנצענטרירטקייט ווערן באַשטימט זייערע צוגאַנגען צו געפֿינען דעם עמעס, אַזוי ווײַט גייען זיי אַוועק פֿון אַנדערע זוכער פֿון דעם בלאָוון פֿויגל. עמעס, אַליאָכין און קאַפּאַבלאַנקאַ האָבן זיך באַגעגנט אין א מאַטש בלויז איין מאָל, אָבער לויטן אָנגלי און אינהאַלט האָט די ווערט זייער מאַראַפֿאָן דרײַ צווייקאַמפֿן. דער צווייקאַמף צווישן קאַספּאַראָוו און קאַרפּאָוו שטײַגט איבער אַלע, וועלכע זײַנען פֿאָרגעקומען ביז דאַן. מיר זײַנען געווען אייִדעס פֿון דרײַ געפֿעכטן, און אַט הייבט זיך אָן אײַנגיכן דער פֿערטער. ס'קאָן זײַן, אַז אויך ער איז ניט דער לעצטער.

וועגן דער קוואַליטעט פֿון די פּאַרטיעס פֿון די היסטאָרישע קעגנער איז געזאָגט געוואָרן זייער א סאַך. די קוואַליטעט איז טאַקע בעעמעס העכער פֿון אַלע לויב־געזאַנגען. וועגן דעם „מענטשלעכן פֿאַקטאָר" האָט מען אויך ניט איין מאָל געשריבן און גערעדט. דאָס איז טאַקע ווירקלעך, ווי מע זאָגט: א קאָסע האָט זיך אָנגעשטויסן אויף א שטיין. אין דעם מאַטש־רעוואַנש האָבן מיר געזען כאַראַקטערן פֿון א זעלטענער קראַפֿט. וועגן דעם, אַז קאַספּאַראָוו איז פֿעיִק אַרויסווײַזן א וווּנדערבאַרן ווילן און פֿעסטקייט, איז קלאָר געוואָרן נאָך אינעם ערשטן גערangל, ווען נאָך דער נײַנטער פּאַרטיע זײַנען אַבסאָליוט אַלע געווען זיכער, אַז דער מאַטש האָט זיך פֿאַרענדיקט. אַלע, נאָר ניט קאַספּאַראָוו.

אינעם לעצטן מאַטש האָט אַרויסגעוויזן ווונדער פֿון זײַן כאַראַקטער קאַרפּאָוו. נאָך דער מאַפּאָלע אין דער זעכצנטער פּאַרטיע האָט דער אײַנרײַס דערגרייכט דרײַ אייגלעך, און אין אַט דער סיטואַציע זײַנען די דרײַ ניצחונעס נאָכאַנאַנד — אַן עמעסער העלדנטאַט! דערבײַ האָט זיך אויסגעקלאָרט, אַז אויך דעם וועלט־טשעמפּיאָן איז קיין שום מענטשלעכס ניט פֿרעמד. איך מיין, אַז נאָך דעם פֿערטן זיג איז קאַספּאַראָוו אַרײַנגעפֿאַלן אין א געוויסער אייפֿאָריִע — אין דער זיבעצנטער פּאַרטיע האָט ער אַרויסגעוויזן זאָרגלאָזיקייט, איבערכאַזערנדיק דעם געפֿערלעכן וואַריִאַנט, אין דער אַכצנטער האָט אים ניט געקלעקט קיין געזונטן פּראַגמאַטיזם. די דאָזיקע צוויי מאַפּאָלעס האָבן צוגעגרייט די דריטע — די נײַנצנטע איז אָן ספֿק געווען קאַרפּאָווס העכסטע דערגרייכונג. אַגעוו, נאָך דעם קאַלטן דוש האָט דער טשעמפּיאָן אַנטפּלעקט זײַנע בעסטע אייגנשאַפֿטן און האָט אויף א טשעמפּיאָנישן אופֿן דורכגעפֿירט דעם ענדשפּיל, אָפּגעהאַלטן א פֿאַרדינטן זיג.

אַזעלכע זײַנען מײַנע קורצע אײַנדרוקן וועגן דעם מאַטש־רעוואַנש. איך גרייט זיך אָבער שוין צום נײַעם מאַטש...

■ ■ ■

## מיט דער ליכט פון מײַנע אויגן

איך נעם דעם ערדקײַלעך ארום,
באשײַן אים מיטן רעגנבויגן,
מיט אלע שטראלן פון דער זון
און מיט דער ליכט פון מײַנע אויגן.

וואָס האָב איך נאָך אין מײַן רעשוס? —
דאָס הארץ, דעם שווונג פון דער נעשאָמע,
מײַן היים, וואָס רופט זיך ווירדיק: русь,
און דאָרט, בלויז דאָרט מײַן גוטן נאָמען.

און דאָס, וואָס אינעם הארץ איך טראָג
און וואָס עס איז מיר ליב און טײַער, —
איך וויל ניט, אז אין איין פארטאָג
דאָס אלץ אוועק זאָל מיטן פײַער.

איך נעם דעם ערדקײַלעך ארום
מיט אלע זײַנע מינדסטע פראָטים,
ווען נאָך דער העלקײַט פון דער זון
לויפט נאָך אן אָנגעשיקטער שאָטן...

## די ערד נאָך א רעגן

א גליקלעכע וועלט
איז פאר אלעמען אָפן,

מע דארף עס פארשטיין נאר
און לעבן און האָפן
אף נײַע פארטאָגן,
צעשײַנטע און בונטע,
און זען, ווי עס קוועלן
די פעלדער צעזונטע,
ווי ס'עפנט די וועלט זיך
אלץ ברייטער און טיפער,
און פילן, ווי לוסטיק
די ווינטלעך שטיפן.

ווי ס'שמעקן די בלומען
מעכײַעדיק-פּאשעט
און ריידן אף זייער
פארקישעפטן לאָשן.

ווי בערײַשיסדיק פריש
איז די ערד נאָך דעם רעגן,
ווי גוט, ווען א פרײַנט
מיט א פרײַנט זיך באגעגנט.

און אויסזוכן וועגן
צו זויבערע קוואלן,
צו מענטשלעכער גוטסקײַט,
וואָס ווערט ניט פארפאלן.

א גליקלעכע וועלט
איז פאר אלעמען אָפן,
מע דארף נאָר דאָס בייז
אינעם לעבן באשטראָפן.

## מײַן פּאָזיציע

פון בלענדיקע בליצן
זי איז אויסגעטאָקט,
מײַן פעסטע פּאָזיציע
אין הארצן איך טראָג.

זי האָט אף זיך שראַמען,
צו גוטסקײַט זי שטרעבט,
מיט איר כ'בין צוזאַמען,
ביזוואנען איך לעב.

זי האָט וואָס צו שענקען
און האלט זיך גערעכט,
פאר מענטשלעכער שײַנקײַט
זי רופט אין געפעכט.

אין קעלט און אין היצן,
בטאָג און באנאכט
איך האָב מײַן פּאָזיציע
פארטײַדיקט אין שלאַכט.

זי האָט מײַן נעשאָמע
אין פײַער דערקענט,
מײַן ייִדישן נאָמען
איך האָב ניט פאַרשעמט.

ס'איז יענע פּאָזיציע
געווען מײַן אָקאָפּ
זי ציט זיך און ציט זיך
און לאָזט מיך ניט אָפּ.

אויך איצט, ווי געווען איז,
מיט איר איז ניט לײַכט,
נאָר כ'פּיל זיך בעעמעס
געשאָמעדיק רײַך.

זי גיט מיר צו וויסן
ווו שטיין און ווו גיין,
עס זאָל דאָס געוויסן
דער עמעס זײַן ריין.

כ'בין גרייט זי באַשיצן
באַנאַכט און באַטאָג.
מײַן פעסטע פּאָזיציע
אין האַרצן איך טראָג.

אָן איר, אין צעשיידונג
ניט קענען כ'וועל זײַן,
ווען כ'זאָל אין גאַניידן
אַפילו אַרײַן.

# כראָניק

## א מעדאַל לעקאָווועד דעם אָנדענק פון שאָלעם אַשן

לויט דער איניציאַטיוו פון די אײַנוווינער פון דער שטאָט קוטנא (פּוילישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק), האָט די אָרטיקע גע־זעלשאַפטלעכקײַט אַרויסגעלאָזט אַן אָנדענק־מעדאַל, געווידמעט דעם 30־טן יאָרצײַט פון זייער כאַשעוון לאַנדסמען שאָלאָם אַש. אַף דער מעדאַל זײַנען אויס־געקריצט אין ייִדיש און פּויליש די ווערטער: „צום אָנדענק פּר־נעם באַרימטן שרײַבער שאָלעם אַש", באַגלייט מיט זײַנעם אַן אַפאָריזם: „די ווײַסל רעדט צו מיר ייִדיש".

## געווידמעט שאָלעם־אַלייכעמען

א געוויינלעך קעסטעלע פון שוועבעלעך. פון דער עטיקעטקע וואַרפן זיך אין די אויגן שאָ־לעם־אַלייכעמס פּאָרטרעט און צוויי דאַטעס: 1859—1916 און אַן אונטערשריפט: „שאָלעם־אַלייכעם — 125 יאָר פון זײַן געבורטסטאָג". אַזוי האָט אויסגעפורעמט אַ סעריע פון איר פּראָדוקציע די טאָמסקער שוועבעלעך־פאַבריק „סיביר" לעקאָווועד דעם גרויסן שרײַבער.

## אלעקסאנדער ליזען

# כאַפּערלעך

### 1

מיר האָבן זיך געשפּילט אין כאַפּערלעך.

כאַפּערלעך? ס'איז דאָך א קינדער־שפּיל.

איז וואָס? עפּשער טאַקע דערפאַר. עפּשער האָבן מיר זיך געוואָלט געזעגענען מיט אונדזער קינדהײַט און פאַריינוועגס מיט אונדזער פאַנקעווקע פאַרן אוועקפאָרן קיין דודינקע. און עפּשער...

די אויגן זײַנען געווען בא מיר פאַרבונדן מיט שיפרעס קאָסינקע, איך בין געשטאַנען אינמיטן צוויקס הויף. מיט א פאַריסענעם קאָפּ בין איך געשטאַנען און מיט צעשפּרייטע הענט, ארום מיר האָבן פון אלע זײַטן זיך געדרייט ייִנגלעך און מיידלעך, געלאַכט און געשריִען: „אָט בין איך! אנו, פּרווו כאַפּ מיך!..״ מערער פון אלעמען און קוויטשיקער פון אלעמען האָט, פאַרשטייט זיך, געשריִען די קליינע צירעלע. זי האָט שטאַרק געוואָלט, איך זאָל זי כאַפּן, זי האָט אפילע מיך געצופּט פאַרן העמדל, איך אָבער האָב מיט א פאַריסענער נאָז אײַנגעאָטעמט דעם רייעך פון דער קאָסינקע, וועלכע כ'האָב אומבאמערקט אראָפּגעצויגן א קאַפּעלע נידעריקער, און לויטן רייעך געוואָלט אָנשמעקן צווישן דעם ווירוואר שיפרען, כאַפּן זי אין מײַנע צעשפּרייטע אָרעמס און צודריקן צו מײַן ברוסט.

ניט איך האָב פאַרגעלייגט די שפּיל, נאָר גאָר דער באַשיידענער פּיניע. איידער מע האָט אים פאַרבונדן די אויגן, האָט ער אראָפּגענומען די ברילן, נאָר פאַר דעם א זײַטל געטאָן מיט איין אויג צום עק פלויט, ווו ס'איז מיט א צעפּאַטלטער, צו גרויסער פאַר איר דאַרינק פּענעמל, קוטשמע שוואַרצע האָר געשטאַנען מירע. מיט אומגעשיקט צעשפּרייטע הענט האָט פּיניע זיך גלײַך א לאָז געטאָן צום פלויט, נאָר מירע האָט שטיל, ווי א שאָטן, זיך דורכגעגליטשט מיט א נידעריק אָנגעבויגענעם קאָפּ אונטער זײַנע הענט און צוגעשאַרט זיך צו דאַדיקן. ווי שטיל אָבער זי האָט דאָס ניט געטאָן. האָט פּיניע עס אלציינס דערהערט (אויערן האָט ער געהאַט בעסערע ווי אויגן) און א וואָרף געטאָן זיך אהין מיט אויסגעשטרעקטע הענט, וואָס האָבן עטוואָס געציטערט פון אופרעגונג און פרייד, און געפּאַקט אין זײַנע אָרעמס... דאַדיקן, וואָרעם אין דער לעצטער רגע האָט מירע באַוויזן צו באַהאַלטן זיך הינטער דאַדיקס ברייטער פּלייצע. צירעלע האָט געכאַפּט א שעלמישן קוק אף איר שוועסטער גנעסיען, און דאָס איז געווען גענוג, זיי זאָלן זיך ביידע גלײַך צעלאַכן אף א קאָל, און לאַכן האָבן זיי געלאַכט אזוי געשמאַק, אז אלע האָבן געמוזט לאַכן צוזאַמען מיט זיי.

אצינד האָט מען פאַרבונדן די אויגן דאַדיקן. דאָס האָט געטאָן מירע. זי האָט מיט איר טיכל אים פאַרבונדן די אויגן און געבליבן שטיין דאָרטן, ווו זי איז געשטאַנען, ס'איז אים געווען גענוג, דאָ־ווידן, אויסשטרעקן די האַנט, ער זאָל כאַפּן מירען. האָט ער אָבער דאָס ניט געטאָן. ער האָט אזוי לאַנג געקנייטשט דעם שטערן און די נאָז, ביזוואַנען דאָס טיכל האָט זיך א ביסל פאַנאַנדערגעלאָזט. דאַן האָט ער מיט איין האַלב־אָפּן אויג דערזען דורך דער שיטער געוואָרענער בלויקײַט פון אן אויסגענייטער קווייט אפן טיכל וויטע פּויזנער מיט אירע געדיכטע העל־קאַשטאַנעווע קודלעס און זיך א לאָז געטאָן גלײַך צו איר, און מירע האָט אראָפּגעלאָזט נידעריקער דעם קאָפּ אירן, קלוימערשט זי באַהאַלט זיך, צי דעם קאָפּ אירן באַהאַלט זי, ווי א שטרויס, אונטער אן אומזיכטבאַרן פליגל, און די

אייבערשטע ליפּ אירע, און אַנגעשוואָלענע, דריקט זיך דערבײַ פעסטער צו צו דער אונטערשטער, א סאַך א דינערער, דריקט זיך צו אַנגעשטרענגט, שווערלעך, און די שיטערע שוואַרצע הערעלעך, וואָס באַדעקן און פאַרשאָטענען זי, ציטערן. דערנאָך ווערן אירע ליפּן ווייכער. סע באַווײַזט זיך אַף זיי אפילע א שמייכעלע, ווען זי דערזעט, ווי וויטע גליטשט זיך אַרויס פון דאַדיקס הענט און פאַלט גלײַך אַרײַן אין סיאַמעס צעשפּרייטע אַרעמס, סיאַמע שטייט מיט אָפענע אויגן, איז דאָך דאָס שוין ניט קיין שפּיל, אָבער כוץ דאַדיקן איז קיינער אַף סיאַמען ניט באַרויגעז, ער איז דאָך ניט קיין היגער, סיאַמע, ער איז פון קאַרנעוועץ, געקומען צוגאַסט צוזאַמען מיט זײַן שוועסטער שיפרע צו זייערע קרויווים, די פויזנערס. איז עפּשער אין קאַרנעוועץ שפּילט מען זיך אין כאַפּערלעך אַנדערש, ווי בא אונדז, אין פאַנקעווקע. ער האַלט זיך א ביסל גרויסלעך, סיאַמע. עפּשער דערפאַר, וואָס ער איז העכער פון אונדז אַלע, און עפּשער דערפאַר, וואָס קאַרנעוועץ איז צוויי מאָל גרעסער פון אונדזער שטעטל, א גאַנצע שטאָט קימאַט. פונדעסטוועגן האָב איך אים ליב. קאָן זײַן, צוליב אים אַליין, און קאָן זײַן, צוליב זײַן שוועסטער, וואָס טוט אמאָל א שמייכל צו מיר. איך ווייס, אַז זי, שיפרע, האָט מיך ניט ליב, נאָר, דאַכט זיך, אַז זי האָט קיינעם ניט ליב. דאָס האַרץ איז בא איר פרײַ. און אַליין איז זי ווי א פויגל מיט פאַרביקע פליגל, וואָס איז געקומען צו פליען פון ערגעץ ווײַט, פון יענער זײַט הימלראַנד, פון מײַן בענקענדיקן דימיען... שיפרען האָב איך ניט געקענט פון נעכטן און פון אייער־נעכטן, ווי מירען צי וויטען, און ווען זי האָט זיך פּלוצעם באַוויזן אין יעשיִעס צוויקס הויף, האָט מײַן נעשאָמע שטיל אויסגעשריִען: אָט איז זי, די, וואָס איך האָב אַף איר אזוי לאַנג געוואַרט...

כ'מיין, אַז דאָס זעלבע האָט געפילט אויך וויטע פויזנער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרקוקן אַף סיאַמען. דאַדיע האָט דאָס צוגעזען מיט זײַנע קליינע, זייער שאַרפע און זייער שוואַרצע אויגן און געהאַלטן אין אײַן בײַסן זיך די נעגל.

...אַצינד שטיי איך ווידער אין דעם זעלבן הויף, וואָס איז שוין נישט דער זעלבער — א פוסטקע געוואָרן, — שטיי מיט א פאַריסענעם צום הימל קאָפּ, מיט ניט־פאַרבונדענע, נאָר צוגעמאַכטע אויגן, ס'הייסט צוגעמאַכט האָב איך איין אויג, דאָס צווייטע איז שוין בלינד אַף אייביק, כ'שטיי און פרעג די אוראַלטע אידעס, דעם הימל און די ערד פרעג איך מיט א פאַרקלעמט פון וויטיק און ראַכמאָנעס האַרץ:

— ווו זײַנען זיי?

ווו?.. ווו זענט איר אַלע? ווו?..

און קיינער ענטפערט מיר נישט אַף מײַן וואָיענדיקן ווו־ווו־ו־ו־ו?..

קיינער נישט.

נאָר עפּעס א הונט צעהאַוקעט זיך פּלוצעם ערגעץ ווײַט, און נעמט דערנאָך מיר אונטער־וואָיען. כ'פּיל, אַז מײַנע געדאַנקען ווערן פאַרטונקלט. לאַכנדיקע און וויינענדיקע שאָטנס דרייען זיך אַרום מיר און שרײַען: „אָט בין איך! אָנו, פּרווו כאַפּ מיך!..", איך יאָג זיך נאָך זיי, ווי א דולער, שלאָג זיך אָן מיטן קאָפּ אינעם פּלויט, און סע ווערט מיר פינצטער אין דעם פאַריאָסעמטן אויג, כ'האָב מוירע, כ'האָב מעסוקן מוירע, כ'זאָל ניט אַראָפּ פון זינען, שטעל איך זיך פּלוצעם אָפּ אינמיטן הויף און רוף אויס מיט אָפענער פאַרצווייפלונג און פאַרבאַרגענער האָפענונג:

— ווו זענט איר? ווהין זענט איר אַהינגעקומען? וווהין?..

א ווידערקאָל ענטפערט מיר מיט דער זעלבער פראַגע. ערשט נאָכדעם שווימען אויף אין מײַן זיקאָרן די זעלבע שאַרפע קלאַנגען — „ווין?.. ווין?.. ווין לאָזט איר זיך פאָרן?..", וואָס לייע, וויטעס מוטער, האָט מיט צאַרן און ווייטיק קווייטשיק אויסגעשריגן, און נאָכמען פויזנער, דער פאָטער וויטעס, איז געשטאַנען דערבײַ מיט אַראָפּגעלאָזטע געדיכטע ברעמען און שווער געשוויגן.

וואָס הייסט — „שווער געשוויגן"? שוויַגעניש האָט דען א וואָג?

פרעגט פיניען, וועט ער אײַך זאָגן, טמימעסדיק און א קאַפּעלע קאַטאָוועסדיק, קעדיי ניט אויס־זען צו ערנסט.

— שטילשטאַנד פאַר א שטורעם איז טאָמיד געדיכט און וואָגיק.

ס'איז אַן ענטפער אַף יויצע־זײַן, — זאָגט איר? גוט, איז פרעגט צירעלען, צירעלען מיט די שײַנענדיקע אויגן, אָדער איר עלטערע שוועסטער גנעסיען מיטן גראָבן צאָפּ.

פרעגט זיי באַלד.

אויב שפּעטער, וועט שוין זײַן צו שפּעט.

געווען צוויי שטורעמס:

צווישן עלטערן און קינדער:

און צווישן ליכט און שטאָקפינצטערניש.

צווישן עלטערן און קינדער — אויך א שטורעם?

— אוודע, — זאָגט פיניע ערנסט.

אַ סאַך טראַגיזם פאַראַן אין דעם, — וועט גלײַך צוגעבן מירע, כאָטש זי איז געווען אַ קײַלעכיקע יעסוימע.

פונדעסטוועגן... ניט צו פאַרגלײַכן מיטן צווייטן, מיטן מילכאָמע־שטורעם. טאַקע איבער דעם מילכאָמע־שטורעם וועט זײַן צו שפּעט.

עס וועט פּאַשעט ניט זײַן, וועמען צו פרעגן.

## 2

אָט אַזוי זײַנען מיר געשטאַנען אין יעשיִע צוויקס הויף: פון איין זײַט די טאַטעס און די מאַמעס, און פון דער צווייטער — די זין מיט די טעכטער, איינע אַנטקעגן די אַנדערע, און לייע פויזנער האָט געזײַטלט אַף אונדז אַ גרויס אויג, וואָס האָט פיבערדיק געבלישטשעט פון צאָרן צי פון אַ דורכזיכטיקער טרער, וועלכע האָט פאַרגאָסן דאָס שוואַרצאַפּל, און זי האָט געפרעגט דערבײַ, צו הויך פאַר דער שטרעקע, וואָס האָט אונדז פאַנאַנדערגעטיילט:

— ווין? ווין? ווין לאָזט איר זיך פאָרן ווין?..

מיר האָבן געצוקט מיט די אַקסלען. וואָס פרעגט זי עפּעס איבער פיר מאָל „ווין?", מיר האָבן דאָך שוין געזאָגט ווּהין, און ניט איין מאָל. הייסט עס, אַז זי פרעגט ניט צוליב באַקומען אַן ענטפער. ס'איז ניט קיין פראַגע. ס'איז אַ פאַרוואורף. און זי קוקט שוין אַצינד קרום מיט איר גרויס אויג אַף די טאַטעס און מאַמעס, וועלכע זי האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך אין צוויקס הויף און וועלכע שטייען איצטער ניט ווי עלטערן, נאָר ווי שאָפטים, האַרבע שאָפטים, וואָס ווילן אונדז מישפּעטן באַ די טויערן פון יעשיִע צוויקס הויף. דאָס אויג האָט געפּאָדערט באַ זיי, געהאַט צו זיי בייזע טײַנעס: „וואָס שווײַגט איר וואָס? פאַרוואָס עפּעס דאַרף איך אויסשרײַען די לונגען פאַר אײַך אַלע? סע גייט דען נאָר אין מײַן וויטען? סע גייט דאָך אין אײַערע קינדער אויכעט!.."

נאָר פיניע, דער שטילער פיניע, האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער פראַגע, ווי צו אַן אײַזערנעם אַנקער, כאָטש ער האָט אויך גוט געוווּסט, אַז ניט דעם ענטפער איז זי אויסן, לייע. ער האָט אַראָפּגעענטפערט געלאַסן און טמימעסדיק, ווי גלײַך, אויב ער וועט זאָגן, ווּהין זיי פאָרן, וועט באַלד ווערן שאָלעם אינעם הויף. דאָס קײַלעכיקע פּאָנעם האָט זיך באַ אים אַ קאַפּעלע פאַרויטלט, ער האָט אָבער

— מיר פאָרן קיין דודינקע.

— דודינ־קע?.. וואָס אידעס? — האָט אים מיט אַן איראָניש שמייכעלע געפרעגט זײַן פאָטער, יאַנקעוו ליכטער.

די דאָזיקע פראַגע האָט ער אים פאַרגעבן שוין עטלעכע מאָל, און איצטער האָט ער זי ווידער איבערגעכאַזערט פאַרן גאַנצן אוילעם מיט אַ נאָך מער כוויזעקדיקן קוועטש, און מיר האָט זיך פלוצעם אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע געשיכטע אין יעשיִע צוויקס הויף איז ניט מער ווי עפּעס אַ פאָרשטעלונג, ווּ פון איין זײַט שטייען עלטערן, און פון דער צווייטער קינדער, און זיי כאַזערן איבער שוין גוט אָפּגערעפּעטירטע צווישנרופן, און ביידע צדאָדים ווייסן אַפריִער, וואָס זיי וועלן איינער דעם צווייטן זאָגן.

פיניע האָט געוואָלט אָפּקומען מיט זײַן ענטפער: „קיין דודינקע". דודינקע קלינגט היימיש, געמיטלעך, ווי דער נאָמען פון אונדזער אייגן שטעטל — פאַנקעווקע. נאָר אויב דער פאָטער שטייט צו אים צו מיט כוויזעק־שײַלעס, מוז ער דאָך אים אויסטײַטשן, אַז דודינקע דאָס איז די טויערן פון טײַמיר.

דאָס ווילד־פרעמדע וואָרט — „טײַמיר" — שרעקט ווידער אָן לייען. איצטער האָט זי שוין גאָרנישט קיין כראַטע, וואָס זי האָט געמאַכט אַזאַ ליאַרעם, צונויפגערופן די עלטערן און מיטגעשלעפּט זיי אין צוויקס הויף, ווּ זייערע זין און טעכטער מאַכן די לעצטע צוגרייטונגען פאַרן אַוועקפאָרן און שטעלן עס פאָר, אַז זיי שפּילן זיך גאָר אין כאַפּערלעך. ביטערע מאַזיקים, זיי מיינען, אַז זיי וועלן איר פאַרבלענדן די אויגן. זי איז טאַקע אַ ביסעלע קאַסאָקע, נאָר סײַווי זעט זי אַלץ, וואָס מע דאַרף. פרעגט זי די טאָכטער אירע, וויטען, און קוקט אין דער זעלבער צײַט אַף איר מאַן, דעם שווערשווײַגנדיקן נאַכמען פויזנער:

— וואָס פאַר אַ טײַמיר אַף אײַערע קעפּ?

דערנאָך פירט זי איבער איר בליק אַף יאַנקעוו ליכטערן, און ער העלפט איר מיט אַ כוויזעק־שײַלע צו זײַן זון פיניע:

— וואָס עפּעס אינמיצקעדערינען טיימיר?.. און א ביסל ווייטער האָט איר גאָרניט געקאָנט אָפּזוכן?

פּיניע מאַכט זיך ניט ווּיסנדיק און קלערט אויף געדולדיק און מעסוקן ערנסט, כאָטש הינטער די ברילן שוועבן אום טאַנצנדיקע פונקען, אַז טיימיר איז געגנט ווייט. מאַלע וואָס סע איז סיביר, איז דאָס נאָך צאַפּן־סיביר. דאָרטן איז א האַלב יאָר טאָג און האַלב יאָר נאַכט. כוץ דעם...

נאַכמען פּויזנער עפּנט שווערלעך אויף זיין מויל. ער מוז פריִער איבערכאַפּן דעם אָטעם, ווייל ער ליידט פון א געפערלעכער אַסטמע. וויטע פאַרשטעקט אירע אויערן מיט צוויי פינגער. ס'הייסט, זי וויל אַפילע ניט הערן, וואָס דער פאָטער נעמט זיך שווער דערוויינזן. דאַדיע קוקט אויף איר מיט פאַרליבטע אויגן און שמייכלט צו.

— ערשטנס... — הייבט אָן נאַכמען וואַגיק, נאָר שטאַרק צעצויגן, און לייע טרייבט אים אונטער מיט אירע אומגעדולדיקע שאַרף־צעפּראַלטע אויגן, וואָס קוקן איינצייטיק אַפּן מאַנס גראָבע ליפּן און אויף דער טאָכטערס אויערן, וואָס זיינען פאַרשטעקט מיט צוויי פינגער. — ערשטנס, אויב איר ווילט פאָרן, איז פאָרט... אויב פאַנקעוועקע איז אייך אזוי נימעס־אומאָעס געוואָרן, איז פאָרט קיין קאָרבעוועץ, קיין פּראַסקוראָוו, קיין... וויניק שטעט איז דען פאַראַן בא אונדז?.. נאָך וואָס אָבער דאַרפט איר זיך גלייך לאָזן אין אזא אויסרייסעניש, אין עפּעס א טונדרע, נאָך וואָס, פרעג איך אייך?.. וויאזוי נעמט מען און מע לאָזט זיך העגדעס־פּענדעס אין די האַריי־כוישעך לאָזט מען זיך?.. ערשטנס, איזדער דאָס טאַקע סאַקאַנעס־נעפאָשעס...

וויטע לאָזט אַראָפּ די הענט און טוט פאַרשייט א טרייסל מיט אירע קוטשערן.

— טאַטע, האָסט שוין געזאָגט „ערשטנס"...

פּיניע זאָגט טאַמעוואַטע:

— ...ווייסע בערן...

גנעסיע:

— ...זאַוויעס...

סאָרע קריין, דאַדיקס מוטער, קרעכצט אַרויס פון די טיפעניש פון איר אַנגעוויטיקטער אַלמאָנע־נעשאָמע (כוץ דאַדיקן האָט זי קיינעם נישט):

— וואָס לאַכט איר, קינדערלעך?.. ס'איז דען א שפּילכל?

און לייזע, פּיניעס מוטער, א בעקאָוועדיקע פרוי מיט הויך־פּאַרקעמטע זילבערן־גרויע האָר איבער א גלאַט־ווייסן ניט געקנייטשטן שטערן, גיט צו מיט ווירדע:

— איר דאַרפט נאָך גוט א קלער טאָן, קינדער. ס'איז א לעבנס־פראַגע...

זי שווייגט א ווייל און זעצט פּאָר:

— ס'איז א פראַגע פון לעבן. עפּשער פון אייער גאַנץ לעבן... און פון אונדזער לעבן אויכעט. וואָס בלייבט אונדז, מישטיינס־געזאָגט, איבער, אויב איר פאָרט אוועק?.. און דערצו נאָך אזוי ווייט, אזוי מעסוקן ווייט...

לייזע רעדט אויס איר הארץ, און וויטע בונטעוועט, דרייט מיטן קאָפּ, און די קאַשטאַנאָווע קוטשערן אירע פלאַטערן.

— וואָס ווייטער! וואָס ווייטער!.. ס'איז מיר נימעס געוואָרן די שטייגן!

די „שטייג" — מיינט זי די שטוב, ווו אירע עלטערן ווילן זי האַלטן פאַרשלאָסן. וואָרעם זיי עסן זיך אָפּ דאָס האַרץ, טאָמער וועט מיט זייער ציטעריקער טאָכטער עפּעס טרעפן, ווי נאָר זי וועט אַריבערשפּאַנען די שוועל פון זייער שטוב, איז אָט, נאָט אייך, דודינקע!

דעמלט האָב איך געקוקט אויף וויטעס פלאַטערנדיקע קוטשערן און געשוויגן. איצטער וואָלט איך ניט געשוויגן. אָבער וואָס קומט מיר אַצינד אַרויס פון מיין ניט־שווייגן? ווער הערט מיך דען? קיינער ניט. כוץ, עפּשער, פּיניען, וואָס זיצט איינער אַליין באַם טיש מיט א פאַרקנייטשטן שטערן אויף האַלב א באַדעקטן מיט א פּאַסמע גרוילעך־זילבערנע האָר, ווי בא זיין אומגעקומענער מוטער. ער זיצט און מייסטרעוועט פון ביימער־וואָרצלען אַלערליי באַשעפענישן און שפּילכלעך, און ווען איך פרעג אים: „פּיאָטער יאַקאָוולעוויטש, וואָס דאַרפט איר די שטייג?", ענטפערט ער מיר: „ס'איז ניט קיין שטייג. ס'איז א שטיבל. געדענקסט דען ניט אונדזערע פאַנקעוועקער שטיבלעך?"

פאַרוואָס געדענק איך ניט? כ'געדענק. כ'געדענק אויך, אַז איך האָב דעמלט באַקומען ראַכמאָנעס אויף פּיניעס גרוי־באַהיינטער מוטער, און אויף די פּויזנערס, און אויף סאָרע קריין, און אויף די צוויקס אַפילע, וואָס דאָס ראַכמאָנעס־געפיל פאַסט לאַכלוטן ניט לעגאַבע זיי, אזוי רויטבאַקיק און קרעפּטיק זעען זיי אַלע אויס, און איבערהויפּט ראַכמאָנעס געהאַט אויף מיין מאַמען, וואָס איז ניט בייגעווען דאָ אינעם הויף, וואָרעם זי איז געלעגן צוגעקאָוועט צו איר בעט. האָב איך מיטאַמאָל איבערגעריסן מיין פאַרקלערט שווייגעניש און געגומען עפּעס ריידן, ניט זיכער, ניט דייטלעך, ווייל כ'האָב נאָך אַליין ניט געוווּסט, וואָס וויל איך און וואָס וועל איך זיי, די עלטערן, זאָגן...

כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז פֿאַנקעווקע איז אונדז טײַער, פּונקט ווי זיי, טײַער און ליב, נאָר ס׳איז ניט מער, ווי אַ טראָפּעלע אין אונדזער גרויסן פֿאָטערלאַנד, וואָס פֿאָדערט באַפֿעלעריש, אַז מיר זאָלן פֿאָרן אין דער מעסוקן ווײַטער דודינקע, קיין טײַמיר, הייסט עס, וואָס נייטיקט זיך שטאַרק אין אונדזערע יונגע קויכעס, וואָרעם דאָס לאַנד ברויכט אַ סאַך פֿאַרשיידענע מעטאַלן, און פֿאַנקעווקע קאָן זיך יאַקאָס באַגיין אָן אונדז אויך.

— וואָס זשע יאָמערט איר אַזוי, עלעהיי איר וואָלט אונדז באַגלייט אויף יענער־וועלט?.. זײַט זיכער, מיר וועלן נאָך קומען צו אײַך, ליבע מאַמעס און טאַטעס... — האָב איך זיי געזאָגט.

און ווען כ׳האָב דאָס נאָר אויסגערעדט — „ליבע מאַמעס און טאַטעס" — האָט זיך ערשט דעמלט אָנגעהויבן אַ געוויין. סאָרע, און ליזע, און לייע, און אַפֿילע אונדזער זייער גוטהאַרציקע גנעסיע... פֿענעמל מיט צוויי פֿאַרשיידענע ליפּן, די אונטערשטע אַ דינע, די אייבערשטע אָן אָנגעשוואָלענע, וואָס איז שווער געלעגן אויף דער אונטערשטער, און ווען זי פֿלעגט פֿאַנאַנדערפּרעסן די ליפּן און עפֿענען דאָס מויל עפּעס צו זאָגן, איז דאָס געווען אַ גאַנצע געשעעניש. צוערשט פֿלעגט אַ צאַפּל טאָן די אונטערשטע דינע ליפּ, איז דאָס געווען ווי אַ מין וואָרעניש פֿאַר דער אייבערשטער, זי זאָל פֿאַרלײַכטערן איר יאָך, און נאָך די אַלע צוגרייטונגען פֿלעגט דאָס מיידל קוים אַרויסברענגען איין וואָרט אָדער צוויי בידנע אומבאַשטימטע ווערטער: כ׳מיין... כ׳האַלט...

וואָס מיינסטו, מירעלע?.. אָט וועל איך דיר זאָגן. עפּשער וועל איך גראָדע טרעפֿן...

אין דײַן דאַרינק קערפּערל רוט אַ גרויסע נעשאָמע. ס׳איז איר אַ ביסל ענג. ענג אין פֿאַנקעווקע, רײַסטו זיך אין דער ברייטער וועלט אַרײַן. ווער שמועסט, אַז דאָדיק קריין רײַסט זיך אויך אַהין. קיינער שטערט דיר ניט. דײַן מאַמע און דײַן טאַטע זײַנען ניט געקומען אַהער, אין צוויקס הויף, וואָרעם זיי ליגן אָפּן בעסוילעם. ביסטו פֿרײַ. וואָס דו ווילסט, טוסטו. „פֿרײַ?.. וואָס דאַרף איך זי האָבן, אַזאַ פֿרײַהײַט?.." האָט די אונטערשטע ליפּ אַ צאַפּל געטאָן, דאָס פּענעמל האָט זיך בא דיר פֿאַרקרימט, און דו האָסט זיך צעכליפּעט, ווען כ׳האָב אויסגערעדט „ליבע מאַמעס און טאַטעס".

פֿונדעסטוועגן האָב איך כאַראָטע, וואָס כ׳האָב אַרויסגערופֿן געוויין, כאָטש טרערן מאַכן ווייך דאָס האַרץ און אַפֿילע לײַע פּויזנערס געזיכט האָט פֿאַרלאָרן די בייזקײַט און האַרבקײַט. באַלד אָבער שוועסטער, אַ קליין מיידעלע מיט שײַנענדיקע אויגן, אַ קינד נאָך. זי האָט זיך אירס אין זינען: הירשן מיט אַ וואַלד פֿון הערנער אויף זייערע קעפּ און אַ קישעפֿדיקע צאַפּן־שײַן איבערן הימל. ווי נאָר אָבער איך כאַפּ איבער איר בלאַנדזשענדיקן בליק און טו איר אַ ווונק מיט איין אויג, טוט זי גלײַך אַ שנעלן קוק אויף גנעסיען, און ביידע צעלאַכן זיך. זיי קוועלן אַזוי געשמאַק, אַזוי אָנשטעקנדיק! זילבערנע גלעקעלעך האָבן זיך צעקלונגען אין צוויקס הויף, און די בלויקײַט פֿונעם הימל איז געוואָרן נאָך בלויער, און די דורכזיכטיקײַט פֿון דער מעכײַעדיקער זומערדיקער לופֿט איז געוואָרן נאָך דורכזיכטיקער, און דער גרינער רייעך פֿונעם גאָרטן איז געוואָרן נאָך גרינער און דופּטיקער. ווער ס׳האָט געקוואָלן אויף אַ קאָל, ווי צירעלע, און ווער ס׳האָט נאָר סטאַטעטשנע צוגעשמייכלט. און דער געזעצטער יעשיִע צוויק האָט שאַרף אַ פּאַך געטאָן אינדערלופֿטן מיט זײַנע קורצע און גראָביטשקע הענט, און אויסגעשריגן: „אויב זיי ווילן אַזוי עקסטרע פֿאָרן, טאָ זאָלן זיי פֿאָרן, מירן נאָך זען, וואָס פֿאַר אַ...", און הילכיקע פֿריידיקע אויסרופֿן און אַ הענט־פּליעסקערײַ האָט פֿאַרטויבט זײַנע לעצטע ווערטער. דאָדיק האָט אופֿגעהערט בײַסן די נעגל. זײַנע פֿריילעך געוואָרענע שעלמיש־פֿינקלענדיקע אייגעלעך האָבן בליציק אַ שוועב געטאָן איבער אונדזערע פּענעמער. „הוראַ! נאַשאַ וזיאַלאַ!" — האָט ער זיגעריש אויסגערופֿן. און ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז גראָד דעמלט וועט נאַכמען פּויזנער פּלוצעם פֿאַרײַסן זײַן גרעבלעכע נאָז, טיף אַ שמאָרע טאָן די לופֿט אין זיך, און וועט אַרויסרעדן מיט אַ פֿאַרשלאָגענעם אָטעם מאַכמעס דער אַסטמע און דער אינערלעכער פֿאַרדומפּענער אופֿרעגונג:

— אַז ווי איז אונדז!.. די לופֿט שמעקט מיט פּולווער. איר פֿילט דען נישט?

ניין, מיר האָבן גאָרניט נישט געפֿילט, סײַדן, עפּשער, צירעלע. וואָרעם וויפֿל כ׳האָב איר ניט געווונקען, האָט זי ניט געלאַכט. ניט געוואָלט צי ניט געקאָנט. זי האָט זייער אַ פֿילבאַרע נעשאָמע, איז עפּשער האָט זי טאַקע עפּעס דערפֿילט, און אירע שײַנענדיקע אויגן זײַנען אויסגעלאָשן געוואָרן.

איין דאָדיק קריין האָט זיך ניט פֿאַרלוירן. ס׳איז געווען אַ דרייסטער באָכערעץ. האָט ער אַ שנײַד געטאָן די לופֿט מיט דער האַנט, גלײַך ווי ער וואָלט אַ פּאַטש געטאָן דעם מאַלעכהאַמאָוועס איבער דער פּלייצע, און אַ ביסל אויסלאַכעריש אויסגערופֿן:

— מע דאַרף האָבן זייער אַ לאַנגע און זייער אַ פֿילבאַרע נאָז צו דערשמעקן אַזוינס. איך, אַשטייגער...

לייע האט אים איבערגעשלאגן מיט אן איבערגעקרימט פאנעם. גראד דאדיקן האט זי פיינט טאכלעס־סינע, זי איז געווען איבערציינגט, אז דאס פארדרייט ער דעם קאפ איר וויטען און רעדט זי איין, זי זאל פארן מיט אים אין דער ווילדער טונדרע.

— ביסט א הולטיי! א טרייפניאק ביסטו!

זי איז צוגעלאפן צו אים מיט אופגעהויבענע פויסטן. דאדיק איז מיט א שמייכל אפגעטראטן צום פלויט. וואדען, ער וועט זיך נעמען שלאגן מיט א יידענע, מיט וויטעס מוטער?!

לייע אבער האט געהאט אין זינען ניט אזוי אים, ווי די טאכטער, וואס איז געשטאנען לעבן אים. מיט קויעך האט זי א שלעפ געטאן וויטען פאר דער האנט.

— אהיים! און טאקע שוין! אין דער־א רעגע!

שווייגנדיק, האט וויטע אויסגעריסן די האנט. און עפעס אין איין אויגנבליק האט געטראפן דאס, וואס כ׳וואלט זיך קיינמאל ניט געקאנט אפילע פארשטעלן. לייע איז צוגעלאפן צום לאנגן לייטער, וואס איז געשטאנען אנגעשפארט אין דער וואנט פונעם שפייכלער, פלינק, ווי א קאץ, ארופ־געקלעטערט אפן דאך, מיט ביידע הענט א שטויס געטאן דעם לייטער מיט אזא קויעך, אז ער איז אנידערגעפאלן אף דער ערד, און קוקנדיק מיט אירע קאסאקע אויגן איינציייטיק אפן הימל און אף דער ערד, ווו מיר זיינען געשטאנען ווי געפלעפטע, אויסגערופן הויך אף א קאל:

— דו הערסט, וויטע! אדער דו גייסט שוין אהיים, אדער איך טו זיך אן א מייסע!

און ס׳איז געווארן שטיל אינעם הויף, ווי אף א הייליק ארט. נאכמען איז געשטאנען מיט א פאריסענעם קאפ, ער האט עפעס ווי געשריגן צו לייען, נאר קיינער האט גארנישט ניט געהערט, ווארעם די אסטמע האט אים געווארגן. וויטע האט פאראקשנט געשוויגן. כ׳מיין, אז זי וואלט ניט געדארפט שווייגן. עפעס שווערס האט מיר געדריקט אפן הארצן. ס׳איז מיר ניט געווארן גרינגער אפילע, ווען פיניע האט טמימעסדיק אומדערוווארט אויסגערעדט:

— ס׳אי ניט מעסוקן הויך...

לייע האט זיך טאקע א ווארף געטאן פונעם דאך. די גאנצע שטאט האט געטאדלט וויטען. און זי איז געזעסן לעם איר מוטערס בעט מיט טרוקענע אויגן און געשוויגן. א וואך צייט האט זי געמוזט זיצן לעם איר צעשעדיקטער מוטער. און ווען די לאנגע וואך האט זיך פארענדיקט, איז אויסגעבראכן די מילכאמע. זיינען מיר שוין בעמיילע אין ערגעץ ניט געפארן.

## 3

אנהייב וואך האבן מיר אפילע ניט געטראכט, אז אט, אט וועט אויסברעכן א מילכאמע. מיר האבן געוואַרט אף וויטען און דערווייל געגרייט זיך אין וועג ארייַן. געגרייט זיך!.. וואס האבן מיר געהאט זיך צו גרייטן? אין דימיען זיינען מיר שוין לאנג געווען אין דער טונדרע. קימאט ווי צירעלע, האבן מיר געזען אף אן אור־ווייסן טיף־שנייִיקן פליין הירשן, א גרויסע טשערעדע הירשן מיט א וואלד פון הערנער אף זייערע קעפ, און כוץ דעם, האבן מיר געזען דאס, וואס האט אונדז געצויגן אין דער טונדרע — בארג־שאכטעס, און פאנאנדערארבעטונגען, און א געפלעכט פון מענטשישע הענט, וואס רייסן אראפ די ווייסע טאכריכים פון דער פארגליווערטער ערד און לעבן זי אוף.

אונדזערע צוגרייטונגען זיינען דעריבער באשטאנען קימאט נאר פון געזעגעניש. מיט מענטשן, לעבעדיקע און טויטע, מיט שטיבער, מיט ביימער, מיט די פעלדער, וואס ארום פאנקעווקע, און מיטן הימל, וואס איבער איר. מיר פלעגן צוטראכטן קאלערליי קונצן, אבי זיין וואס ווינציקער אינדערהיים און אויסמיידן די טריבע בליקן פון אונדזערע עלטערן. און אפילע אליין נאכמען פויזנער פלעגט צוליב שאלעם־באיס פארבייטן זיין טאכטער בא לייעס געלעגער, קעדיי וויטע זאל קאנען פארייניקן זיך מיט אונדז, עפשער וועט זי דעמלט זיך באפרייען פון איר פארשטיינערטקייט. כ׳מיין, מיר האבן זיך אויך געסטארעט פארטאראמען, ווארעם דאס הארץ האט גענאגט. מיר האבן זיך געפילט א ביסל שולדיק בענעגייע אונדזער פאנקעווקע, מיט וועלכער מיר האבן אזוי טומלדיק זיך געיילט צעשיידן. צירעלע האט די גאנצע צייט זיך מיטגעשלעפט מיט אונדז. זי איז נאכגעגאן גנעסיען פוסטריט.

אין פעלד, אין ברייטן פעלד, צווישן די געלבלעכע כוואליעס פונעם זאנגען־יאם איז וויטע ווידער געווארן וויטע. מיר האבן אליין ניט באמערקט, וויאזוי מיר האבן זיך צעשאטן אין אלע זייטן. יעדער האט געזוכט זיין שטיקל פעלד, זיין שטיקל הימל, זיינע בייגיקע זאנגען, וועלכע זיינען גענוג הויך אף צו פארטייען זיך צווישן זיי און אויסבאהאלטן די נאגנדיקע בענקעניש נאך עפעס אזוינס, וואס דאס הארץ גייט אויס נאך דעם. בא מיר איז דאס געווען שיפרע, קימאט אן אומבאקאנטע פון

אַן אומבאַקאַנטער שיינער שטאָט, וואָס הייסט קאַרנעוועץ. איך דאַרף זיך דאָך מיט איר אויך געזע־
גענען. עמעס, כ׳האָב געפּרוּווט זי אײַנריידן, זי זאָל פאָרן מיט אונדז, נאָר ניט זי, ניט איר ברודער
סיאָמע, האָבן זיך ניט געקליבן פאָרן קיין טײַמיר, זיי האָבן געהאַט אַנדערע פּלענער און באַגערן,
לערנען זיך און ווערן — זי אַ דאָקטער, ער — אַן אינזשעניער.

האָב איך געשפּאַצירט מיטן קינפּטיקן דאָקטער. דאָס שטעגעלע האַרט לעם די זאַנגען איז
געווען שמאָל. איז דאָס געווען אַ לײַטישער אויסרייד, מע טאָר, הייסט עס, ניט טאַפּטשען די צאַרטע
זאַנגען, כ׳זאָל נעמען שיפרען אונטער דער האַנט, מײַן רעכטע און איר לינקע פּלייצע האָבן זיך גע־
טוליעט איינע צו דער אַנדערער. זײַנען מיר געגאַנגען און געשוויגן, מײַן קאָפּ איז געווען פול מיט
אַ געשטאַלט פון אַ בלויען גאָט, וועמען כ׳האָב שטאַרק געבעטן, אַז צירעלע זאָל אונדז ניט אָניאָגן,
אַניט וועט זי אומבאַדינגט טאָן אויף אונדז אַ כיטרע קוק און אויסשיסן אַ זילבערנעם געלעכטער, און
איר שוועסטער, גנעסיע, קוקנדיק אויף דער קליינער שטיפערקע, וועט געוויס ניט אויסהאַלטן און זיך
נעמען לאַכן צוזאַמען מיט איר, און צו זיי ביידע וועט זיך פאַרייניקן די גאַנצע כעווריע. שיפרען
וואָלט דאָס עפּשער ניט געאַרט, און מיך — יאָ.

ווען די שווײַגעניש האָט זיך צו לאַנג פאַרצויגן, האָב איך איר פּאַמעלעך, טראַכטנדיק דערבײַ,
צי דאַרף איך זי אירצן, געזאָגט:

— כ׳וואָלט געוואָלט... איר זאָלט... דו זאָלסט מיר געבן אײַער... דײַן אַדרעס...

— נאָך וואָס? — האָט זי געפרעגט מיט אַ שמייכל, און איר דלאָניע האָט געגלעט די בייגיקע
זאַנגען.

נאָך וואָס?

— גלאַט אַזוי. עפּשער וועל איך דיר אָנשרײַבן פון דודינקע.

— גוט, — האָט זי ווידער מיט אַ שמייכל געענטפערט און אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אירע
שיינע טיפע אויגן פון אונטער די לאַנגע שוואַרצע וויִעס.

— עפּשער וועסטו טאַקע קומען צו אונדז... געוויס נייטיקט מען זיך דאָרט אין דאָקטוירים.
צעלאַכט זי זיך:

— אַ־האַ! ווען וועט דאָס נאָך זײַן! — ס׳הייסט, ווען וועט זי נאָך ווערן אַ דאָקטער.
איך לאַך ניט. כ׳ענטפער ערנסט.

— נישקאָשע. כ׳וועל וואַרטן... — און איך דריק צו פעסטער איר האַנט צו מײַנער.
רײַסט זי זיך מיטאַמאָל אַרויס, לאָזט זיך לויפן און וואַרפט מיר אַריבער איבערן אַקסל אַ פּאָר
ווערטער, וואָס איך דערהער זיי קוים, וואָרעם דאָס ווינטל כאַפּט זיי שיִר ניט אויס בײַ מיר:

— אומזיסט. מע דאַרף ניט וואַרטן, ס׳איז שטאַרק נודנע.
איך דעריאָג זי און אומגעריכט אַפילע פאַר זיך אַליין פרעג איך:

— דו ביסט דאָך וויטעס אַ קרויווע, איאָ?

— יאָ.

— פאַרוואָס זשע ביסטו אַזוי ניט ענלעך אויף איר?

ענטפערט זי מיר, און ווידער מיט אַ שמייכל:

— כ׳בין ענלעך אויף זיך.

דערנאָך שטעלט זי זיך אָפּ, קערט זיך אויס מיטן פּאָנעם צו מיר, בלײַב איך אויך שטיין, און
זי זאָגט מיר רויִק און אַפילע זייער באַדאַכט:

— כ׳וויל ניט זײַן ענלעך אויף וויטען, זי איז ניט גערעכט.

— ווער זשע איז גערעכט? איר מוטער?

שיפרע ענטפערט מיר ניט באַלד אויף מײַן פראַגע. זי קערעוועט זיך אויס, לאָזט זיך גיין ווײַטער,
קוקט זיך אײַן אין אַ שוואַרץ כמאַרעלע, וואָס האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אויפן ווײַסלעכן הימל, און
רופט אויס: „אוי, לאָמיר זיך אומקערן! סע וועט נאָך זײַן אַ געוויטער!", איך ענטפער גאָרניט, און
זי זאָגט עטוואָס אויפגערעגט:

— וואָס ווילן זיי דען, וויטעס עלטערן? נאָר גוטס פאַר איר, פאַר זייער טאָכטער, וואָס זיי
האָבן עפּשער צופיל ליב...

כ׳ווייס, אַז זיי, די עלטערן וויטעס, האָבן שטאַרק ליב זייער באַסיעכידע. זיי ציטערן איבער
איר, און ווילן מאַכן אַ מעכיצע צווישן איר און דער אויסגעלאַסענער, ווי זיי טראַכטן, וועלט. אַפילע
ניט מאַכן, אַליין ווערן די מעכיצע. ווער זשע וועט זײַן איר אַ מעכיצע אין דער אויסרײַכעניש,
וואָס הייסט דודינקע?

אָט אַזוי דערטראַכט איך דאָס, וואָס שיפרע האָט ניט דערזאָגט. שיפרען, ווידער, זאָג איך
איראָניש:

— ביסט שטאַרק באַדאַכט.



עס פארגלוסט זיך מיר מיטאמאָל באַלײדיקן שיפּרען, זאָגן איר א גראָב וואָרט, עפּעס אַזױנס, אַז זי זאָל אופהערן שמײכלען און אָנהײבן װײנען, כ׳װאָלט דעמלט געהאַט אַן אױסרײד אָפּצושטעלן זי מיט א פּעסטער האַנט, אױסקערעװען איר פּאָנעם צו מײַנעם און אױסװישן אירע טרערן מיט מײַנע פּאַרטריקנטע ליפּן. כ׳װײס אָבער אַפריִער, אַז ס׳װעט גאָרנישט ניט געשען. כ׳האָב שױן כּאַראַקטער. און ניט אַפילע דערפאר, װאָס כ׳קאָן זיך ניט באַשליסן אױף אַזאַ זאַך. עס כאַפּט מיך פלוצעם אַרום א טיפע בענקשאַפט נאָך פאַנקעװקער דרעמלענדיקן הימל, מיט װעלכן כ׳האָב נאָך ניט באַװיזן צו געזעגענען זיך, צו די געלע כװאַליעס פונעם זאַנגען־יאַם, װאָס פּאַרװיגט זיך אַלײן, צום װאַרעמען ליבלעכן װינטל, װאָס פאַרקנײטשט און פאַרקאַטשעט שיפּרעס קלײדל און צװינגט זי אָנבײגן זיך אַלעמאָל און עס צורעכט מאַכן. איז װאָס עפּעס דאַרף איך באַלײדיקן אָט דאָס שײנע מײדל, װאָס האַלט זיך א ביסל צו גרױס און װיל װערן א דאָקטערשע? שיפּרע שטעלט זיך פלוצעם אָפּ. איך דאַרף מאַכן נאָך אײן שפּאַן, װעל איך דערלאַנגען צו אירע ליפּן. נאָר שיפּרע קערעװעט זיך אָפּ בליצשנעל, און איך האָב זיך אַזױ געסטאַרעט, אָנגעטאָן מײַן שענסטע קאַסאָװאָראָטקע פון שװאַרצן סאַטין. ס׳איז מיר פלוצעם מעסוקן הײס געװאָרן. גוט, װאָס ס׳האָט זיך פלוצעם באַװיזן צירעלע מיט רױטע, בלױע און געלע פעלד־קװײטן אין בײדע הענט. שיפּרע האָט זיך געלאָזט צו איר, זײ האָבן בײדע גענומען לאַכן, און איך האָב זיך נאָכגעשלעפּט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געצװוּנגען זיך קלערן װעגן דעם, אַז די קװײטן אױף מײַן העמדל, װאָס מײַן מוטער האָט אױסגענײט, זײַנען זײער ענלעך אױף די קװײטן, װאָס צירעלע האַלט, און נאָך האָב איך געקלערט, אַז אױב װײטעס עלטערן זײַנען געװען געבראָכן, איז מײַן קראַנקע מוטער צען מאָל געבראָכן.

## 4

אפצולאָכעס דאַדיקן האָט מירע, ווען מיר האָבן זיך ווידער פאַרזאַמלט אינײנעם, געשענקט מיר א צאַרטן בליק. אפצולאָכעס שיפרען האָב איך געענטפערט מירען מיט א דאנקבאַרן בליק. אפצולאָכעס וויטען האָט דאַדיק פאַרפירט מיט גנעסיען א לאַנגן זאַכלעכן שמועס וועגן דער נאָענטער רײַזע. גנעסיע איז געשטאַנען מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, געצופּט איר גראָבן צאָפּ און געענטפערט ניט צו דער זאַך. סיאָמע איז געשטאַנען מיט וויטען, גלײַך ווי ער וואָלט געשטאַנען אײנער אליין, ער האָט זיך א ביסל איבערגענומען, וואָס ער שטאַמט פון קאָרנעווע און גרייט זיך ווערן אן אינזשעניער. כּוץ דעם, האָט ער זיך אָנגעשטויסן, צוליב וואָס לייע פּויזנער האָט אים פאַרבעטן צוגאַסט קיין פּאָנקעווקע. ער האָט געדאַרפט שפּילן א ראָליע פון א מין בליץ־אָפּלייטער קעגן דאַוויד קריינען, וועמען לייע האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן, וואָרעם ער פלעגט די גאַנצע צײַט „באַלאַמוטיען איר וויטען". גוט, וואָס צירעלע מיט די שײַנענדיקע אויגן האָט עפּעס דערפילט מיט איר קינדעריש־ריין האַרץ. זי האָט אונדז אַלעמען באַשאָטן מיט קווייטן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין ביידע הענט, און ווען גנעסיע האָט אופגעהערט צופּן דעם צאָפּ און אופגעהויבן אירע אויגן אפן שוועסטערל, האָבן זיי ביידע א שפּריץ געטאָן מיט געלעכטער, און דער צולאָכעס איז דערטרונקען געוואָרן אין דער אַלגעמײנער לאַכערײַ. אײן מירע האָט ניט געלאַכט. זי איז געשטאַנען מיט צונויפגעדריקטע ליפּן, ערנסט און אָנגעשטרענגט, כ'האָב איר אָפּ קאַטאָוועס אײַנגערוימט אין איר געטאָקט אויערל, אז מע טאָר ניט אָפּשטיין פונעם קלאַל, מע דאַרף זיך פרייען און לאַכן צוזאַמען מיט אַלעמען. האָט זי פּאַמעלעך פאַנאַנדערגעפּרעסט אירע ליפּן, די שוואַרצע הערעלעך האָבן דערבײַ א ציטער געטאָן אָף דער אײבערשטער אָנגעשוואָלענער ליפּ, און זי האָט מיר געענטפערט אומעטיק און שטיל, אז זי קלײַבט זיך גיין אפן בעסאַלמען געזעגענען זיך מיט איר מאַמען און טאַטן פאַרן אוועקפאָרן.

אין א צײַט אַרום, ווען דער גערוך פונעם בעסוילעם האָט זיך אויסגעוועפט, זאָג איך מירען, קעדיי אָפּוועגדן זי פון אירע טרויעריקע מאַכשאָוועס:

— מע באַווײַזט הײַנט אינעם קלוב „מיס־מענד".

— כ'האָב דאָס שוין געזען, און ניט אײן מאָל. אַלטוואַרג.

עמעס. ביז קיין פּאַנקעווקע דערגייט א נײַער פילם, ווערט ער אַלט.

סע גייט מיר אָבער אין לעבן, אז מירע זאָל א שמייכל טאָן. עפּשער וואָלט מיר צירעלע געהאָלפן? ווו איז זי אָבער? אָ! אָט שטייט זי העט־ווײַט אָף א לאָנקע צווישן קווייטן, און אַליין ווי א קווייט, און רײַבט מיט די פינגער דאָס לינקע אויג: א פליגעלע האָט, ווײַזט אויס, געטראָפן אהין. פרעג איך מירען:

— ס'געפעלט דיר, ווי צירעלע לאַכט?

זי גרייט זיך, ווי געוויינלעך, לאַנג און ענטפערט מיט אן אײן־און־אײנציק קורץ וואָרט:

— יאָ.

— דו וואָלסט געקאָנט א לאַך טאָן, ווי זי?

שאָקלט זי מיטן קאָפּ.

ווער איך שוין א ביסל אין קאַס.

— אָבער א שמייכל טאָן קאָנסטו דאָך!

שווײַגט זי, און איך ווער נאָך באַרויגעזער און באַפעל איר:

— טו א שמייכל, מירע!

ענטפערט זי מיט א שמייכל:

— גוט, כ'וועל דיר צוליב טאָן.

— ניט מיר, מירעלע.

— וועמען דען?

— וועמען?.. אָט זעסט דעם ריינעם הימל?

גיט זי צו:

— מיט א שוואַרצן וואָלקן...

עמעס. דאָס כמאַרעלע, וואָס האָט שוין לאַנג באַשײַנט דעם ווײַסן הימל, ווי א כיין־פּינטעלע, פאַרוואַנדלט זיך פּאַמעלעך אין א שווערן וואָלקן. פונדעסטוועגן זעץ איך פאָר:

— ...די העלע זון?

גיט זי צו:

— מיט פלעקן...

אַט אזוי זײַנען מיר געשטאנען און אויסגעטײַנעט זיך אַף צוויי פארשיידענע שפראכן... און דאפקע מירע איז געווען די איינציקע, די לעבן־געבליבענע. אלע איבעריקע מיידלעך מיט די העלע בלומענבלעטער פון צירעלעס פעלד־קווייטן אַף זייערע קליידער זײַנען אומגעקומען.

## 5

פלוצעם איז געוואָרן פינצטער. די כמארע האָט זיך צערונען איבערן הימל, לעפישעוואטע, נאָר אימפעטיק. מיר זײַנען געשטאנען אונטערן מיטאמאָל שווארץ געוואָרענעם הימל, צירעלע האָט זיך איבערגעשראָקן, אופגעהערט רײַסן קווייטן, אראָפּגעוואָרפן פון די פיס די סאנדאלן און זיך געלאָזט לויפן צו אונדז מיט די סאנדאלן איןביידע הענט. אָבער ווי נאָר זי האָט אָפּגעעטעמט, האָט זי געטאָן א שעלמישן קוק אַף איר שוועסטער, און ביידע, גנעסיע און זי, האָבן אויסגעשאָסן מיט א געלעכטער. אָט אזוי זײַנען מיר געשטאנען ענג צוגעטוליעט איינס צום אנדערן, קעגנזײַטיק געפילט אונדזערע אָטעמס, אונדזער ווארעמקײַט און געלאכט אנטקעגן דעם שווארצן הימל, ווען ס'האָט אפילע פון אים א גאָס געטאָן א בייזער ווילדער שלאָקסרעגן. כ'האָב צעשפּרייט מײַנע הענט, ווי פליגל, איבער שיפרעס קאָפּ, נאָר די קינפטיקע דאָקטערשע האָט באדאכט באמערקט, אז מע קאָן זיך נאָך צוקילן, האָבן מיר זיך אומגעקוקט, זוכנדיק א פריטולעק, און מיטאמאָל אלע אינײנעם אויסגערופן: „צו דער בריק! צו דער בריק!" און זיך געלאָזט טומלענדיק לויפן צו אונדזער אלטיטשקער, הילצערנער, זייער היימישער בריק, וואָס האָט אונדז הילכיק באגריסט, ווי נאָר מיר זײַנען מיט אימפעט ארופגעלאָפן אַף אירע דורכגענעצטע ברעטער, און האָט אונדז פארבעטן אין אירע אונטערשטע כאַדאָרים, ווו מיר וועלן זײַן מער אָדער ווייניקער באשיצט פונעם רעגן.

אונטער דער בריק איז געווען נאָך פינצטערער. ס'איז אָבער געווען שטילער און געמיטלעכער, עפשער דערפאר, וואָס איך האָב נאָך אלץ געהאלטן שיפרעס האנט אין מײַנער (איך האָב זי אָנגעכאַפּט פאר דער האנט, העלפנדיק איר אראָפּלאָזן זיך צום טונקעלן פונונטן פון דער בריק. זייער פאָרזיכטיק געהאלטן, כ'זאָל זי כאָלילע ניט א דריק טאָן, ווײַל שיפרע קאָן זי גלײַך ארויסרײַסן, און מיר וועט דאן ווערן אומעטיק אפן הארצן און כ'וועל שוין ניט קאָנען לאכן צוזאמען מיט אלע. פיטש־נאסע, האָבן מיר געטומלט ווי די רוכעס אונטער דער בריק. א סימען: אַף דער בריק האָט דורכגעטאראכקעט א פערד־און־וואָגן, און די אלטע פויערטע, וואָס איז געזעסן אַף דער פור, האָט זיך גענומען ציילעמען, דערהערנדיק דאָס געפילדער פון אונטער דער בריק, און עפשער אויך דערפאר, וואָס דער הימל האָט זיך מיטאמאָל צעבליצט און צעדונערט. די בליצן זײַנען געווען שפּיציק און שארף, ווי פײַער־שפּיצן, די דונערס — הילכיק און דראָענדיק, ווי דאָס געברום פון א ריזיקן לייב, א הונגעריקן, א דאָרשטיקן. און מיר האָבן אלץ געלאכט. כוץ מירען. אויך צירעלע, כאָטש זי האָט געלאכט העכער פון אלע, האָט א באָרוועכע געציטערט און זיך אײַנגעשרומפן אין איר דין קליידעלע, פון וועלכן ס'האָבן אראָפּגערונען שטרעמעלעך וואסער. כ'האָב געהאט ראכמאָנעס אפן קינד. מיט וואָס אָבער האָב איך איר געקאָנט העלפן, אויב מײַן אויסגענייטע קאָסאָוואראָטקע, וואָס איך האָב אָנגעטאָן אין א וואָכעדיקן טאָג צוליב שיפרען, איז אויך געווען פיטש־נאס? פונדעסטוועגן האָב איך געזאָגט גנעסיען, אז זי זאָל... גנעסיע האָט אופגעהערט צו לאכן און מיך בארויגעז איבערגעשלאָגן:

— א מיצווע אַף איר! זאָל זי זיך ניט שלעפן די גאנצע צײַט מיט אונדז!

נאָך אלץ לאכנדיק, האָט צירעלע זיך צוגעטוליעט צו איר שוועסטערס פלייצע. גנעסיע האָט זי מיט איין האנט ארומגענומען, און מיט דער צווייטער אריבערגעוואָרפן איר לאנגן גראָבן צאָפּ אַף צירעלעס רוקן.

סיאָמע איז געווען העכער פון אונדז אלע. אין דער פינצטערניש האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער דערלאנגט מיט זײַן צעשויבערטן קאָפּ ביז דער בריק און האלט זי אונטער, ווי א זײַל. איין שווארצע פּאטלע האָט זיך צוגעקלעפּט צו זײַן בלייכן שטערן און צוגעגעבן זײַן ברייטלעך פּאָנעם אי קינדערשע פארשײַטקײַט, אי באָכערישן כיין. וויטע האָט געקוקט אַף אים מיט אויגן, וואָס זײַנען געווען פײַכט פון די רעגן־טראָפּנס, וועלכע האָבן זיך אראָפּגעקײַקלט פון אירע ברעמען און וויִעס, פײַכט און פארנעפּלט. אָט די פארנעפּלטקײַט און די ליקעכאמעדיקע דעמערונג אונטער דער בריק האָט איר, ווײַזט אויס, צוגעגעבן מוט, און ווען ס'האָט זיך דערהערט ווידער א טאראכקערײַ פון א דורכפאָרנדיקער פור איבער אונדזערע קעפּ, האָט זי אפּאָנעם באשלאָסן, אז ניט מיר זעען, ניט מיר הערן, זיך אונטערגעצויגן אַף די שפּיץ פינגער צו זײַן קאָפּ און ארופגעקעמט מיט אירע פינגער זײַן צעשויבערטע פּאטלע. ס'האָט אוואדע אויסגעזען ווי א גלעט. און איך האָב זיך שטארק פארכידעשט, ווען דאָדיק האָט מיטאמאָל גענומען ווידער דערציילן מיר וועגן דעם ווײַטן מארשרוט קיין דודינקע, וועלכן מיר־

אַלע האָבן שוין געקאָנט אויף אויסווייניק. כ'האָב אַ צי געטאָן פֿאַרן אַרבל פּיניען. טראָפּנס רעגן האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פֿון אים, ווי פֿון אַ נאַסן בוים, וואָס אַ ווינט טוט אים אַ טרייסל. ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צו אונדז, פּיניע, און זיך געשטעלט מיטן רוקן צו וויטען. דערנאָך האָט ער פּאַמעלעכן אַראָפּגענומען די בריל און גענומען אויסווישן די גלעזלעך מיטן ראַנד פֿונעם העמדל, וואָס איז געווען ניט טריקענער פֿון די ברילן. ווען דאַדיק האָט זיך אויסגעשעפּט, ניט געהאַט מער מיט וואָס צו פֿאַריידן מיר דעם קאָפּ, האָט פּיניע אַרויסבאַקומען פֿון די טיפֿענישן פֿון זײַן הויזן־קעשענע אַ פֿאַרקנייטשט, פֿאַרנעצט פֿאָטאָ־קאַרטל, און, באַווײַזנדיק דאָס דאַדיקן, אים טאַמעוואַטע געפֿרעגט:

— דערקענסט?

דאַדיק האָט אופֿגעהערט בײַסן די נעגל. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און באַוויזן זײַנע ווײַסע שיינע ציין. פּיניע האָט אַ רוף געטאָן וויטען מיטן פֿינגער. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. „ניין, איך וויל ניט גיין". — האָב איך אויסגעטײַטשט איר שאָקלען. מיר, איך און פּיניע, האָבן פֿאַרטראַכט אַ פֿאַרשווערונג קעגן סיאָמען, אָט דעם ווילד־פֿרעמדן הויכן באַלגיווענען פֿון קאַרנעוויץ, וועלכער דערנידעריקט אונדז, און איבערהויפּט אונדזער געוואַגטן דאַדיקן, אין די אויגן פֿון אונדזערע מיידלעך. כ'האָב אָבער געמוזט זײַן פֿאַרזיכטיק און ניט דערצאָרענען שטאַרק סיאָמען, אַניט קאָן ער נעמען און גלײַך אוועקפֿאָרן, און אויב אַזוי, וועט שיפֿרע אויך אוועקפֿאָרן. פּיניע האָט מיט גאָרנישט ניט ריזיקירט, האָט ער טאַמעוואַטע אַ רוף געטאָן וויטען, אַז סיאָמע זאָל אויך דערהערן:

— וויטע! קום אַהער, וויטע, זאָג איך דיר, און לאָז סיאָמען רויִק באַקוקן די בריק, ער וועט דאָך ווערן מיט דער צײַט אַ גרויסער בריקן־בויער! — פּיניע, פּונקט ווי זײַן טאַטע, האָט גערעדט זייער ערנסט, אַפֿילו ווען ער פֿלעגט טרײַבן קאַטאָוועס. ער האָט אַרויסגעכאַפּט פֿון דאַדיקס הענט דאָס פֿאָטאָ־קאַרטל און אַ פֿאָך געטאָן דערמיט. — ווילסט כאַפּן אַ קוק אויף זיך?

וויטע איז באַלד צוגעלאָפֿן, אַרויסגעריסן פֿון פּיניעס הענט די פֿאָטאָ, צעשמייכלט זיך, און איך האָב צוגערופֿן שיפֿרען און מירען. צירעלע מיט גנעסיען זײַנען אַליין צוגעלאָפֿן. דאָס קאַרטל האָט אָנגעהויבן וואַנדערן פֿון איין האַנט אין אַן אַנדערער, און אַלע, כּוץ מירען, האָבן געלויבט פּיניען. אַלע, אַכוץ מירען, האָבן באַוווּנדערט, וואָס פֿאַר אַ גענייטער מײַסטער פּיניע איז, אויסגעקליבן אַ מאָמענט, ווען דאַדיק און וויטע זײַנען געזעסן בײַדע אויפֿן געלענדער פֿון דער בריק, דאַדיק — אויפֿגערעגט, און וויטע — ניט טויט, ניט לעבעדיק. כ'מיין, אַז דערפֿאַר, וואָס זי האָט געוויס מוירע באַקומען פֿאַר דאַדיקס שאַרפֿע שוואַרצע אויגן און פֿאַר זײַנע געזונטע הענט, וואָס האָבן זי אַ בייג געטאָן צום אָפּגרונט. האָט, הייסט עס, פּיניע אויסגעקליבן אָט דעם גורלדיקן מאָמענט און אים אָפּגעך פֿאַרייביקט מיט זײַן פֿאָטאָ־אַפּאַראַט, זײַן שטאָלץ און שאַץ, מיט וועלכן ער האָט זיך קוינע־שעם געווען אין גאַנץ פּאַנקעוויקע.

— האָסט זי טאַקע געוואָלט דערטרינקען? — פֿרעגט פּיניע דאַדיקן טאַמעוואַטע.

אַלע צעלאַכן זיך, וויטע אַליין אויך. נאָר איין מירע לאַכט ניט, זי הערט זיך צו אָנגעשטרענגט צו אַ ווײַטן גערויש, וואָס ווערט אַלץ נעענטער און וואָס איז נישט ענלעך ניט אויף קיין ווײַטן דונער־געברום, ניט אויף קיין קנאַקענדיקער טאַראַכקערײַ פֿון אַ וואָגן. איך הער זיך אויך אײַן, נאָר צום אַלעם ערשטן וויל איך זיך אָנזעטיקן דאַפֿקע מיטן שטילן געמורמל פֿון אונדזער טײַכל, וואָס שווענקט די זײַלן פֿון דער בריק, וועלכע ס'האָט אַליין עטוואָס צעשעדיקט בעשאַסן אײַזגאַנג. שוין צײַט געזעגענען זיך אויך מיט אונדזער ליב טײַכל, ווו מיר פֿלעגן זיך באָדן און פּליוסקען, ייִנגלעך באַזונדער און מיידלעך באַזונדער.

דאַדיק פֿרעגט וויטען:

— געדענקסט, ווו מיר זײַנען געזעסן?

— אויף דער פּאָרענטשע זײַנען מיר געזעסן.

— אָבער ווו?

— כ'געדענק ניט פּינקטלעך.

— און איך געדענק...

דער רעגן ווערט שיטערער, די דונערס — זעלטענער, נאָר די בליצן ווערן העלער, שאַרפֿער, וואָרעם דער טאָג פֿאַרגייט אָן אַ פֿאַרנאַכט. אויף אַ שטיקל הימל, וואָס איז שוין ריין געוואָרן פֿון וואָלקנס, באַווײַזט זיך אַ ציטערנדיק שטערנדל. אַציִנד, ווען אונטער דער בריק און איבער איר ווערט אַלץ שטילער און שטילער, איז ניט נאָר מירע — אַלע מיר דערהערן אַלץ בולעטער אַ ווײַטן געברום. מיר האָבן זיך ניט צונויפֿגערעדט, נאָר די לאַכערײַען און פּלוידערײַען האָבן מיטאַמאָל אופֿגעהערט, אַזוי אַז אַפֿילו דאַדיק קריין האָט ניט געקאָנט צי ניט געוואָלט פֿאַרפּינקטלעכן, ווו אײַגנטלעך זײַנען זיי געזעסן, וויטע און ער, און צי האָט ער טאַקע געוואָלט אויס אײַפֿערזוכט אַראָפּוואַרפֿן זי אין טײַך. מיר האָבן פּלוצעם דערזען אַ סך אויטאָמאַשינען, און יעדער מאַשין איז געווען פֿול מיט סאָלדאַטן, דערנאָך האָבן מיר דערזען האַרמאַטן מיט קורצע און טעמפּע רערן, ענלעכע אין דער פֿינצטער אויף מעשונעדיקע אײַזערנע כײַעס. מיר האָבן פֿאַרטײַעט דעם אָטעם אַלעמאָל, ווען אַ מאַשין

פלעגט שווער אַפּדונערן איבער דער בריק, אַזוי שווער, אַז אירע אַלטיטשקע אַנשפּאַר־סטויפּעס האָבן, נעבעך, געקרעכצט און געסקריפּעט, אָט־אָט ברעכן זיי זיך איַין, און די מאַשין אָדער דער האַרמאַט וועט זיך אַ וואַלגער טאָן אַף אונדזערע קעפּ און זיי פּלייצעס. ס'האָט זיך מיר פּלוצעם אויסגעוויזן, אַז מיר באַהאַלטן זיך אויס אין אַ פינצטערער הייל מיט עפּעס אַ מיליאָן יאָר צוריק...

די מאַשינען און די האַרמאַטן האַלטן אין איין הילכן איבער אונדזערע קעפּ, און די בריק הערט ניט אויף צו טאַראַכקען. און איך דערמאָן זיך פּלוצעם אין וויטעס פאָטער, נאָכמען פּויזנערן, וועלכער האָט, שטייענדיק אין צוויקס הויף, אומגעריכט פּאַריסן זייַן גריבעלעכע נאָז, טיף אַ שמאַרע געטאָן די לופט אין זיך און אויסגערעדט מיט אַ פאַרשלאָגענעם אָטעם מאַכמעס דער אַסטמע און דער אינער־לעכער פאַרדומפּענער אויפרעגונג: „אַז ווייַ איז אונדז!.. די לופט שמעקט מיט פּולווער, איר פילט דען נישט?..״

נאָכדעם, ווען ס'איז געוואָרן שטיל אויפן הימל און אַף דער ערד און מיר זייַנען אַרויס פון אונטער דער בריק און פאַמעלעך אַרופגעקלעטערט דורך דעם צעבלאָטיקטן גליטשיק געוואָרענעם שיפּוע אויפן שאָסיי, און דער סאַמע מוטיקער צווישן אונדז, דאָדיק קריין, האָט געוואָלט צעווייען די שווער־אָנגעגעצטע שטילקייַט, און ער האָט אויסגערופן מיט אַ וואַרעם קאָל, טייַטלענדיק מיטן פינגער אויפן געלענדער פון דער בריק: „אָט־אָ־דאָ! אָט־אַ־דאָ זייַנען מיר געזעסן. האָסט זיך שוין דערמאָנט, וויטע?..״ האָבן מיר דערזען אַף אָט דעם אָרט אַ קראָ. זי איז געזעסן אַ שוואַרצע, אַ נאַסע, און אומ־באַוועגלעכע, און ערשט דעמלט, ווען מיר האָבן מיט אַ טומל אַ טופּע געטאָן איבער די ברעטער פון דער בריק, קעדיי דערוואַרעמען זיך אַ ביסל ציי צעשטרייען זיך, ערשט דעמלט האָט די קראָ פויל אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, אָפּגעריסן זיך פונעם געלענדער און, פאָכנדיק שווער מיט די אָנגעווייקטע שוואַרצע פליגל, אוועקגעפלויגן אין דער זעלבער ריכטונג, אין וועלכער ס'האָט נאַרוואָס דורכגעיאָגט דאָס מיליטער.

פונוואַנען האָט זי זיך פּלוצעם גענומען, אָט די שוואַרצע קראָ? און ביפּראַט ווו? אַף דעם זעלבן אָרט, אַף וועלכן עס זייַנען געזעסן וויטע און דאָדיק, געדערעדט וועגן ליבע און געשוויגן וועגן אייפער־זוכט. אָט די שוואַרצע קראָ! ווען זי איז שוין שווער אוועקגעפלויגן, האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז זי קרייַזט אַרום איבער אונדזערע קעפּ, ווי אַ שוואַרצער אַעראָפּלאַן, וואָס שוועבט נידעריק און איימעדיק...

כ'מיין אָבער, אַז די דאָזיקע שווערע געדאַנקען האָבן געוויירט אין מייַן אָנגעווייטיקטן מויעך ניט דעמלט, נאָר מיט אַ סאַך יאָרן שפּעטער, שוין נאָך דער מילכאָמע, ווען כ'האָב ענדלעך אָפּגעזוכט פּיניען, פּיניע ליכטער, דעם איינציקן לעבן־געבליבענעם כאַווער מייַנעם. ער איז געזעסן איינער אַליין באַם טיש מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן אַף האַלב אַ באַדעקטן מיט אַ פּאַסמע גרויליך־זילבערנער האָר, ווי באַ זייַן אומגעקומענער מוטער, געזעסן און געמייַסטרעוועט פון ביימער־וואָרצלען פאַרשיידענע באַשעפעניש און שפּילכלעך. צוערשט האָט ער מיך ניט דערקענט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך ניט דערקענט, פּיניעלע? — האָב איך אים געפרעגט שוין נאָך דעם, ווי די אָפּגעפרעמדטקייַט איז אָפּגעטראָטן, און איך האָב אופגעהערט אים רופן „פּיאָטער יאַקאָוו־לעוויטש״.

— איבער דייַנע ברילן, — ענטפערט ער, — און נאָך שוואַרצע דערצו...

ווען איך האָב אַראָפּגענומען די שוואַרצע ברילן, און פּיניע האָט דערזען, אַז איך האָב נאָר איין אויג, האָט ער טאַמעוואַטע געזאָגט:

— מעגסט זיי אָנטאָן, כ'האָב דיך שוין דערקענט.

איך האָב אָבער זיי ניט אָנגעטאָן צוריק, די ברילן. כ'האָב ניט געוואָלט, אַז שוואַרצע פאַרב זאָל זיך שטעלן צווישן מיר און פּיניען, וועלכן כ'האָב קוים אָפּגעזוכט דורך פאַרשיידענע אַדרעסן־ביוראָען פון אַ סאַך שטעט. צווישן מיר און פּיניעס אויסגעדענקטע באַשעפענישן, וואָס האָבן אויסגעזען פאַנטאַסטיש, ווי ערשט געקומענע פון גנאָמען־לאַנד. אַלע האָבן זיי געהאַט אַ געזונטן פאַרברוינטן ביימער־קאָליר פון באַאַרבעטע וואָרצלען, כאָטש עפּעס אַ פויגל מיט שווער־צעשפּרייטע פליגל, וועלכער איז געווען שוואַרץ, ווי פּעך, און מיר ביידע, איך און פּיניע, וואָס האָט נאָכגעפאָלגט יעדן בליק מייַנעם, האָבן מיטאַמאָל אויסגעשריגן, ווי אופגעוועקטע פון אַ דויערעסדיקן שלאָף:

— די שוואַרצע קראָ!

דעמלט אָבער איז געווען פאַרקערט. ווי נאָר מיר האָבן אַרויסגעקלעטערט פון אונטער דער בריק און דערפילט די פריש־אויסגעבאָדענע שמעקעדיקע נאַכט פון רעכטס און פון לינקס, האָבן מיר גלייַך גענומען טופּען איבער די נאַסע ברעטער פון דער בריק, גענומען זיך פאַר די הענט און גע־דרייט זיך אין אַ קאַראַהאָד, און אין סאַמע מיט האָט געהעפּעט מיט אירע באָרוועסע פיסלעך צירעלע. אירע הענט זייַנען נאָך אַלץ געווען פאַרנומען: אין דער רעכטער — קווייטן, אין דער לינקער — אירע סאַנדאַלן. וואָס איז די געדולע אַף אונדז? וואָס האָבן מיר זיך אַזוי געפרייט וואָס? אַ קלייניקייַט! ס'איז שטיל אַף דער וועלט, דער הימל האָט אָפּגעדונערט און אָפּגעבליצט זייַנס, און איצטער האָט

א שאַלוועדיקע בלאָווקייט פאַרצויגן זײַן געוועלב, און די שליסל פון דער דאָזיקער שטילקייט און הימל־בלאָווקייט געפינען זיך אין די זיכערע הענט פון די סאָלדאטן, וואָס האָבן זיך נאַרוואָס דורכגעטראָגן, ווי א ווארעמער וויכער. אזוי פיניע?.. זאָג מיר, טײַערינקער, ענטפער מיר, באשטעטיק עס, ווארעם דאָס הארץ גייט מיר אויס נאָך שיפרען...

— ...און נאָך צירעלען...

— ...נאָך וויטען...

— ...און נאָך גנעסיען...

— ...נאָך דאָדיקן...

— ...און נאָך סיאָמען...

— ...נאָך מײַן מוטער...

— ...און נאָך מײַנער... און נאָך מײַן פאָטער...

— ...נאָך יעשיִע צוויק...

— ...און נאָך די פויזנערס...

— ...נאָך סאָרע קריין...

— ...און נאָך הונדערטער פאנקעווקער קדושים...

## 6

צירעלע האָט זיך טאקע שטארק צוגעקילט. זי ליגט צו בעט, דאָס פּענעמל ברענט, די אויגן פינקלען, און די פארטריקנטע ליפּן ריידן איינס און דאָס זעלבע:

— כ'וויל ניט שטארבן... כ'וויל ניט שטארבן... כ'וויל ווײַנשל...

באסיע, די מוטער אירע, ווישט די אויגן מיטן עק טיכל און טײַנעט אײַן דעם מיידעלע:

— זיי זײַנען נאָך גרין, צירעלע...

— איז זאָל זײַן גרינע.

יעשיִע כאפּט אָן דעם קאָפּ מיט זײַנע קורצע גראָביטשקע הענט, ער גייט ארויס אין סאָד ארײַן, און איך גיי אים נאָך. מיר רײַסן אָן פולע זשמעניעס גרינע הארטע ווײַנשל און קערן זיך אום צוריק.

יעשיִע שטעקט ארײַן זײַן גרויסן קאָפּ אין א טיר פון א צווייטן צימער.

— גנעסיע! — רופט ער אויס צערייצט. — גיב אהער א ריינעם טעלער.

גנעסיע באווײַזט זיך אף דער שוועל. ווען זי דערזעט מיך, כאפּט זי א שנעלן קוק אין א קליין שפּיגעלע, וואָס הענגט אף דער וואנט, און ווארפט אריבער דעם צעשויבערטן צאָפּ איבער דער פלייצע.

— וואָס שרײַסטו?!.. — הייבט זי אוף דאָס קאָל אפּן טאטן. נאָר דערפילט מײַן בליק, זעצט זי פאָר ווייכער: — נאָך וואָס דארפסטו א טעלער?

— ...א ריינעם טעלער דארף איך.

כ'מיין, ער וואָלט אליין געקאָנט נעמען א טעלער, נאָר עס פארדריסט אים גנעסיעס קאלטבלוטיקע פארטאָגנעקייט. ווייס איך וואָס! זי הערט ניט. זי גרייט זיך אין וועג ארײַן, וואשט, פרעסט, טאראראמט, און הערט ניט, צי זי מאכט זיך ניט הערנדיק, ווי צירעלע שטאמלט עפּעס פון היץ. ווען צירעלע דערזעט איר שוועסטער, טוט זי זיך א הייב פונעם געלעגער. סע העלפט ניט, וואָס די מוטער רעדט זי אײַן מיט צארטע ווערטער, מיט קושן און גלעטן, זי זאָל ליגן.

— גנע־סיע! — רופט אויס דאָס מיידעלע. — כ'וויל ניט שטארבן... כ'וויל פאָרן מיט דיר.

עפּשער האָט זי פלוצעם דערזען א מוירעדיק־גרויסן ווײַסן בער?.. זי באהאלט אויס איר קעפּל אונטער גנעסיעס צעשפּרייטע הענט. גנעסיע ווערט בלייך, ווי די וואנט. זי דריקט צו צירעלעס קעפּל צו איר ברוסט, שלינגט אײַן די טרערן און זאָגט איר אײַנגעהאלטן און רויִק:

— וואָס בעבעסטו עפּעס, צירעלע?.. וואָס פאר א בייזער כאָלעם האָט זיך דיר געכאָלעמט!.. ווער גיך געזונט, צירעלע, וועסטו עפּשער טאקע פאָרן מיט אונדז...

נאָכדעם זאָגט גנעסיע צו איר מוטער:

— גיי, רו זיך א ביסל אָפּ. כ'וועל שוין אליין זיצן מיט צירעלען.

באסיע ענטפערט איר:

— ביסטער שטארק פארנומען מיט דער רײַזע.

כ'קאָן ניט אופּאסן, צי באסיע זאָגט דאָס ווי א געטרײַע מוטער, צי עפּשער מיט א פארבאהאלטענעם שטאָך.

זי אַליין העלפֿט מיר דאָס קלאָר מאַכן, וואָרעם זי גיט באַלד צו:

— וואָס האָסטו געדאַרפֿט שלעפֿן מיט זיך דאָס קינד אין אַזאַ זליאָווע?

כ׳פֿיל, אַז גנעסיע ווערט שטאַרק אויפֿגעבראַכט. זי שווײַגט אָבער. קײַט דעם עק פֿונעם צאָפּ און שווײַגט. און צירעלע זאָגט:

— זי האָט מיך ניט געשלעפּט, מאַמע. כ׳האָב זיך אַליין געשלעפּט...

און נעמט זיך ווידער כניקען:

— ווײַנשל... ווײַנשל...

סע מלאָיעט זי נעבעך.

דערלאַנגען מיר איר אין אַ ריינעם ווײַסן טעלער גרינע ווײַנשל, וואָס גלאַנצן מיט דורכזיכטיקע טראָפּנס וואַסער, אין וועלכער מיר האָבן זיי דורכגעשווענקט.

באַסיע פֿאַרלירט מיטאַמאָל איר מידע פֿאַרגליווערטקײַט און שרײַט אויס אויפֿגעבראַכט:

— וואָס טוט איר? גרינע ווײַנשל גיט איר דעם קינד!

יעשיע פֿאַרענטפֿערט זיך:

— סע נודיעט זי נעבעך.

און איך גיב צו:

— זי וועט זיי־סײַווי ניט עסן, זי וועט נאָר קוקן אויף זיי. איאָ, צירעלע?

יאָ. צירעלע קוקט אויף די ווײַנשל מיט פֿיבערדיק־שײַנענדיקע אויגן, אָבער די הענט זײַנען אומבאַוועגלעך. דערנאָך טוט זיך די רעכטע האַנט אַ ריר. צירעלע שטרעקט זי פּאַמעלעכן אויס, רירט זיך צו מיט אַ פֿינגער צו אַ ווײַנשל, און רײַסט דעם פֿינגער גלײַך אָפּ, ווי אַן אָפּגעבריטע. דער כיישעק איז אָבער שטאַרקער פֿון איר. טוט זי פֿונדערגרינג אַ גלעט אַ ווײַנשל, נעמט אים אָן מיט צוויי פֿינגער און טראָגט אים אונטער צו אירע פֿאַרבאַקענע און שטײַף צונויפֿגעפּרעסטע ליפּן, און גלעט די ליפּן מיטן ווײַנשל. זי קושט אים מיט די ליפּן, אײַנזויגנדיק, קושט זי דעם ווײַנשל, ביז דער דורכזיכטיקער טראָפּן אויף אים צערינט זיך, ד פֿיבערדיקע היץ שלינגט אים זשעדנע אײַן, און צירעלע קוקט ווידער מיט שײַנענדיקע אויגן אויף די ווײַנשל און באַלעקט אירע פֿאַרבאַקענע ליפּן. און איך טראַכט בעשאַס־מײַסע מיט אומעט, אַז דאָס מיידעלע איז אַליין ווי אַ גרין, ניט צײַטיק געוואָרן ווײַנשעלע.

— פֿאַרוואָס האָט מען ניט אַרויסגערופֿן דעם דאָקטער? — פֿרעגט גנעסיע.

כ׳באַמערק ווי יעשיע און באַסיע קוקן זיך איבער, און איך טײַטש אויס זייערע בליקן אַזוי: „עפּעס פֿרעגט זי, ווי אַ זײַטיקע".

יעשיע ענטפֿערט צערייצט:

— פֿאַרוואָס האָט מען אים ניט אַרויסגערופֿן?.. מע האָט אים שוין פֿון לאַנג אַרויסגערופֿן. ער האָט דאָך אָבער ניט איין קראַנקן... כ׳מיין, אַז ער וועט שוין באַלד קומען.

באַסיע גיט צו:

— יאָ. דער טאַטע איז אַליין געלאָפֿן נאָכן דאָקטער. ער האָט דיך ניט געוואָלט מאַטריען זײַן. ער זעטעך, אַז דו ביסט שטאַרק פֿאַרשמײַעט מיט דײַנע צוגרייטונגען...

דער שטאָך איז איצטער ניט געווען פֿאַרבאַהאַלטן. ער איז גרינג דערגאַנגען צו מיר. כ׳קלער אָבער איצינד ניט וועגן גנעסיעס מוטער, וואָרעם כ׳האָב זיך דערמאָנט אין מײַן מאַמען. דער עלטערער ברודער מײַנער, רוווען, זאָגט, אַז אונדזער דאָקטער קומט צו דער מוטער אָן איבעריקן כיישעק, ווײַל „די מעדיצין, — זאָגט דער דאָקטער, — קאָן איר שוין ניט העלפֿן, עפּשער נאָר גאָט, אָדער איר אָרגאַניזם אַליין, וואָס פֿאַרטיידיקט זיך מיט אַן אויסטערלישער אײַנגעשפּאַרטקײַט. לויט דער מעדיצין, — זאָגט ער, — האָט די אויסגעדייווערטע פֿרוי שוין פֿון לאַנג געדאַרפֿט..." — און פֿאַרענדיקט ניט זײַן געדאַנק. מיר האָבן אַזויאַרום שוין פּאַמעלעך זיך צוגעוווינט צו דעם, אַז אונדזער מוטער דאַרף שטאַרבן, און די מאַמע אַליין, דאַכט זיך, אויך. זי רעדט שוין ווייניק. נאָר, כ׳מיין, אַז יעדער וואָרט אירס איז צען מאָל איבערגעזיפּט אין איר מויעך, וואָס האָט שוין אַ סאַך פֿאַרגעסן, און אין דער זעלבער צײַט עפּעס דעראָבערט אַזוינס, וואָס מיר, פֿאַרטאָגנע אין לעבנס־הו־האַ, ווייסן ניט פֿונדערפֿון.

— כ׳וועל גיין, גנעסיע, עפּשער וועט מיר געלינגען אָפּזוכן דעם דאָקטער און אים אונטערײַלן, — זאָג איך דעם פֿאַרזאָרגטן מיידל און גיי אַרויס אין הויף אַרײַן.

יעשיעס צוויקס הויף איז פֿאַר אונדז ווי אַ קלוב. קימאַט יעדן טאָג נעמען מיר זיך דאָ צונויף, כ׳מיין, די כעווריײַע אונדזערע. הײַנט אָבער זעט מען קיינעם ניט. עפּשער איבער צירעלען. מיר אַלע פֿילן זיך שולדיק אין איר קרענק. איך קוק אַרויס אויף דער גאַס, עפּשער וועט זיך באַווײַזן שיפֿרע... זי האָט מיך ניט ליב, אָבער זי האָט נאָך קיינעם ניט ליב. און דאָס איז דערווײַל גענוג פֿאַר מיר. איך בין איר אַפֿילע דאַנקבאַר פֿאַר דעם. פֿאַר איר שטאָלצקײַט, פֿאַר איר אומצוטריטלעכקײַט. כ׳לאָז זיך גיין מיט אַ באַרג־אַראָפּיק געסל, וואָס פֿירט צו די פֿויזנערס, אָבער באַלד פֿאַרקערעווע איך און לאָז זיך האַסטיק שפּאַנען אַהיים, עפּשער איז דער דאָקטער גראָד בײַ דער מאַמען. איך שטראָף זיך

אליין הארב, וואָס איבער שיפּרען האָב איך שיִר ניט פאַרגעסן, אַז מע דאַרף אָפּזוכן דעם דאָקטער, וועלכער איז ניט שטאַרק זיכער אין זײַן מעדיצין, און ברענגען אים צו צירעלען, וואָס הייבט זיך שוין אָן צו פאַרליידן. אנומלטן זאָגט זי מיר:

— ...עפּעס ווי אַ שיף גייט אַף פונעם ברעג אין יאַם אַרײַן, און אויפן ברעג שטייט אַ פרוי און קוקט אים נאָך מיט בענקענדיקע אויגן...

און טאַקע באַלד, אָן שום איבערגאַנג, אָן שום פאַרבינדונג טוט זי אַ זאָג:

— כ׳ווייס, אַז איך בין ניט שיין...

רוף איך אויס:

— וואָס הייסט ביסט ניט שיין! און ווער נאָך האָט אַזעלכע שײַנענדיקע אויגן, ווי דו?

דעם דאָקטער האָב איך פאַרשפּאָרט לאַנג זוכן. איך האָב אים דערזען גיין צוזאַמען מיט פּיניען. ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, פּיניע ליכטער, און מיר אַ ווונק געטאָן מיט איין אויג. האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, ס׳איז אים, הייסט עס, געלונגען פּאַקן דעם דאָקטער, און איצטער פירט ער אים צו צירעלען. אַ ווילער יונג, כלעבן, דער דאָזיקער פּיניע.

פונדערווײַטנס, דערזע איך, לויפט מירע. איך האָב זי אָפּגעשטעלט און איר געזאָגט, אַז ס׳איז עפּשער ניט קעדײַ גיין אַצינד צו צירעלען, ווײַל דער דאָקטער איז בײַ איר.

— עמעס,— האָט מירע אײַנגעשטימט. און גלײַך צוגעגעבן,— איז לאָמיר גיין אויפן בעסוילעם.

כ׳ווייס צוליב וואָס זי וויל גיין אַהין. זי וויל זיך געזעגענען מיט אירע עלטערן.

— גוט, — ענטפער איך איר, — כ׳וויל זיך אויך געזעגענען מיט מײַן טאַטן.

ווי־אַזוי וועלן מיר זיך געזעגענען, מירע?

מיט לעבעדיקע געזעגנט מען זיך אַזוי: מע נעמט זיך אַרום און מע צעקושט זיך, און דערנאָך, ווען דער צוג רירט זיך פּאַמעלעך פונעם אָרט, שפּאַנט מען אים נאָך מיט גיכע טריט, מע פאָכט מיט אַ האַנט צי מיט אַ טיכעלע און מע שרײַט נאָך: „שרײַב! שרײַב! זאָלסט באַלד אָנשרײַבן, הערסט?", דאָס האַרץ קלעמט, און דו דערפילסט קימאַט אַ פאַרלײַכטערונג, ווען דער צוג לאָזט זיך שנעלער יאָגן. שוין, אַ סאָף צו דער אומעטיקער געזעגעניש, וועסט עפּשער פאַרשפּאָרן דערזען אַ טרער...

ווי־אַזוי אָבער געזעגנט מען זיך מיט געשטאָרבענע?

זי איז געשטאַנען, מירע, צווישן צוויי גרויע מאַצייוועס, צוויי פוי־ניטמאַנס, געשטאַנען און געשוויגן, אומבאַוועגלעך געשטאַנען, פאַרשטיינערט, ווי אַ דריטע מאַצייווע. די גרינגע שטילקײַט אַרום איז געווען פול מיט מילדער מענוכע, קיין סימען ניט פונעם העסלעכן פּאַרצעף מאַלעכהאַמאָוועס. דאַפקע דאָ האָט ער שוין ניט קיין שליטע. קיינער שטאַרבט ניט צוויי מאָל. און די אייביקע בלויקײַט פונעם הימל איבערן הייליקן אָרט לאָזט אונדז וויסן, אַז ס׳איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס שטאַרבט אַפילע קיין איין מאָל ניט. „די מאַצייווע איז אַ געוויינלעכער שטיין, — וויל איך זאָגן מירען און זאָג ניט, ווײַל כ׳וויל ניט פאַרשווערכן די גרינגע שטילקײַט, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט יענוועלטי־קער רו, — אין אַ מאַצייווע איז דער שטיין פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די סוידעסדיקע אויסיִעס, וואָס זײַנען אויסגעקריצט אַף אים, און אויסיִעס שטאַרבן קיינמאָל ניט..." אָט אַזוי טרייסט איך אין מײַנע געדאַנקען מירען. און זיך. און כ׳ווער ניט געטרייסט. מיר דאַרפן אַ לעבעדיקן טאַטן. און אַ לעבעדיקע מוטער. זאָל זײַן אַפילע אַזאַ, ווי לייע פויזנער, וואָס האַלט אין איין קריגן זיך מיט וויטען, נאָר אַ לעבעדיקע. קוק איך אַף מירען מיט מיטלײַד, און זי דערפילט מײַן בליק, און זי זאָגט זייער שטיל און פאַרדומפּט איין־און־איינציק קליינינק וואָרט — „שוין", און כ׳ווייס ניט, ווי־אַזוי טײַטשט מען עס אויס, נעם איך זיך, אַ שטאַרק פאַרטאָנענער, מיט אַ מער ווי מע דאַרף אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, לייענען אָן אויפשריפט אַף אַ מאַצייווע. כ׳וויל פּאַשעט ניט באַמערקן אַ קײַלעכיקע דורכזיכטיקע טרער, וואָס וועט זיך באַלד אַ קײַקל טאָן איבער מירעס בלייך פּאָנעם. און איך פריי זיך זייער, וואָס כ׳האָב אַ טאַעס געהאַט, ווײַל איך דערזע אַף מירעס ליפּן אַ שמייכל, עפּעס ווי אַ מין בלייכער אָפּגלאַנץ פון דער בלויער אייביקײַט, וואָס זי האָט טאַקע אָפּגענעם דערפילט. איז גוט. לאָמיר איצטער גיין צו מײַן טאַטן, מירעלע, כ׳מיין, צו מײַן פּאָטערס קייווער, דערנאָך צום זיידן, דערנאָך ווײַטער, עפּשער וועלן מיר געפינען אין אַ ווינקל פונעם הייליקן אָרט דעם עלטערזיידן אויך, און דערנאָך נאָך ווײַטער...

— וואָס עפּעס?..

גאָרניט. לאָמיר גיין זוכן די רינגען פון אייביקײַט...

פרעגט מיך מירע:

— קיין דודינקע איז ווײַט?

ווײַט. מעסוקן ווײַט. כ׳ווייס ניט פינקטלעך, וויפל קילאָמעטער. כ׳מיין, צען טויזנט. און עפּשער נאָך מער.

מירען אָבער ענטפער איך:

— נאָענט.

איין הימל באַדעקט פּאַנקעווקע און דודינקע.

# 7

שטייענדיק באַם טאַטנס פאַרוואַקסענעם קייווער, האָב איך מער געטראַכט וועגן דער מאַמען, ווי וועגן טאַטן. איך האָב געטראַכט וועגן דעם געשפּרעך, וואָס די מאַמע האָט שוין עטלעכע מאָל געהאַט אָנגעהויבן, און איך האָב אַלעמאָל אים אָפּגעלייגט אַף שפּעטער. און דער „שפּעטער" איז שוין געקומען, דאַרף מען דאָך סאָפּקאָלסאָף א שמועס טאָן מיט דער מאַמען פאַרן אוועקפאָרן. דעריקער, אַז דער געשפּרעך זאָל דורכגיין אָן טרערן.

איך צווינג זיך צוטראַכטן קאָלערליי גענג, די מוטער זאָל מיך אָפּלאָזן מיט טרוקענע אויגן, עפּשער אַפילע מיט א שמייכל. פיניע איז א מאַזיק אַף אַזעלכע אײַנפאַלן. ער קען עפּעס א זאָג טאָן גאַנץ טאַמעוואַטע, אַזוי אַז איר זאָלט זיך אַזש קאַטשען פאַר געלעכטער. אַנומלטן, אין אונדזער קלוב, וואָס איז אויך געווען א שטיקל טעאַטער, האָט דער סעקרעטאַר פון אונדזער קאָמיוג־קעמערל פאַרגעלייגט פיניען, ער זאָל דערציילן דער יוגנט וועגן אונדזער באַשלוס פאָרן קיין טײַמיר. פיניע האָט זייער ניט ליב אַרויסצוטרעטן. נאָר אַז מע דאַרף, איז דאָך ניט שײַעך. איז ער אַרויף אַף דער סצענע, אַראָפּגענומען די בריקן, אויסגעווישט זיי מיט אַן עק פונעם פאַרהאַנג, ווידער אָנגעטאָן זיי, און דער עולם האָט שוין אָנגעהויבן קוועלן. א ביסל האָט ער זיך פאַרויטלט, פיניע, א ביסל פאַרהיקעט, און דערנאָך פון דער הוילער הויט אויסגערופן:

— כאַווײרים, מיר פאָרן!

דער עולם האָט אויסגעשאָסן מיט א געלעכטער. פיניע ווידער כאַזערט איבער גאַנץ ערנסט און טאַמעוואַטע:

— כאַווײרים מיר פאָרן, צו די ווײַסע בערן פאָרן מיר...

ערשט ווען פיניע ליכטער האָט דערפילט, אַז די הערצער זײַנען ווייך געוואָרן פונעם פריילעכן געלעכטער, האָט ער שטיל און עפּעס שטאַרק פּראָסט און היימיש גענומען ריידן וועגן דעם, וואָס דאָס לאַנד דערוואַרט פון דער יוגנט אין אַלע זײַנע נאָענטע, און איבערהויפּט אין די ווײַטע קאַנטן... שפּאַן איך פונעם בעסוילעם און קלער אָנגעשטרענגט, וויאַזוי וואָלט איך געקאָנט אַרויסרופן א שמייכל אַף מײַן מוטערס ליפּן. פיניע, ליבער כאַווער מײַנער, עפּשער וואָלסטו מיר טאַקע עפּעס אַן אייצע געגעבן?

איך גיי ניט אַרײַן אין שטוב און נעם זיך קוידעמקאָל לעבן שפּײַכלערל האַקן האָלץ. איך האַק מיט אימפּעט, הילכיק, קעדיי די מאַמע זאָל דערהערן, וויאַזוי איך סטאַרע זיך. און טראַכט אַלץ בעשאַסמײַסע וועגן דעם פאָרשטייענדיקן געשפּרעך. און אַזוי טראַכטנדיק, טו איך א הייב די האַק און לאָז זי מיט רעציכע אַראָפּ אַף א גראָבן קלאָץ. דער קלאָץ ווידער וויל זיך ניט שפּאַלטן, א רועך אין זײַנע סוקעוואַטע ביינער!.. הייב איך אים אויף איבערן קאָפּ און לאָז אים אַראָפּ מיטן רוקן פון דער האַק אַף א צווייטן קלאָץ, צעשפּאַלט ער זיך ענדלעך, און איך שרײַ מיטאַמאָל אויס צום פאַרנאַכטיקן הימל, וואָס האָט נאָך פאַרהאַלטן אין זיך שטראַלן פון דער זון־שקיִע:

— כ'ווייס!

ס'הייסט, כ'ווייס שוין, וואָס איך דאַרף זאָגן דער מאַמען. איך וועל איר זאָגן טאַמעוואַטע, ווי פיניע קען:

— מאַמע, איך פאָר ניט.

וועט זיך די מאַמע עטוואָס אונטערהייבן אַף איר געלעגער, וועט א ווײַלע קוקן אַף מיר מיט פאַרכידעשט־דערפרייטע אויגן, דערנאָך וועט זיך די אומגעריכטע פרייד אויסוועפּן, די שוואַרצאַפּלען וועלן ווידער זיך אויסלעשן און זי וועט מיך פרעגן מיט אַן אָפּגעשוואַכטער שטים:

— קיינער פאָרט נישט?

— ניין. נאָר איך פאָר ניט.

— איז אויב אַזוי, — וועט מיר די מאַמע זאָגן נאָך שטילער, — אויב אַזוי, איז פאָר אויך. כ'דאַרף נישט... כ'וויל נישט, אַז איבער מיר זאָלסטו...

אינדערעמעסן אָבער איז דער געשפּרעך פאָרגעקומען ניט אינגאַנצן אַזוי, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, האַקנדיק דעם האָלץ.

כ'האָב אויסגעווישט דעם שווייס פונעם שטערן און אַרײַנגעלאָפן אין שטוב אַרײַן. שטייענדיק נאָך אַף דער שוועל, האָב איך אויסגערופן מיט א געמאַכט־מונטער קאָל:

— מאַמע, כ'פאָר ניט!

ס'איז לאַכלוטן ניט געווען ענלעך אַף פיניעס א טאַמעוואַטע זאָג.

די מאַמע האָט זיך א שאַרפן הייב געטאָן, די קאָלדרע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פונעם בעט, אין דער מאַמעס אויגן איז געווען מער מוירע, ווי פרייד, און זי האָט מיך געפרעגט מיט א ציטערנדיק קאָל:

— ס'אי עמעס?

איך האָב זיך געמאַכט ניט־וויסנדיק און האָפּערדיק געענטפֿערט, אַנטוענדיק אָפֿ אירע פּלייצעס די קאָלדרע:

— עמעס. כ'פֿאַר ניט.

ערשט נאָכדעם האָט זי מיך געפֿרעגט:

— קיינער פֿאָרט נישט?

— ניין. אַלע פֿאָרן, כוץ מיר.

די מאַמע האָט לאַנג געשוויגן. אַזוי לאַנג, אַז ס'איז מיר געוואָרן עפּעס זייער שווער אָפֿן האַרצן. וואָס איז מיט איר, מיט דער מאַמען?..

דערנאָך האָב איך דערהערט איר שטים. נאָר דאָס, וואָס זי האָט ענדלעך געזאָגט, איז געווען אָפּאַנעם דער סאָף פֿון דעם, וואָס זי האָט איבערגערעדט מיט זיך אַליין בעשאַס דער דויערנדיקער שווײַגעניש:

— ...כ'וויל ניט, אַז איבער מיר זאָלסטו... פֿאַר אויך...

וואָלט איך געדאַרפֿט אַצינד זיך פֿרייען, ניט אַזוי? פֿריילעך איז מיר אָבער עפּעס ניט געווען.

## 8

יעשׂיע צוויקס ברייטלעכער הויף האָט זײַן אייגענעם רייעך. אַמאָל האָט יעשׂיע געהאַלטן אַן אײַנפֿאָר־הויז. שוין לאַנג, יאָרנלאַנג, אַז ער האָט עס פֿאַרמאַכט, דאָך פֿילט זיך ביז איצט אַ פֿאַר־שטאָקטער רייעך פֿון פֿערד, פֿון מיסט, וועלכער ווערט עטוואָס שוואַכער בלויז זומערצײַט, ווען עס צעבליִען זיך די עטלעכע ווײַנשל־ און עפּלביימער אין צוויקס קליינעם סעדל. דאָס לאַנגע האַלבפֿינצ־טערע אײַנפֿאָר־הויז האָט נאָך פֿאַרהיט פֿונדעסטוועגן אין זײַנע טונקעלע געדערעם די סוידעסדיקע שאָטנס פֿון שוואַרצע פֿערד מיט ווײַסע שטערנס און פֿאַריסענע קעפּ און דעם אָפּהילך פֿון קלינ־געוודיקע טלאָען. דער סאַמע קורצער וועג צו אונדזער טײַכל פֿירט דורך דעם דאָזיקן אײַנפֿאָר־הויז מיט ברייטע טויערן פֿון ביידע עקן. אַ שאָד נאָר, וואָס דער הינטערשטער טויער איז שטענדיק פֿאַר־ריגלט. כעוורעלײַט האָבן זיך אָבער אויסגעלערנט עפֿענען אין דער פֿינצטער דעם פֿאַרזשאַווערטן ריגל. און ווי נאָר געעפֿנט, שטראָמט באַלד אַרײַן די זונען־שײַן צוזאַמען מיט אַ פֿריש ווינטל פֿונעם ברעג טײַך, פֿון אונדזער טײַכל, מיט וועלכן מיר דאַרפֿן דאָך אויך געזעגענען זיך. אָבער דערווײַל, ביזוואַנען מיר וועלן זיך ניט דערוויסן וואָס איז מיט צירעלען, דערלויבן מיר זיך ניט גיין אַהין.

צירעלען, זאָגט גנעסיע, איז גרינגער געוואָרן. זי פֿיבערט ווייניקער.

— נו, און וואָס זאָגט דער דאָקטער?

— גאָרנישט זאָגט ער ניט.

מיר גייען אַרײַן, און גנעסיע ווענדט זיך צו דער מוטער:

— גיי, רו זיך אָפּ אַ ביסל. מיר וועלן דאָ זיצן מיט צירעלען.

באַסיע ענטפֿערט ניט. זי הייבט זיך שווײַגנדיק אויף פֿון איר אָרט און גייט אַרויס אין צווייטן צימער. זי איז בכלל אַ גרויסע שווײַגערן, באַסיע. עפּשער דערפֿאַר איז זי ניט געווען דעמלט, ווען מיר האָבן געפֿירט אַ הייסן וויכוח מיט אונדזערע עלטערן דאָ אין הויף.

צירעלע איז גרויס בײַ זיך, וואָס איר עלטערער שוועסטערס כאַווערים זײַנען געקומען זי מבֿקר־חולה זײַן. ווי נאָר די מאַמע איז אַרויסגעגאַנגען, איז זי אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם בעטל, צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער און צוגעפּלעטשט איר נעזל צו דער טאָפֿליע.

— וואָס טוסטו, צירל?.. מאַרש צוריק אין בעט אַרײַן!

גנעסיע שלעפּט זי צום בעטל. צירעלע ווערט זיך. זי ווײַזט מיטן פֿינגער אָפֿן פֿענצטער. זי וויל עפּעס זאָגן, נאָר פֿאַרהוסט זיך. איך קאָן ניט אָפּרײַסן דעם בליק פֿון צירעלען און איר דאַרן פֿינגער. אין אירע צעפּלאָנטערטע העל־ברוינע האָר האָבן זיך פֿאַרפּלאָנטערט די שקיִע־שטראַלן, סע שוועבט איבער איר קעפּל עפּעס ענלעכס אָפֿ אַ נימבוס, און איר פֿינגער ווײַזט אָפֿן הימלראַנד, דאָרטן, ווו די מידע זון לאָזט זיך פּאַמעלעך אַראָפּ אין טײַך. די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען, נאָר דער הימל פֿלאַקערט נאָך. אַ לאַנגער טאָג איז הײַנט, איינער פֿון די לענגסטע טאַמעז־טעג. ער וויל בשום־אופֿן ניט אָפּטרעטן זײַן אָרט דער נאַכט. און דערווײַל פֿאַלט צו דער ביינהאַשמאָשעס, די גרענעץ, די גרויסע קיינעמס־צײַט, די אשקאָליריקע בריק צווישן טאָג און נאַכט.

דאָדיק קריין, דער אַנטשלאָסנסטער צווישן אונדז, קומט גנעסיען צו הילף. ער נעמט צירעלען פּאַשעט אָפֿ די הענט און לייגט זי אַנידער מיט קוועך אָפֿן בעט, פֿאַרטשעפּענדיק אונטערוועגס מיט

איר דריגענדיקן פּיסל דעם טעלער מיט די גרינע ווײַנשל, וואָס איז געשטאַנען באַם בעטל אַף א בענקל. די ווײַנשל צעשיטן זיך איבערן דיל, ווי גרינע קאָרעלן. צירעלע הערט גלײַך אויף צו מאַר־דעווען זיך אפן געלעגער, איר געפּעלט אפּאָנעם, וואָס מיר בייגן זיך אָן און קלײַבן אונטער די האַרטע גליטשיקע ווײַנשל, זי כאַפּט א שנעלן קוק אַף גנעסיען און הייבט אָן לאַכן. לאַכט און הוסט, הוסט און לאַכט, און גנעסיע נעמט אויך לאַכן, כאָטש די אויגן פאַרבלײַבן בא איר אומעטיק. פּיניע קלײַבט צונויף די שערבלעך פונעם צעבראָכענעם טעלער און זאָגט טאַמעוואַטע:

— זאָל זײַן מיט מאזל!

ערשט אצינד שיסט אויס דאָס רעכטע געלעכטער. אין דער עטוואָס צעעפנטער טיר שטעקט אַרײַן זײַן גרויסן קאָפּ יעשיַע צוויק. זײַן גוטמוטיק פּאָנעם איז קלוימערשט באַרויגעזלעך („וואָס פאַר א געדולע אַף זיי, מײַנע סאָנים!”). דאַדיק, וואָס רייכערט שוין גאַנץ נישקאָשעדיק און האָט שטענדיק א שאַכטל ציגאַרן אין דער קעשענע, נעמט עס אַרויס, דערלאַנגט דעם באַלעבאָס. יעשיַע באַקומט ספּריטנע אַרויס פונעם שאַכטל מיט זײַנע קורצע גראָביטשקע פינגער צוויי ציגאַרן מיטאַמאָל. יעשיַע און דאַדיק גייען ביידע אַרויס אין הויף און פאַררייכערן, און איך עפן ווידער די טיר א ביסעלע און קוק אַרויס מיט איין אויג אין הויף אַרײַן, טאָמער וועט זיך ענדלעך באַווײַזן שיפרע. און ווען זי האָט זיך טאַקע באַוויזן, ניט אליין, נאָר מיט סיאָמען, האָב איך איר גלײַך מויכל געווען, וואָס זי לאָזט אַף זיך אַזוי לאַנג וואַרטן. איך בין איר געווען דאַנקבאַר, וואָס זי גייט שטענדיק מיט איר ברודער סיאָמען, און מער מיט קיינעם ניט, כאָטש ניט איין פאַנקעווקער באַכער פאַרקוקט זיך אַלעמאָל אַף איר.

איך ווייס גוט, אַז שיפרע וועט צום אַלעם ערשטן צוגיין צום קראַנקן מיידעלע, צוליב וועלכער זי און מיר אַלע זײַנען הײַנט אַהער געקומען. פאַרלויף איך איר דעם וועג, זעץ זיך ברייטלעך אַוועק אפן בענקל, אַף וועלכן ס'איז נאָרוואָס געשטאַנען דער טעלער מיט די ווײַנשל, און נעם זיך דער־ציילן צירעלען א מײַסע וועגן שטאָרכן. אַלע יאָר קומען זיי צו פליִען קיין פאַנקעווקע סאָף מאַרט, און פליִען אַוועק געוויינלעך אָנהייב האַרבסט. דאָס יאָר זײַנען זיי ערגעץ נעלעם געוואָרן אין מיטן זומער. קיינער ווייסט ניט פאַרוואָס און פאַרווען, אָבער זען זעט מען זיי ניט, די שטאָרכן. מאַכט מען אַלערליי האַשאָרעס און סוואָרעס, און כאָטש פאַרשיידענע, דאָך אַלע — מאָרעשכוירעדיקע, וואָרעם מע האָט דאָס פאַרשווונדן ווערן פון די פייגל צוזאַמענגעבונדן מיט די קלאַנגען וועגן מילכאָמע. אויב די שיינע פייגל, די גרויסע ליבהאָבערס פון געמיטלעכקײַט, האָבן פאַרלאָזט זייערע אַקאָרשט אָנגעוואָרעמטע נעסטן און אַוועק אין ווײַטע לענדער, הייסט עס, אַז ניט אַנדערש, ווי זיי האָבן דער־פילט אין דער היגער לופט דעם פּולווער־גערוך, ווי, לאָמיר זאָגן, לעהאַוודל, נאַכמען פויזנער. צירע־לען דערצייל איך אָבער גאָר עפּעס אַנדערש. כ'דערצייל העכער, ווי מע דאַרף, כ'וויל, אַז שיפרע זאָל דאָס אויך הערן.

— איינמאָל איז געשען, אַז דער ווינטער האָט זיך פאַרהאַלטן, די שטאָרכן אָבער זײַנען שוין געקומען צו פליִען, ווי געוויינלעך, זיי ווייסן גאַנץ גוט זייער צײַט אָן א זייגער און אָן א קאַלענדאַר...

ווען שיפרע האָט זיך דערנעענטערט צו צירעלעס געלעגער, האָב איך איבערגעריסן די מײַסע, אופגעהויבן זיך פונעם בענקל און פאַרגעלייגט עס שיפרען. איך בין געווען זיכער, אַז צירעלע וועט גלײַך אָנהייבן מיך בעטן: „נו, דערציילט ווײַטער... וואָס איז ווײַטער געשען מיט די שטאָרכן?..”

אַזוי טאַקע איז געווען. צירעלע האָט ניט געלייגט קיין אַכט אַף שיפרעס גלעט, מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט מײַן רעכטע האַנט און גענומען בעטן:

— נו, דערציילט ווײַטער... וואָס איז ווײַטער געשען?..

— שלעכט, צירעלע... — זעץ איך פאָר, צי'ענדיק שיפרען פאַרן אַרבל מיט מײַן לינקער פרײַער האַנט צום בענקל. — דו פאַרשטייסט, צירעלע: אַרום און אַרום איז ווינטער, די ערד, און די דעכער, און דיביימער זײַנען באַדעקט מיט שניי, ס'איז קאַלט, קיין נעסט איז ניטאָ פון וואָס צו בויען, שטייען זיי נעבעך אַף איין פוס אינעם שניי און...

ווען צירעלע איז אַנדרעמלט געוואָרן און אָפּגעלאָזט מײַן האַנט, האָב איך זיך אָנגעבויגן צו שיפרען, שיר ניט אָנגערירט מיט מײַן שפּיץ נאָז אירע זײַדענע קודלעס, וואָס האָבן מעכײַעדיק גע־שמעקט מיט עפּעס אַן אויסטערלישן קאָרנעוועצער פאַרפום, און זייער שטיל געפרעגט:

— האָסט א גוט האַרץ, שיפרע?

נאָך וואָס האָב איך עס געפרעגט? כ'זאָל אַזוי וויסן פון צאָרעס! ניט איך, די ליבע מײַנע האָט זי געפרעגט. מײַן ליבע טרוימט און זוכט באַווײַזן, אַז שיפרע האָט א גוט האַרץ. און זי, שיפרע, האָט געקוקט אַף צירעלעס פאַרבלייכט פּענעמל מיט פאַרנעפּלטע לענגלעכע אויגן, פול מיט ראַכמאָנעס. שיפרע האָט אופגעהויבן אַף מיר אירע שיינע אויגן. אַף איינער פון אירע לאַנגע וויִעס איז געהאַנגען א טרער.

איצטער פרעג איך ניט, איך באַשטעטיק:

— האָסט א גוט האַרץ, שיפרע.

אין געדאַנק גיב איך צו: „א גוטס און א שלעכטס”.

פאר מיר — א שלעכטס. ווײַל פארשלאָסן. און איך קאָן בעשום־אויפן ניט אָפּזוכן אזא שליסל, וואָס וואָלט אופגעשלאָסן דײַן פארשפּארט הארץ. כאָטש כאַפּן א קוק: וואָס טוט זיך דאָרטן? פאר צירעלען האָסטו דאפקע אן אָפּן הארץ. א ווייכס. נו, זאָג זשע עפּעס, שיפרעלע? זי שווײַגט אָבער אלץ. פרעג איך:

— אָף וועמען האָסטו ראכמאָנעס? אָף צירעלען, צי אָף די שטאָרכן?

כ'האָב עס געפרעגט ערנסט. און זי האָט אפּאָנעם געמיינט, אז איך טרײַב לײַצאָנעס. נו, גוט. זאָל זײַן אזוי. וואָס דען, כ'וועל זיך נעמען אָפּלייקענען? זי וואָלט געדארפט אליין דערפילן. עפּעס א קויעך, וואָס איז געווען אין אָט דער רעגע שטארקער פון מיר, האָט מיך געטריבן ווײַטער איבער דעם זעלבן שטעג, עפּשער דערפאר, וואָס שיפרע האָט געהאלטן דעם קאָפּ צו גלײַך און צו שטאָלץ.

— שיפרע, מעגסט זיך שוין פארגינען א שמייכל טאָן, — זאָג איך איר און נעם דעקלאמירן א ליד, געווידמעט שיפרען, כאָטש כ'ווייס נאָך אליין ניט, וואָס וועל איך אויסדריקן אין דער צווייטער שורע, ווען כ'וועל פארענדיקן די ערשטע:

אָט טוסטו באלד א שמייכל, שיפרע...
און... און אלץ ארום ווערט פול מיט ביין...
ביין, ווערט מאָלע ביין...
און אלץ ארום ווערט פול מיט לעבן,
מיט זון, מיט ליכט, מיט...

מיט וואָס נאָך, שיפרע?

שטייט זי שטאָלץ. כ'מיין, אז זי איז גערעכט — געפונען אן אָרט און א צײַט פאר מעליצעדיקע קאָמפּלימענטן. נאָר, כ'מיין, אז איך בין אויך גערעכט. „און אלץ ארום ווערט פול מיט לעבן...”

„וואָס מעשײַעט דיר, — פרעג איך אין געדאנק שיפרען אָף א ריין פאנקעוועקער לאָשן, — וואָס מעשײַעט דיר, אויב וועסט א שמייכל טאָן, אז אלץ ארום זאָל ווערן פול מיט לעבן?.. איך דארף עס דען צוליב מיר, נארעלע... איך דארף עס פאר מײַן מאמען... פאר די שטאָרכן, וואָס זײַנען פּלוצעם ערגעץ אנטרונען געוואָרן... פאר צירעלען, וואָס רעדט ווידער פון היץ: „כ'וויל ניט שטארבן... כ'וויל ניט שטארבן...”

„און פאר דיר?.. אָבער דעם עמעס! — זאָג איך זיך אליין פאר שיפרען. יאָ. פאר מיר אויך, — ענטפער איך אין געדאנק, — מיר דארפן זיך אָנעמען מיט לעבן, שיפרעלע. סע שטייען אונדז פאָר שווערע ניסיוינעס. און איך נעם ארום שיפרעס קאָפּ מיטביידע הענט, מיט קויעך, מיט גוואלד, אומ־פארשעמט, זויג איך זיך אײַן מיט מײַנע ליפּן אין אירע, און ס'ארט מיך ניט, וואָס די גאנצע כעווריײַע קוקט אָף מיר פארכידעשט, עפּשער אפילע אופגעבראכט, און מיט קינע, — ווייניק באלאָבים דען אָף שיפרעס זאפטיקע ליפּן! — ניין, ס'ארט מיך ניט. און שיפרען דארף דאָס אויך ניט ארן, ווארעם זי און איר ברודער סיאָמע זײַנען איבער דער בעהאָלע פון די ערשטמילכאָמע־טעג געבליבן שטעקן אין פאנקעוועקע און שוין קיינמאָל ניט דערקליבן זיך אין זייער היים קיין קאָרנעוועץ, דאָ, אין פאנקעוועקע, זײַנען זיי אומגעקומען.

ווו איז איר קייווער, איז מיר ניט באוווסט. אניט וואָלט איך זיך געשטעלט אָף די קני פארן בערגל ערד, און כ'וואָלט אויסגערופן צו דעם און צו דער גאנצער וועלט פארצײַטיקע מעשונעדיקע ווערטער, וועלכע מײַן אויג האָט צופעליק ארויסגעכאפּט פון א צעפליקטן סייפער, וואָס האָט זיך געוואלגערט אין יעשיִע צוויקס הויף, ווען איך האָב אים, א פארי־אָסעמטן, באזוכט נאָך דער מילכאָמע: „....נײַערט דאָס בלוט זאָל איר ניט עסן... ווארעם דאָס בלוט איז די נעשאָמע...”

9

שיפרע האָט, קאָן זײַן, זיך באליידיקט אָף מיר, ווען מיר האָבן זיך געלאָזט גיין דורכן לאנגן, דער גאָלעס, און פינצטערן אײַנפאָר־הויז, קעדיי געזעגענען זיך מיטן טײַכל אויך, האָב איך אפילע געוועגן צוטראכטן פארשיידענע בארעכטיקונגען. און אָט אזוי זײַנען מיר געגאנגען דורכן פינצטערן קאָרידאָר: שיפרע — פון איין זײַט, איך — פון דער צווייטער, און צווישן אונדז — א כאשכעס, א דורכויסיקע, א געדיכטע, כאָטש נעם און טאַפּ זי אָן און שטופּ זי אָפּ צו אלדי רוכעס אינײַנעם מיטן ברײַנעם קאָשמאר, וואָס רוקט זיך אָן אָף אונדז...

— שיפרע, ווו ביסטו? — האָב איך דעמלט געפרעגט די געדיכטע פינצטערניש.

אין פינף יאָר ארום, ווען כ'האָב זיך געשפּילט איינער אַליין אין כאַפּערלעך אַף יעשיע צוויקס הויף, און עפשער ניט אינגאנצן איינער אַליין, ס'האָבן זיך געדרייט צוזאמען מיט מיר באקאנטע שאָטנס, — האָב איך ווידער אויסגעשריגן די זעלבע פראגע און ווידער קיין ענטפער ניט באקומען. טויטע שווייַגן.

אָבער דעמלט, שיפרעלע, ביסטו דאָך געווען, ווי דאָס לעבן אַליין, איז פאַרוואָס האָסטו זיך ניט אָפּגערופן אַף מייַן בענקענדיקן רוף? פאַרוואָס?.. דער אייַנגעשטאנענער פערדישער גערוך צווישן די פיר ווענט האָט מיך, ווייַזט אויס, פאַרשיקערט דעמלט.

— שיפרע, ווו ביסטו? — רוף איך אייַנגעשפּאַרט און איך הער זיך אַליין ניט. ענטפער שיפרע: „אָט בין איך!"

— אָט בין איך! — האָב איך גאַנץ נאָענט דערהערט.

איך האָב זי אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, צוגעדריקט זי צו זיך, אירע קני צו מייַנע קני, אירע ליפּן צו מייַנע ליפּן און געזאָגט:

— שיפרע, איך וויל דיך.

געזאָגט קלאַנגלאָז, אין געדאַנק, פּונקט ווי איך האָב אנומלטן אין געדאַנק אייַנגעזויגן זיך מיט מייַנע ליפּן אין אירע זאַפטיקע ליפּן, מיט קויעך, מיט גוואַלד, אומפאַרשעמט. איצטער, ווען איך האָב דערשפּירט איר פאַרטייַעטן אָטעם, האָב איך, א פאַרטאַנענער אין סאַקאַנעסדיקע ספּייקעס, אויך אופגעהערט צו אָטעמען... אָ, אין די געדאַנקען בין איך דרייסט, געוואָגט, זעלבסטזיכער. ווען אָבער שיפרע האָט זיך ענדלעך אָפּגערופן צי שוין גרייט געווען אָפּרופן זיך, האָב איך אייַליק אָפּגערוקט דעם ריגל, צעפּראַלט דעם טויער, און מיר ביידע זייַנען געבליבן שטיין דערשיטערטע — א שטיק פאַרנאַכטיקער הימל האָט פאַרשטעלט דעם אייַנגעשטילטן ארום, ווי א באַשפּרענקטער מיט גאָלדענע שטערן גרוי־בלויער פאַרהאַנג. מיר זייַנען געשטאַנען דערשטוינטע פונעם שאַרפן איבערגאַנג פון אומדורכדרינגלעכן כוישעך צו פינקלענדיקע שטערן, וואָס זייער אָפּגלאַנץ האָב איך דערזען אין שיפרעס שמאָלבלעכע אויגן, ווען זי האָט זיך א קער געטאָן צו מיר און געפרעגט, טיף אָפּאָטעמענדיק:

— ווו זייַנען מיר?

— באם טייַך, — האָב איך געענטפערט, — אָט דאָרטן, זעסט, באָדן זיך אונדזערע כעוורע־קום, וועלן מיר אויך...

שיפרע האָט מיך איבערגעשלאָגן:

— ניין, כ'וויל ניט. כ'וועל בעסער דאָ, אפן ברעג, צוּוואַרטן אַף אייַך.

ניין און ניין. כ'האָב אין איין מינוט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער און א פליוכע געטאָן זיך אינעם וואסער, וואָס איז אצינד, אפדערנאכט, נאָך א לאַנגן טאָג פון אייַנזאַפן אין זיך הייסע זונשטראַלן, געווען מעכייַעדיק וואַרעם. שווימענדיק אפן רוקן, מיטן פּאָנעם צום הימל, מיטן הארץ צו עפּעס א גאָט, וואָס פאַרשטייט אַלץ און איז מויכל אַלץ, — א קלוגער גאָט, ניט דער, וואָס אָט ווישט ער אייַך אויס די טרערן, און אָט שיט ער פּעך און שוועבל, — פרעג איך אים דעם קלוגן גאָט, אָן איבעריקע צערעמאָניעס, וואָכעדיק פרעג איך אים און אפילע עטוואָס לייצאָנעסדיק, גלייַך ווי איך וואָלט געשמועסט מיט שיפרען: „ווער האָט פאַרפּאַסט דעם יעצירע־פּראָיעקט?" ער איז דאָך פול מיט בלויזן! אָן א שיר! און אָן אן עק! אן אָפּגרונט, א גאנצער טהאָם ליגט צווישן טרוים און ווירקלעכקייַט... איז ווער דאַרף זיי, די טרוימען! וואָלטן זיי ניט רויִקער געווען אָן זיי?..

עך! איך בין פאַרשווומען העט־ווייַט. אינעם טייַך און אין מייַנע געדאַנקען. לאָז איך זיך אימפּעטיק שווימען צוריק. און איך דערפריי זיך, ווען צווישן די שווימענדיקע שאָטנס אַף דער טונקל־גרויער, זיך וואַקלענדיקער וואסער־אויבערפלאַך דערקען איך פיניען. אָן די ברילן אַף דער שפּיציקער נאָז זעט ער אויס שטאַרק קינדעריש. איך זע אים, און ער מיך — ניט. מיסטאָמע דערפאַר, וואָס ער איז אָן ברילן, און עפשער ווייַל זייַנע אויגן זייַנען פאַרנומען מיט איין מירען. און אָט אַזוי שווימען זיי, די שווייַגנדיק־שטילע שאָטנס: צוערשט — סיאָמע, דערנאָך — וויטע, נאָך איר — דאָדיק, דערנאָך — מירע, נאָך איר — פיניע... נאָר איין גנעסיע שווימט אין א זייַט, אָבער ווי נאָר זי דערזעט מיך, פאַרקערעוועט זי גלייַך צו מיר, נעענטער צום ברעג, ווו איך שווים און קוק זיך אייַן, צי שיפרע זיצט נאָך אפן ברעג.

סאָפּקאָלסאָף האָט מיך פיניע באמערקט, ער האָט מיר געוואָלט עפּעס א געשריי טאָן, נאָר זיך פאַרכלינעט מיט וואסער. אויסגעשפּיגן דאָס וואסער, האָט ער אויסגערופן:

— א גוטע מיקווע, האַ? א מעכייַעדיקע!

אַז פיניע זאָגט עפּעס טאַמעוואַטע, ליגט ער סייַווי אַרייַן אין דעם א באַזונדערן זין, — דאָס ווייס איך שוין פון לאַנג. א מיקווע רייניקט אָפּ. מיר גרייטן זיך דאָך צו גרויסע אופטוען. אַלץ, וואָס איז קליינלעך, נישטיק, דאַרף גרינטלעך אָפּגעוואַשן ווערן, צוליב וואָס דאַרף מען עס פירן מיט זיך צען טויזנט קילאָמעטער, אזש קיין טייַמיר! מיר... אַלע שטרעבן דאָך באַווייַזן אונדזערע קויכעס, אונדזערע פעיִקייַטן, פּאַנקעווער מאסשטאַבן באַפרידיקן אונדז ניט. ווער? ס'האָט נאָר געקאָנט, האָט

4*



שוין דאָס שטעטל פאַרלאָזט, נאָר מיר זײַנען פאַרבליבן, די לעצטע מאָהיקאַנער. טײַמיר! טײַמיר! אָט דאָס איז עפּעס אַנדערש!

אַצינד שווימען מיר באַנאַנד, פּיניע און איך. מיר יאָגן איבער אונדזערע כעוורעלײַט און שווימען ווײַטער, ווײַטער... אָט באַווײַזט זיך שוין די בריק, אונדזער בריק. און ווען דאָוויד קריין, אַ באַרויגעזער אַ ביסל אויף וויטען און אַ ביסל אויף אונדז, וואָס מיר האָבן אים, דעם אָנפירער אונדזערן, קאָן מען זאָגן, איבערגעיאָגט. ווען ער דעריאָגט אונדז ענדלעך באַם סאַמע בריק, פרעגט אים פּיניע טאַמעוואַטע:

— האָסט זי טאַקע געוואָלט דערטרינקען, וויטען?

סיאָמע און, קימאַט אין דער זעלבער צײַט, וויטע שווימען צו אונדז צו, נאָר דאַדיק ענטפערט גאָרניט. דערנאָך באַווײַזט זיך מירע. זי שווימט שלעכט, שלאָגט צופיל מיט די הענט און מיט די פיס איבערן וואַסער, הייבט אויף אַרום זיך שוימיקע כוואַליעס. דער קין ביז די ליפּן איז אײַנעם וואַסער. זי שמייכלט צו די כוואַליעס, מירעלע? צי עפּשער קושט זי דעם טײַך, געזעגענענדיק זיך מיט אים?

די לעצטע באַווײַזט זיך די פאַמעלעכדיקע פולבלעכע גנעסיע. איר צאָפּ איז אַרומגעפלאָכטן אַרום דעם קאָפּ און מאַכט אים גרעסער, ווי ער איז. מיר גייען אַלע אַרויס אפן ברעג. פון פאָרנט — דאַדיק, ער טאַפּט אָן מיט די פיס אַן אָרט, וואָס זאָל ניט זײַן צו זומפּיק. דאָס לויטערע וואַסער צעקאַלויצעט זיך, ווערט ברודיק און טונקל, ווי די נאַכט. מיר קלעטערן אַרויף אויף דער בריק און טרייסלען זיך אָפּ פונעם וואַסער, ווי די געגנדז. איך לייג צונויף די פויסטן ווי אַ רערל און שרײַ דורך זיי צו

דער איינזאַמער פיגור, וואָס שטייט פונדערווײַטנס מיט א פאַריסן פּנים, שפּיגלענדיק זיך אין דער לעווע:

— שיפּ־רע! קום אהער!

## 10

שיפרע און ס'מאַמע זײַנען געקומען אין יעשיצע צוויקס הויף געזעגענען זיך מיט אונדז. מאָרגן אינדערפרי פאָרן זיי שוין אוועק אהיים קיין קאָרנעוועץ. מיר פאָרן אויך מאָרגן אוועק. זיי האָבן גע־ ווּסט, אז זיי וועלן אונדז טרעפן בא גנעסיען. מיר קומען אהער יעדן טאָג. מעוואקער־כוילע זײַנען צירעלען.

א גאנצע נאכט, אפילע אין שלאָף, האָב איך געהאַלטן אין איין צוטראכטן דערהויבענע געזע־ גענונגס־ווערטער פאר שיפרען. עפשער ניט אף אזויפיל דערהויבענע, ווי אומדערווארטע, איבעראַשנ־ דיקע, אזעלכע, וואָס זאָלן רירן אָט דאָס מיידל, וואָס איז פויל אף ליבע.

איך האָב זי אָפּגערופן אין א זײַט.

— כ'דאַרף דיר עפּעס זאָגן, שיפרע.

שטייט זי און וואַרט, און איך ווידער ווייס ניט, וואָס כ'וועל איר זאָגן, וואָרעם די ווערטער, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן אין דער טיפער נאכט, האָבן אויסגעזען אצינד, בא דער שײַן פון דער זון, צו פײַערלעך און מעליצעדיק. איז וואָס וועל איך איר זאָגן? וואָס וויל איך איר זאָגן? פון וואָס וועל איך אָנהייבן אונדזער איינציקן שמועס?.. „דו ביסט שיין, שיפרע..." ניין, דאָס טויג ניט. זי ווייסט, אז זי איז שיין. „דו ביסט שטאָלץ, שיפרע..." ניין, ס'טויג אויך ניט. דער שטאָלץ איז בא איר, ווי בא א פויגל דאָס געזאַנג. איז וואָס?.. „דו האָלטסט זיך גרויס, שיפרע... דו פארײַכט צו הויך דעם קאָפּ..." שיינע מיידלעך דאַרפן זיך עפשער האַלטן גרויס. ס'פּאַסט זיי א כיינעוודיק־ פאַריסן קעפל...

אָבער, טײַערינקע, שיינקײַט דאַרף זײַן א רײַנער קוואַל פון גליק, פון פרייד...

עפשער וועט זי גאָר נעמען מיך אויסלאַכן, אויב כ'וועל אזוי מיט איר רעדן? זאָג איך איר פּאַשעט:

— כ'האָב דיך ליב, שיפרעלע, און דו האָסט מיך ניט ליב. נאָר איך בין קימאַט גליקלעך, וואָס דו האָסט דערווײַל קיינעם ניט ליב...

אזוי זאָג איך איר, און ס'אַרט מיך ניט, וואָס זי צעלאַכט זיך. שטיל צעלאַכט זי זיך, קימאַט קלאַנגלאָז, און דאָס איז דער בעסטער סימען, אז זי שטייט אף דער וואך, קימאַט אזוי אָנגעשטרענגט, ווי איך, אין פאַל, אויב כ'וועל אומדערוואַרט פארוואַנדלען מײַן אנערקענונג אין א שפּאַס. כאָטש איך איבער און נעם אירע ביידע הענט אין מײַנע, און זי וואַרט זיך ניט:

— כ'האָב דיך ליב, שיפרעלע. און דו... כ'ווייס ניט. כ'מיין, אז דו האָסט מיך ניט ליב. איך פאַרמאָג אָבער אזויפיל ליבע אין מײַן האַרצן, אז ס'וועט סטײַען פאר אונדז ביידע...

זי שמייכלט און איינצײַטיק לאָזט זי אַראָפּ די לאַנגע שוואַרצע ווִיעס איבער די אויגן, פרעג איך זי:

— דו ווייסט, וואָס עס הייסט „שיפרע"?

זי שאָקלט מיטן קאָפּ. ניין, זי ווייסט ניט.

— שיפרע הייסט שיינע.

זי שמייכלט, איך האָב האַנאָע פון איר שמייכל, און דערפאַר שווימען ארויס א פּאָר ווערטער, וואָס כ'האָב צוגעטראכט נאָך באַנאכט:

— דו האָסט סאַמעטענע אויגן...

לאָזט זי ווידער אראָפּ די אויגן, און דאָס פּנים שמייכלט און אפן צאַרטן קין באַווײַזט זיך א קליינינק כיין־גריבעלע, און איך כידעש זיך, וואָס כ'האָב עס פריער ניט באַמערקט. א וואָך צײַט האָב איך געדאַרפט, קעדיי עס דערזען בא דעם שיינעם מיידל, וואָס האָט זיך אראָפּגעלאָזט פונעם קאָרנעוועצער הימל אף אונדזער זינדיקער פאַנקעוועקער ערד. כ'מיין, אז מײַן צעשטרייטקײַט האָט זיך געגומען דערפון, וואָס איך בין שוין דעמלט געשטאַנען מיט איין פוס אין דודינקע. און קלערנדיק, און טרוימענדיק וועגן א נעס, וואָס וואָלט פאַרייניקט שיפרען מיט טײַמיר, האָב איך פּלוצעם דער־ הערט עפּעס א ראַש. פון דער שטוב האָבן זיך דערטראָגן אהער, אין הויף, אויסגעשרייען.

— קום גיכער! — האָב איך א זאָג געטאָן שיפרען. — צירעלע! ס'איז, ווײַזט אויס, שלעכט מיט צירעלען.

װען מיר זײַנען אַרײַנגעלאָפֿן אין שטוב, האָבן מיר דערהערט אַ פֿײַערלעך־אָנגעשטרענגטע שטים. אַלע זײַנען געשטאַנען מיט פֿאַרטײַעטע אָטעמס אַרום אַ שוואַרצן רעפּראָדוקטאָר, געהערט מאַלאַטאָװס רעדע.

נאָר אײן באַסיע איז אומבאַװעגלעך געשטאַנען אָנגעבױגן איבער צירעלעס בעטל, און אירע ליפּן זײַנען געװען צוגעדריקט צו איר מײדעלעס שטערן. זי האָט ניט אױפֿגעהױבן דעם קאָפּ אַפֿילע דעמלט, װען די טיר האָט זיך מיטאַמאָל צעפּראַלט און אױף דער שװעל האָט זיך באַװיזן דער שװער־אָטעמדיקער נאַכמען פֿױזנער מיט אַן אָפֿן מױל און מיט אַ בסורע־ראָע אױף דער שפּיץ צונג. ער האָט פֿאַרשפּאָרט עפּעס זאָגן, װאָרעם ער האָט זיך אָנגעשטױסן, װעמען און װאָס מיר הערן. האָט ער זיך דערנעענטערט צום הױכרײדער און אַרײַנגעשטעקט זײַן גרױסן קאָפּ צװישן װיטעס און סיאָמעס קעפּ.

אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט אַ פֿאַרטײַעטער שטילקײַט, האָט די שטים געקלונגען הױך און שטאַרק נאָענט, און קײנער האָט ניט געהערט, װי אַלעמאָל עפֿנט זיך די טיר און ס'לױפֿן טומלדיק אַרײַן און בלײַבן שטײן בײַ דער שװעל און דערנאָך דערנעענטערן זײ זיך אױף די שפּיץ פֿינגער צום הױכרײדער שכײנים און שכײנעס. אַ פֿאַרגליװערטע שטילקײַט האָט געהערשט עטלעכע לאַנגע שװערע רגעס אױך נאָך דעם, װאָס די שטים איז אַנשװיגן געװאָרן. די הערצער האָט פֿאַרקלעמט אַ װײטיק, אַ פֿאַרלױרנקײַט, גלײַך װי די װעלט איז פּלוצעם אײַנגעזונקען געװאָרן אין אַ שטאָקפֿינצטערניש, און דער הימל איז פֿאַרט געװען בלױ און לױטער. אַלע האָבן געשװיגן, קײנער האָט ניט געװוּסט, װאָס זאָל ער זאָגן און װאָס דאַרף ער טאָן.

סאָרע קרײַן, װאָס כּוּץ דאַדיקן האָט זי אױף דער גאָרער װעלט קײנעם ניט געהאַט, האָט טיף אָפּגעזיפֿצט, און אים געפֿרעגט:

— איז װען פֿאָרט איר?

דאָװיד האָט אַ װײַלע געקוקט אױף דער מוטער דערשטױנט, געביסן די נעגל און נאָכדעם אַנטשלאָסן געענטפֿערט:

— מיר פֿאָרן אין ערגעץ ניט.

— װאָס הײסט איר פֿאָרט אין ערגעץ ניט? האָסטעך נעכטן אַלײן געזאָגט, אַז מאָרגן פֿאָרט איר שױן.

— נעכטן! נעכטן איז געװען שאָלעם, און הײַנט איז מילכאָמע.

— װאָס הײסט?.. װאָס הײסט?.. — האָט סאָרע צעמישט און שטאַרק פֿאַרלױרן געפֿרעגט, זי האָט זיך אַצינד געװענדט ניט צו איר זון, נאָר צו די שװײַגנדיקע טאַטעס און מאַמעס. איר צו הילף איז געקומען יאַנקעװ ליכטער:

— איר האָטעך אַזױ געװאָלט פֿאָרן! מיר האָבן געשריגן, אײַנגעלײגט װעלטן, נאָר ס'האָט אונדז דען געהאָלפֿן?..

ליזע, יאַנקעװס פֿרױ, האָט אױפֿגעהױבן איר אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ מיט די געדיכטע, פֿרי גרױ געװאָרענע האָר און געזאָגט װײך און צוגעלאָזט, װענדנדיק זיך דװקא צו איר פּיניען:

— איך פֿאַרשטײ אײַך ניט, קינדערלעך. װען מיר האָבן זיך בײַ אײַך געבעטן, איר זאָלט ניט פֿאָרן, האָט איר זיך אײַנגעשפּאַרט, אײן מאָל נײן, מיר פֿאָרן, און שױן!.. איצטער, װען מיר זײַנען מסכּים, איר זאָלט פֿאָרן, װילט איר שױן נישט...

פּיניע איז געשטאַנען בײַם פֿענצטער, די ברילן־גלעזלעך זײַנען געװען צוגעדריקט צו דער טאַפֿליע, ס'האָט זיך באַקומען, װי ער װאָלט געקוקט אױף דער פּלוצעם איבערגעאַנדערשטער װעלט דורך צװײ פּאָר ברילן, און אַזױ שטײענדיק האָט ער געענטפֿערט דער מוטער מיט אײן־און־אײנציק טאַמעװאַטע װאָרט:

— אַנטלױפֿן?

און ליזע, די מוטער זײַנע, האָט װידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אױף די צעשפּרײטע פֿינגער פֿון איר האַנט.

סאָרע האָט איבערגעפֿרעגט דאָדיקן:

— איז פֿאַרסטו, הײסט עס, נישט?

דאָװיד איז געװען דער האַרבסטער און דער אײַנגעשפּאַרטסטער צװישן אונדז. װען ער האָט זיך אין עפּעס געסאָפּעקט, פֿלעגט ער שװײַגן און בײַסן די נעגל, און מיר האָבן װעגן זײַנע ספּײקעס גאָרנישט ניט געװוּסט. איצט האָט ער געענטפֿערט דער מוטער קורץ און אַנטשלאָסן:

— כ'פֿאָר. נאָר אין אַן אַנדער זײַט.

נאַכמען פֿױזנער האָט אָפּגעעטעמט מיט אַ דערלײַכטערונג. גוט, זאָל ער פֿאָרן. מאַכטײסע, אַבי אַװעקן. לײע, װאָס שלעפּט נאָך קוים די פֿיס נאָכן דולן שפּרונג פֿונעם דאַך, װעט זיך געװיס דערפֿרײען, װען ער װעט איר װעגן דעם דערצײלן.

דערנאָך אָבער האָט זיך נאָכמען באַטראַכט, אַז זײַנע שאָדנפֿריידיקע געפֿילן זײַנען ניט צום אָרט, האָט ער געזאָגט, ווענדנדיק זיך צו פּיניען, און ניט צו דאָווידן:

— מע וועט אײַך סײַווײַסי ניט נעמען אין אַרמיי, צו יונג.

פּיניע איז געשטאַנען פֿאַרקלערט און געשוויגן. האָב איך געענטפֿערט פֿאַר אים און פֿאַר דאָווידן און פֿאַר זיך אויך:

— ווועלן מיר גיין פּרײַוויליק.

און די מיידלעך?.. עפּשער האָב איך געענטפֿערט פֿאַר די מיידלעך אויך. כאָטש איך בין ניט געווען אינגאַנצן זיכער צי ווועלן זיי זאָגן יאָ אָדער ניין, צי ניט יאָ און ניט ניין?..

וויטע וואָלט געזאָגט — „יאָ". נאָר ווען נאָכמען, דער פֿאָטער אירער, האָט זי געפֿרעגט אויפֿגערעגט און שווער עטעמענדיק: „ווילסט דאָקאַנײַען די מוטער ווילסטו?", האָט זי אָפּגעשוויגן. גנעסיע האָט אויך מיסטאָמע געוואָלט זאָגן: „יאָ". נאָר ווען זי האָט דערהערט צירעלעס קינדערשן קרעכץ פֿונעם צווייטן צימער, האָט זי ניט אויסגעהאַלטן, צעוויינט זיך און ניט געזאָגט נישט יאָ, נישט ניין.

שיפֿרע האָט אויך געשוויגן. כ'האָב איר געזאָגט זייער ערנסט, און ס'האָט זיך פֿאַרט באַקומען האַלב־לייצאָנעסדיק, — אַן אומגליק! כ'ווייס אַליין ניט פֿאַרוואָס, ס'באַקומט זיך, אַז עפּשער טרײַבן קאַטאָוועס איז, ווײַזט אויס, געוואָרן מײַן געוווּנהייט קעגן איר גרויסהאַלטערײַ — איך האָב איר געזאָגט: „שטעל זיך פֿאָר, שיפֿרע, אַז דו האָסט שוין פֿאַרענדיקט דעם מעדיצינישן אינסטיטוט, איז קום מיט אונדז, וועסטו העלפֿן היילן די ווונדן פֿון אונדזערע סאָלדאַטן..."

נאָר איין מירע האָט אומדערוואַרט אויסגערעדט פֿעסט און געוואַגט, און איר אונטערשטע דינע ליפּ האָט ניט אַ צאַפּל געטאָן דערבײַ, ווי געוויינלעך: „יאָ!". זי האָט געזאָגט „יאָ", און שוין, זי האָט פֿאַרשפּאָרט איבערצוכאַזערן דאָס קליינע פֿילזאָגנדיקע וואָרט, וואָרעם קיינער האָט זי ניט איבערגעפֿרעגט, זי איז געווען אַ יעסוימע.

דאָוויד, דער טיכטיקסטער צווישן אונדז, האָט פֿאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן זיך ניט הײַען און טאַקע באַלד גיין אין מיליטער־קאָמיסאַריאַט, ביזן ראַיצענטער, ווי ער געפֿינט זיך, ס'איז אַ מעהאַלעך ניט ווינציקער פֿון פֿיר קילאָמעטער. האָבן מיר זיך גלײַך געלאָזט אַהין מיט האַסטיקע און ריטמישע טריט, ווי עס מאַרשירן עכטע סאָלדאַטן, און כאָטש די הייסע טאַמעוזדיקע זון האָט אונדז געלויכטן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, האָבן מיר אַלעמאָל פֿאַריסן די קעפּ און געקוקט אָפֿן צעגליטן הימל — ניין, ניטאָ קיין שפּרענקעלע, ניטאָ אַפֿילע קיין סימען פֿון אַן אַעראָפּלאַן. פּאַנקעווקע איז צו קליין און נישטיק, ס'איז אַן אווירע פּאַטערן אויף דעם באָמבעס, באָמבעס קאָסטן טײַער. ווען ניט די פֿאַרזאָרגטע אָנגעשטרענגטקײַט פֿון מײַנע ליבע כאַווײרים, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז מיר כאַפּן אַ געוויינלעכן שפּאַציר לענגאויס דעם טײַך. אָט האָט זיך שוין באַוויזן די בריק... יאָ, אונדזער בריק...

ווען מיר, דאָוויד און איך, האָבן שפּעטער אונטערגעלייגט אופּרײַס־שטאָף אונטער דער בריק, איז אונדז געווען אַ גרויסע אווירע זי כאַרעוו מאַכן, אונדזער אַלטיטשקע היימישע בריק. דאָוויד איז געווען האַרבער פֿון מיר. האָט ער, ווי נאָר ער האָט אונטערגעצונדן דעם שנור, זיך גיך אָפּגעטראָגן. איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע פֿאַרהאַלטן, כ'ווייס אַליין ניט פֿאַרוואָס, עפּשער ווײַל איך האָב געוואָלט כאַפּן אויף איר נאָך איין קוק, דעם לעצטן. און פּלוצעם האָט מיך אַ שטאַרקן זעץ געטאָן און כ'בין אומגעפֿאַלן. דאָוויד האָט מיך געראַטעוועט, נאָר כ'האָב דעמלט פֿאַרלוירן אַן אויג. אָט דערפֿאַר האָט פּיניע מיך ניט דערקענט, ווען כ'האָב אים מיט יאָרן שפּעטער אָפּגעזוכט, וואָרעם ער האָט מיך קיינמאָל ניט געזען אין ברילן, און דערצו נאָך אין שוואַרצע. און ווען איך האָב אים דערציילט, וויאַזוי דאָוויד האָט מיך געראַטעוועט און איז דערנאָך אַליין אומגעקומען, האָט פּיניע געזאָגט, אויסשנײַדנדיק פֿון אַ וואָרצל מיט אַ שאַרף מעסערל עפּעס אַ מענטשעלע, וואָס כ'האָב גלײַך דערקענט לויט דעם, ווי עס האָט געהאַלטן די נעגל באַם מויל:

— אַ דרייסטער יאַט געווען, דאָוויד. דער סאַמע געוואַגטער צווישן אונדז געווען.

אַזוי האָט ער געזאָגט, דער באַשיידענער פּיניע, כאָטש באַ אים אַליין, באַ פּיניען, הייסט עס, איז אונטער אַ שלייער פֿון טמימעס געווען פֿאַרבאָרגן גרויסע איבערגעגעבנקײַט צו זײַן פֿליכט, צו זײַנע כאַווײרים, זײַן היימלאַנד. ווען מיר זײַנען דעמלט אין יענעם זונטיק געקומען צו לויפֿן פֿאַרסאָפּעטע אין מיליטער־קאָמיסאַריאַט, האָט זיך דאָרטן געטאָן אויף טיש און אויף בענק — עפּעס אַ מישמאַש, אַ בעהאָלע, מיר האָבן קוים זיך דורכגעשטופּט צום קאָמיסאַר, און ער האָט קוים אונדז אויסגעהערט מיט איין אויער, נאָר פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך אויף אונדז דערבאַרעמט, אויף דאָווידן און מיר, און גלײַך אונדז איבערגעגעבן אין די הענט פֿון עפּעס אַ יונגיטשקן לייטענאַנט, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן. פּיניע ווידער איז אים ניט געפֿעלן געוואָרן, ס'קאָן זײַן איבער די ברילן, און עפּשער איבער זײַן טאַמעוואַטל אויכזען, האָט ער אים געזאָגט, אַז ער זאָל גיין דערווײַל אַהיים, און מירען, דער קליינינקער דאַרינקער מירען, האָט ער אויך געזאָגט דאָס זעלבע, און דער „דערווײַל" האָט געדויערט עפּשער איין כעסלעס. ווײַל מע האָט זיך שוין אָנגעהויבן פּאַקעווען און לאָדן אויף אַ לאַסט־

מאַשין קעסטלעך מיט קאָלערלײַ פּאַפּירן. פֿונדעסטוועגן זײַנען אי פּיניע, אי מירע צוגעשטאַנען צו עפּעס אַ טײַל, וואָס האָט אָפּגעטראָטן אין גרויס אײַלעניש. ביידע אַלס סאַניטאַרן, און שוין נאָכדעם, אויף דער פֿאָדערשטער ליניע, האָט פּיניע איבערגעגעבן מירען זײַן סאַניטאַר־רענצל און האָט גענומען אַ ביקס אין די הענט.

אונדזער סאַפּיאָרן־טײַל איז אָפּגעטראָטן דורך פֿאַנקעווקע און דאָרטן פֿאַרהאַלטן זיך. האָבן מיר דאָס אויסגענוצט, דאָוויד און איך, און צום אַלעם ערשטן אַרײַנגעכאַפּט זיך אין יעשיעס צוויקס הויף, דערוויסן זיך, וואָס איז מיט צירעלען, און עפּשער אַ ביסל אויך צוליב באַווײַזן זיך פֿאַר די פֿאַרכידעשטע אויגן פֿון אונדזערע כאַווערטעס אין די אַרמיי־אוניפֿאָרמען. עמעס, ניט איבעריק צוגעפּאַסטע צו אונדזערע פֿיגורן, די גימנאַסטיאָרקעס זײַנען געווען צו ברייט פֿאַר אונדזערע פּלייצעס, און די פּילאָטקעס צו גרויס פֿאַר אונדזערע קעפּ. פּיניע, וועלכער איז געשטאַנען אין הויף אַ פֿאַרדײַגעטער, כ׳האָב געמיינט איבער דעם, וואָס מע האָט אים אָפּגעשיקט אַהיים, האָט אונדז, ווײַזט אויס, גלײַך ניט דערקענט. ער האָט געקוקט אויף אונדז מיט גרויסע אויגן און געוואַרט, אַז מיר זאָלן אים עפּעס פֿרעגן. מיר, ווידער, האָבן זיך ניט געײַלט, און בעפֿיירעש האָנאָע געהאַט, וואָס פּיניע קוקט אויף אונדז פֿון אונטער די ברילן מיט דערעכערעץ. דערנאָך, ווען כ׳האָב אים געפֿרעגט, וואָס איז מיט צירעלען, און ער האָט אונדז דערקענט, האָט ער טמימעסדיק געענטפֿערט:

— זי פֿעלט זיך שוין, דאַנקען גאָט...

ערשט אַצינד האָב איך פֿאַרשטאַנען דעם צאַר, וואָס איז געווען פֿאַרבאָרגן אין פּיניעס אויגן.

מיר האָבן אים צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן שטאַרק בעטן אונדזער קאָמאַנדיר, אונדזער יונגן לייטענאַנט, מע זאָל פֿאַרעכענען פּיניען אין אונדזער טײַל. פּיניע ווידער האָט אונדז פֿײַערלעך צוגעזאָגט:

— כ׳וועל אַראָפּנעמען די ברילן.

דער לייטענאַנט אָבער האָט אונדז אַפֿילע ניט אויסגעהערט, ער האָט זיך מעסוקן געײַלט און אונדז באַפֿוילן ווי היגע כעוורעלײַט, אופֿרײַסן באַנאַכט די בריק און נאָכדעם אָניאָגן דעם טײַל, און אונדז אָפּגיך אויפֿגעקלערט, וויאַזוי אָפּטאָן דאָס שטיקל אַרבעט. דאָוויד איז געשטאַנען מיט פֿעסט צוזאַמענגעדריקטע ליפּן און מיט גרויס אויפֿמערקזאַמקײַט אויסגעהערט דעם קאָמאַנדיר. איך האָב זיך פֿולקום פֿאַרלאָזט אויף דאָווידן, אַז ער וועט דעם באַפֿעל אופֿנעמען ריכטיק און פּינקטלעך, און אַליין האָב איך עפּעס ניט געקאָנט אָנשטרענגען זיך. עפּעס האָב איך נאָך געקלערט וועגן פּיניעס „דאַנקען גאָט". דאַנקען גאָט, וואָס צירעלע שטאַרבט שוין און וועט פֿאַרשפּאָרן אַרײַנפֿאַלן אין די הענט פֿון די מענטשנפֿרעסער...

פּיניע האָט אונדז געראָטן ניט אַרײַנגיין אין שטוב אַרײַן, ניט שטערן צירעלעס גסיסע און אירע עלטערנס צאַר. ווי נאָר מיר זײַנען אַרויס פֿונעם הויף, זײַנען מיר זיך צעלאָפֿן אין פֿאַרשיידענע זײַטן: דאָוויד צו זײַן מוטער, און איך צו מײַנער.

רוווּן, מײַן עלטערער ברודער, איז געשטאַנען אויף דער שוועל און אַרויסגעקוקט אויף עמעצן, כ׳מיין, טאַקע אויף מיר. ער האָט מיך אַרומגעקוקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און באַרויגעזלעך געזאָגט:

— כ׳האָב באַקומען אַ פּאָוועסטקע. כ׳מוז באַלד גיין אין וואָיענקאָמאַט. עפּשער וואָלסטו אַ ביסל געווען מיט דער מאַמען?

אַ פֿראַגע, וואָס איז געווען ווי אַ פֿאָרוואָרף. כ׳האָב אַפֿילע ניט באַוויזן צו פֿאַרענטפֿערן זיך, ווי איך האָב ווידער דערהערט, דאָס צווייטע מאָל פֿאַר אַ קנאַפּער שאָ:

— זי שטאַרבט שוין, דאַנקען גאָט.

אין שטוב האָט אין פֿאַרגלײַך מיטן העלן טאָג אין דרויסן אויסגעוויזן צו זײַן פֿינצטערלעך און עפּשער איז מיר געווען אַזוי פֿינצטער איבער די טרערן, וואָס האָבן פֿאַרפֿולט מײַנע אויגן, טראָץ מײַנע אָנגעשטרענגטע באַמיִונגען זײַן רויִק, אויסגעהאַלטן. כ׳האָב אַרײַנגענומען דער מאַמעס אויסגעדאַרטע האַנט אין מײַנע הענט:

— מאַ־מע!

זי האָט געטאַפּט מיט האַלבטויטע פֿינגער די גימנאַסטיאָרקע, וואָס איז געווען שטײַפֿער פֿון דער ווייכער אויסגענייטער קאָסאָוואָראָטקע, דעם האַרטן רימען מיט דער מעשענער שפּראָנצקע, און שוואַך געפֿרעגט:

— דאָס ביסטו, שלוימעלע?.. עפּעס ביסטו געוואָרן אַן אַנדערשער...

איז וואָס האָב איך געזאָלט ענטפֿערן מײַן מאַמען? אַז די גאַנצע וועלט איז פּלוצעם אויך געוואָרן אַן אַנדערע? נאָך וואָס? נאָך וואָס פֿאַרביטערן עפּשער די לעצטע רעגעס פֿון איר אויסגעמוטשעט לעבן?

האָב איך אַראָפּגענומען די פּילאָטקע פֿונעם קאָפּ, אָנגעבויגן זיך, אַ קוש געטאָן די מאַמע אינעם שטערן און געזאָגט:

— כ׳בין דער זעלבער, מאַמע.

די מאַמע האָט געגלעט מײַנע האָר.

— יאָ, שלוימעלע... דאָס ביסטע טאַקע... און איך האָב געמיינט... און איך האָב געוואָרט און געוואַרט און בעשום־אויפן ניט געקאָנט דערוואַרטן זיך פון מײַן מוטערס אײַנגעפאַלן מויל, וואָס זי האָט אַזוינס געמיינט...

## 11

דערנסטמאָל, אין פיר יאָר אַרום, ווען כ׳האָב אין יעשיװ צוויקס באַוואַקסענעם פּאַרלאָזטן הויף מיט די צעבראָכענע טויערן געטראָפן אַ שטוב מיט בלינדע אויגן, מיט אויסגעקלאַפּטע טאַפּליעס — אַ פּוסטקע, וואָס מענטשן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, באַוווינען זי ניט שוין הונדערטער יאָרן. דערנסט־מאָל האָב איך געמיינט, אַז פּיניע און מירע זײַנען אויך אומגעקומען, און ווען דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט פון די כאַפּערלעך, וואָס איך האָב געשפּילט מיט שאָטנס, אויסרופנדיק קלאַנגלאָז און אײַנגעשפּאַרט זייערע לעבעדיקע נעמען, און כ׳האָב מעסוקן מוירע געהאַט, איך זאָל ניט אַראָפּ פון זינען, האָב איך אויסגערופן לעסאָף זייערע נעמען אויך.

— וויטע! וויטע פּויזנער!

— אומגעקומען.

— גנעסיע! גנעסיע צוויק!

— אומגעקומען.

דאַדיק! דאַוויד קריין!

— אומגעקומען.

אומגעקומען?.. אַ ווײַלער יונג, אַ מײַדים! ער איז אומגעקומען ניט ווי אַ קאַדעש, נאָר ווי אַ העלד אָפן שלאַכטפעלד.

— צירעלע!

געשטאָרבן.

געשטאָרבן?.. דו וואָלסט עפּשער ניט געשטאָרבן, צירעלע, דו האָסט אײַנגעשפּאַרט איבערגע־כאַזערט: „כ׳וויל ניט שטאַרבן!". ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט מען דיך עפּשער אַרויסגעריסן פון דעם מאַלעכהאַמאָוועסעס הענט.

— סיאָמע!

— אומגעקומען.

— שיפרע! נעשאָמע מײַנע, שיפרעלע!

— אומגעקומען.

— מירע! מי־רע! פּיניע!

איך כאַזער איבער ביידע נעמען, און פּאַדער אַן ענטפער:

— ווו זענט איר? ווו?..

ערשט מיט פיל יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב אָפּגעזוכט פּיניען, — זײַנע עטוואָס צעשויבערטע האָר זײַנען שוין געווען גרויליכער, ווי בײַ זײַן מוטער, — האָט ער מיך געפרעגט:

— ווילסט זען מירען?

זײַן רויקע טמימעס האָט מיך אופגערעגט: „וואָס הייסט, צי איך וויל זען מירעלען?!"

— האָסט אַ צווייקאָפּיקע מאַטבייע? — פרעגט ער ווײַטער. — אויב ניט, קאָן איך דיר געבן, כ׳האָב אַ גרויסן זאַפּאַס. מירען קלינג איך אַמאָל אָן.

— פאַרוואָס אַמאָל?

פּיניע איז אַנשווייגן געוואָרן, און איך בין ניט באַשטאַנען אַף קיין ענטפער, כ׳האָב זיך גע־יײַלט אָנקלינגען מירען.

— מי־רע! — רוף איך אויס אומגעדולדיק אין טרײַבל, אומגעדולדיק, נאָר שטיל, כ׳וויל זי ניט איבערשרעקן.

— ווער איז דאָס?

כ׳דערקען ניט איר קאָל. ס׳קלינגט עפּעס פרעמדלעך־פאַרכידעשט.

— דאָס בין איך... דערקענסט מיך ניט?

— ניין.

דער „ניין" האָט דורכגעקלונגען שאַרף און אַנטשלאָסן. עפּשער האָב איך זיך טויע געווען?.. עפּשער האָבן מײַנע ציטערנדיקע פינגער אופגעקליבן ניט דעם נומער?.. עפּעס אייגנס האָב איך פונדעסטוועגן דערפילט אין אָט דער שטים, — שרײַ איך שוין פאַרצווייפלט אין טרײַבל:

— מיר־ע־לע! דערקענסט מיך ניט?

דאָס טרײַבל שווײַגט, ענטפערט גאָרניט. איך פֿיל אָבער, אַז ס׳איז אַ פּאַרטײַעט שווײַגן. ערשט איבער עטלעכע לאַנגע רגעס דערהער איך:

— ניין, איך דערקען אײַך עפּעס ניט הײַנט, פּיאָטער יאַקאָװלעוויטש.

איך האַלט דערשטויִנט דאָס טרײַבל און צעשמייכל זיך פּלוצעם, ווען איך דערהער:

— וואָס עפּעס האַפּטאָם „מיר־ע־לע״?.. כ׳האָב שוין פֿאַרגעסן, ווען איר האָט מיך אַזוי גערופֿן...

— דו מיינסט, אַז איך בין פּיניע, מירעלע?

צווערשט אַ שטילקייט, אַ פֿאַרהאַלטענער אָטעם, און דערנאָך האָט זיך דערהערט אינעם טרײַבל עפּעס ענלעכס אויף אַ יעלאָלע און אַ פֿרייד־אויסגעשריי צוזאַמען:

— שלוי־מע!

גוט, וואָס די ערשטע באַגעגעניש מיט מירען איז פֿאָרגעקומען דורכן טעלעפֿאָן־אויטאָמאַט, איך בין געווען איינער אַליין אין דער טעלעפֿאָן־בודקע, און קיינער האָט ניט געזען דעם ווייטיקדיקן קרים פֿון מײַן פּאָנעם. מירע איז געווען ווײַט פֿון מיר, און מיר האָבן פֿאַרשפּאָרט אַרומנעמען און קושן זיך און באַגיסן זיך מיט טרערן. מירע וואָלט ניט אויסגעהאַלטן, דערזעענדיק מײַנע שוואַרצע ברילן, זי וואָלט זיך פֿאַרגאַנגען אין אַ פֿאַרייִעשטן געוויין. מיט פּיניען איז אונדזער ערשטע באַגעגעניש פֿאָרגעקומען אײַנגעהאַלטן.

מיר האָבן זיך צעקושט, און פּיניע האָט געזאָגט:

— זעץ זיך אַנידער, שלוימע. אָט באַלד מאַך איך קאַווע.

ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש צווישן די הילצערנע באַשעפֿענישן אַ פֿלעשל און צוויי טעפּעלעך הייסע קאַווע. מיר האָבן אויסגעטרונקען און געשוויגן. געשמייכלט איינער צום צווייטן און אַלץ געשוויגן, וואָרעם דאָס האַרץ איז געווען איבערפֿולט. איך האָב זיך פֿאַרקוקט אויף אַ הילצערן שטיבל, מיט אַ גרויסן הויף, מיט אַ שפּײַכלער, מיט קאָמישע פֿיגורעלעך פֿון ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס שפּילן זיך אין כאַפּערלעך, און כ׳האָב פּלוצעם דערפֿילט אַ שטאַרקן פֿערדישן גערוך.

— יעשיִע צוויקס הויף?

פּיניע האָט גענומען דאָס שפּילכל, באַקוקט עס פֿון אַלע זײַטן, גלײַך ווי ער וואָלט עס געזען דאָס ערשטע מאָל, אַוועקגעשטעלט צוריק אויפֿן טיש, גענומען אין די הענט עפּעס אַן אַנדער שפּילכל, אַ מעסוקן מעשונעדיק פֿאַרדרייטס. צוערשט האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז, און נאָכדעם, ווען כ׳האָב זיך אויפֿמערקזאַם צוגעקוקט צו דעם דורך מײַנע שוואַרצע ברילן, איז מיר געוואָרן מלאָסנע אויפֿן האַרצן. פּיניע האָט דאָס אויפֿגעהויבן און געזאָגט:

— דאָס איז אַלץ, וואָס ס׳איז פֿאַרבליבן פֿון פֿאַנקעווקע...

אַלץ... אַלץ?.. עפּשער ניט אַלץ. און דו, פּיניע, און מירע, און איך?

— און דו? — האָב איך פֿאַרקערפּערט אין קלאַנגען מײַן מאַכשאָווע.

זײַנע נערוועזע פֿינגער האָבן זיך באַוועגט גיכער און פֿריִער פֿון דער צונג. ער האָט געכאַפּט אַ וואָרצל, אַ קריפּל, אַ רויען וואָרצל, וואָס קיין שום געצײַג האָט זיך נאָך ניט צוגערירט צו זײַן גרוי־ברוינער קאָרע, אַ טרייסל געטאָן מיט אים אין דער הייך, ווי מיט אַ לולעוו, און טרויעריק־טאַמעוואַטע געזאָגט:

— איך?.. גאָרנישט. איך בין דער לעצטער ליכטער. דער לעצטער וואָרצל...

— לעבסט אַליין, פּיניע?

— יאָ.

— אַלטבאָכעריש?

— יאָ.

— און מירע?.. — האָב איך אים געפֿרעגט שוין שפּעטער.

ער האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען און טאַמעוואַטע געענטפֿערט:

— זי לעבט אויך אַליין.

— פֿאַרוואָס?..

האָט ער מיך ווידער ניט פֿאַרשטאַנען, צי ניט געוואָלט פֿאַרשטיין, און געזאָגט אַ ביסל אויפֿגערעגט, כאָטש דאָס איז קיינמאָל ניט געווען זײַן מידע:

— וועסט זי אַליין פֿרעגן.

דערנאָך איז אים אָפּאָנעם געוואָרן ניט באַקוועם פֿון זײַן אויפֿגערעגטקײַט, האָט ער מיט אַ שמייכל, וואָס איז גאָר ניט ענלעך געווען אויף קיין שמייכל, צוגעגעבן:

— ס׳אי שוין ניט מירעלע... ס׳אי מאַריִע מאַרקאָוונע.

איך האָב דעמלט געבעטן מירען דורכן טעלעפֿאָן.

דעמלט, ווען כ׳האָב גערעדט מיט מירען דורכן טעלעפֿאָן, האָב איך זי געבעטן, זי זאָל באַלד קומען צו פּיניען, האָט זי מיר געענטפֿערט, אַז ס׳איז גלײַכער, מיר זאָלן קומען צו איר.

— איז זי עפּשער אויך גערעכט, — האָב איך געזאָגט פּיניען, דערצײלנדיק וועגן דעם.

פּיניע האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט זיך אָנגעבויגן, ארויסבאקומען א פּלעשל פון עפּעס א פינצטערן ווינקל צווישן דער וואנט און דעם ביכער־שראנק, ארײַנגעשטופּט עס אין קעשענע, און ווען מיר האָבן שוין געשפּאנט איבערן אופגעלעבטן טראָטואר, האָט ער אומדערווארט א זאָג געטאָן:

— ווער האָט דען געהערט וועגן קאָניאק אין פאנקעוקע!

מירע האָט אונדז באגעגנט באַם ארײַנגאנג, אונטערן טויער איז געווען פינצטערלעך. כ׳האָב זי ניט דערקענט, געמיינט, אז ס׳איז עפּעס א שכײנע אירע, ביפראַט, אז כ׳האָב זיך ניט גערירט, אז זי וועט אונדז באגעגענען אין דרויסן.

— און מוזיק האָט איר לעקאָוועד אונדזער באגעגעניש ניט באשטעלט? — האָט פּיניע געפרעגט.

די קימאט פרעמדע פרוי, וואָס האָט אמאָל געהייסן מירעלע, האָט געענטפערט אין דעם זעלבן נוסעך, א ביסל איראָניש:

— כ׳האָב געמיינט, אז איר האָט פארגעסן, ווו איך וווין, בין איך ארויסגעגאנגען אנטקעגן... אונטערוועגס האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, זייער העל זיך פאָרגעשטעלט, אין פארשיידענע, אָבער אַלע פײַערלעך־דערהויבענע, ווארִיאנטן אונדזער פאַרשטייענדיקע טרעפונג מיט מירען נאָך אזא לאנגער און ווייטיקדיקער צעשיידונג. און ווי שטענדיק, אין אונדזער מישטיינס־געזאָגט לעבן, האָט זיך באקומען גאָר עפּעס אנדערש, גאָר פארקערט, שטארק פּאָשעט און שטארק וואָכעדיק. איך האָב זי געוואָלט ארומנעמען, האָט זי מיר געטאָן א ווונק, אז מע דארף ניט, — עפּעס א מענטש האָט זיך באוויזן אַף די טרעפּ און געקוקט אַף אונדז. האָב איך אראָפּגעלאָזט די הענט און געפרעגט זיי ביידע, מירען און פּיניען:

— וואָס אירצט איר זיך פּלוצעם.

מירע האָט אָפּגעשוויגן, און פּיניע האָט פארגעבן די זעלבע פראגע:

— וואָס אירצן מיר זיך, מאריִע מארקאָוונע?

דערנאָך האָבן מיר זיך אופגעהויבן אפן דריטן שטאָק, און מאריִע מארקאָוונע האָט זיך גענומען עפענען די טיר מיט דרײַ פארשיידענע שליסלען. מיר זײַנען ארײַנגעגאַן און געבליבן שטיין בא דער שוועל, ביזוואנען זי האָט איין מאָל א קנאק געטאָן מיטן אײַנשליסער און אין איין לעמפּל פון דער ליוסטרע האָט זיך באוויזן שײַן. נאָכדעם האָט זי געבראכט צו טראָגן איןביידע הענט צווי פּאָר שקראבעס, און מיר האָבן אראָפּגעשלעפּט פון די פיס די שיך און געמוזט זיך פּאָשעט שטעלן אַף די שקראבעס, און ניט אָנטאָן זיי, וואָרעם זיי זײַנען געווען עפּשער אַף פינף נומערן קלענער פון אונדזערע שיך. גליטשנדיק זיך אַף די שטעקשיך איבערן גלאנציק־ריינעם דיל, האָבן מיר זיך בע־שאָלעם דערקליבן צו צווײ בענקלעך, וואָס זײַנען געשטאנען בא א קליין נידעריק טישל, און אני־דערגעזעצט זיך. און מירע, יאָ, מירע, — וואָס דארף איך דאָ האָבן „מאריִע מארקאָוונע”? — און זאָג איך, האָט זיך געלאָזט גיין אין קיך ארײַן, מיסטאמע קעדיי צוגרייטן עפּעס פאר די טײַערע געסט, האָב איך זי אָפּגעשטעלט און א קנאק געטאָן א צווייט מאָל מיטן אײַנשליסער. ס׳האָט אופגעפלאקערט די שײַן אין אַלע לעמפּלעך פון דער ליוסטרע, האָב איך דאַן, אראָפּנעמענדיק די ברילן, דורכדרינגלעך בא דער העלער שײַן פון פיר לעמפּלעך, ארומגעקוקט מירען פון אַלע זײַטן און געמוזט מודע זײַן, אז פּיניע איז גערעכט: ניט די מירעלע!

אין דער יוגנט איז זי אויך געווען קליינוווקסיק. אָבער א דארינקע, האָט זי אויסגעזען העכער, ווי זי איז געווען. איצטער האָט זי זיך צעוואקסן אין דער ברייט, האָט זי אויסגעזען נידעריקער, ווי זי איז. אירע שווארצע האָר, אירע צופּיל פאר איר קליין פּענעמל געקרויזט־שווארצע האָר, האָבן עפּעס אצינד אויסגעזען נעבעכדיק, פון אונטן גרוי, פון אויבן געפארבט.

מירע האָט אויך געקוקט אַף מיר אָנגעשטרענגט. פּלוצעם האָט זי פארדעקט איר פּאָנעם מיט ביידע הענט און זיך צעוויינט. מיסטאמע, מיין איך, איבער מײַן בלינד אויג. האָב איך ווידער אָנגעטאָן די ברילן און געזאָגט פּיניען:

— האָסטעך, דאכט זיך, עפּעס אין קעשענע.

פּיניע האָט געשוויגן. ער האָט אפּאָנעם ניט געהערט, וואָס איך זאָג אים. ער איז געזעסן א פארטראָגענער, באטראכטנדיק דורך די ברילן די כליפּענדיקע מירע און מיך. כ׳מיין, ער האָט גע־האַלטן אין צוטראכטן עפּעס א נײַע סקולפּטור פון ביימער־וואָרצלען. אשטייגער, אזא: די לעצטע דרײַ איינזאמע פאנקעוקער...

— וואָס האָסטו געזאָגט? — פרעגט ער, ווי פון א דרעמל אופגעוועקט.

כאזער איך איבער, און ער דערפרייט זיך:

— יאָ. פארשטייט זיך. מאריִע מארקאָוונע... מירע... דערלאנגט... דערלאנג אהער דרײַ קע־לישקעס.

מירע האָט אויסגעווישט די טרערן.

— באלד. כ׳וועל עפּעס צוגרייטן צו פארבײַסן.

זי איז ארויסגעגאַן אין קיך. פּיניע האָט זיך אופגעהויבן, צוגעגאַנגען צום קרעדענץ, ארויסבאַ־קומען דריי קליינע בלישטשענדיקע קעלישקעס, דריי טעלערלעך, גאָפּלען און מעסערס, איך האָב אים געהאָלפן דאָס אַלץ צעשטעלן אפן טישל, און ער זאָגט מיר בעשאַסמייסע:

— כ'ווייס, וואָס דו טראַכסט איצט.

— וואָס?

— וואָס עפּעס שאַפט ער זיך דאָ, פּיניע, מייסע־באַלעבאָס?

פרעג איך פּיניען:

— וואָס שאַפסטו זיך עפּעס דאָ מייסע־באַלעבאָס?

ער ענטפערט גאָרנישט ניט. אין צימער קערט זיך אום מירע מיט א טעצל דין אָנגעשניטענעם וווּרשט. זאָגט איר פּיניע:

— שלוימע פרעגט מיך, פאַרוואָס איך שאַף זיך דאָ מייסע־באַלעבאָס?

מירע איז מעוווּלבל געוואָרן, בא איר האָט א צאַפּל געטאָן די אונטערשטע, דינערע ליפּ, די אייבערשטע, א גרעבערע, און אַנגעשוואָלענע האָט זיך קוים אָפּגעטיילט פון דער אונטערשטער:

— כ'ווייס... וואָס זשע האָסטו אים געענטפערט?

און ערשט אַצינד האָב איך אָף עמעס דערקענט מירען און דערמאָנט זיך אין שיפרען.

— כ'האָב אים נאָך ניט געענטפערט, — האָט פּיניע געזאָגט און גענומען זיך אָנגיסן די קעלישקעס. — וואָס דאַרף איך אים ענטפערן?...

בא מירען האָט ווידער א צאַפּל געטאָן די ליפּ, זי האָט עפּעס געוואָלט און ניט געוואָלט זאָגן. א געפיל פון ראַכמאָנעס האָט א שטאָך געטאָן מיין הארץ, און איך האָב געפרעגט פּיניען, קעדיי ער זאָל פאַרגעסן אָן זיין איינגעגעסענער זייער אלטער שיילע, און מירען האָב איך אויך געפרעגט, אופהייבנדיק הויך מיין קעלישקע:

— איז פאַר וואָס וועלן מיר טרינקען?

מיר האָבן זיך פאַרטראַכט. אינדרייען האָבן מיר זיך טיף פאַרקלערט, און ס'איז געוואָרן אזוי שטיל, אז איינער האָט געקאָנט הערן די מאַכשאָוועס פון א צווייטן.

פאַמעלעך און נאָך אַלץ פאַרקלערט, האָט פּיניע זיך אופגעהויבן פונעם בענקל. ער האָט זיך פאַרטשעפּעט פאַר די שטעקשיך, וואָס זיינען געשטאַנען דערנעבן, ווייל זיינע פיס האָבן ניט געקאָנט אריינקריכן אין זיי, האָט ער זיי מיט קאַס א שלייַדער געטאָן אין א ווינקל און געבליבן שטיין אין די שקאַרפּעטקעס, א צעמישטער און א קאַמישער. כ'מיין, אז ער איז אזוי שטאַרק אין קאַס געוואָרן טאַקע אף זיין אייגענער צעמישטקייט, וואָרעם ער האָט פּלוצעם אויסגעשריגן:

— וואָס זיצן מיר עפּעס ווי די אוויילים?

ער האָט געכאַפּט זיין קעלישקע און איבערגעקערט עס אין מויל אריין.

מירע, ווידער, האָט דורכגעשמאַלט:

— שאַ! וואָס שרייסטו אזוי? כ'האָב א שאָכן א כוליגאַן, ער הערט אַלץ דורכן ווענטל...

פּיניע איז געוואָרן צונטער־רויט:

— איז וואָס וועט ער דערהערן וואָס?.. ווי צווי אויסגעלאָסענע כעוורעלייט פאַרברענגען מיט א העפקערדיק יונג מיידל?..

מירע האָט זיך צעוויינט. מיט קויעך האָב איך געצווּנגען דעם צעפּאַליעטן פּיניען אנידערזעצן זיך, אָנגעפילט זיין קעלישקע, מיט קויעך ווידער האָב איך אריינגעשטעקט מירעס קעלישקע אין איר זייער קאַלטער האַנט און אויסגערופן, קוקנדיק מיטן זעענדיקן אויג אף מירען און מיטן בלינדן — אף פּיניען:

— לעכאַיִם!

מיר האָבן אויסגעטרונקען, און דער שטיל געוואָרענער פּיניע האָט איבערגעכאַזערט:

— יאָ, לעכאַיִם.

ער האָט גלייך גענומען ווידער אָנגיסן מאַשקע, האָב איך פאַרהאַלטן זיין האַנט.

ער האָט זיך ניט באַליידיקט, פּיניע, ער האָט גוטמוטיק א שמייכל געטאָן און טמימעסדיק געזאָגט:

— ווייסע בערן... זאַוויעס...

ערשט אַצינד האָב איך בעפּויעל־מאַמעש דערקענט פּיניען און דערמאָנט זיך אין צירעלען מיט אירע שיינענדיקע אויגן.



באָריס מאָגילנער

# די דריטע באַגעגעניש

## 1

דעם גאַנצן וועג צום זאוואָד שטעקט דאָוויד בא די ניט־שטײַף צוגעמאַכטע טירלעך פונעם אווטאָבוס — דאָרט קאָן מען כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט, ראַטעווענדיק זיך פון דער שטיקנדיקער היץ, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיטן איבלדיקן בענזין־איפּעש. אַף יעדן אָפּשטעל גייט ער אַרויס, אָטעמט זשעדנע, לאָזט דורך פאָרויס נײַע פּאַסאַזשירן און שטופּט זיך אַרײַן צוריק. גיין צופוס איז ווײַטלעך, דערצו נאָך דראָט אַ געפאַר אַרײַנפּאַקן זיך אונטער אַ רעגן. דעם הימל שנײַדן שוין דורך געבראָכענע, זיגזאַגאַרטיקע בליצן, עס הענגען נידעריקע אָנגעשוואָלענע כמאַרעס, און אָט טוט אַ קנאַל אַ קאַנאָנאַדע פונעם אומדערוואַרטן האַרבסטיקן געוויטער.

ווען ער דערקלײַבט זיך ענדלעך צום זאוואָד, טוען אַ שמײַס צאָרנדיקע שפּריצן פונעם שלאַקסרעגן, און דאָוויד באַווײַזט קוים אַרײַנלויפן אין דער קאָנטראָל־הײַזקע באַם זאוואָד־טויער. ביזוואַנען די דורכלאָז־שײַן־ביוראָ קלאָרט אויס מיטן יוריסקאָנסולט גאַוורילקינען, צי וועט ער אופנעמען אַ כאָווער פונעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, ביזוואַנען מע שרײַבט אויס דעם אַרײַנגאַנגס־דאָקומענט, הייבט אָן דער הימל זיך אויסלײַטערן, אַ וואָלקנדל מיט אַן אָראַנזשעווער זוים שווימט אָן אַף דעם הויכן זאוואָד־קוימען און פאַרטשעפּעט זיך ציטערנדיק פאַר זײַן שפּיץ. די דונערן אָבער, האָגאַם שוין אָפּגעשוואַכטע, הערן ניט אוף צו ברומען ערגעץ ווײַט, אַף יענער זײַט פונעם טײַך אָקאַ.

אין גאַוורילקינס קאַבינעט, אַף די אַנטרעסאָלן פונעם מעכאַנישן צעך, הערשט אַ היץ, אַ דושנע דערשטיקעניש, כאָטש זײַן גאַנצע אויסערלעכע וואַנט פאַרנעמט אַ דורכזיכטיק פענצטער מיט אַ צעעפנטער אונטערשטער פאָרטקע. דאָס צימערל זעט אויס ווי פּריטשמעליעט, די נידעריקע סטעליע הענגט קימאַט אַפן נאַקן.

דאָוויד רעקאָמענדירט זיך.

גאַוורילקין שטעקט אַרײַן דאָווידן די האַנט און קוקט זיך אײַן אין אים מיט טשיקאַוועס.

— פונדעסטוועגן האָט איר מײַן טויבנשלאַק אָפּגעזוכט, — זאָגט ער צופרידן.

— די צונג האָט דערפירט.

— די צונג קאָן דערפירן, זי קאָן אָבער אויך אונטערפירן...

דאָוויד שפּיצט זיך אָן. און דאָ העלפט אים אַרויס גאַוורילקינס שמייכעלע בלויז מיט אַ האַלב מויל: ווי אַ מאַגני־אופבליץ באַלײַכט עס אין דער פינצטערניש פונעם זיקאָרן יענע האַרבע נויטווענדיקײַט, וואָס האָט אים מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק דאָס ערשטע מאָל צונויפגעשטויסן מיט אָט דעם מענטשן.

— זעצט זיך צו, ביטע, דרײַסטער, — דערהערט דאָוויד גאַוורילקינס באַס. אָט דאָס קאָל שווימט אויך אוף אין דאָווידס זיקאָרן.

ער טוט אַ ווייש מיט אַ נאָזטיכל דעם פאַרשוויצט געוואָרענעם האַלדז, לאָזט זיך אַראָפּ, אָנגעהויקערט, אינעם פאָטעל — און ווערט גלײַך אַ זאָקן מיט אַ צעקנייטשט, קרומנאָזיק פּאָנעם. „נו, וואָס איז געשען? — קלערט ער מיט פאָרוואורף זיך אַליין, — גאָלע גאָרניט, צוליב וואָס דאַרף מען דאַפקע וואַרטן אַף עפּעס שלעכטס? פּאָשעט, די אַלטע וווּנד, וועלכע ער, דאָוויד, האָט אין שווערע צײַטן באַקומען אין האַרצן און וועלכע איז, דאַכט זיך, שוין אינגאַנצן פאַרצויגן געוואָרן, לאָזט זיך אויס, איז אַדהײַעם פילבאַר און רופט זיך ווײַטיקדיק אָפּ אַף יעדן מינדסטן צוריר".

גאַוורילקין טוט אופמערקזאַם אַף אים אַ קוק און זאָגט מיט אַ שטילן זיפץ:

— זײַט איר, הייסט עס, קאָראָסטענסקי, יאָ געוואָרן אַן אינזשעניער.

„אויך מיך האָט ער דערקענט", — פאַרשטייט דאָוויד.

— אַ סאַך יאָרן זײַנען אוועק פון יענע ניט גאָר ווײַטע צײַטן, זינט אונדזערע וועגן האָבן זיך איבערגעקרייצט, — רופט ער זיך אָפּ, אַ קנייטש טוענדיק מיט די אַקסלען און שמייכלענדיק בלויז מיט די ווינקעלעך פון די ליפּן.

ס'קאָן זײַן, אַז טאַקע אָט דער שמייכל איז דערגאַנגען גאַוורילקינען ביז די ביינער. ער הייבט זיך אוף פון יענער זײַט טיש, גייט צו צו דער

צעפּראַלטער פּראַמוגע פֿונעם פֿענצטער, טוט אַ ריס אַרויס פֿון דער קיטל-קעשענע דעם פּאַרטסיגאַר. צעשיטנדיק אַרום זיך טאַבעק, פּילט ער אָן די פּיפּקע, צינדט אָן אַ שוועבעלע. דאָס קינעלע פֿלאַמט אויף, אָבער ווערט גלײַך פֿאַרלאָשן. גאַווריקין טוט זיך שאַרף אַ קער צו דאָווידן:

— רעדט. איך הער אײַך.

קענטיק, אַז אים איז געווען שווערער, איידער דאָווידן, זיך אומקערן צו זייער יענער ווײַטער באַגעגעניש.

2

דעמלט האָט דאָוויד באַגלייט דאָס ווײַב אין אינסטיטוט קאַיאַר. ניט אויף אירע לימודים. אַזוי פֿרי לייענט קיינער ניט קיין לעקציעס. אַלס מיטגליד פֿון דער וואַל-קאָמיסיע האָט זי דערהאַלטן אָן אָנווײַזונג זיך יאַווען אויפֿן וואַל-באַצירק נאָך איידער עס וועלן אַרײַן אין וואַל-פּונקט די וויילער.

אויפֿהייבנדיק זיך אויפֿן ערשטן טרעפּל פֿונעם אינסטיטוטישן גאַנעק, טוט זיך יעוודאָקיִע פּעטראָוונע אַ קער צום מאַן, פּאַכעט מיט דער האַנט אין הענטשקע:

— כ׳וועל אויף דיר וואַרטן...

— און אַליין?

— דאָס איז דען דיר ווייניק?

אַנשטאָט עפּעס צו ענטפֿערן, נעמט דאָוויד אַרום דאָס ווײַב, רירט זיך אָן פֿאַרזיכטיק, אַ ניט-געגאָלטער, מיט די ליפּן צו איר קאַלטן פּאָנעם.

— לאָז מיך אָפּ. מע וועט דערזען.

— כ׳האָב רעכט! — זאָגט פֿאַרשײַט דאָוויד. — איצט פֿאַרמאָג איך שוין אַפֿילע וואַל-רעכט!

געווען איז ער נאָך דאַן יונג, באַ די דרײַסיקער, געמיינט, אַז ער הייבט ערשט אָן צו לעבן אויף דער וועלט.

— זע, פֿאַרגעס ניט אָנצופּאַיען מיט טיי לעאָנטיקן, — וואָרנט יעוודאָקיִע דעם מאַן, אַרויסבאַפֿרײַענדיק זיך פֿון זײַנע אָרעמס.

שווער פֿאַרמאַכט זיך נאָך איר די אויסערלעכע טיר אויף אַ פּרוזשינע. אין אַ ווײַלע אַרום באַווײַזט זיך איר פֿיגור אין פֿענצטער פֿונעם ניט-ברייטן וועסטיבױל און אַנטרינט באַלד הינטער דער באַגלאָזטער מיט מאַטאָווע טאַפּליעס טיר, וועמענס דינער קלאַנג דערטראָגט זיך קוים-קוים צו דאָווידס אויער. דאָוויד שטייט נאָך אַ ביסל לעם דעם גאַנעק, טוט אַ שמייכל און קערט זיך אום אויף צוריק אַהיים.

אַ בלויל עכער שניי-וויכער דרייט זיך אַרום אים און קיצלט די באַקן אינײנעם מיטן פֿרעסטל. עס קאָן זיך ניט אײַנשטעלן די וואַרעמקײַט. דער דעמלטיקער מאַרט איז געווען אַ שאַלקהאַפֿטיק אומסטאַבילער. צוערשט האָט די זון רווישיק און לײַכט געמאַכט נאַקעט די ערד, אָבער די קרירע איז אָפּגיך געקומען צו-זיך און אָנגעהויבן בייז אָפּצוענטפֿערן מיט ווײַסע זאַווערוכעס. די ריטשקעס פֿלעגן אָדער פֿאַרפֿרוירן ווערן אין פֿולן גאַנג, אָדער זיך צעגיסן, צעפֿליסן, אַוועקלאָזנדיק זיך צו די יאַרן באַם ברעג פֿון דער אָקאַ. דער ווינט פֿלעג אָנפֿאַלן אויף דער שטאָט פֿון פֿאַרשיידענע זײַטן — אָט אַ שנײַדנדיקער און צאַרטער, אָט אַ שטיפֿנדיקער צעיושעטער, אָט אַ באַשיידענער און אומגעצוימטער. אַ קאַפּריזנער איז געווען דער פֿרילינג.

און דאָך איז עס געווען פֿרילינג. דאָוויד האָט אים גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען און אויפֿגענומען אַזאַ, ווי ער איז, מיט אַלע זײַנע וויוגעס, שטיפֿערײַען און צוזאָגן.

אינדערהיים, אויסגעטאָן זיך, קוקט דאָוויד קוידעמקאָל אַרײַן אין קליין צימערל, ווו עס שלאָפֿט דער זון, און דערזעט אין דער שלאַבעריקער שײַן פֿונעם נאָרוואָס געבוירענעם באַגינען, אַז לעאָנטיקס פֿוס איז אַרויסגעקראָכן פֿון אונטער דער קאָלדרע, און דאָס אונטערגעשוירן קעפּל מיט געדריידלטע קודלעס אינעם לינקן ווינקל פֿונעם שטערן ליגט ניט אויפֿן קישן, נאָר באַנאַנד מיט איר, אָן אַרומגעאַרעמטער מיט לעאָנטיקס ביידע הענט.

דאָוויד שלײַכט זיך שטיל דורך צום זונס בעטל, מאַכט צורעכט די קאָלדרע. אויפֿהייבן דאָס קעפּל אויפֿן קישן וואַגט ער ניט — מע קאָן נאָך אויפֿוועקן דאָס קינד. ער שטייט אַ ביסל דערנעבן, הערט זיך צו, ווי דער זון אָטעמט. אַ צאַרט געפֿיל פֿון העכסטן טײַנעג באַהערשט דאָווידן — אָן איבערלעבונג, צו וועלכער ער קאָן בעשום-אויפֿן זיך ניט צוגעוווינען.

פּלוצעם טוט זיך לעאָנטיק אַ הייב אויף אויף די עלנבויגנס, צעעפֿנט די אויגן, ער טוט אָבער באַלד אַ פֿיק מיטן קאָפּ. דאָוויד רוקט אונטער דעם קישן אונטערן זונס קאָפּ, גלעט זײַנע שטאַרצנדיקע קודלעס:

— שלאָף, קליינטשקער, ס׳איז נאָך פֿרי.

און ער לאָזט זיך אַוועק אין קיך צוגרייטן אָן אָנבײַסן.

שיילן קאַרטאָפֿליעס קען ער גוט, די שאָלעכץ, וואָס ער נעמט פֿון זיי אַראָפּ, איז געגליכן צו אַ דינינקן האָרבאַנד, וועלכן ס׳איז גאַנץ פּראָסט אַרײַנפֿלעכטן אין אַ מיידלשן צאָפּ. דאָוויד קוקט קימאַט ניט אויף די וואָרצל-קנוילן און בראָקט זיי געשווינד, קנאַקנדיק מיטן פֿלינקן מעסער איבער דער לאָקשנברעט. דער קעראָגאַז פֿלאַמט אויף, קיין קאַפּל אַפֿילע ניט אָנגעטשאַדעט. און די באַלעבאָסטע פֿון דער געדונגענער דירע זידלט זיך ניט אויף יענער זײַט שיידווענטל.

ווען דער זון וואַכט אויף ענדגילטיק פֿונעם שלאָף, איז שוין דאָס עסן פֿאַרטיק.

דעם טאטנס געהויבענע שטימונג פארכאפט גלײַך לעאָנטיקן. צונעמען דאָס בעטגעוואנט, ארומוואשן זיך, פארקעמען די קודלעס פארנעמט בא אים אזוי ווייניק צײַט, אז ער ווונדערט זיך אליין.

— אוי, סארא מאַלאָדיעץ איך בין! — שרײַט ער אויס, גייענדיק צום טיש און פינקלענדיק מיט די בלויע אויגן. — דעם העכסטן באל פארדינט!

מע עסט פריילעך. פונעם טיש ראמט מען אוף, קלינגענדיק מיט די גאָפּלען און לעפל. אײניינעם. דערנאָך ציט מען ארוף אף זיך די סאמע בעסטע בגאָדים. דאָוויד שטעלט זיך אוועק אנטקעגן דעם הענגענדיקן שפיגל, פאריכט דעם שניפּס. און דאָ, אופמערקזאם קוקנדיק אפן טאטן, פרעגט לעאָנטיק:

— דו, טאטע, האָסט מילכאָמע געהאלטן? איאָ? מיט די פאשיסטן האָסטו זיך געראנגלט?

— יאָ, קינדעלע.

— ווו זשע זײַנען דײַנע אָרדענס און מעדאלן?

דאָס איז געווען איינע פון יענע פראגעס, אף וועלכע דאָוויד האָט שוין פון לאנג געווארט, — זי האָט געמוזט סאָפּקאָלסאָף אנטשטיין אינעם מויעכל פון א דענקענדיק ייִנגעלע. דאָוויד איז איבערצײַגט, אז ענטפערן אף איר מוז מען קלאָר, דרייען זיך אפן קאָרעק טאָר מען ניט. און דעריבער כמורעט ער זיך אָן. ווען מע האָט אים אין א טפיסע־עשעלאָן געפירט פונעם פראָנט צום אוראַלער וואלד, האָט דאָוויד צום ערשטן מאָל מיט שוידער א קלער געטאָן, אז ס'וועט מיסטאמע קומען דער טאָג — אלץ וועט מען מוזן דערקלערן דעם זון. אָבער מיט וואָסערע ווערטער? ווו וועט ער זיי נעמען? און אָט איז ער געקומען — אָט דער טאָג, די שאָ, וואָס וועט, ס'קאָן זײַן, זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. איצט איז ער, דאָוויד, געצוווּנגען פארשאפן ווונדן דעם זון. ער ווייסט, אז דאָס איז אומפארמײַדלעך. לײַגן און כיטרעווען איז דאָ אומעגלעך.

אף זײַן שטייגער שאצט אָפּ לעאָנטיק דעם טאטנס שווײַגן, אים איז לאכלוטן ניט קלאָר, פארוואָס איז דער טאטע צעמישט.

— בייס א יאָמטעוו טוען אלע אָן זייערע שענסטע קליידער און די באלוינונגען אויך? אזוי, צי ניט אזוי? — זאָגט ער.

— יאָ, מײַן קינדעלע, — ענטפערט דאָוויד, קערט זיך אינגאנצן אָפּ פונעם שפיגל און קוקט גלײַך אין די מיטאמאָל גרויס געוואָרענע, אומרויִקע אויגן פונעם זון. — אָבער בא מיר זײַנען ניטאָ קיין באלוינונגען.

— פארוואָס?

דאָווידן פארכאפט דער אָטעם, אים ווילט זיך זייער אין אָט דער רעגע טרייסטן דעם זון, פארלינדערן דעם קלאַפּ, ער פילט אָבער, אז דאָס דארף מען איצט ניט טאָן. אײַנהאלטנדיק דעם אומרו, זאָגט ער:

— די באלוינונגען האָט מען בא מיר אָפּגענומען...

איצט קוקט זיך פארלוירן ארום לעאָנטיק. כאָטש ער האָט גאָר ווייניק פארשטאנען פון דעם, וואָס דער טאטע האָט אים געזאָגט, ער האָט נאָר געוווּסט, אז דעם טאטן האָט מען שטארק באאוולט און עס טוט אים וויי, און אָט דער ווייטיק גיט זיך איבער אויך אים, לעאָנטיקן.

— עס פארדריסט דיך, טאטע, זייער שטארק? — ציטערט זײַן קאָל.

פון שטוב גייען זיי ארויס שווײַגנדיק. צי דערפאר, ווײַל עס שײַנט יאָמטעוודיק די זון און יאָגט פונעם הימל אומדערמידלעך ווארעמע שטראלן און אונטער זיי צעגייט שטורמיש דער קאיאָריק אָנגעשאָטענער שניי, אָדער מאכמעס דעם, וואָס א לינד ווינטל צערטלט די באקן, הייבט אָן לעאָנטיקס אופגערודערטקײַט צו טײַען. ער שפּאנט זשוואווע באנאנד מיטן פאָטער. אלעמאָל פארײַסט ער דאָס נעזל צום בלויען, ווי זײַנע אויגן, הימל, זשמורעט זיך מיט פארגעניגן, דערנאָך פירט ער איבער דעם בליק אף די נײַע סקריפּענדיקע שטיוועלעך, שמייכלט פריידיק. און דאָווידן דאכט זיך שוין, אז די לאנגאָניקע מוירע פאר דעם יורעשס איבערלעבונגען פאר זײַן גוירל איז אָן אומזיסטע, אז פארן קלײניטשקן איז גאָרניט אזוי צעשמעטערנדיק דעם טאטנס צאָרע. ס'איז נאָך א היפּשער סאָפּעק, צי דאָס קינד איז ביכלאל בעקויעך באַגרײַפן אין דער פולער מאָס דעם מאסשטאב פונעם אומגליק, וואָס האָט אים, דעם טאטן זײַנעם, געטראָפן אין סאמע ברען פונעם קריג?

קיין ארומגאנג־וועגן זוכט ניט דאָוויד — ער טופּעט איבער די נײַ־געבוירענע קאליוזשעס און ריוושאקעס. לעאָנטיק טוט דאָס זעלבע. צומאָל טרעפט ער ארײַן מיט זײַנע שטיוועלעך אין א גריבל אפן טראָטואר, צעשפּריצנדיק דערבײַ אין אלע זײַטן דעם שווער געוואָרענעם, נאסן געלבלעכן שניי.

ווען זיי פארקערעווען אף דער גאס פון יעווּדאָקיִע פּעטראָוונעס אינסטיטוט מיטן וואל־באצירק, אין וועלכן עס שטייט פאָר דאָווידן צו ווײלן, שרײַט אויס לעאָנטיק פארכידעשט:

— זע נאָר, די מאמע!

און טוט זיך האסטיק צו איר א ריס.

יעוודאָקיִע פּעטראָוונעס גאנג זאָגט ניט צו קיין גוטס. דערזעענדיק פונדערווײַטנס, ווי זי שטופּט לײַכט אָפּ פון זיך דעם זון, קנײטשט דאָוויד אָן דעם שטערן. עס ווערט אים קאלט אין אלע אייוורים. דאָס פאָרגעפיל נארט אים ניט אָפּ. יעוודאָקיִע לויפט צו אים צו און פאלט צו מיטן קאָפּ צו זײַן ברוסט:

— מע האָט דיך אויסגעשלאָסן...

מיט א שווערן אָטעם גיט זי צו:

— פון די צעטלען אויסגעמעקט...

— וואָסערע צעטלען?

— צעטלען פון די ווײלער, גאָט מײַנער.

— ס׳קאָן ניט זײַן! — זאָגט פארביטערט דאָ־וויד.

— די אָפּקומעניש דויערט, — שעפּטשעט יעוודאָקיִע.

— אומבאגרײַפלעך! — דערווידערט שטיל דאָוויד, ער מיינט, אז בלויז מיט די ליפּן, נאָר יעוודאָקיִע דערהערט אים.

— אן אייביקער באלכויוו ווערסטו זײַן.

דאָוויד פארפרעסט די ציין, טוט א קוק אָף דעם אפסנײַ פארומערט געוואָרענעם זון. ארומנעמענדיק אים פאר די אקסלען, זאָגט דאָוויד פעסט:

— אָט אזוי, קינד מײַנס, אלץ פאסירט אין לעבן. אָבער מירן זיך דורכשלאָגן צום עמעס.

וואָסי, מיר זײַנען דען קיין מאנצבלען ניט? העכער דעם קאָפּ!

אין דער באצירקישער וואל־קאָמיסיע דער־קלערט מען דאָווידן מיט עכט מיטגעפיל, אז די מיספארשטייעניש, וועלכע האָט מיט אים פאסירט, איז בעקויעך פאריכטן בלויז דער שטאָטראט. און דאָוויד אײַלט אהין. אָבער פונעם שטאָטראט שיקט מען אים אָפּ אין דער שטאָטישער וואל־קאָמיסיע. לאנג האלט מען אים דאָ, מע פארפינקטלעכט דעם איניען, מע קלינגט ערגעץ, מע פרעגט זיך אָן, מע קלאָרט אויס מיט פארשיידענע אינטאָנאציעס — באפעלעריש, מיט אנטשולדיקונג, אָבער גאָרנישט באשטימט מען ניט. מע גיט נאָר אן אָנצוהערעניש



דאָווידן: דאָ זײַנען פֿאַרמישט די אָרגאַנען, מע דארף זיך ווענדן אהין.

און אָט איז זײַן ערשטע באַגעגעניש מיט גאַווריליקינען.

אַפּגעבריט פֿון דאָווידס געפּלאָנטערטער דערקלערונג, טוט דער קאַפּיטאַן א רײַב מיט די דלאָניעס דאָס פּאָנעם, גלײַך ער וואָלט אָפּווישן פֿון אים די אומגעריכט ארויסגעקראָכענע שווייסטראָפּנס:

— יאָ, אַן אָנווײַזונג וועגן אײַך האָבן מיר געגעבן.

— ס׳איז א פּעלער! — זאָגט דאָוויד.

— מיר זײַנען קיינמאָל זיך ניט טויע, — דערווידערט שאַרף גאַווריליקין. — קיינמאָל! — איצט ווערט שוין מיט שווייס באַדעקט דער גאַנצער געגאָלטער קאָפּ זײַנער.

— כ׳בעט אײַך, זײַט אַזויפֿיל גוט, קאָנטראָלירט דורך די זאַך.

— עס האָט ניט קיין זין. אַלץ איז מאַקסימאַל קלאָר.

דאָוויד פֿאַרפּרעסט די פֿינגער אין פֿויסטן, סאָפּעט אַן אָנגעכמורעטער.

— בא אײַך האָט דאָך אָפּגענומען דאָס שטימרעכט דער געריכט.

— געוועזן אַזעלכס.

— און פֿאַראַן נאָך איצט.

— צו דעם איז שוין געקומען א סאָף!

דער אָפּיצער ברענגט ארויס האַרטנעקיק:

— לאָמיר ניט פֿאַרפֿירן קיין דיסקוסיעס.

נאָר דאָוויד רירט זיך ניט פֿון אָרט, שטייט, ווי א צוגעקלעפּטער צום דיל, קנייטשט אין די הענט דאָס דעמיסעזאָנע היטל.

— וואָס זשע זאָל איך איצטער טאָן? — ברענגט ער ארויס פֿאַרטויבט, גלײַך ער וואָלט זיך ווענדן ניט צו גאַווריליקינען, נאָר צו זיך אַליין.

דער קאַפּיטאַן טוט זיך א וואָזגע אַפֿן בענקל, פֿאַריכט פֿלינק מיט די לאַנגע פֿינגער דעם אַראָפּגעפּויזעטן פֿונעם אַקסל פּאָגאָן:

— טו נאָר א קוק, ווי עס ברענט אַף אים די הויט, ער מוז ווײַלן, אומבאַדינגט, אַנדערש קאָן ער ניט לעבן. אין קעגנפֿאַל קערט זיך איבער די וועלט.

אין דאָווידן הייבט אָן קאָכן די אופֿגעבראַכטקײַט. ער האַלט קוים אײַן דעם צאָרן. נאָר גאַווריליקין פֿילט עס ניט, ער זעצט פֿאָר זײַנס:

— איך זע ניט קיין נאָפּקעמינע, צי יאָ ווײַלן, צי ניט.

— נו, יאָ, ווען איז עס געזען געוואָרן, דער זאַטער זאָל פֿאַרשטיין דעם הונגעריקן.

— איר האָפֿט אוואַדע ארײַנשטעלן א שטים קעגן?

— צוליב וואָס אַזא מ׳עסער כשאַד? דאָס איז ניט ערלעך.

— פֿירן אַנטיסאָוועטישע געשפּרעכן איז ערלעך? טרײַבן רעכילעס אַף דער קאָמאַנדשאַפֿט פֿון דער רויטער אַרמיי איז ערלעך? זאַמלען קאָנטררעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור איז ערלעך? אַזוי, דאַכט זיך, איז פֿאַרשריבן אין אײַער אורטייל?

— אין אורטייל — אַזוי.

— באַשטרײַט איר, הייסט עס, דעם עמעס?

— אַזא עמעס — ביזן לעצטן אויסהויך.

— עמעס־זוכער, געגליכענע צו אײַך, שיקן מיר אָפּ, געוויינלעך, אין ערטער ניט גאָר ווײַטע.

— צוליב דעם דאַרף מען קיין סאָך סייכל ניט פֿאַרמאָגן.

— פּלאַפּלער! — זידט אוף גאַווריליקין. — ווײַניקלעך באָלעק האָט מען מיט דיר אין טפּיסע געלערנט.

א פֿאַרכוישעכטער, פֿרעגט דאָוויד:

— לאַנג נאָך שטייט מיר פֿאָר זיך פּײַניקן?

א האַלב־מויליק שמייכעלע שווימט אוף אַפּסנײַ אַף גאַווריליקינס ליפּן:

— אײַער אורטייל געפֿינט זיך אין א פּאַפּקע מיט אַן אויפֿשריפֿט „אָפּהיטן אייביק”. מיר פֿאַרגעסן גאָרניט. בא אונדז איז אַן אויסגעצייכנטער זיקאָרן!..

א סאַך שפּעטער, אין א יאָר צען אַרום נאָך יענער באַגעגעניש מיט גאַווריליקינען, וועט אין מאָסקווע, אין דער געבײַדע פֿונעם אויבער־געריכט פֿון פּססר אַף דער וואָראָווסקי־גאַס, איבערגעגעבן ווערן דאָווידן א צײַגעניש וועגן זײַן פֿולקומער רעאַביליטאַציע. אָט די צײַגעניש האָט ער פֿאַרגעדענקט וואָרט אין וואָרט, זי האָט זיך אים אַפֿילע געכאָלעמט אין שלאָף, איין און דער זעלבער כאָלעם פֿלעגט אָנשווימען אַף אים: איבערן מאַסיוון געריכט־טיש, א באַדעקטן מיט רויטן געוואַנט, הייבט זיך אוף אין זײַן פֿולן וווּקס דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם פֿאָרזיצער פֿונעם אויבער־געריכט פֿון פּססר קוליקאָוו. האַלטנדיק אין די הענט אַן עטוואָס ציטערנדיקן בויגן פּאַפּיר, טוט ער א קוק אַף רעכטס, אַף דעם שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם גענעראַל־פּראָקוראָר מישוטינען, פֿירט איבער דעם בליק אַפֿן געריכט־סעקרעטאַר קוזניעצאָוון, דערנאָך אַף אַלע אַנדערע אָנטיילנעמער פֿונעם פּלענום פֿונעם אויבער־געריכט, און הייבט אָן לייענען דײַטלעך, יעדעס וואָרט באַזונדער, גלײַך ער וואָלט עס געצויגן דורך וואַלצן פֿון א וואַלצווערק, דורך די קערב פֿון יענעם ריזיקן בליומינג, וועלכן דאָוויד האָט נאָך דער פֿאַרורטיילונג געבויט אין טאַגיל. דאָס קאָל פֿונעם ריכטער איז שטאַרק ענלעך אַפֿן קאָל פֿונעם גענעראַל פּעטראָוו, ווען דאָוויד האָט ניט איין מאָל געזען, בײַס ער איז געווען א פֿאַרבינדונגס־אָפּיצער באַם שטאַב פֿונעם צאָפּןקאַווקאַזער פֿראָנט. א הויכשטימיקער איז קוליקאָוו. ער הייבט אָן שטיל, דאָוויד הערט אים קוים. „באַשטימונג נומער 845—63...”, — דערטראָגט זיך אָבער צו דאָווידן. דערנאָך ווערט קוליקאָווס שטים

העכער. „דער פּראָטעסט פונעם גענעראַל־פּראָקוראָר פון פּססר איבערן איניען פון קאַראַסטענסקי דאַוויד איסײַעוויטשן", — קלינגט אין דאָווידס אויערן. און ווײַטער פּליסט קוליקאָווס קאָל אויך ניט געײַלט, דײַטלעך, אָבער פונדעסטוועגן שווערלעך, ווי עס וואָלט אים שטערן א פאַרעלטערטע יאַדעשליוועקײַט. נאָר אָט דער קורצער אָטעם קוליקאָווס ווענדט ניט אָפּ דאָווידן, ער הערט זיך אײַן אין דעם ריכטערס קאָל אופמערקזאַם, דאָך מיט א מאָדנער רויִקײַט, אפילע מיט א מין גלײַכגילט, קלוימערשט עס גייט א רייד ניט וועגן אים, דאָווידן, נאָר וועגן עמעצן אנדערש, א זײַטיקן, אומבאַקאַנטן מענטשן, צו וועמענס גוירל ער, דאָוויד, האָט קיין שום שײַכעס ניט.

אפן ריכטערס פּאָנעם זעט ניט דאָוויד קיין מינדסטן שפּור פון עמאָציעס, אָבער קוליקאָווס שטים איז ווײַט ניט קיין געלאַסענע, אין איר פילט זיך בוילעט אַן אָפּהילך פון אומצופרידנקײַט. וואָס קימערט קוליקאָוון, ווייסט ניט דאָוויד. ווען ער זאָל קאָנען ארײַנדרינגען אינעם ריכטערס געדאַנקען, וואָלט ער עפשער פאַרשטאַנען, אַז אים, קוליקאָוון, איז פּאַשעט ניט גוט אפן הארצן, א שווערער שטיין ליגט אף אים, א הליבע, וועלכע ער וואָלט גערן איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אנטשיידן אראָפּגעשטופּט אין טהאָם ארײַן, אַז פאַר אים, פאַר קוליקאָוון, איז שוין אַלץ קלאָר אין דאָווידס איניען, שוין פון לאַנג קלאָר, ניט דער ערשטער, ניט דער לעצטער איז דאָוויד באַאוולט געוואָרן אזוי ברוטאַל, יונגערהייט, און אָט די אומרעכט דאַרף מען אומבאַדינגט פאַריכטן, אָבער ער, קוליקאָוו, מוז אַלץ טאָן צוליב דעם בעהאדראָגעדיק, האַלטנדיק זיך בא די קלאָלים פונעם פּראָצעסועלן קאָדעקס, ער, קוליקאָוו, איז געצוווּנגען, האַגאַם לאַקאָניש, אָבער אויסשעפּלעך, אויסלייגן דעם טאָך פונעם איניען סײַ פאַר מישוטינען, וועלכער איז אויך, ווי ער, קוליקאָוו, גוט באַקאַנט מיט די באַשולדיקונגען, וועלכע זײַנען געווען אינקרימינירט דאָווידן מיצאַד דעם מיליטערישן טריבונאַל, ווײַל ער, מישוטין, האָט א דירעקטע שײַכעס צום פּראָטעסט, וואָס דער גענעראַל־פּראָקוראָר, וועמענס פאַרטרעטער ער איז, האָט ארײַנגעטראָגן איבער דאָווידס איניען, אויסלייגן דעם טאָך פון דאָווידס איניען סײַ פאַר קוזניעצאָוון, דעם סעקרעטאַר פונעם אויבער־געריכט, סײַ פאַר אַלע אנדערע מיטגלידער פונעם אויבער־געריכט, אַנטיילנעמער פונעם פּלענום.

און דער טאָך איז אזא.

לויטן אורטייל פונעם מיליטערישן טריבונאַל פון דער צענטער גווארדייִשער רויטפּאַניקער שיסער־בריגאַדע, וועלכער איז ארויסגעטראָגן געוואָרן דעם 30 אַפּרעל 1943, איז קאַראַסטענסקי דאוויד איסײַעוויטש, א געבוירענער אין 1920, אין דערפל רודניע, אַלעווסקער ראַיאָן, קיִעווער געגנט, פאַרמישפּעט געוואָרן אפן סמאַך פון דעם ארטיקל אכט און פופציק טירע צען, צווייטער טייל פונעם קרימינעלן קאָדעקס פון רספּסר צו אָפּנעמען בא אים אף צען יאָר די פרײַהײַט, צו קאָנפיסקירן זײַן פאַרמעגן און אָפּשאַפן בא אים זײַן מיליטערישן ראַנג.

לויט דער באַשטימונג פון דער באַזונדערער באַראַטונג באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון אינערלעכע איניאָנים פון פּססר, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן דעם 17 יון 1944, איז די באַשטראָפונג קאַראַסטענסקין פאַרקירצט געוואָרן אף זעקס כאַדאָשים. די באַשטימונג פון דער מיליטערישער קאָלעגיע באַם אויבער־געריכט פון פּססר, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן דעם 19 אַפּרעל 1947, האָט דערפירט די באַשטראָפונג פון קאַראַסטענסקין ביז פינף יאָר אָפּנעמען די פרײַהײַט.

קאַראַסטענסקי איז אנערקענט געוואָרן אַלס שולדיקער אין דעם, אַז ער האָט געפירט צווישן די מיליטער־אָנגעשטעלטע פון זײַן מיליטער־טייל געשפּרעכן, וועלכע האָבן געהאַט אַן אנטיסאָוועטישן מאַפּאָלע־כאַראַקטער, אין דעם, אַז ער האָט געטריבן רעכילעס אף דער קאָמאַנדשאַפט פון דער סאָוועטישער ארמיי, אין דעם, אַז ער האָט פאַרהיט און פאַרשפּרייט אנטיסאָוועטישע ליטעראַטור.

באַטראַכטנדיק די מאַטעריאַלן פונעם איניען און באַהאַנדלענדיק דעם פּראָטעסט פונעם גענעראַל־פּראָקוראָר פון פּססר וועגן ליקווידירן דעם איניען בענעגייע קאַראַסטענסקין מאַכמעס דער אָפּוועזנהײַט אין זײַנע מײַסים א באַשטאַנד פון פאַרברעכן, געפינט פאַר נייטיק דער פּלענום פונעם אויבער־געריכט פון פּססר באַפרידיקן דעם פּראָטעסט פונעם גענעראַל־פּראָקוראָר.

אין די מאַטעריאַלן פונעם איניען ווערט אײַנגעזען, אַז קאַראַסטענסקי פלעג בײַס די געשפּרעכן מיט זײַנע אמט־קאָלעגן זיך קריטיש אָפּרופן מיקויעך די מעטאָדן פון דער אָנפירונג מיטן מיליטער מיצאַד דער קאָמאַנדשאַפט פון דער סאָוועטישער ארמיי, ער האָט באַהויפּטעט, אַז די סאָוועטישע ארמיי איז שוואַכער פון דער דײַטשישער, ער פלעג ווערן אופגעבראַכט, ווען עס זײַנען באַלוינט געוואָרן מיליטער־אָנגעשטעלטע, ניט קיין אָנטיילנעמער פון די שלאַכטן.

קאַראַסטענסקיס ארויסזאָגונגען, וועלכע פיגורירן אינעם אורטייל פונעם מיליטערישן טריבונאַל, שאַפן ניט לויט זייער אינהאַלט קיין באַשטאַנד פון א פאַרברעכן, וואָס ווערט פאָרויסגעזען אינעם ארטיקל אכט און פופציק טירע צען, טייל צווייטער פונעם קרימינעלן קאָדעקס פון רספּסר.

בײַס קאַראַסטענסקיס ארעסט איז בא אים אָפּגענומען געוואָרן זײַן טאָגבוך, וווּהין ער פלעג פאַרשרײַבן זײַנע אײַנדרוקן וועגן די געשעענישן אפן פראָנט. אינעם טאָגבוך ווערט, ביפראַט, געזאָגט וועגן די גרויסע פאַרלוסטן פונעם סאָוועטישן מיליטער מאַכמעס די אָנפליִען פון דער פײַנטלעכער אוויִאַציע, וועגן דעם, אַז אונדזער מיליטער האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט גוט מילכאָמע

האַלטן, אַז אין סטאַלינס אַרויסטרעטונגען פּילט זיך ניט קיין זיכערקייט.

בא קאַראַסטענסקין איז צוגענומען געוואָרן אַן עקזעמפּליאַר פון דער צייטונג „קובאַן", וועלכע עס האָבן אַרויסגעגעבן די דייטשן אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע. דער אינהאַלט פון אָט דעם עקזעמפּליאַר איז אומבאַוווּסט. קאַראַסטענסקי דערקלערט, אַז ער האָט די צייטונג געפונען אין איינער אַ שטוב, נאָך דער באַפרייונג פון אַ ישעוו, אַליין זי איבערגעלייענט און געגעבן לייענען זיינע כאַווירים. די צייטונג האָט דערציילט וועגן אַ קאַזאַקישן צוזאַמענפאָר, וועלכן די דייטשן האָבן דורכגעפירט אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע. אָט די צייטונג האָט קאַראַסטענסקי אַריינגעלייגט אין זיין פעלד־טאַש, מיינענדיק, אַז זי וועט אים צוניץ קומען, ווען ער וועט שרייבן אַ ליטעראַריש ווערק, צוליב וועלכן ער האָט געזאַמלט מאַטעריאַל.

פון די אומשטאַנדן איז אָבער צו זען, אַז די באַשולדיקונג קעגן קאַראַסטענסקין אין פאַרהיטן און פאַרשפּרייטן אַנטיסאָוועטישע ליטעראַטור איז אַ ניט־באַגרינדעטע.

אויפן סמך פון דעם אויסגעלייגטן איז דער פּלענום פונעם אויבער־געריכט פון פּססר מאַסקים מיטן פּראָטעסט און אויפן סמך פון דעם אַרטיקל 9, פּונקט „א" פונעם רעגלאַמענט וועגן אויבער־געריכט פון פּססר באַשטימט:

דעם אורטייל פונעם מיליטערישן טריבונאַל פון דער צענטער גוואַרדייִשער רויטפאַניקער שי־סער־בריגאַדע פאַרן 30 אַפּרעל 1943, די באַשטימונג פון דער מיליטערישער קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פּססר פאַרן 19 אַפּרעל 1947 און די באַשטימונג פון דער באַזונדערער באַראַטונג באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פון אינערלעכע איניאָנים פון פּססר פאַרן 17 יוני 1944 בנוגע קאַראַסטענסקין דאַוויד איסייעוויטשן אָפּשאַפן און דעם איניען וועגן אים אין געריכט ליקווידירן מחמת דער אָפּוועזנהייט אין אים אַ באַשטאַנד פון אַ פאַרברעכן...

דאָס אַלץ איז געווען דערנאָך, דאָס אַלץ האָט זיך אים שפּעטער געכאַלעמט, מיט פרייד און מיט וויי, אָבער איצט האָט דאַוויד פונדעסטוועגן געפּונען קויעך אויף בייצוקומען די געפּלעפטקייט. עס שרייט פון אים אַרויס דער צאַרן:

— וויִאַזוי זשע האָט איר עס פאַרזען, אַז דער טערמין פון אָפּנעמען בא מיר די וואַלרעכט איז שוין פון לאַנג פאַרגאַנגען?!

— קומט צו גיין מאָרגן, וועלן מיר זיך פאַרנאַנדערקלייבן, — הייבט אויף גאַווריִלקין אויף דאַווידן די אויגן, מיט פאַרדראָס און ביטל.

— טייער איז דער לעפל צו דער יויך, — באַמערקט דאַוויד.

— כ'האָב ניט קיין צוטריט צו די סייפן. זונטיק איז היינט, וואָס זאָל מען טאָן. אַז דער דאָקומענטאַלער באַגרינדונג קאָן איך ניט באַשטעטיקן אייער רעכט צו ווילן און זיין אויסגעוויילט.

— אַוועקגיין פונדאַנען מיט ליידיקע הענט? — זאָגט דאַוויד, האַגאַם ער פאַרשטייט, אַז זיין פראַגע איז אַ לעפּישע.

— איך פאַרהאַלט אייך ניט, — טוט אַ שמייכל גאַווריִלקין.

אָנגעשטרענגט טאַפּטשעט זיך דאַוויד לעם גאַווריִלקינס טיש. שאַלעם מאַכן מיטן געדאַנק, אַז עס שטייט אים פאַר זיך אומקערן פונדאַנען מיט אַן אויסגעליידיקטער נעשאָמע, קאָן ער ניט. פאַר וואָס האָט ער מיט אַזאַ מין אומגעדולד געוואַרט אויפן טאָג פון די וואַלן? גאָר אויף עפּעס אַנדערש האָט ער זיך גערעכט אין צוזאַמענהאַנג מיט אָט דעם טאָג. טאַקע היינט האָט ער געהאָפט צו דערפילן, ווי עס פאַלט אַראָפּ פון אים דער אָל, וועלכער האָט אים אַזויפיל יאָרן געדריקט און געפּענטעט, דערפילן, אַז ער איז אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. דער קאַפּיטאַן איז עפּשער גערעכט, אַז די צאָרע וועט אייביק נאָכגיין נאָך אים, דאַווידן, ווי אַ שאָטן, אָבער איין טאָג — דער היינטיקער — האָט געדאַרפט זיין דאַווידס טאָג! פאַר לעאַנטיקס וועגן, צוליב יעוודאָקיִען מוז ער זיך דערשלאָגן אַ דערפאָלג. אויב ניט איצט, איז קיינמאָל ניט!

— אַוועקגייענדיק, דאַרף מען אַוועקגיין, — טוט אַ שטאָך גאַווריִלקין דאַווידן.

— כאַפּט זיך ניט! איר כאַלעשט נאָך אַן אָפּיציִעל פּאַפּיר? — האַלט קוים איין זיין אויסגעשריי דאַוויד. — אָבער אָט דאָס איז וואָס? ניט קיין דאָקומענט?

און ער שלעפּט אַרויס פון דער קעשענע, שטופּט אונטער קימאַט צו גאַווריִלקינס נאָז די צייגעניש וועגן זיין באַפרייונג פונעם לאַגער. דאָס בויגנדל ציטערט אין דאַווידס הענט.

— און אָט דער ספּראַווקע גלייבט איר? — שרייט דאַוויד, אַרויסגייענדיק פון די קיילים. — אויף איר שטייט דער שטעמפּל פון ענקאַוועדע! און איך אַלץ, וואָס עס דאַרף שטיין...

וואָס האָט דאָ געשפּילט די באַשטימענדיקע ראָל — צי דאַווידס גרימצאָרן, צי דאָס שטעמפּל פונעם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר אינערלעכע איניאָנים (זיין, גאַווריִלקינס, קאָמיסאַריאַט, וועמען ער איז צוגעוווינט צו זיין אין דערווידערונג געהאָרכזאַם), און עפּשער גאָר האָט דאַוויד מיט זיין הילכיקן קאָל אויפגעוועקט אינעם קאַפּיטאַן אַ געוויינלעך מענטשלעך געפיל פון מיטלייד און כעסעד צום געפאַלענעם, נאָר גאַווריִלקין נעמט די צייגעניש פון דאַווידס ציטערנדיקע הענט.

— גיב נאָר אַהער, לאָמיר אַ קוק טאָן. דער טייוול איז אַ מאַמזער, און שפּאַסן קען ער גוט. לאַנג, צוטשעפּענדיק זיך צו יעדן אָס, דערלערנט גאַווריִלקין די ספּראַווקע. נאָר דאָרט איז יעדער וואָרט אויפן אָרט. אין רעכטן אייבערשטן ווינקל אויף דער פאָדערשטער זייט איז אָנגעוויזן:



5*

„דינט ניט אלס דערלויבעניש אַף וווינונג". אינעם אונטערשטן לינקן ווינקל קוקט ארויס א צוגעקוועטשטער מיטן שטעמפּל דאַקטילאָסקאָפּישער אָפּדרוק פונעם טײַטפינגער פון דאָווידס רעכטער האנט. פאַראַן סײַ פאָרם, סײַ אינהאלט, און גאווריקין איבערצײַגט זיך: יאָ, עמעס, דער באַזוכער לײַגט ניט — בא אים איז דער טערמין פון אָפּנעמען די רעכט שוין דורכגעגאנגען, און ער האָט רעכט צו ווײלן. א ספּראַווקע איז אן אקשאָנעסדיקע זאַך.

— דאָס איז שוין עפּעס אנדערש, — ברענגט ארויס, לעסאָף, גאווריליקין, ניט אופהייבנדיק דעם קאָפּ, — אגעוו, אן און פאַר זיך באַטײַט עס נאָך גאָרניט. אויב יעדער וועט אָנהייבן קריכן אהער מיט זײַנע צײַגענישן...

— איך בעט בא אײַך ניט קיין נעדאָווע, — שלאָגט איבער זײַנע רייד דאָוויד מיט אופגעפלאַמטע אויגן. — מײַנס פאָדער איך.

— שווײַג! — טוט א הוקע גאוורילקין, ניט אזוי מיט קאַס, ווי מיט באַוווּנדערונג.

נאָר דאָוויד האָט שוין פארלאָרן די שליטע איבער זיך.

— וואָס קאָנט איר מיר טאָן? צעשיסן? נו, איז אדעראבע! ארעסטירט מיך! נאט אײַך, אָט בין איך...

— אהא, זע נאָר, אוועלכער איר זײַט, קאָראַסטענסקי, — צעלאַכט זיך אומגעריכט גאווריליקין. — כ'האָב ניט געוווּסט. אינטערעסאנט. דאָ בא אונדז פירט מען זיך עטוואָס באַשיידענער...

אין דער שטאָטישער וואָל־קאָמיסיע האָט גאווריליקין פונדעסטוועגן מיטגעטיילט אַלץ, וואָס מע האָט געדאַרפט.

ווען דאָוויד קערט זיך אום אהיים, פאלט שוין צו דער אָוונט. יעוודאָקיִע פעטראָוונע און דער זון וואַרטן אַף אים לעם דער שטוב. דאָס ווײַב פאַרשטייט אַלץ גלײַך — לויט דאָווידס אויגן. לעאָנטיק אָבער פרעגט אָנגעשטרענגט:

— האָסט געוויילט?

— ניין, זונעלע, — ענטפערט דאָוויד, צורירנדיק זיך מיט דער דלאָניע צו לעאָנטיקס אַקסל. — מירן גיין אין וואָל־באַצירק צוזאַמען. די ביולעטענען אין קעסטל וועסטו אַראָפּלאָזן...

## 3

דער ערשטער באַזוך צו גאוורילקינען האָט זיך ארויסגעוויזן אלס ניט קיין איינציקער.

קומענדיק נאָך די וואלן אין שול, ווו ער האָט פאַרטראָטן א לערערן, וועלכע איז אוועק אין דעקרעט־אורלויב, דערקענט ניט דאָוויד זײַנע כאַווײרים. מע גריסט זיך מיט אים מילד, ווייך, העפלעך, דאָך מיט עפּעס אן אונטערגעשטראָכענעם מיטלײַד. דאָוויד פאַרשטייט ניט, וואָס עס קומט פאָר, ער ווערט צעמישט.

און פּאַסירט האָט אָט וואָס. מאָנטיק אינדערפרי, נאָך קאָראַסטענסקיס וויזיט, האָט גאוורילקין אופגעהויבן א גאנצן טאַראַראַם, א בעהאָלע אינעם שטאָטישן אָפּטייל פון פאָלקס־בילדונג. וועגן דעם האָט מען ז'אָווידן דערציילט מיט פיל יאָרן שפּעטער.

— אָנגעוואָרעמט א שלאַנג אין בוזעם, — האָט געליאַרעמט גאוורילקין. — אזוי לערנט מען אונדז אונטערקלײַבן און פאנאנדערשטעלן קאַדרען?!

דער בילדונגס־אָפּטייל האָט אָנגענומען דאָווידן אַף צײַטווײַליקער ארבעט — אַף פיר לימודים אין וואָך. צו דער שול אין דער מיראָסלאַוולער פאָרשטאָט פאָדבאָלאָטניע איז געווען ניט פאָשעט זיך דערקלײַבן. יעדעס מאָל פלעג דאָוויד פאַטערן א גאנצן טאָג, קעדיי דורכפירן איין לימעד. ער האָט געדאַרפט אופשטיין קאַיאָר, קעדיי ניט פאַרשפּעטיקן אַף דעם ארבעטס־צוג אין באַשטאַנד פון צוויי וואַגאָנען, און אומקערן זיך אָפּדערנאַכט, אין דער פּראָסטיקער פינצטערניש. קיין באַלאָנים אַף אזא אָרט אין שול זײַנען, כוץ דאָווידן, אין מיראָסלאַוול ניט געווען, דער שטאָטישער בילדונגס־אָפּטייל האָט דאָווידן געהאלטן פאַר א מעציִע, פאַר אן אויסלייזער. אַליין דאָוויד איז געווען מעסוקן צופרידן, די ארבעט האָט אים פארשאַפט אזויפיל פארגעניגן, אז ער פלעג נישט באַמערקן ניט די שווערקייטן, ניט די אומבאַקוועמלעכקייטן: אזא גליק — ער ארבעט לויטן באַרוף!

אין פאַרלעגנהייט האָט דאָווידן געבראַכט בלויז איינס. שיקנדיק אים אין שול, האָבן די בילדונגס־טוער קימאַט זיך ניט אינטערעסירט מיט זײַן ביאָגראַפיע. זיי האָבן אופמערקזאַם, עמעס, דורכגעקוקט דעם דאָקומענט וועגן זײַן לערע אין פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און דעם בײַגעלייגטן צו אים אויסצוג פונעם זאַטשאָטן־ביכל, וווּהין אין דער קאָמפּאַניע פון העכסטע באַלן האָט זיך דורכגעשמוגלט אן איין־און־איינציק דרײַערל, א „מיטלמעסיק" — אָט די אָפּשאַצונג האָט דאָוויד ארײַנגעכאַפּט דעמלט, ווען די פאַשיסטן האָבן שוין געטאָפּטשעט אונדזער ערד און ער האָט באַשטימט טייקעף זיך בעטן אַפן פראָנט. ס'קאָן זײַן, אז דערפאַר, וואָס די בילדונגס־טוער האָבן געוווּסט, ווער זײַן ווײַב איז — די נײַנקע אונטעריכטערן אינעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, און אויך מאַכמעס דעם, וואָס קיין לערער פאַר דער פאָדבאָלאָטניער שול איז זיי א שטיק צײַט ניט געלונגען אונטערצוזוכן, און עפשער דערפאַר, וואָס דער אויסצוג פון דאָווידס זאַטשאָטן־ביכל איז זיי שטארק געפעלן געוואָרן — א סאָלידע זאַטשאָטקע, וועסט גאָרניט זאָגן, — קענטיק, דאָס אַלץ אינאיינעם האָט פאַרשלעפּערט די וואַכזאַמקײַט קוידעמקאָל פון דער פאַרוואַלטערן פונעם בילדונגס־אָפּטייל, זייער א

ליבלעכער פרוי. זי האָט זיך בלויז אינטערעסירט, צי איז דאָוויד אַ פראָנטאָוויק. ער האָט געענטפערט, אַז יאָ. דעמלט האָט די פאַרוואַלטערן פאַרפּינקט־לעכט, צי איז ער ניט אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענ־שאַפט צו די פאַשיסטן. דאָוויד האָט זי פאַרזיכערט, אַז ניין, אין געפאַנגענשאַפט איז ער ניט געווען. מער קיין פראַגעס האָט די פאַרוואַלטערן אים ניט פאַרגעבן.

ווי טאָמיד, בייס ער פלעג קומען אָנדינגען זיך אויף אַרבעט, האָט דאָוויד אויך דאָ, אינעם שטאָ־טישן בילדונגס־אָפּטייל, געוואָלט גלײַך זאָגן וועגן זײַן געמישפּעטקייט, נאָר די צונג האָט זיך באַ־צײַטנס ניט אַ קער געטאָן. אַן אינערלעכער טאַר־מאָז האָט געשטערט. עפּעס האָט אין אים זיך קעגנ־געשטעלט. דאָוויד האָט זיך אַליין קיינמאָל ניט אָנערקענט אַלס שולדיקער, פאַר קיין פאַרברעכער זיך ניט געהאַלטן, שוין אָפּגערעדט פון אַ פײַנט פונעם היימלאַנד. פאַרוואָס מוז ער קעסיידער אַלע־מען פאַרויס וואָרענען וועגן זײַן צאָרע: „זײַט פאַר־זיכטיק איך בין אַזאַ און אַזאַ...״? ניין, ער איז ניט מעכויעוו. ער האָט גאָרנישט ניט אויסבאַהאַלטן. ניט געזאָגט קיין ליגן. מע וועט פאָדערן, וועט ער אַלץ דערקלערן, ווי עס איז. הענג זיך ניט אָן, זאָג זיך ניט אָפּ. דאָוויד האָט געוווּסט, אַז אַרײַנלאָזן זיך אין ווײַטע כקירעס, אַפילו מיט זיך אַליין, טויג אויף קאַפּאָרעס, פונדעסטוועגן אָבער האָט ער זיך געסטאַרעט איבערצײַגן זיך אַליין, אַז ער איז גע־רעכט. ער האָט מוירע געהאַט, אַז די מילדע פאַר־וואַלטערן פונעם בילדונגס־אָפּטייל וועט זיך אָפּ־זאָגן פון אים. אָך, ווי ער האָט געוואָלט אָנקומען אין שול, ער האָט מאַמעש געכאַלעשט דערוואַרבן אַ צוטריט צו דער טעטיקייט, לעשעם וועלכער ער האָט זיך ביז דער מילכאָמע געלערנט, צו וועלכער ער האָט זיך געגרייט, צוליב וועלכער ער, דאָוויד, איז, אין טאָך גערעדט, געבוירן געוואָרן...

אויך ביז אהער האָט דאָוויד גאַנץ גענוג גע־פילט אויף זיך דעם יאָך פון זײַן געמישפּעטקייט. נאָך אינעם ערשטן פרײַען טאָג זײַנעם, אַרויסגייענ־דיק פון דער לאַגער־זאָנע ניט דורך די טויערן, ווי געוויינלעך, און ניט מיטן סטראַי, ניט אונטער די בלײַענע אויסגעשרייען פון די קאָנוואָירן, נאָר דורך דער טיר פון דער וואַכטע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז פון הײַנט אָן און אויף ווײַטער, האַגאַם ער איז שוין מער ניט קיין אַרעסטאַנט, איז ער אָבער גע־שטעמפּלט אויף דעם פאַרנטיקן זײַטל פון זײַן יאַריקן — צײַטווײַליקן — פּאַספּאָרט מיט דער צי־פער „39", וואָס עס האָט באַטײַט דעם דרײַסיק ניינטן פונקט פונעם רעגלאַמענט וועגן דער פּאַס־פּאָרטיזאַציע, און וואָס וועט אים, דאָווידן, אַלעמאָל פאַרשטעלן דעם גלײַכן וועג אין לעבן, ווי דאָס רויט גלעזל פונעם סוועטאָפאָר.

אַ באַפרײַטער פון געפענקעניש, האָט דאָוויד געוואָלט זיך אומקערן קיין קאַזאַן, פונוואַנען ער איז אוועק אויפן פראָנט, זיך באַזעצן אין דער שטאָט, ווו עס וווינען זײַן זון און זײַן ווײַב, וועלכע איז צו יענער צײַט אָנגעקומען אין אַספּיראַנטור. קאַ־זאַן איז געווען די שטאָט, ווו עס זײַנען דורכגע־פלויגן זײַנע סטודענטישע יאָרן, אָבער דאָס פלינ־קע ניין־און־דרײַסיקסטע פונקטל האָט זיך פאַר־אַקשנט — סטאָפּ!

און ער האָט געמוזט זיך אַוועקלאָזן זוכן אַ פּריטולעק אין פיל קילאָמעטער ווײַט פון דער שטאָט.

עס איז געווען ניט פּאַשעט זיך צושרײַבן, די פּאַספּאָרט־ביוראָען אין די מיליציע־אָפּטיילן האָבן אויף דאָווידן געקוקט, ווי אויף אַ מעצוירע, זיך גע־סטאַרעט אים אָפּשטופּן פון זיך אין אַן אַנדער אָרט, גלײַך ער וואָלט זײַן אַ קרעציקער. אַפילו אין די אָפּ־געווײַטערטע פון קאַזאַן קאַנטן איז קימאַט אומעגלעך געווען אָפּצוזוכן אַרבעט פאַר די הענט. די קאַד־רען־אָפּטיילן פלעגן פעסט פאַרמאַכן זייערע פענצ־טערלעך, באַדעקטע מיט שוואַרץ בלעך, ווי נאָר מע פלעג אַ קוק טאָן אין דאָווידס פּאַס. צומאָל האָט זיך אויסגעוויזן דאָווידן, אַז די דערפאַרענע קאַדראָוויקעס, אַפילו ניט אַרײַנקוקנדיק אין זײַנע דאָקומענטן, זעען, ווער ער איז — אַ סוואָרע, אַז דער שאַנדצייכן קריכט שוין אַרויס אויפן שטערן...

זײַן עקסעלענץ, דער צופאַל, פלעג אַמאָל אונטערוואַרפן אים אַ ביינדל — אָדער אין דער פאָרם פון אַ דעסיאַטניק אויף אַ סעזאָן־שטעלע אין אַן אונטערנעמונג, וועלכע באַקומט אַרויס טאָרף פאַר אַ קעסל־קאַמער בײַ אַ גלאָז־הוטע, אָדער אין דער פאָרם פון אַ מײַסטער אויף אַ האָלץ־בירזשע אין אַ פאַניער־קאָמבינאַט.

מיראַסלאַוול, וווהין יעוודאָקיע פּעטראָוונא האָט באַקומען אַ באַשטימונג נאָך דער אַספּיראַנ־טור, איז דער מישפּאָכע לעכאַטכילע געפעלן גע־וואָרן. אָט די פאַרפלייצטע מיט סעדער שטאָט אויף דער אָקאַ איז געווען גאַנץ ווײַט סײַ פון קאַזאַן, סײַ פון מאָסקווע, ווי אויך פון אַנדערע געדיכט באַפעלקערטע ערטער, אַזוי אַז די פּאַספּאָרט־ביוראָ פונעם מיליציע־אָפּטייל האָט געקאָנט מיט כעסעד זיך באַציִען צו דאָווידס אַוואַר. אינעם פּאַס פונעם געוועזענעם טפיסעניק באַווײַזט זיך אַ צושרײַב־שטעמפּל וועגן זײַן באַשטענדיק וווינאָרט.

דאָווידס לערערישע טעטיקייט אין דער פּאָד־באַלאָטניער שול איז ביכלאַל געווען אַן אומגע־ריכט מאַזל, וואָס האָט פאַרבלענדט און פאַרוויגט די מישפּאָכע. אָבער געיובלט האָט זי בלויז איין לערן־פערטל. ווײַטער האָט זיך אָנגעהויבן די אויס־ניכטערונג. ווידעראַמאָל אומרו, ליידן, דערנידערי־קונגען. ניט פון הונגער, ניט פון נויט האָט די מישפּאָכע געליטן — ס'האָט געמאַטערט גאָר אַן אַנדער וווייטיק. ביטער איז געווען פאַר דאָווידן דאָס ברויט, וואָס ער האָט געגעסן, אויף קיין האַנאָכעס מיט זיך איז ער ניט געגאַנגען — ער פלעג זיך נעמען פאַר אַ באַליביקן פאַרדינסט: אויסלאָדן

שטיינקוילן, האָלץ, בערווענעס, קײַקלען פּעסער אין די טריומען פון שיפן, שלעפּן אַף זיך טיוקעס און קאַסטנס, גראָבן טראַנשייען, קנעטן ליים, קאָכן אַספאַלט אין פאַרויכערטע קעסלען. דאָס אַלץ זײַנען געווען באַשעפטיקונגען ניט־זיכערע, צופעליקע, נאָר אַ באַליביקע פון זיי וואָלט ער געמאַכט פאַר זײַן שטענדיקן פאַך. אַזוי, אַלנפאַלס, האָט ער דאַן געמיינט.

אין איינעם פון די סאַמע שווערע טעג, אַ פאַרמאַרעשכווירעטער, אַרבעטלאָזער, האָט ער צעעפנט די אַרטיקע צײַטונג און איבערגעלייענט אַף דעם לעצטן זײַטל, אַז דעם שפּין־קאָמבינאַט פאָדערן זיך דרינגענד הייצער. און ער לאָזט זיך פײַל־אויסן־בויגן אַהין.

יאָ, מיר נייטיקן זיך אין אַרבעטער אַף צו הייצן די הרובעס אין צוזאַמענווינונגען, — ענטפערט די נאַטשאַלניצע פונעם קאַדרען־אָפּטייל אַף דאָווידס פראַגע און טוט זיך אַ גליטש מיט אַ שטרענגן בליק איבער זײַן פאַרוואַקסענעם פּאָנעם און יאָדערדיקער פיגור. די צעוואַקסענע בראָנזעווע שטשעטינע דערשרעקט זי ניט, ווײַזט אויס, ווײַל זי פאָדערט מיט אַ שטיינערנער מאַנצבלשער שטים בײַ דאָווידן, אויסשטרעקנדיק די האַנט:

— די דאָקומענטן!

דאָוויד לייגט פאַרזיכטיק אַרײַן אין איר דלאָניע, אויך ניט קיין פרוייִשע, זײַן פּאַס און דאָס אַרבעטס־ביכל.

— וואַרט צו אַ ביסל, — זאָגט די נאַטשאַלניצע און אַנטרינט אַף יענער זײַט פענצטערל.

דער אומרו לאָזט ניט דאָווידן זיצן אַף דער האַרטער באַנק מיט פאָרענטשלעך, ער הייבט זיך אויף, שפּאַנט, ווי אַ כײַע אין אַ שטײַג, פון ווינקל צו ווינקל אינעם האַלב־פינצטערן פּירהויז פון דעם קאַדרען־אָפּטייל. אַ גענייגטער צו טרוימערישקײַט, דערזעט זיך שוין דאָוויד אין דער ראָל פון אַ הייצער מיט אַ קאָטשערע אין די הענט לעם די צעעפנטע טירלעך פון די פלאַקערנדיקע הרובעס. אַרום און אַרום איז אַ קעלט, עס וואָיעט דער ווינט, עס שיט און שיט אַ שניי, אָבער דאָוויד מונטערט אונטער מיט דער קאָטשערע די ברענענדיקע שײַטלעך האָלץ, די קוימענס הודען, די שײַטלעך טרעשטשען, די אָנגעגליטע ביז פײַער־רויט קוילן שיטן זיך איניינעם מיטן אַש דורך די שפּאַלטן פון די צוג־לעכער. אָט דעם הייסן געמיש שאַרט ער אַרויס אין בלעכענע עמערס און שלעפּט זיי אַוועק צום ראַנד פונעם יאַר הינטערן באַראַק פון דער צוזאַמענווינונג.

— קומט אַרײַן אין אַ פּאָר טעג אַרום, — הערט דאָוויד עמעצנס אַ קאָל פונדערווײַטנס. ער שטויסט זיך ניט אָן, אַז דאָס ווענדט זיך אַ נאַטשאַלניצע טאַקע צו אים, צו דאָווידן. — צו אײַך רעדט מען, בירגער קאַראָסטענסקי.

ער קוקט זיך אַרום. פונעם פענצטער שטעכן זיך אײַן אין דאָווידן אײַזקאַלטע אויגן.

שווײַגנדיק פאַרבאַהאַלט זײַנע דאָקומענטן דאָוויד, שווײַגנדיק שלעפּט ער זיך אַהיים.

ווען דאָוויד קומט דאָס צווייטע מאָל אין קאַדרען־אָפּטייל פון דעם שפּין־קאָמבינאַט, דערהערט ער די טרוקענע, מאַנצבלשע שטים פון דער נאַטשאַלניצע:

— די שטאַטן אונדזערע זײַנען פאַרפולט.

— אָבער די מודעאָ, אַז איר דאַרפט האָבן הייצער, איז אויך אין הײַנטיקן נומער פון דער שטאָטישער צײַטונג אָפּגעדרוקט. — זאָגט דאָוויד, פילנדיק, ווי עס פרירן און ציטערן זײַנע פיס.

— דאָס האָט צום איניעץ קיין שײַכעס ניט, — דערהערט ער די זעלבע מאַנצבלשע שטים פון יענער זײַט פענצטערל.

— ווילט איר מיך ניט נעמען, איז זאָגט גלײַך. צוליב וואָס דרייען אַ ספּאָדעק, נויטן צוואַנציק מאָל אַהער לויפן, — הערכט זײַן קאָל דאָוויד.

— בירגער, איר שטערט אַרבעטן...

דאָס טירל, אַ באַדעקטס מיט שוואַרצן בלעך, פאַרהאַקט זיך מיט אַ קנאַק, שיר ניט פאַרטשעפּענדיק דאָווידס לאַנגע קרומע נאָז.

אַ דערשלאָגענער, לאָזט זיך דאָוויד אַראָפּ פון די טרעפּ אין פאַבריק־הויף, שלעפּט זיך דורך אים אַ פאַרכושטער. שאָקלענדיק זיך, גייט ער אַרויס אין גאַס, טוט אַ קוק מיט קאַלעמוטנע אויגן אַף אַ פאַרבײַגייענדיקער פרוי.

— אָט אַ הונט מיט אויערן, שוין באַווייזן זיך אָנצוזויפן, — זאָגט זי פאַרורטיילנדיק און טרעט אָפּ דעם וועג דאָווידן. — לײַטישע מענטשן זײַנען פאַרנומען מיט רעכטער אַרבעט, אָט אָ־די אָבער לײַדאַקעס, פּאַסקודניאַקעס, ווייסן נאָר איין זאַך — זשליאָקען. און ווו נעמען זיי, אָט די פאַרשאָלטענע, געלט אַף צו טרינקען?!

דאָוויד פאַרפּרעסט די ציין, נעמט זיך אין די הענט. דאָך פאַרקערעוועט ער ניט אין שטאָט, נאָר אַראָפּ־צו, צום טײַך.

ווי אַ פאַרשטאַרטער — מע זעט ניט די שטרעמונג, אַ שוואַרצער, איז פאַרטײַעט דערנעבן די אָקאַ. דער טײַך שמעקט מיט פראָסט. די נאַוויגאַציע איז פאַרענדיקט. וווּ־ניט־וווּ אַקערן אים פישער־שיפלעך. לעם דעם האַפן, צוטוליענדיק זיך צו אים, שטייען אײַנגעאָרדנטע אַף ווינטער־שלאָף קאָלערלײיִקע גרויסע און קלענערע שיפן. אָפּהענטיק איז אַראָפּגעלאָזט אין דער נידער די פּײַל פונעם שווימענדיקן קראַן.

דאָ פלעג זיך צומאָל אײַנגעבן פײַן אָן אַרבעט טאָן אין די אַרטעלן פון די אָרטיקע, קערנדיקע טרעגער — ווען עס פלעגן זיך אַף זיי אָנוואַלגערן אומדערוואַרטע דרינגענדיקע פראַכטן.

דער וועג איז פוסט. עס זײַנען פאַראַן אַף אים בלויז די רייכעס, ניט אַזעלכע שטאַרקע, ווי

פריער, אָבער עס שמעקט דאָ גאנץ שארף מיט ראַגעזשעס, מיט הערינג־פעסלעך, מיט עפּל, מיט נאפט, מיט פארפוילטן קארטאָפל, מיט שליים. דער גערוך גייט, אפּאַנעם, פון די פּאקהאוזן, פון די סקלאדן אַף הויכע פונדאמענטן, פון די שיף־טריומען, פון די בארזשעס, וואָס האָבן זיך אויך געקלעפּט צום שווימענדיקן טײַך־וואָקזאל אָדער זײַנען געשטאנען עטוואָס אין א זײַט ארום אים, צוגעבונדן מיט געפלאָכטענע שטאָלענע קאנאטן.

אפן ברעג, אין א ניט־אויסגעטריקנט נאָך בלאָטקעלע, שטעקט א קארקאס פון אן אלטער בארזשע, וואָס איז שוין פארורטיילט צום צעזעגן ווערן אַף האָלץ. זי איז שוין אַף א העלפט אויסגעטרייבערט, פון דער פּאלובע זײַנען געבליבן בלויז עטלעכע בערווענעס, די זעגערס רײַסן אָפּ פלאסטינעס־ברעטער פונעם פארקוילטן טרעלבויך — די בארזשע האָט אַף איר לאנגן לעבנסוועג באוויזן אויסצוהאלטן אויך א סרייפע. די ברעטער סקריפּען, הילכיק און דויערנדיק, ווי כאַזיירים, וועלכע מע פירט צו דער שכיטע. מיט קינע שפּירט דאָוויד נאָך די שטארקע פינקטלעכע באַוועגונגען פון די זעגערס הענט. אומעטיקע געדאנקען מאטערן אים.

אן אנדערער אַף זײַן אָרט וואָלט שוין פון לאנג פארטריבן צו אלדי שווארצע רוכעס זײַנע פלאָגן און זיך אוועקגעלאָזט ערגעץ אין א ווײַטן וואלד אַף צאָפן אָדער אַף מיזרעך, אין טײַגע, ווו עס וועט שטענדיק זײַן וואָס צו טאָן, ווו די ניט־צעבאלעוועטע אַף ארבעטס־הענט נאטשאלסטווע קוקט זיך צו ניט זייער צוטשעפּענדיק זיך צו דײַן אָוואר און צו דײַן פּאספּאָרט. אָבער אָפּרײַסן זיך ווידער פון לעאָנטיקן, פון דוסיעס קלעקט ניט קיין קויעך בא דאָווידן. וויפל יאָר אין טאגילער געפענקעניש האָט ער וועגן זיי געטרוימט, צו זיי געשטרעבט, מיט ראיוינעס וועגן זיי עקזיסטירט...

צעטאָפּטשען די מעקויעם געוואָרענע האָפענונגען האָט ער ניט געקאָנט. שלעפּן מיט זיך די מישפּאָכע אין אויסרײַסעניש וואָלט געווען נאָך א גרעסערער עגאָיִזם, איידער מאכן א וואַיזוראַך פון איר. דאָוויד פילט זיך אָנמעכטיק, פארקוועטשט, ווי א שיף צווישן אײַז, אומנוצלעך. קאָן דען עפּעס זײַן פאר אים ערגער? ער איז געוואקסן, זיך דערצויגן, אָנגענומען זיך מיט מוט, וויסנדיק: דער מענטש האָט א ווערט אַף אזויפיל, וויפל אנדערע נייטיקן זיך אין אים, זײַן א פּאַרעש, אן אָפּטריניקער, וואָס פאר א טאָלק איז אין דעם? ווען עס זאָל בא אים ניט זײַן קיין מישפּאָכע, קיין האפן, צו וועלכן ער איז נאָך אזויפיל מוטשענישן צוגעשטאנען, ווי אָט די שיפן צום ברעג פון דער אָקא, ווען ניט אָט דער מאָקעם־מיקלעט, צי וואָלט ביכלאל געהאט א זין עקזיסטירן ווײַטער? צוליב דער מישפּאָכע, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן צוביסלעכווײַז שטעלן אַף די פיס, וועלכע האָט זיך צונויפגעזאמלט נאָך אזא מײַן לאנגער צעשיידונג, מוז מען לײַדן, אלץ אויסשטיין. יאָ, דאָס ווערטל, וואָס איז אים צוטריטלעך, איז ענג און באגרענעצט, אָבער קיין אנדערס שענקט אים ניט דער גורל, און מע מוז אײַנגיין אַף דעם, פולשטענדיק מאסקים זײַן מיט דעם, וואָס דער גורל גיט. האכנאָעדיק אופנעמען אלץ איז דאָך א שוואכקײַט. יאָ, אָבער וואָס טוט מען? זײַ א בעריע און שפּרינג איבער די וואנט, וועלכע עס האָט אופגעשטעלט די צײַט! ניין, ברודערקע, טרינק ביזן דנאָ. קיין אנדער קוואל פארמאָגט ניט פאר דיר דער גורל. זע אָבער, זאָלסט זיך ניט פארכלינען...

דאָוויד שפּאנט לעם דעם סאמע וואסער. דער שטעג, אַף וועלכן ער גייט, טוקט זיך אָפּט אין ריטשקעלעך, אָדער אין א בלאָטיקן געוויג, וואָס עס שאפן דאָ די קוועלכלעך, ווירבלענדיק ארום און ארום אין די יארן און באם צופוסנס פונעם אופגעשוווּנגענעם דאָ אין דער הייך ברעג. דאָוויד שפּרינגט איבער אָט די ריטשקעלעך, אים גיט זיך צומאָל אײַן בײַקומען די געוויגן, טרעטנדיק אַף צעוואָרפענע דאָ און דאָרט שטיינער. ווען שטיינער זײַנען ניטאָ און אויך ניט קיין קלאָדקעס, שפּאנט ער גלײַך אין בלאָטע ארײַן. אזוי דערקלײַבט ער זיך ביז דער פּאָנטאָן־בריק, שטייט א ביסל, פארזשמורעט די אויגן. ס'איז גאָרניט אזוי שווער דערגיין צו איר מיטן, ווו דער טײַך איז טיפער, איידער אומעטום — און איבער דער פּאָרענטש א פליוסקע טאָן זיך אין געווירבל, מאכן א סאָך צו אלץ מיטאנאנדער. נאָר וועגן דעם טראכט דאָוויד בלויז איין אויגנבליק, און ניט ער טראכט עס אזוי, נאָר א ווילד־פרעמדער פארצווייפלטער. דאָוויד טוט זיך א קער אָפּ פונעם וואסער.

אפן הויכן ברעג, אינדערווײַטנס, הינטער די שיטער־געוואָרענע ליפּעס פונעם בײַאָקישן פּארק פינקלט מיט ווײַסע ווענט דער אָסאָבניאק פון גאווריילקינס אנשטאלט. דערזעענדיק אים, פארשטייט מיטאמאָל דאָוויד, וואָס ער דארף פאָרנעמען.

לאנג ווארטן קומט ניט אויס. גאווריילקין באגעגנט אים שווײַגנדיק. די האנט שטרעקט ער ניט אויס, מיט א ווונק ווײַזט ער אָן אַף א שטול.

דאָוויד זעצט זיך אוועק שווער. אין גאָרגל איז טרוקן. די פינגער קנעטן פיבערדיק די פּאָלעס פונעם פּידזשאק.

— וואָס האָט אײַך אצינד געבראכט צו שלעפּן אהער? — זאָגט דער קאפּיטאַן מיט אומגעדולד און ווארפט זיך אָפּ צוריק אפן אָנלען פונעם פאָטעל, גלײַך ער וואָלט זיך וועלן אָפּרוקן ווײַטער פונעם אומאָנגענעמלעכן באזוכער, א באוואקסענעם מיט געקרײַזלטע האָר.

עטלעכע פײַנלעכע מינוט ראנגלט זיך דאָוויד מיט דער מיִעסער שטומקײַט זײַנער:

— ב־באלד... באלד.

דער קאפּיטאַן נעמט צונויף די קנייטשלעך ארום דעם לינקן אויג, די רעכטע ברעם טוט א

פֿלי אויף אין דער הייך — דאָס פּאָנעם גיסט זיך אָן מיט נייַגער.

— העלפֿט מיר אָנקומען אויף אַרבעט...

דאָוויד כאַפּט איבער דעם אָטעם און גיט צו:

— אַלס הייצער.

די קנייטשלעך באַם קאַפּיטאַן פּויזען איבער פֿון דעם לינקן אויף דעם רעכטן אויג, ער זיפֿצט:

— אַ הויכע, זע איך, שטעלע...

דער קאַפּיטאַן טוט אַ שמייכל בלויז מיט אַ האַלב מויל, פֿאַרלעשט אָבער אויגנבליקלעך אָט די גרימאַסע, רייַסט זיך אָפּ פֿונעם פּאָטעל־אָנלען און דריקט זיך צו מיט דער ברוסט צום ראַנד פֿון דער טיש־ברעט, אויף וועלכער עס ליגט צעשפּרייט אַ דיק שטיקל גלאָז. ער קוקט זיך אייַן אין דאָווידן מיט אַ ווידערשפּרעכלעכן געפֿיל, אין וועלכן עס איז אייַנגעפֿלאָכטן פֿיל אַזעלכס, פֿאַרשיידנס, וואָס אָנרופֿן איז עס שווער, און קיינעם וועסטו עס ניט דערקלערן, אַפֿילו זיך אַליין. גאַווריִלקינען האָט זיך פּלוצעם מעסוקן פֿאַרגלוסט אַרויסצוהעלפֿן אָט דעם אומגליקלעכן מענטשן, וואָס זיצט אַנטקעגן אים, ביפֿראַט נאָך, אַז באַפֿרידיקן זייַן באַקאָשע, ריכטיקער וואָלט געווען זאָגן, זייַן געבעט, איז ניט זייער קיין גרויסע ריזיקע.

— ווילט איר, הייסט עס, נאָך אַ פּרוּוו טאָן די מעלאָכע פֿון אַ קאָטשעגאַר? — קאָן ער זיך פֿונדעסטוועגן ניט אייַנהאַלטן און ניט אַ שטאָך טאָן דאָווידן.

— יאָ, — באַשטעטיקט קאַראָסטענסקי קורץ.

— איז לאָמיר אַ פּרוּוו טאָן.

צו גאַווריִלקינס אונטערהאַנדלונגען מיטן קאַדרען־אָפּטייל פֿון דער שיף־פֿאַבריק הערט זיך דאָוויד צו אָנגעשטרענגט. אין טרייַבל זידט די האַרבע, מענערשע שטים פֿון דער נאַטשאַלניצע פֿונעם קאַדרען־אָפּטייל:

— באַ מיר איז אַ יוגנטלעכע צוזאַמענוווינונג. בלויז פֿאַבריק־מיידלעך!

— האָט איר, הייסט עס, מוירע, אַז קאַראָסטענסקי קאָן אָנרירן זייער מאָראַלישקייַט? — גאַווריִלקין טוט אַ קאָסע מיטן אויג אויף דאָווידן, גלייַך ער וואָלט זיך סטאַרען אָפּצושאַצן זייַנע זיטלעכע פּרינציפּן.

— שפּאַסן איר אַ זייַט, — פּאַרירט ביין די נאַטשאַלניצע. — לאָמיר זיך באַגיין אָן קאַטאָוועסן. איך האָב ניט קיין רעכט אַרייַנשיקן צו די אייפּעלעך, נאַראָנימלעך אַ געריבענעם, פֿאַרביסענעם אַגיטאַטאָר־אַנטיסאָוועטשיק. איר וועט דערנאָך אַליין מיך זידלען, פֿאַרוואָס האָב איך דערלאָזט אַ פֿאַרמיסטיקונג פֿון קאַדרען.

גאַווריִלקין מאַכט צו אויף אַ רעגע די אויגן, דערנאָך טוט ער שאַרף אָן עפֿן אויף די וויִעס און זאָגט אין טרייַבל טרוקן:

— איך נעם די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייַט אויף זיך.

— ס'וואָלט זייַן רעכט, ווען מע זאָל אָט די ווערטער אייַערע קאָנען, ווי אַ פּאַפּירל, צובייגן צו די דאָקומענטן, — רופֿט זיך אָפּ די נאַטשאַלניצע.

אַ שטיקל צייַט שווייַגט דאָס קראָ־שוואַרץ טרייַבל, אָבער גאַווריִלקין נעמט עס ניט אָפּ פֿונעם אויער, צו אים דערטראָגט זיך בוילעט דער שורשענדיקער אָטעם פֿון דער פֿרוי אויפֿן צווייטן עק פֿונעם טעלעפֿאָן־דראָט.

גאַווריִלקין איז געווען גערעכט — די אַקשנטע איז אָפּגעטראָטן.

— עפּשער אַ פּרוּוו טאָן, — דערהערט דאָוויד איר ווייַטע, פֿאַרטויבטע וואָרטשעניש אין טרייַבל. — זאָל ער קומען.

געזעגענענדיק זיך מיט דאָווידן, ברענגט אַרויס גאַווריִלקין אומעטיק:

— ווען איר זאָלט זייַן אַ דאָקטער אָדער אַן אינזשעניר, וואָלט מען אייַך גיך אַרייַנגענומען אין קאָן לויטן פֿאַך. איר זייַט אָבער אַ לערער, דערצו נאָך אַ הומאַניטאַרי. איר פֿאַרשטייט אַליין, אַז צו אידעאָלאָגישער טעטיקייַט טאָר מען אייַך ניט צולאָזן.

די האַרבקייַט פֿון אָט די ווערטער נעמט דאָוויד אויף מיטן סייכל, נאָר ניט מיט דעם האַרץ, די נעשאָמע שטעלט זיך קעגן אָט דער ברוטאַלקייַט מיט אַלע קויכעס. אין אַנדערע אומשטאַנדן וואָלט ער הייס דערווידערט, אַלץ וואָלט אין אים, מיסטאָם, אויפֿגעזאָטן, אָבער אַצינד האָט דאָוויד פּאָשעט שווייַגנדיק אָנגענייגט דעם קאָפּ — גאַווריִלקינס פֿייַנער טאַט און זייַן טקיִעס־קאַף האָט ניט דערלויבט דאָווידן באַגיין זיך אַנדערש.

— איר דאַרפֿט פֿאַר זיך, קאַראָסטענסקי, שטעלן אַ ציל, אַ גרעסערן, ווי דער, וואָס האָט אייַך דאָס צווייטע מאָל געבראַכט צו מיר, — זאָגט פֿרייַנטלעך גאַווריִלקין דאָווידן שוין אויף דער שוועל, ביז וועלכער ער האָט אים באַגלייט, — איך אייַצע אייַך זיך אָנוואַלגערן אויף דער לער. אויף היבטעראויגיקער, פֿאַרשטייט זיך. מיט אַ טעכנישן אָפּנייג.

אָפּדערנאַכט, נאָכן שטורמישן מישפּאָכע־סאָוועט, שיקט דאָוויד אָפּ אַ צענדליק בריוו אין פֿאַרשיידענע שטעט — אין אַלע אָפּטיילונגען פֿון דער לענינגראַדער וואַלד־טעכנישער אַקאַדעמיע. אין אַ וואָך אַרום האָט זיך אויף זייַן נאָכפֿרעג אָפּגערופֿן די בייַוואָלגער אָפּטיילונג. דאָרטן איז געווען אַ ניט קיין פֿולער אויפֿנאַם־קאָנטינגענט. מע האָט דאָווידן פֿאַרגעלייגט צושיקן די דאָקומענטן.

4

ניט אומזיסט האָט געברומט און געדונערט אויף יענער זייַט ברעג פֿונעם טייַך אָקאַ, ווען דאָוויד, פֿאַרלאָזנדיק די קאָנטראָל־הייַזקע באַם זאַ־

וואַד־טויער, האָט דערזען איבער זיך אַ וואָלקנדל מיט אַן אַראַנזשעווער זוים, וואָס שווימט אַן אַף דעם הויכן זאָוואַד־קוימען און פּאַרטשפּעט זיך ציטערנדיק פאַר זײַן שפּיץ. עס קערט זיך אום פונדעסטוועגן דער געוויטער. אין גאַוורילקינס קאַבינעטל אַף די אונטערסאַלן פונעם מעכאַנישן צעך ווערט פינצטערטער און פרישער.

דאָוויד טוט ראַשיק אַ שלונג די לופט. מיט אַ צעקנייטשט אין דער דלאָניע נאָזטיכל ווישט ער אויס דאָס פּנים, און בעסויכעם אַ טראָפּן שוויס, וואָס האָט פינקלענדיק געציטערט אַפן שפּיץ פון זײַן קרומער נאָז.

דאָס ערשטע, וואָס דאָוויד האָט געוואָלט טאָן, איז זיך טייקעף אופהייבן און, ניט דערקלערנדיק גאָרנישט, זאָל זײַן מיט לײַדיקע הענט, פּאַרלאָזן אָט דאָס פּריטשמעליעטע קאַבינעטל, אַראָפּלאָזן זיך אַף די געדרייטע טרעפּ אין צעך, וואָס איז פול מיט מאַשינען־געהילך, דורכגיין פאַרבײַ די אויסגעשטעלטע פון ביידע זײַטן אין אַ יאַדלע־פאָרם טאָקער־וואָרשטאַטן, אַ שטופּ טאָן דאָס טירל אין די טויערן און — אהיים, וואָס ווײַטער פונדאַנען, פון די אָוואַר־געשפּענסטן. נאָר דאָוויד טוט זיך ניט קיין ריר, גייט ניט אוועק. דער איניעז, צוליב וועלכן ער איז אהער געקומען, לאָזט אים ניט. פאַרקלעמענדיק די פינגער אַף די פּאָרענטשן פונעם אָלטיטשקן, זיך וויגנדיקן פּאַטעלכל, טוט דאָוויד אַ קאָסע מיט די אויגן אין גאַוורילקינס זײַט, טריקענער, איידער עס האָט זיך געוואָלט, זאָגט ער:

— ניט געדאַכט, ניט געטראַכט אײַך באַגעגענען דאָ...

— אַ שוידערלעכע זאַך — דאָס גליקרעדל, — רופט זיך אָפּ גאַוורילקין. — קיינמאָל ווייסטו ניט, וווהין וועט עס זיך אַ דריי טאָן, ווו וועט עס זיך אָפּשטעלן. איך האָב אַ סוואָרע אויך ניט קיין גרויס פאַרגעניגן פון אײַער וויזיט.

אַ שאָטן לויפט אַן אַף זײַן פּנים, ער טוט אַ רײַב מיט דער פּיפּקע די ליפּ און גיט צו:

— הײַנט זײַט איר פאַרוואָס געקומען? דאַכט זיך, אַז ס'איז ניטאָ צוליב וואָס...

אַן אופגערעגטער, האָט דאָוויד פאַרלאָרן אַלע שטרענגע, פּינקטלעכע ווערטער, וועלכע ער האָט צוגעגרייט זאָגן דעם יוריסט, אַף דער צונג האָבן זיך געדרייט בלויז מעליצעדיקע פראַזעס, פון וועלכע ער קאָן ניט פּאָטער ווערן. ברויגעזנדיק זיך אַף זיך אַליין, הייבט דאָוויד אָן צו סאָפּען:

— מיר לייגן אײַך פאָר... מיר בעטן אײַך... ניין, עס באַקומט זיך ניט פּאַשעט, בעשום־אופן פראַסט באַקומט זיך ניט. און ער טוט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— מיר האָפן, אַז איר וועט אײַער דערפאַרונג אופלייגן אַף דעם מיזבייער פונעם פּאַטערלאַנד...

די באַמבאַסטישקײַט פון דער פראַזע דערנערווירט דאָווידן, ער איז אין קאַס אַף זיך אַליין. אוודע, גאַוורילקין הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס ער, דאָוויד, וויל פון אים. גאַוורילקין קוקט אַף דאָווידן מיט ניט קיין גוטן געפיל. די פּאַריק צווי באַגעגענישן מיט אָט דעם יידליק זײַנען גאָר אַנדערש פאָרגעקומען. גאַוורילקין טוט אַ הייב די ברעמען — צעוואַקסענע, באַזילבערטע, צוגעטוליעטע איינע צו דער אַנדערער אַף דעם נאָז־רוקן:

— קלאָרער זאָגן קאָנט איר ניט?

— נו, מיט די פאַרשיידענע קאָדעקסן, געזעצן, קרימינעל־רעכט, ציווילע רעכט, ביכלאַך מיט יוריספּרודענץ זײַט איר דאָך גוט באַקאַנט...

— עפּשער.

— מיט איין וואָרט, מיר זוכן אַ קוראַטאָר פאַר דעם יורידישן אָפּטייל פונעם פּאַפּגעפּ.

— וואָס באַטײַט עס — פּאַפּגעפּ?

— דאָס איז אַן אַברעוויִאַטור, וואָס ווערט דעשיפרירט אַזוי: פאַקולטעט פון געזעלשאַפטלעכע פּראָפעסיעס.

— כ'הער וועגן דעם דאָס ערשטע מאָל.

— ס'איז קיין כידעש ניט. אַ דערשײַנונג אין די הויכשולן אַ נײַע. בײַ אונדז אין מיראָסלאַוול עקזיסטירט דער פּאַפּגעפּ בלויז דאָס צווייטע יאָר.

— הייסט עס, אײַער אינסטיטוט גרייט איצט, כוץ לערער, אויך רעכט־קענער. אַזוי באַפעלט איר צו פאַרשטיין אײַך?

— ניט אינגאַנצן אַזוי. אונדזער הויפּט־ציל פאַרבלײַבט — גרייטן לערער. נאָר מיר האָבן בעדייע צו געבן דעם לערער אַ צווייטע פּראָפעסיע. אַ הילפס־פאַך.

— כ'מיין, אַז ניט קיין נאַראָנים שטעלן צונויף די פּראָגראַמען פון די פּעדאַגאָגישע אינסטיטוטן, און די לערן־פּלענער פון די יורידישע הויכשולן שרײַבן אויך ניט קיין באַלוואַנעס. וויאַזוי זשע דענקט איר זיי צונויפפּאָרן? און מיטאַמאָל צווי דיפּלאָמען אַ מענטשן געבן?

— פאַרשטייט זיך, אַז די דיפּלאָמען וועלן זײַן ניט קיין גלײַכמעכטיקע. דער צווייטער וועט אויסזען, ווי אַ געווײנלעכע צײַגעניש...

— פּילקינע גראַמאַטע, הייסט עס.

דאָוויד פּלײַסט זיך דערקלערן דעם באַלעבאָס פונעם טויבנשלאַק, צוליב וואָס זײַנען אנטשטאַנען אין די הויכשולן די פאַקולטעטן פון געזעלשאַפטלעכע פּראָפעסיעס:

— אַ מענטש, וואָס ווייסט די געזעצן, קאָן ניט בלויז זיך ניצן מיט זיי, נאָר אויך מער אָדער ווייניקער צוטריטלעך באַקענען מיט אָט די געזעצן עמעצן אַנדערש. אַזוי, צי ניט אַזוי? שטעלט זיך פאָר, אַז אונדזער אַרויסלאָזנדיק, אַ לערער, וועמען מיר מיט אײַך האָבן באַוואָפנט אויך מיט יורידישע קענטענישן, קומט צו פאָרן אין אַ דאָרפישער שול. איז ער בעקוייעך אָט אַדי קענטענישן איבערגעבן זײַנע שילער? יאָ, צי ניין? אַ מינימאַלן סכום גע־

זעצן דאַרף יעדער מענטש וויסן. דאָס איז אומבאַ־שטרײַטלעך. באַ אײַך איז אַן אַנדער מיינונג?

דאָוויד נייגט אָן דעם קאָפּ עטוואָס אין אַ זײַט, אַזוי איז אים לײַכטער צו קוקן אין די אויגן גאַווורילקינען.

— צי דען לעכצט דאָס דאָרף בלויז נאָך יורידישע קענטענישן? — זעצט ער פאָר. — דאָס דאָרף איז איצט אַן אַנדערס, און דער פּויער — אַ נײַער, ער שטרעבט ניט נאָר צו פאַרמעגלעכקײַט, ער ציט זיך צו קולטור, צו קונסט, צו שיינקײַט. און ווער קאָן באַפרידיקן אָט דעם נאָכפרעג? דער־ווײַל די דאָרפישע אינטעליגענץ, מער קיינער. אפילע ניט די טעלעוויזיע. בלויז די לערער, מעכאַני־זאַטאָרן, אַגראָנאָמען, דאָקטוירים, וועלכע לעבן אין דאָרף.

גאַווורילקין באַפרײַט די פּיפּקע פון זײַנע ציי־נער, ווו זי איז געווען פאַרקלעמט בייס דאָווידס רעדע, און דערווידערט:

— כ׳קאָן גלייבן, אַז איר זײַט גערעכט. אָבער צי ניט צופיל פאָדערט איר פון אײַערע סטו־דענטן?

— די יוגנט פאַרמאָגט אַ סאַך קויכעס פאַר־באָרגענע.

גאַווורילקין רופט זיך אָפּ שטיל:

— עפשער. האַלעווײַ וואָלט אַזוי געווען.

דערנאָך זאָגט ער:

— אינטערעסאַנט, וויאַזוי זשע האָט איר צו מיר אָנגעטראָפן?

— כאַווירים האָבן מיר געזייצט.

— מײַן פאַמיליע האָט אײַך גאָרניט ניט גע־זאָגט?

— כ׳האָב געמיינט, אַז ס׳איז פּאָשעט אַן אַנדערער מיט דעם זעלבן פאַמיליען־נאָמען...

— אַזוי? זאָל זײַן אַזוי. אַנטשולדיקט, זאָגט מיר, כ׳בעט אײַך, קאַדרען פאַר אײַער נײַעם פאַ־קולטעט קלײַבט איר אונטער אַזוי ווי מיך? וועמען איר באַגעגנט אויף דער גאַס?

— מיר עקזיסטירן אויף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס, — טוט אַ קנייטש מיט די אַקסלען דאָ־וויד.

— האָט ניט קיין פאַריבל, איר פּערזענלעך, וואָס פאַר אַ שײַכעס האָט איר צו אָט דעם איניען?

— איך בין דער דעקאַן פונעם פּאַפּגעפּ.

— און אויך אויף געזעלשאַפטלעכע יעסוידעס?

— יאָ, דאָס איז מײַן פּאַרטיי־שער אויפטראָג. אַלנפאַלס, אײַער טירכע האָבן מיר אַ מעגלעכ־קײַט צו באַלוינען. אַ רובל פאַר אַ שאָ.

גאַווורילקין קנייטשט אָן פאַרביטערט דאָס פּאָנעם: „הייסט עס, קאָראָסטענסקין האָט מען רעאַביליטירט”. אין אַן אַפּיצערישן קיטעל, אַ ברייטפּלייציקער, שטייט ער מיט מיד אַראָפּגעלאָז־טע הענט, נאָר סײַווי שטאַלטנע, האַלט זיך מיליַ־טעריש. די אײַנלאַדונג איז פאַר אים אַ צוציַענדי־קע, זי פריידט אים אָבער ניט. אַזעלכס וואָלט ער מיט גרויס פאַרגעניגן אויפגענומען, נאָר ניט פון קאָראָסטענסקיס הענט. גאַווורילקין פאַרשטייט, אַז דער באַרויגטע זײַנער איז דאָ אַן אומזיניקער. פונ־



דעסטוועגן אין די טיפֿענישן פֿון דער נעשאָמע, מוירע האָבנדיק מוידע זײַן זיך אַליין, באַהאַלט אויס גאַווריִלקין אַן איבערצײַגונג, אַז אין יענע, ניט גאָר ווײַטע, שטורמישע יאָרן איז אַלץ פֿאָרגעקומען נאַטירלעך — אַזוי און בלויז אַזוי, ווי מע האָט געלעבט און ווי מע איז זיך נויעג געווען, האָט מען גענדאַרפֿט און געקאָנט לעבן און זיך נויעג זײַן. אַנדערש וואָלטן מיר ניט געזיגט, דער פֿאַשיזם וואָלט אונדז צעקוועטשט. קאָראָסטענסקיס אופֿלעבונג האָט ער, גאַווריִלקין, ניט געקאָנט זיך דערקלערן ביזן סאָף. און זײַנע אייגענע פֿלאָגן — אויך.

פֿון אונטן, אויף יענער זײַט פֿענצטער, פֿײַפֿנדיק, פֿיכקענדיק, אָפּסאָפּענדיק זיך מיט קנוילן רויך, שלעפּט שווער דאָס זאַוואָדישע לאָקאָמאָטיוול אַן עשעלאָן פּלאַטפֿאָרמעס, אָנגעלאָדענע מיט מעטאַלברוך.

— וויכטיקער פֿון אַלץ איז, אַז די לאַסט, וועלכע איז אויף דיר אָנגעוואַלגערט, זאָל דיר ליב זײַן, — זאָגט גאַווריִלקין הייזעריקלעך. — דעמאָלט איז ניט קיין אַווירע אונטערצוברעכן זיך.

טרייסטן קאָן ניט דאָוויד, ס׳קאָן זײַן, אַז דעריבער פֿילט ער זיך עפּעס ווי אַ שולדיקער בענעגייע גאַווריִלקינען.

— מיר וואָלטן גערן מיטגעאַרבעט מיט אײַך אין אינסטיטוט, — זאָגט ער שטיל.

— מײַן באַשטימונג וועל איך אײַך מיטיילן שפּעטער, — רופֿט זיך אָפּ גאַווריִלקין נאָך אַ ניט לאַנגן שטילשווײַגן. — כ׳וועל אָנקלינגען. לאָזט מיר איבער דעם נומער פֿון אײַער טעלעפֿאָן.

אין זײַן קאָל דערפֿילט דאָוויד עפּעס אַ מין קעלטל, עפּשער אַפֿילו פֿײַנטלעכקײַט.








# דאָרע כײַקינע

## אפדערנאַכט

ווען די שײַנענדיקע אויגן
מאכן צו שוין קווייטן אפדערנאַכט,
אפן הימל־בלוי, פון אויבן,
שטערן זיך צעבליִען דאָן א סאך.
ס׳וויל דער אָוונט מיך ניט לאָזן
אָן דער גאָרער שיינקײַט, וואָס מיך פרייט.
ווען די קווייטן דרעמלען, — גראָזן
שטייען אף דער וואך לעם יעדער בייט.
ווי די וועכטער בא די וועגן
היטן זיי די רו פון יעדן פלאַנץ.
ס׳האָט די נאכט פון מײַנעטוועגן
שטערן, ווי א בלומען־בייט פארפלאַנצט.
פון פארשיידענע קאָלירן
שטערן זיך צעוואקסן בונט און העל.
און עס דאכט זיך: כ׳גיי שפאַצירן
און עס וויגט זיך איבער מיר א פעלד,
ווו עס רויטלען, בלויען זיך און גרינען
פלאַנצן אין א בונטן קאַראַהאָד.
אָט אזעלכע, ווי באַגינען
ווערט א פעלד צעשפרייטן און א סאָד.
און קעדיי כ׳זאָל פונדערנאָענט
קאָנען זען פון שטערן דעם קאָליר,
איז מעיאשעוו זיך דער אָוונט,
און ער טוט א וואָרף דעם שטערן מיר.
אײַ איך האָב אים ניט געפונען?
ניט דער אָוונט שולדיק איז געוויס.
ס׳איז דער שטערן ניט אנטרונען,
ערגעץ אין די בלומען שלאָפט ער זיס.

* * *

וואָס עס קאָן א כאָלעם — קאָן עס ניט די וואָר,
זײַן אין כאָלעם כ׳וועל אין דורכגעלעבטן יאָר.
אין מײַן כאָלעם האָט די צײַט פון יאָר קיין ווערט:
זומער קומט צו כאָלעם א פארשנייטע ערד.
און פארקערט, אין כאָלעם כ׳זע דעם וועסנע־צוויט,
ווען א שניי אין דרויסן שיט, און שיט, און שיט.
ס׳ערשטע מאָל אין כאָלעם וויגן כ׳נעם א וויג,
ווו מײַן ניי־געבוירן טעכטערל עס ליגט
(איצט איז זי א באָבע. ס׳איז א רעכטער שפרונג).
הערן אין מײַן שול־היים כ׳קאָן דעם ערשטן קלונג,
אף מײַן ערשטן לימעד אין מײַן ערשטן קלאס...
אומלויפן א באָרוועסע קאָן איך אין דער גאס,
טראָגן א פאַפירן־פענדל כ׳קאָן אין מײַ,
שטיין אין צעך צעטומלט, ווי אמאָל, אפסנײַ.
גלייבט מיר — איינס איז זיכער קלאָרער מיר פון קלאָר:
ס׳וואָלט ניט זײַן קיין כאָלעם — ס׳זאָל ניט זײַן די וואָר.

## הירש רעלעס

### א כאַסענע אין יישעוו

מיט מאַזל באַ סימכע דעם שוסטער
דאָס איינציקע קינד גיט מען אויס,
פֿיל צײַט אזא פרייד ניט געוווּסט האָט
די גאַס און דאָס אַלטינקע הויז.

מיט אימפּעט געטאַנצט האָבן יונגע,
פֿאַרשײַט, נאָר אָן ווילדע שטיק,
דער אוילעם האָט הילכיק געזונגען
די לידער פֿון פרייד און פֿון גליק

אין רוסיש, אין ייִדיש, ווײַסרוסיש
מיט רירבאַרן קלאַנג און פֿיל כיין,
און נאָך דער באַרימטער „קאַטיושע"
צעהילכט זיך „פאַר מיר ביסטו שיין".

ס'איז טאַקע די קאַלע א שיינהייט,
דאָס פּנעמל לײַכט אזוי מילד.
אַלצינס זײַנען שיין אירע קליידער,
צי גאַלדיק דער פאַדעם, צי ניט.

דער כאָסן — א באָכער, א ווילער,
אין פֿאַך — א געניטער מאָנטיאָר.
געזונטע און פרייליכעביידע,
א פּאָרל — אָף אונדזו אזא יאָר!

די כאַסענע דרייט זיך מיט אימפּעט,
דאָס פּאָנעם בא יעדערן בלאַנקט.
ווער זאָגט, אונדזער „רעדל" שוין סקריפּעט?
עס וועט זיך נאָך דרייען לאַנג.

די עלטערבאָבע יאַכע,
וואָס קוים, נעבעך, זעט שוין די שײַן,
פאַרהויבן די קלייד ביז די קנאָכן
אין צענטער פון „רעדל" אַרײַן.

ס'האָט שטאַרק זיך צעהילכט דער
אָרקעסטער.
און שלאַנק האָט „די ראָד" זיך פאַרדרייט:
— צעעפנט די טיר און די פענצטער!
די שטוב איז שוין ענג פאַר דער פרייד!

## מאָטל גרוווּמאַן

### צוויי פײַערן

צוויי פײַערן עס ווייסט די ערד,
און יעדער פײַער האָט זײַן ווערט.

דאָס ערשטע פײַער אָף דער ערד —
דעם גוטן גוירל עס געהערט.
אין טיפן אָוואַר
און אצינד
עס האָט דעם מענטשן טרײַ געדינט:

באַשײַנט דאָס לעבן ביסלעכווײַז,
געזאָדן טיי, געפּראַוועט שפּײַז,
געהאָלפן זען די וועלט באַנאַכט
און וואַרעמקייט אין שטוב געבראַכט.
פון טיפן אָוואַר און ביז הײַנט
דאָס פײַער איז דעם מענטש א פרײַנט.

צוויי פײַערן עס ווייסט די ערד,
און יעדער פײַער האָט זײַן ווערט.

דאָס צווייטע פײַער אָף דער ערד —
אַלײַן דעם טײַוול עס געהערט,
גיי ווייס, ווער ס'האָט עס אויסגעטראַכט...
דאָס איז א פײַער, ווי די נאַכט,
וואָס מיט דעם בלינדן שטורעם קומט,
וואָס מיט א רויך פאַרשטעלט די זון,
פאַרברענט דײַן שטוב, דײַן ליבע היים,
א קורבן מאַכט — פון אש און ליים.
וועגן די פײַערן, די צוויי —
וואָס ווילן זיי, וואָס ברענגען זיי,
עס דאַרפן מענטשן אַלע וויסן,
און זייער ווערט ניט איבערמישן...



**דאוויד דראגונסקי**

# טאַטעס און קינדער

ווער האָט דען געקאָנט גלייבן, אַז אין צען כאַדאָשים אַרום וועל איך ווידער זיך באַווײַזן אַפן קאווקאַז אין זשעלעזנאָוואָדסק, אין מײַן אינוואַלידן־הויז, פונוואַנען איך בין פאַראַיאָרן, אין איינעם אַ פרימאָרגן פון יוני 1944, ניט צעזעגנט זיך מיט די דאָקטוירים, מעדשוועסטער, אָן דורכפאָר־דאָקומענטן, אָן די נייטיקע אַטעסטאַטן אַנטלאָפן אַפן ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט, אין דער דריטער טאַנקען־אַרמיי. דער אַרמיי־קאָמאַנדיר גענעראַל ריבאַלקאָ, ווען ער האָט מיך דערזען דעמלט אויף זײַן קאָמאַנדע־פונקט אין ראָמאַנאָווקע, הינטער טערנאָפּאָל, האָט זיך פאַרכידעשט:

— וועלכע ווענט האָבן אײַך געבראַכט אַהער? איך גלייב ניט מײַנע אויגן, מ'האָט דאָך געזאָגט, אַז מע האָט אײַך שוין פאַרשריבן אין אינוואַלידן!

און ניט געגעבן מיר צו ענטפערן אויף די פראַגעס, האָט ער פאַרגעזעצט:

— און ווי האַלט עס איצט מיטן געזונט? איך זע, אַז אויף אַ שטעקן שפּאַרט איר זיך אָן?

קעדיי איבערצײַגן דעם גענעראַל, האָב איך מיט אַ בראַוון קאָל געמאָלדן:

— כאַווער קאָמאַנדיר! איך וועל זיך ניט באַרימען, נאָר ביז בערלין וועט מיך קלעקן, און דאָרטן — וואָס גאָט וועט געבן!

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אין שפּיץ פון דער בריגאַדע שוין געווען אין פאָרויסגייענדיקן אָטריאַד.

יענץ יאָר איז פאַר אונדזער אַרמיי געווען אַ גליקלעכס, עס איז אויך פאַר מיר געווען אַ פרייִדיקס, מיר האָבן געשטורעמט די פײַנטלעכע פּאָזיציעס אויף דער רעכטברעגיקער אוקראַיִנע, באַפרײַט לוואָוו, פּערעמישל, פאָרסירט די טײַכן סאַן, סאַנאָק, ווײַסל, זיבן און צוואַנציק טעג אײַנגעהאַלטן דעם סאַנדאָמירער פּלאַצדאַרם, און דערנאָך זיך אַרײַנגעריסן אין דײַטשלאַנד גופע.

הינטער אונדז איז שוין פאַרבליבן דער אָדער, דער שלעזוויגער קוילן־באַסיין מיט זײַנע אינדוסטריִעלע שטעט — קאַטאָוויץ, בריג, לעגניץ, בונצלאַו, הײַנאַו, און מיר האָבן זיך שוין דערנענטערט צו דעם לאַנגאָניקן ציל — בערלין.

ס'האָט זיך מיר אָבער ניט אײַנגעגעבן האַלטן דאָס וואָרט, וואָס איך האָב געגעבן דעם גענעראַל ריבאַלקאָ: דערגיין ביז בערלין האָט מיר ניט אָפּגעגליקט. הינטער לאַובאַן האָט אין ברען פון פאַרביסענע שלאַכטן דער פאַרווונדעטער לעבער מיך אַוועקגעלייגט. דרײַ אַטאַקעס... ס'האָט זיך זייער ניט געוואָלט ווידער אַרײַנפאַלן אין האָספּיטאַל. די טײַנעס פון מײַנע דאָקטוירים, פונעם שעף פון פּאָליט־אָפּטייל האָבן אויף מיר ניט געווירקט. וועגן מײַן אַקשאָנעס איז דערגאַנגען צום קאָמאַנדאַרם.

די קאָלעקטיווע אַטאַקע קעגן מיר האָט זיך פאַרענדיקט מיט ריבאַלקאָס באַפעל. דער טעלעפאָן־געשפּרעך מיטן גענעראַל איז געווען גאָר ניט קיין מילדער:

— איך האָב געהערט, אַז איר ווײַזט אַרויס אַן אומדיסציפּלינירטקייט און זאָגט זיך אָפּ פון היילונג. אײַער אופירונג איז מיר ניט פאַרשטענדלעך. די מילכאָמע, כאָטש אַלעם איבעריקן, פאָדערט געזונטע מענטשן, פעיִקע איבערצוטראָגן אַלע שוועריקייטן פונעם פראָנט־לעבן.

דער קאָמאַנדאַרם איז אַנשוויגן געוואָרן און האָט נאָך אַ געוויסער פּאַוזע צוגעגעבן:

— ווי עס איז צו זען, וועלן מיר אױף עטלעכע וואָכן קאָנען איבערכאַפּן דעם אָטעם, ניצט אויס. פּאָרט אוועק אין הינטערלאַנד, היילט זיך אויס, פּרוּווט אָנלאָדן די „אַקומוליאַטאָרן". איך מיין, אַז איר וועט נאָך באַווײַזן זיך אומקערן צום הויפּט־„סאַבאַנטוי".

אַ ביסל זיך באַרוּיִקט נאָך אַזאַ מין אומגעווײנלעכן געשפּרעך, האָב איך אַרויסגעזאָגט מײַן דאַנקבאַרקײַט דעם קאָמאַנדאַרם פֿאַר זײַן זאָרג. ריבאַלקאָ האָט פֿאַרשטאַנען מײַן אומגעבונג און שוין מיט אַן אַנדערן, פֿרײַנטלעכן טאָן געפֿרעגט:

— וואָס קאָן אײַך אָפּהאַלטן?

— בערלין, כּאַוועור גענעראַל.

אין טרײַבל האָט זיך דערהערט אַ פֿריידיקער אויסגעשריי:

— איך האָב טאַקע אַזוי געמיינט! גלייבט מיר, טײַבעלע, דערפֿאַר יאָג איך אײַך אונטער זיך „שטעלן אױף רעמאָנט", ס'זאָל אײַך קלעקן קויכעס דערגיין צו בערלין און אַפֿילו ווײַטער. די מיל־כאָמע גייט צו ענדע. קלערט אָבער ניט, אַז דער פֿינאַל וועט זײַן אַ גרינגער. היטלער און זײַנע אונטערהעלפֿער וועלן אַליין ניט אַוועקגיין. דער קאַמף וועט זײַן אַ שווערער. זיי האָבן צונויפֿגעזאַמלט אַלץ, וואָס עס איז מעגלעך געווען. בערלין איז אַ שטאַרק ניסל. אַזוי אַז פּאָרט, היילט זיך, גרייט זיך צו די קומענדיקע שלאַכטן. — שוין אינגאַנצן מיט אַ רוּיִקער שטים האָט פּאַוועל סעמיאָנאָוויטש דערקלערט, אַז די פֿאַשיסטן האָבן קעגן אונדז צונויפֿגעצויגן אַלע זייערע קויכעס. די מיליטער־טיילן פֿון אונדזערע פֿאַרבינדעטע שפּאַנען רוּיִק צו האַמבורג, לייפּציג, ניט באַגעגענענדיק קיין באַזונדערן ווידערשטאַנד. אונדז אָבער קומט אויס אין שלאַכטן דעראָבערן יעדן יִשעוו. און ביז דער סאַמע צעשמעטערונג פֿונעם פֿאַשיזם וועט זײַן אַזוי. אויסרעכענען אױף אַ שוואַכן סוינע טאָר מען ניט. אין בערלין וועלן מיר דאַרפֿן זיך ראַנגלען פֿאַר יעדער גאַס, פֿאַר יעדן הויז.

דער קאָמאַנדאַרם האָט פֿאַרענדיקט דעם שמועס:

— אין אײַער רעשוס האָט איר דרײַ וואָכן. איך מיין, אַז דאָס וועט זײַן גענוג, איר זאָלט דורכגיין דעם היילונגס־קורס און זיך אָנעמען מיט קויכעס.

— כּאַוועור קאָמאַנדאַרם, און דאָך האָב איך מוירע, אַז איך וועל קומען שוין צו שפּעט...

— ניין, איך קלער, אַז איר האָט נאָך ניט פֿאַרלוירן דעם כּוש פֿון אַן עמעסן סאָלדאַט? צום גיכן ווידערזען!

אױפֿן מיזרעך האָט מיך אָפּגעפֿירט אַן אומעטום־גייער, וועלכן מיר האָבן פֿאַרכאַפּט בײַ די פֿאַשיסטן אינעם ראַיאָן פֿון קאַטאָוויץ.

דרײַ טעג און דרײַ נעכט האָבן געשווינדלט שלאַבאַנען, שטעט און דערפֿער, די מאַשין האָט זיך געגליטשט איבערן אַספֿאַלט, זיך געטרייסלט איבערן שטיינערנעם ברוק, געזונקען אין בלאָטעס און אינעם ווייכן פֿרילינגדיקן שניי. סאַפּקאָלסאַף האָט דער אַלטער סמאָלענסקער שליאַך, דער אײַדעס פֿון פֿיל מילכאָמעס, אונדז געבראַכט אין דער פֿאַרשנייטער מאָסקווע.

אין מאָסקווע האָב איך פֿאַרבראַכט צוויי מעסלעס. דאָס איז געווען גענוג, קעדיי אין מיליטערישן האָספּיטאַל אױף בורדענקאָס נאָמען זאָל מען איבערבינדן די ניט אינגאַנצן פֿאַרהיילטע ווונדן און אָנעמען מיטלען צו פֿאַרקלענערן די ווייטיקן אין מײַן לעבער.

אין אַ טאָג פֿון מאַרט בין איך אין אַ באַקוועמען פּלאַצקאַרט־וואַגאָן אָפּגעפֿאָרן קיין דאָרעם. אין זשעלעזנאָוואָדסק איז דער פֿרילינג געווען אין סאַמע ברען. עס האָט געבראָטן די זון, געגרינט דאָס גראָז, עס זײַנען אָנגעשוואָלן געוואָרן די קנאָספּן אױף די ביימער, ווײַט האָט מען געזען די באַפֿרײַטע הייכן פֿון די בערג בעשטאַו, מאַשוק, זשעלעזנאַיאַ. אױף די גאַסן און אין די פּאַרקן זײַנען, ווי שטענדיק אין פֿרילינג, געווען אַ סאַך מענטשן. מיט אופֿרעגונג האָב איך געשפּאַנט איבער די באַקאַנטע גאַסן, אײַנקוקנדיק זיך אין יעדער הויז. און אָט איז מײַן סאַנאַטאָרי — „דער אינוואַלידן־הויז", וווּ כ'האָב זיך אַמאָל געהיילט. איך בין אַרײַנגעגאַנגען אין אופֿנאַם־צימער, דערנאָך אין קאַבינעט פֿונעם שעף. באַם טיש איז געזעסן אַ שווערלײַביקער מאַיאָר.

— וווּ איז דער מאַיאָר מילטשעוו? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטאָן.

— איר מיינט געוויס דעם גענעראַל מילטשעוו? ער געפֿינט זיך בײַ זיך אין היימלאַנד, אין בולגאַריע, און פֿאַרנעמט אַ הויכן מיליטערישן פּאָסט.

— אָ, איך בין זייער צופֿרידן, וואָס דער דאָקטער מילטשעוו האָט זיך דערוואָרט און זיך אומגעקערט אין זײַן באַפֿרײַטן פֿאָטערלאַנד. איך בין אים זייער דאַנקבאַר. דאָס האָט ער אין פֿערציק פֿערטן יאָר מיך געשטעלט אױף די פֿיס.

אין אַ שאָארום האָבן שוין די דאָקטוירים און שוועסטער געוווּסט, אַז עס איז געקומען צו פֿאָרן זייער געוועזענער פּאַציִענט. מע האָט מיך גלײַך אַוועקגעפֿירט אין דער זעלבער פּאַלאַטע, פֿון וועלכער איך בין אין פֿאַראַיאָריקן יאָר אַנטלאָפֿן אױפֿן פֿראָנט.

אין דעם זעלבן גערוימען צימער איז טאַקע פֿאָרגעקומען „דער הויכער מעדיצינישער ראַט". איך בין געזעסן צווישן די אַלע באַקאַנטע, גוטע־פֿרײַנט און מיט שטאָלץ געטראַכט וועגן דעם, וויפֿל גוטע מענטשן זײַנען פֿאַראַן אויף דער וועלט.

מיט געדולד אויסגעהערט די פּראָפֿעסיאָנעלע רייד פֿון די דאָקטוירים, האָב איך געבעטן אַ וואָרט, קעדיי אַרײַנטראָגן אַ געוויסע קלאָרקייט:

— איך האָב אין מײַן רעשוס בלויז צוואַנציק טעג. דעם צענטן אַפּרעל פֿאָר איך אויף אַפּן פֿראָנט, זיך פֿאַרהאַלטן קאָן איך ניט אַפֿילע אויף קיין רעגע. נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, בעט איך אײַך צוזיפּשטעלן דעם גראַפֿיק פֿון מײַן היילונג.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פֿאַרגיכערטער פּראָצעס פֿון מײַן היילונג. מינעראַל־וואַסערן, מוראַשקע־וואַנעס, די קאַפּעלניצע, מאַסאַזש, אַ מאַציאָן אַרום דעם באַרג זשעלעזנאַיאַ — אַלץ איז אַרײַן אין דער רעשימע.

גיך זײַנען געפֿלויגן די טעג, דאָס מאָל אָן קיין שום אינצידענטן. מע האָט מיך וואַרעם אָפּגעפֿירט אויף דער סטאַנציע, אָוועקגעזעצט אין וואַגאָן. דער צוג האָט זיך אַ ריר געטאָן, און צו מיר האָבן זיך דערטראָגן פֿריידיקע ווינטשעוואַניעס פֿון מײַנע באַגלייטער:

— גליקלעך פֿאַרענדיקן די מילכאָמע... מיר וואַרטן אויף בערלינער נײַס!

שווער צו זאָגן, וואָס עס האָט מיר מער געהאָלפֿן — די מוראַשקע־וואַנעס, צי די וואַרעמקייט פֿון די הערצער פֿון די דאָקטוירים און שוועסטער.

אַ סאַך זאָרגן האָבן געוואַרט אין מאָסקווע. אומגעריכט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז נעכטן, דעם 16 אַפּרעל, האָט זיך אָנגעהויבן די בערלינער אָנגריף־אָפּעראַציע. דער פֿלי־וועטער איז געשטאַנען אַ שלעכטער, קיין געלעגנהײַטלעכע אַעראָפּלאַנען אין דער ריכטונג פֿונעם פֿראָנט זײַנען ניט געווען פֿאַראַן. מיט דער באַן איז געווען אומעגלעך, מיט די עשעלאָנען, וועלכע פֿירן טעכניק און שיס־מאַטעריאַלן, האָט מען ניט געטאָרט ריזיקירן, ווײַל ערגעץ־ווו האָט מען געקאָנט בלײַבן שטעקן.

געקומען צו הילף זײַנען מײַנע פֿרײַנט, וועלכע האָבן געאַרבעט אינעם שטאַב פֿון די פּאַנצערטײַלן. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן אַ נײַינקן „ווילים". איך בין געווען גליקלעך, צוגעזאָגט פֿאַרכאַפּן געבעלסעס אָדער גערינגס מאַשין און אָפּשיקן קיין מאָסקווע. אַגעוו, אויב פֿאַרלויפֿן אַ ביסל פֿאָרויס, דאַרף מען זאָגן, אַז דעם דאָזיקן שפּאַס איז באַשערט געווען צו פֿאַרווירקלעכט ווערן: ווען מ'האָט פֿאַרכאַפּט הינטער בערלין דעם דאָקטער געבעלסעס גאַראַזש, אין ראַיאָן פֿון צעלענדאָרף, האָב איך שוין נאָך דער מילכאָמע אָפּגעשיקט מײַנע מאָסקווער פֿרײַנט צוויי טראָפֿיי־אויטאָמאָבילן: „האָרך" און „אָפּעל אַדמיראַל". דעמלט אָבער, אין פֿריִען באַגינען, האָט אונדזער קליינינקער „ווילים" געטראָגן מיך און מײַן אַדיוטאַנט אויף מײַרעוו. אויפֿן דריטן טאָג זײַנען מיר שוין געווען אויף דער פּוילישער ערד. זוכנדיק דעם סאַמע קורצן וועג, האָבן מיר פֿאַרקערעוועט צו דעמבלין, ראַדאָם, טשענסטאָכאָוו. נאָר דאָ האָט אויף אונדז געוואַרט אַ דורכפֿאַל. מיר האָבן ניט געוווּסט, אַז דער איבערגאַנג איבער דער ווײַסל אינעם ראַיאָן פֿון דעמבלין איז אויפֿגעריסן. און איבער דער אײַזנבאַן־בריק, קימאַט אַ קילאָמעטער די לענג, אויף וועלכער עס געפֿינען זיך רעלסן, קאָן מען די מאַשין ניט אַריבערפֿירן. זיך אומקערן צאָפּנדיקער, צו וואַרשע, — דאַרף מען פֿאַרלירן עטלעכע מעסלעס. די הילף איז געקומען פֿון דאָרט, פֿונוואַנען מיר האָבן אַפֿילע ניט געוואַרט. די פּוילישע אײַזנבאַנער האָבן זייער גיך אויסגעפֿורעמט עפּעס ענלעך אויף אַ וואַגאָנעטקע, אָנגעלאָדן אויף איר אונדזער מאַשין און מיט אײַזנבאַן־וועג זי אַריבערגעפֿירט אויפֿן מײַרעוו־ברעג פֿונעם טײַך.

ווײַטער איז דער וועג שוין געלעגן דורך באַקאַנטע, דורכגעגאַנגענע אין שלאַכטן ערטער. עס האָבן דורכגעשווינדלט באַקאַנטע נעמען פֿון שטעט: יענדזשעיעוו, כאַדאָמסקאַ, וועליון, ריבניק, לעגניץ, בונצלאַו.

אין באַגינען דעם 21 אַפּרעל זײַנען מיר שוין געווען אינעם הינטערלאַנד פֿון דער דריטער גוואַרדייִשער טאַנקען־אַרמיי.

דער שעף פֿונעם קאַדרען־אָפּטייל, דער קליינינקער, קוואַלער פּאָלקאָווניק מערקוליעוו, וועלכער האָט געוויס געוואָלט אַרויסווײַזן זײַן באַהאַוונטקײַט, האָט, ניט אַרויסלאָזנדיק פֿון די הענט די מאַפּע, אונדז אָנגעוויזן די פֿראָנט־ליניע און דאָס געפֿין־אָרט פֿונעם קאָרפּוס.

— און וווּ איז די 55־טע בריגאַדע? — האָב איך זיך געפּרוּווט דערפֿרעגן באַם פּאָלקאָווניק.

— אייערנעכטן איז זי געווען אַן ערך דרײַסיק קילאָמעטער פֿון ווינסדאָרף.

— דאָס איז געווען נעכטן, אָבער הײַנט?

מערקוליעווס יעדיִעס זײַנען געווען פּינקטלעכע, נאָר שוין פֿאַרעלטערטע. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע שאָ אינעם צווייטן עשעלאָן, קעדיי עפּעס אָפּעסן, זיך ברענגען אין אָרדענונג. אַנדערש האָב איך ניט געקאָנט זיך באַוויזן דעם קאָמאַנדאַרם און קאָרפּוס־קאָמאַנדיר. אונדז האָט אָפּגעגליקט: דורכגעפֿאָרן עטלעכע קילאָמעטער, האָבן מיר באַגעגנט אונדזער פֿאַרקער־רעגולירערין מאַשענקע סאָטניק. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער מאַשין און פֿריידיק זי אַרומגענומען. שוין

דאָס אַליין, וואָס מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט אָט דעם קלייניקן בלאָנדן מיידל, וועלכע האָט דורכגעמאַכט מיט אונדז דעם וועג פֿון קיִעוו ביז בערלין, האָט אַרויסגערופֿן בא אונדז אַזאַ פֿרייד, אַז עס האָט זיך געוואָלט, פּונקט ווי קליינע יינגעלעך, שרייַען און לאַכן. אויב מאַשע סאָטניק שטייט אויפֿן פּאָסטן, דאַרף מען שוין ניט קיין מאַפּע, קיין קאָמפּאַס, קיין שום אָריִענטירן. איר איז אַלץ באַוווּסט, זי וועט אַלץ דערציילן!

ניט וואַרטנדיק אויף קיין פֿראַגעס, האָט דאָס מיידל אונדז דערקלערט, וווּהין איז אַוועק די בריגאַדע און ווו האָט זי זיך געפֿונען אין דער פֿאַריקער נאַכט.

— איך וועל אייַך אַליין באַגלייטן צום שטאַב פֿון דער אַרמיי, ער געפֿינט זיך דאָ ניט ווייַט פֿון צאָסען, — האָט זי געזאָגט און ווי אַ שוועלבעלע אַרייַנגעשוועבט אין דער מאַשין.

אין איין אָטעם האָט זי אונדז אויסדערציילט אַלע נייַס, נאָר פּלוצלינג אַ ווייַלע זיך פֿאַרטראַכט און געזאָגט:

— איך בין אייַך מעקאַנע, איר וועט די ערשטע זייַן אין בערלין. אָ, ווי עס ווילט זיך דאָרטן זייַן!

— אומבאַדינגט וועסטו זייַן, מאַשענקע. דאָרט וועלן מיר טאַקע פֿייַערן אונדזער זיג.

באַם שלאַגבאַום האָט אונדז באַגעגנט אַן אָפֿיצער, אויך אַ יונגער, ניט עלטער פֿון דער 19־יאָריקער מאַשענקע. איך האָב אַ קלער געטאָן: וויפֿל אַזעלכע יונגלינגען געפֿינען זיך אויפֿן לאַנגן וועג פֿון מאָסקווע ביז בערלין, פֿון קאַווקאַז ביז דונייַ... אַ גאַנצער יינגלשער דאָר!

דער שעף פֿונעם אַרמיי־שטאַב דמיטרי דמיטריִעוויטש באַכמעטיעוו האָט אָנגעקלונגען אויפֿן באַאָבאַכטונגס־פּונקט, ווו עס האָט זיך געפֿונען ריבאַלקאָ, און געזעגנענדיק זיך מיט מיר, אַ זאָג געטאָן:

— מע דאַרף זיך אייַלן, טייַערער, די מילכאָמע גייט צום סאָף און דער ווידערשטאַנד פֿון די פֿאַשיסטן וועט וואַקסן.

אין דעם זעלבן טאָג האָבן מיר אויף די צעהאַקטע וועגן, דורך וואַלד־שטעגן, מאַכנדיק אַ שלייף אַרום די דייַטשישע באַפֿעלקערטע פּונקטן, זיך דערקליבן צו אונדזער מיליטער.

צוזאַמען מיטן אַדיוטאַנט, לויט דער ריי בייַטנדיק דאָס אָרט באַם רודער פֿון דער מאַשין, האָבן מיר, פֿאַרמאַטערטע, מיט די לעצטע קויכעס, זיך דערקליבן צום געגאַרטן ציל — צום טעלטאָוו־קאַנאַל, ווו עס האָבן זיך געשלאָגן אונדזער קאָרפּוס און בריגאַדע.

מיר האָבן פֿאַמעלעך זיך גערוקט פֿאָרויס, איבעריאָגנדיק מאַשינען־קאָלאָנעס, די אַרטילעריע פֿון פֿאַרשיידענע קאַליבערן.

אַנטקעגן, אָפּטרעטנדיק אונדז דעם וועג, האָבן געשפּאַנט מענטשן — מאַנצבלען און פֿרויען, דערוואַקסענע און קינדער, עס האָבן קוים זיך געשלעפּט די זקיינים.

אָפּגעריסענע, באָוואַקסענע, אויסגעטאָן די שיך, צוגעדעקט מיט פֿאַרשיידענע שמאַטעס, האָבן די דאָזיקע מענטשן פֿריידיק געקוקט אויף די מיליטערישע טיילן, וואָס האָבן זיך דערנעענטערט צו בערלין, געפּאַכעט מיט די הענט, אויפֿגעהויבן די פֿאַרקלעמטע פֿויסטן. די דאָזיקע מענטשן זייַנען דורכגעגאַנגען גרויסע ניסיוינעס. זיי האָבן געאַרבעט ווי אויף קאַטאָרגע אויף די זאַוואָדן, זייַנען געזעסן אין טורמעס, אין קאָנצלאַגערן.

אָנגעשטרענגט האָב איך זיך אייַנגעקוקט אין יעדן, געזוכט צווישן זיי מייַנע פֿאַרפֿאַלענע ברידער און שוועסטער. איך האָב פֿאַרשטאַנען די איליוזאָרישקייַט פֿון מייַנע האָפֿענונגען. איך האָב געוווּסט, אַז די ברידער זייַנען אומגעקומען אויפֿן פֿראָנט, אַז די עלטערן און די שוועסטער האָבן די פֿאַשיסטישע הענקער דערהאַרגעט. נאָר אַזוי איז שוין די נאַטור פֿון אַ מענטשן — ער וויל שטענדיק גלייבן אין עפּעס בעסערס. וויפֿל זשע מענטשן פֿון די אָקופּירטע טעריטאָריעס זייַנען פֿאַרטריבן געוואָרן אין פֿאַשיסטישן דייַטשלאַנד?

דער ריזיקער מאַרש פֿון די באַפֿרייַטע קנעכט האָט זיך אָנגעהויבן אין יאַנוואַר, ווען דער אָנגריף פֿון אונדזער כאַיִל האָט צעפּראַלט די טויערן פֿון די קאָנצלאַגערן און טורמעס. פֿרייַהייַט האָבן באַקומען די אסירים פֿון אָשווענטשים, מייַדאַנעק, פֿון פֿיל לאַגערן, צעזייטע אין פּוילן, דייַטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע און אין אַנדערע אָקופּירטע לענדער.

אויף מיר, וועלכער האָט געזען פֿיל אומגליקן אויף דער מילכאָמע, האָבן אַ באַזונדער שווערן אייַנדרוק געמאַכט די דאָזיקע מענטשן — הילפֿלאָזע, ביז גאָר פֿאַרמאַטערטע.

„וויקטאָריאַ!", „וויוו ליאַ פֿעו!", „זיג!", „פֿרידען!" — האָט זיך געלאָזט הערן אויף פֿאַרשיידענע שפּראַכן. הערנדיק די דאָזיקע אויסגעשרייען, זעענדיק די פֿרייד אויף די אויסגעמוטשעטע פּענעמער, האָבן איך געטראַכט וועגן דעם, וויפֿל צאָרעס עס האָט געבראַכט די מילכאָמע, וויפֿל לעבנס האָט זי צוגענומען. נאָר צוליב דער באַפֿרייַונג פֿון דער מענטשהייַט, צוליב דעם ניצחון איבערן פֿאַשיזם, צוליב אָט די אומגעקערטע צום לעבן אסירים האָט געלוינט דורכגיין דורך אַלע איכּפּרוּוון.

אונדזער „ווילים" האָט געפּויזעט אַף צאַפּן איבער די פֿאַרפֿלייצטע וועגן. אַלס אָריענטיר האָט געדינט דער באַשײַנטער מיט סרייפֿעס הימל, די פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער אַרטילערישער קאַנאָנאַדע. איבער אונדז זײַנען דורכגעשוווּמען אין דער זײַט פֿון בערלין הונדערטער אַעראָפּלאַנען. טויבע אופֿרײַסן פֿון פֿוגאַס־באָמבעס האָט מען געהערט אַף צענדליקער קילאָמעטער.

אָן אַ באַזונדערער מי האָבן די רעגוליראָווטשיקעס אונדז צוגעפֿירט צו אַן אָפּגעצוימטן כוטער. באַם ראַנד זײַנעם האָט אין אַ צווייִשטאָקיקער געבײַדע זיך אײַנגעאָרדנט דער באַאָבאַכטונגס־פּונקט פֿונעם קאָמאַנדאַרם ריבאַלקאָ.

אין אַ געראַמען צימער, ווו עס זײַנען צעהאַנגען געווען מאַפּעס און סכעמעס, האָב איך ניט באַלד געפֿונען ריבאַלקאָן. דאָ האָבן זיך געפֿונען עטלעכע גענעראַלן, ניט יעדערן האָב איך געוווּסט אין פּאָנעם. נאָר אַ ביסל באַהערשט די לאַגע, האָב איך טאַקע באַמערקט דעם קאָמאַנדאַרם, וועלכער האָט מיר ניט געגעבן קיין מעגלעכקײַט אָפּגעבן דעם ראַפּאָרט וועגן מײַן קומען און פֿאַרכאַפּט די איניציִאַטיוו:

— איך האָב דאָך געזאָגט, אַז דראַגונסקי וועט ניט פֿאַרשפּעטיקן. דער סאָלדאַטישער כוש האָט אים אויך איצט ניט אָפּגענאַרט. — און ווענדנדיק זיך צום גענעראַל־פּאָלקאָווניק, וועלכער איז געשטאַנען באַנאַנד, — דאָס איז געווען דער קאָמאַנדיר פֿון דער 28־טער אַרמיי (לוטשינסקי אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש), האָט ער געזאָגט:

— דאָס איז דער קאָמאַנדיר פֿון דער 55־טער בריגאַדע. ער איז געווען אין האָספּיטאַל. געקומען צו דער צײַט. ער האָט אַלץ מוירע געהאַט צו פֿאַרשפּעטיקן צו דעם אָנהייב פֿון די שלאַכטן פֿאַר בערלין. ער וועט אַרײַנגיין אַהין איינער פֿון די ערשטע — און וועט דעמלט באַקומען דאָס צווייטע שטערנדל, און אויב ער וועט ניט אַרײַנגיין, וועלן מיר בא אים אָפּנעמען אי דעם, וואָס ער האָט!

אַלע, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין צימער, האָבן זיך צעלאַכט. דער קאָמאַנדאַרם האָט נאָכאַמאָל מיך באַטראַכט פֿונעם קאָפּ ביז די פֿיס:

— דער אויסזען איז בא אײַך אַ גוטער, אַ קוראָרטישער. און איצט נעמט זיך פֿאַר דער אַרבעט, די צײַט וואַרט ניט.

ער האָט מיך צוגעפֿירט צום טיש, אַף וועלכן ס'האָט זיך צעשפּרייט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב דער פּלאַן פֿון בערלין. דײַטלעך האָבן זיך אויסגעטיילט די גאַסן־קוואַדראַטן, די פּלעצער, סטאַדיאָנען, די סטאַנציעס פֿון מעטראָ, דער רײַכסטאַג און די אימפּעריִשע קאַנצעליאַריע, די בלויע פּאַסן פֿונעם טעלטאָוו־קאַנאַל און דער טײַך שפּרעע. אין די אויגן האָבן געשווינדלט די נעמען פֿון גאַסן און שטאָט־ראַנדן.

— אָט דאָס אַלץ וועט מען דאַרפֿן נעמען. אונדזער אַרמיי איז אָנגעצילט אַפֿן דאָרעם פֿון בערלין, אַף זײַן צענטער און אַפֿן מײַרעוודיקן ראַנד. די דײַטשן האָבן זיך געגרייט באַגעגענען זשוקאָווס כאַיל פֿון מיזרעך־זײַט, און מיר וועלן זיך אַרײַנרײַסן פֿון דאָרעם, אין סאַמע פֿילעוודיקן אָרט — אין פֿלאַנג. — דער שעף פֿונעם אָפּעראַטיוון אָפּטייל, מײַן אַלטער באַקאַנטער נאָך פֿון דער אַקאַדעמיע — דער צווייִמעטערדיקער ווערגעלעץ, פּאָלקאָווניק סאַשע יעריאָמענקאָ האָט אויסגעשטרעקט העכער פֿון מײַן קאָפּ זײַן ריזיקע האַנט:

— אָט דאָ איז דײַן בריגאַדע. זי האָט זיך פֿאַרטשעפּעט פֿאַרן ברעג פֿונעם טעלטאָוו־קאַנאַל. אַנטקעגן האָבן די דײַטשן אופֿגעריסן די בריק. אַגעוו, די שלאַכט־אופֿגאַבע וועסטו באַקומען באַם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר.

דער גענעראַל־פּאָלקאָווניק לוטשינבקי, וועלכער האָט ביז איצט געשוויגן, האָט זיך אַרײַנגעמישט אינעם געשפּרעך:

— אַז עס האָט זיך שוין געיאַוועט מײַן פּעכאָטע, וועט אײַך, טאַנקיסטן, ווערן פֿרײלעכער.

באַם געזעגענען זיך האָט פּאַוועל סעמיאָנאָוויטש מיר געזאָגט:

— פּאָרט וואָס גיכער אין אײַער בריגאַדע, באַקאַנט זיך אַפֿן אָרט מיט אַלעמען. אומבאַדינגט דאַרפֿט איר זיך זען מיטן קאָרפּוס־קאָמאַנדיר, ער וואַרט שוין אַף אײַך. איר דאַרפֿט וויסן, בא אײַך איז איצט אַ נײַער קאָמקאָר — גענעראַל־מאַיאָר נאָוויקאָוו וואַסילי וואַסיליעוויטש, אַן אַלטער דערפֿאַרענער וואָיאַקע און זייער אַ שטרענגער. ער וועט פֿון אײַך קיין אויג ניט אַראָפּלאָזן.

באַקומען אַ דערלויבעניש אַפּן אָפּפֿאָר, בין איך צוגעגאַנגען צו דער טיר, נאָר טאַקע ניט אויסגעהאַלטן און זיך אויסגעקערעוועט צום גענעראַל ריבאַלקאָ:

— איך וואַרט אַף אײַך אין בערלין, כאַווער קאָמאַנדאַרם!

— איך וועל אומבאַדינגט זײַן, — האָט אַ שמייכל געטאָן ריבאַלקאָ. — זאָגט מיר צו, אַז איר וועט מיך אופֿנעמען אַף דער ווילהעלמשטראַסע! האָט אין זינען, אַהין וועט קומען אונדזער גאַנצער זיבעטער קאָרפּוס.

באַקומען דעם פּלאַן פֿון בערלין, בין איך אין באַגלייטונג פֿון אַ פֿאַרבינדלער־אָפֿיצער אַ באַפֿליגלטער געפֿאָרן צו מײַנע שלאַכט־כאַווײרים. די מאַשין האָט ווי געפֿילט מײַן אומגעדולד, זיך



געטראָגן אַף צאָפּן מיט דער מאַקסימאַלער שנעלקייט. מיר זיינען אַריינגעשפּרונגען אין מאַלאָוו, פאַר־קערעוועט אַף לינקס אין דער ריכטונג פון א פּאַלוואַרק, וועלכער פירט פון טעלטאָוו, און גלייך אָנגעטראָפן אין דער זאַנע פון פאַרצוים־פייער. דער פאַרבינדלער־אַפיצער, וועלכער האָט מיך באַגלייט צו דער בריגאַדע, האָט אויסגעקליבן ניט דעם בעסטן מאַרשרוט. ער האָט אָנגעצייכנט אַף דער מאַפּע די סאַמע קורצע גלייכע ריכטונג און געמיינט, אַז מיט אָט דעם וועג וועלן מיר גיכער קומען אַפן אָרט. נאָר ער האָט ניט גענומען אין אַכט, אַז די צענטראַל־גאַס פונעם יישעוו ווערט באַשאָסן מיט אַלע פייער־מיטלען פונעם פיינט. אומקערן זיך צוריק, קעדיי צו געפינען א בעסערן וועג, איז שוין געווען שפּעט און געפערלעך. ס'איז געבליבן איינס: אַנטשלאָסן זאָגן — פאָרויס! און דער „ווילים" האָט גענומען זינקען פון איין וואַראָנקע אין דער אַנדערער, זיך געוואָרפן פון איין זייט צו דער צווייטער, זיך צוגעשפּאַרט צו די גראָבע שטיינערנע באַלקעס, צו די ווענט פון די הייזער, געשפּרונגען איבער די אָנוואַלגערס און קאַנאַוועס. דער אַדיוטאַנט, וועלכער האָט געפירט די מאַשין, האָט אויסגעקליבן די סאַמע אומגעפערלעכע ערטער, נאָר אַזעלכע ערטער זיינען קימאַט ניט געווען. אָבער סיי־ווי־סיי האָבן מיר דערגרייכט דעם בערלינער שטאָט־ראַנד. ס'איז פאַרגעשטאַנען צו ביי־קומען א ניט־גרויסע לאָנקע, נאָך איר זיך א טוק טאָן אין וועלדל, און פון דאָרטן איז שוין אינגאַנצן נאָענט געווען צום שטאַב פון אונדזער בריגאַדע.

דאָס פייער איז ניט שטילער געוואָרן. פון דעם אַנטקעגנדיקן ברעג פונעם טעלטאָוו־קאַנאַל זיינען מיט געוואַי געפלויגן סנאַריאַדן פון שנעלשיסנדיקע זעניטקעס, ס'האָבן געטשאַוקעט מינען־וואַרפערס. כוץ דעם, איז די לאָנקע דורכויס באַשאָסן געוואָרן מיטן פייער פון אויטאָמאַטן. דערצו נאָך זיינען דאָ ניט געווען קיין באַלקעס, יאַרן, קיין קוסטאַרניק. דער טאַנץ פון דער מאַשין איבער דער צעגראָבענער דורך די סנאַריאַדן און מינעס לאָנקע האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוט, נאָר זיי האָבן זיך אונדז אויסגעוויזן פאַר א גאַנצער אייביקייט. וויאַזוי עס האָט זיך ניט געסטאַרעט דער שאָפער, האָבן מיר סיי־ווי־סיי מיט דער אונטערשטער ראָד אָנגעטראָפן אַף א מינע.

דער פאַרבינדלער־אָפיצער, וועלכער איז געזעסן אַפן אונטערשטן געזעס, איז געווען לייכט פאַרוווּנדעט, איך מיטן אַדיוטאַנט זיינען אָפּגעקומען מיט אַן איבערשרעק. מע דאַרף זיך מודע זיין, אַז איבערגעלעבט האָבן מיר ניט ווייניק. דער געדאַנק וועגן אַרויסגיין פון דער ריי פאַרן טערמין אָדער וועגן א צופעליקן אומקום האָט געבויערט אינעם מויעך. און ניט אַזוי דער טויט־שרעק האָט מיך באַהערשט, ווייל בייס דער מילכאָמע ווערסטו אין א געוויסער מאָס געוווינט צו אַזעלכן געפיל, — ס'איז געווען א פאַרדראָס, וואָס מע קאָן דיך דערהאַרגענען מאַמעש אין עטלעכע טריט פון דער אייגענער בריגאַדע, צו וועלכער דו האָסט געשטרעבט מיט אומגעדולד...

סאָפּקאָלסאָף איז דאָס אַלץ פאַריבער. מיר האָבן אָפּגעאָטעמט, א טרונק געטאָן וואַסער, איבער־געבונדן די ווונד בא אונדזערן באַגלייטער, פאַרביטן די צעשעדיקטע ראָד און זיך געלאָזט אין וועג. דער פייער־שקוואַל איז שטילער געוואָרן. אינגיכן זיינען מיר געקומען צו אונדזערע.

דער שטאַב פון דער בריגאַדע האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין אַן אָוועקגעוואָרפענעם דורך די דײַטשן כוטער, וועלכער איז ניט געווען באַצייכנט אויף קיין איינער פון אונדזערע מאַפּעס. עטלעכע באַקאַנטע מאַשינען, ראַדיאָסטאַנציעס, פּאַנצער־טראַנספּאָרטירער און מײַן טאַנק „ט־34“ מיטן נומער „200“ זײַנען געשטאַנען צוגעשפּאַרט צו אַ באַוואַקסענער מיט מאָך וואַנט פון ציגל. בלויז עטלעכע מינוט האָט געדויערט די וואַרעמע באַגעגעניש מיט מײַנע שלאַכט־פרײַנט. אויפן קאָמאַנדע־פּונקט פון דער בריגאַדע איז געווען דער שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל דמיטריִעוו, דער שעף פונעם שטאַב שאַלונאָוו, די שטעלפאַרטרעטערס, געהילפן און דער גאַנצער ערשטער עשעלאָן פונעם בריגאַדע־שטאַב. עס האָט זיך געפּאָדערט בוכשטעבלעך עטלעכע מינוט אויף אַרײַנצוּוואַקסן אין דער אומגעבונג. דער שעף פונעם שטאַב האָט מיך צוגעפירט צום פענצטער, דורך וועלכן מ׳האָט בוילעט געזען דעם קאַנאַל און דעם ייִשעוו שטאַטסדאָרף, וואָס געפינט זיך דערנעבן. מ׳האָט קלאָר געזען די כאָרעווע בריק. אונדזערע באַטאַליאָנען האָבן זיך געפונען אין די שוצגראָבנס אויפן דאָרעם־ברעג פונעם קאַנאַל און זיך געגרייט אים צו פאָרסירן.

— ווען איז באַשטימט דער שטורעם פון דער בריק? ווען וועט זיך אָנהייבן די פאָרסירונג?

— דעם 24 אַפּרעל. אָט איז דער באַפעל פונעם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר. דער גענעראַל נאָוויקאָוו זידלט זיך, ער באַפעלט טייקעף פאָרסירן דעם טעלטאָוו־קאַנאַל. ער האָט שוין צוויי מאָל געקלונגען, ער פאָדערט, איך זאָל זעלבסט זיך יאַווען צו אים. ער ווייסט שוין וועגן אײַער אָנקום אין בריגאַדע.

כ׳האָב זיך פאַרייניקט דורכן טעלעפאָן מיטן קאָמקאָר. נאָוויקאָוו האָט געזאָגט, אַז ער געפינט זיך נאָענט פון אונדז, ניט מער פון צוויי קילאָמעטער פון לינקס. ראַדיאָ און טעלעפאָן זײַנען אין אַזעלכע אומשטאַנדן ניט קיין זיכערע. בעסער וועט זײַן טאַקע זעלבסט קומען צו אים. דאָס איז געווען אַ באַפעל.

זיך דערקלײַבן צום קאָמאַנדע־פּונקט פונעם קאָרפּוס איז געווען זייער שווער. די פאַשיסטן האָבן זיך געפונען בלויז 300 מעטער פון אונדז. אויף אַ פּאַנצער־מאַשין אָדער אויף אַ טאַנק איז געווען אַבסאָליוט אוממעגלעך. איז אויסגעקומען צו פויזען, ווײַל דאָס ווילדע פײַער האָט צוגעפּרעסט צו דער ערד.

פויזענדיק פון איין הויז צו דעם צווייטן, האָבן מיר — איך, דער אַפּאַראַטאָר און דער אויסשפּירער, — בײַטנדיק די פּאָזיציעס, זיך דערנעענטערט צום ציל. מע האָט געדאַרפט צולויפן צום וועלדל, און פון דאָרטן איז שוין געווען גאָר נאָענט.

נאָר דאָס וועלדל, וואָס האָט געדאַרפט אונדז ראַטעווען, האָט שיִר ניט געבראַכט צו אונדזער אומקום. דאָס איז געווען, לאָזט זיך אויס, אַ גוטער אָריענטיר פאַרן סוינע. מיר האָבן געדאַרפט אויך אין וועלדל פויזען אויף דער ערד. בײַ דעם ראַנד פונעם וואַלד האָבן זיך באַוויזן הײַזער. דער איבערלויף פון איין הויז צום צווייטן איז געווען אונדזער רעטונג. בײַ איינעם פון די הײַזער האָט אונדז באַגעגנט אַן אָפּיצער פונעם קאָרפּוס־שטאַב, וועלכער האָט, אַ מער געניטער, דורך דער זײַט פונעם הינטערלאַנד, אונדז געבראַכט אויפן קאָמאַנדע־פּונקט פונעם קאָרפּוס.

די סיטואַציע, אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען, האָט ניט געגעבן קיין גרונט זיך צו פרייען. נאָר איך האָב סײַווי־סײַ ניט געקאָנט זיך אָפּהאַלטן פון געלעכטער. ווען מיר זײַנען איבערגעקראָכן צו דעם ציל פון אונדזער רײַזע, איז דער קאַפּיטאַן, וועלכער האָט אונדז באַגלייט, אַרײַנגעקראָכן ווי אַ קאַץ אין אַ שמאָל פענצטערל פון אַ צווייטשטאָקיקן הויז און פאַרפאַלן געוואָרן.

אין אַ געוויסער צײַט אַרום האָט זיך פונעם פענצטערל אַרויסגעשטרעקט אַ האַנט, וועלכע האָט אונדז אַ שלעפּ געטאָן מיט דעם זעלבן וועג. אָבער די גאַבאַריטן מײַנע זײַנען געווען גרעסער, איידער באַם קאַפּיטאַן: אַרײַנגעשטופּט אַהין דעם קאָפּ, בין איך געבליבן שטעקן און מיט גרויסער מי אַראָפּגעפאַלן אַהין אין אַ נעם האַלב־באַלויכטענעם קעלער אונטערן פרײַנטלעכן געלעכטער פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען.

— זאָל אײַך ניט וווּנדערן אַזאַ מין סיטואַציע, זי איז אויך פאַר אונדז ניט קיין געוויינלעכע, — האָט באַמערקט אַן אומבאַקאַנט קאָל, — נאָר דאָס איז אונדזער איינציקע מעגלעכקייט. די צוטריטן צו די טירן און אַליין די טירן זעט מען גוט, זיי ווערן באַשאָסן פון דער זײַט, ווו עס געפינט זיך דער קאַנאַל. באַנאַכט, ווען מע האָט זיך דאָ פאַרפעסטיקט, האָט מען זיך ווייניק פאַנאַנדערגעקליבן, וויִאַזוי וועט עס זײַן, און איצט בײַטן די פּאָזיציע פונעם באַאָבאַכטונגס־פּונקט איז שוין שפּעט.

צוביסלעך זײַנען אונדזערע אויגן געוווינט געוואָרן צום שוואַך־באַלויכטענעם קעלער. אין דער לענגלעכער סעקציע האָב איך דערזען אַ גרופּע מענטשן. אין איינעם אַ ווינקל זײַנען געווען אײַנגעשטעלט טעלעפאָן־אַפּאַראַטן, אין אַ צווייטן ווינקל האָבן זיך בײַ אַ ראַדיאָסטאַנציע פאַרבויגן צוויי ראַדיסטן. לעבן זיי איז געשטאַנען אַ פעסטער, העכער פון מיטעלן וווּקס, אין ברילן, מיט אַ הוילן ראַזירטן קאָפּ, אַ באַיאָרטער גענעראַל, ער האָט עפּעס דיקטירט די ראַדיסטן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר נאָוויקאָוו וואַסיליִ וואַסיליעוויטש. דאָרט טאַקע, אין עם האַלבקעלער, האָב איך דערקענט דעם צווייטן נאָוויקאָוו — ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטשן — דעם גענעראַל־

לייטענאַנט און קאָמאַנדיר פון די פּאַנצער־טײלן פונעם ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט. פּלוצלינג איז צוגעגאַנגען צו מיר, פאַרדריקט אין זײַנע פּעסטע אָרעמס... א דריטער נאָוויקאָוו — אַנדריי וולאַדימי־ראָוויטש, א פּאַלקאָווניק, דער שעף פונעם פּאַלִיט־אָפּטייל פון דעם זעלבן קאָרפּוס, מײַן אַלטער פרײַנט. מיט אָט דעם פראָסטן, פּאָדערעוודיקן, געראַכטיקן, דרייסטן פּאָלִיט־טוער האָבן מיר זיך פֿיל מאָל באַגעגנט אַפֿן דניעפּער, הינטער קיִעוו, לוואָוו, אױף דער ווײַסל, אַפֿן אָדער, און אָט ווידער — בײַ די טויערן פון בערלין!

אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם שטויב און צורעכט געמאַכט דאָס צעקנייטשטע העמדל, האָב איך זיך פֿאַרגעשטעלט דעם קאָמקאָר וואַסילי וואַסיליעוויטש נאָוויקאָוון און א שפּאַס געטאָן:

— ניט צופיל נאָוויקאָווס געפינען זיך דאָ אין איין קעלער?

וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט אויסגעטאָן די באַגילדעטע ברילן, א וויש געטאָן די גלעזלעך:

— נאָוויקאָווס זײַנען אין רוסלאַנד פאַראַן ניט ווייניקער ווי איוואַנאָווס, באַזונדערס בײַ אונדז אױף קאַלינינאָווטשטשינע. און אין אונדזער בעזשעצקער ראַיאָן איז פאַראַן א דאָרף, ווו עס וווינען בלויז נאָוויקאָווס און וואָראָנאָווס און דאָס, וואָס מיר האָבן זיך היינט באַוויזן, דרײַ נאָוויקאָווס אין איין קעלער, זײַט איר שולדיק. ווען אײַער בריגאַדע זאָל שוין געווען זײַן אױף יענער זײַט פונעם קאַנאַל, וואָלט איך דאָ ניט געזעסן און ניקאָלײַ אַלעקסאַנדראָוויטש וואָלט אַהער ניט געקומען.

נאָך א פּאַוזע האָט דער קאָמאַנדיר פונעם קאָרפּוס איבערגעפירט דעם געשפּרעך אין אן אַנדער ריכטונג:

— סײַווײסי איז אומדערלאָזבאַר, וואָס די בריגאַדע טאַפּטשעט זיך אױף אן אָרט. דעם דניעפּער האָט מען גענומען, די ווײַסל, דעם סאַן, דעם אָדער האָט מען בײַגעקומען, און אָט דעם שמאָלן קאַנאַל קאָן מען ניט איבערשפּרינגען.

וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט נערוועז געשפּאַנט איבערן קעלער.

ביז איצט האָב איך פערזענלעך ניט געזען נאָוויקאָוון, נאָר איך האָב געוווּסט וועגן אים א סאַך, ווען ער האָט קאָמאַנדעוועט מיטן שכײנעסדיקן קאָרפּוס. פון מענטשן האָב איך א סאַך גוטס געהערט וועגן אים, באַזונדערס וועגן זײַן גראָדמעסיקײט און פּערזענלעכער געוואַגטקײט. מע האָט געזאָגט, אַז דעם גענעראַל נאָוויקאָוו איז שווער אַרויסצופירן פון די קײלים. און דאָך, זיך צוזאַמענ־געשטויסן מיט אים, האָב איך זיך געהאַלטן גאַנץ פּאָריזיכטיק.

דער קאָמקאָר איז צוגעגאַנגען צו דער מאַפּע, איך בין אויך צוגעגאַנגען אַהין.

דער טעלטאָוו־קאַנאַל איז די לעצטע גרענעץ אַפֿן וועג צו בערלין. נאָכן פאָרסירן אים וועלן מיר שוין דאָרט זײַן, — נאָוויקאָוו האָט גערעדט פּאַמעלעך, עס האָט זיך געפילט, ער וויל, אַז די אונטערגעאָרדנטע זאָלן טיף באַגרײַפן דעם טאַך פון יעדער פראַזע.

ער האָט מיך באַקאַנט מיט זײַן פֿאַרלױפּיקער באַשטימונג צו פאָרסירן דעם קאַנאַל אַפֿן פראָנט פון פינף קילאָמעטער, אין צוויי סעקטאָרן. אַפֿן רעכטן וועט זיך שלאָגן שפּאָוואָלאָווס מאָטאָ־בריגאַדע, אַפֿן לינקן — די 55־טע. מיר וועלן דאַרפֿן אױף דער אופגעריסענער בריק קאַסטינס אוטאָמאַ־טאָרישן פּאָלק און פאַר זײַנע לײַכטע האַרמאַטן „סו־76" פּאַרויס פאַרשטאַרקן אומבאַדינגט דעם אָנ־בעט פון דער בריק. מיר גיט מען צו צוויי אַרטילערישע בריגאַדעס. דאָס וועט זײַן א זיכערע גאַראַנ־טיע צו דערשטיקן דעם קעגנער, און דער סאַפּיאָרן־באַטאַליאָן וועט אונדז העלפן אריבערגיין דעם טײַך.

בײַ מיר האָט זיך אַרויסגעריסן א פראַגע:

— וויפל צײַט באַקומט די בריגאַדע, קעדיי זיך צוגרייטן צו דער פאָרסירונג?

— אין אײַער רעשוס איז פאַראַן בלויז איין מעסלעס. צום סאָף טאָג פונעם 23 אַפּרעל דאַרף איך מיטײלן וועגן אײַער גרייטקײט.

קיין פראַגעס זײַנען מער ניט געווען. אין די דעטאַלן האָב איך געדאַרפט אַליין זיך פּאַנאַנ־דערקלײַבן.

צוזאַמען מיטן קאָרפּוס־קאָמאַנדיר האָבן מיר זיך אופגעהויבן אַפֿן בוידעם. אַנטקעגן אונדז האָט זיך אױף פֿיל קילאָמעטער אַנטפּלעקט די פּאַנאָראַמע פון אָט די ערטער: פון רעכטס, לינקס און אַנט־קעגן — דורכויסיקע יישובים, ווילעס, בײַשטאָטישע סעדער, פּילצאַליקע אָזערעס. ניט באַלד האָב איך באַמערקט דעם ציל פון מײַנע זוכונגען — דעם באַרימטן טעלטאָוו־קאַנאַל. וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט לויט דער טעווע דורכגעווישט די ברילן, מיט דער רעכטער האַנט זיי אופגעהויבן איבער די אויגן. זעט, פון רעכטס ליגט די שטאָט טעלטאָוו, אַנטקעגן אונדז — שטאַטסדאָרף, און אָט איז די כאַרוועע בריק, וועלכע איך גיב אַפּ אײַך. רעכטס — דער ערד־כײַלעק פונעם דורכרײַס פון דער 23־טער בריגאַדע.

פאַרענדיקט דעם איבערזיכט פון דער אומגעגנט, האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער. פאַר מײַן אוועקגיין האָט דער קאָמקאָר נאָכאַמאָל דערמאָנט:

— אדאנק די קלעפּ, וואָס דער קעגנער באַקומט פון די פראָנטן, וועלכע עס פירן זשוקאָוו און קאָניעוו, וועט ער מוזן אָפּטרעטן אַף מײַרעוו. איך וועט אויסקומען אופנעמען דעם קלאַפּ פון די איבערשטײַגנדיקע קויכעס פון דעם כאַסערדיידיקן גויסעסדיקן פײַנט. געדענקט וועגן דעם און טוט אַלץ, מע זאָל אײַך ניט צעשמעטערן.

— איך פאַרשטיי דאָס אויסגעצייכנט און וועל זיך סטאַרען טאָן אַלץ, אַז די בריגאַדע זאָל זיך ניט געפינען צווישן האַמער און קאָוואַדלע.

וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט זיך אויסגעקערעוועט צו מיר:

— ביז איצט האָט די דריטע טאַנקען־אַרמיי אײַך געוווּסט ווי אַ קאָמאַנדיר, וואָס איז ניט געוווינט אַרומקוקן זיך צוריק, וועמען עס שרעקן ניט קיין אָפענע פלאַנגען. מע דאַרף אָט די מאַרקע אויסהאַלטן.

— ער וועט אויסהאַלטן, — האָט באַמערקט דער ייִנגערער פון די נאָוויקאָווס, דער שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל פון אונדזער קאָרפּוס אַנדריי וולאַדימיראָוויטש.

מיט די זעלבע הינטערהויפן און מיטן זעלבן ווערדל האָב איך זיך דערקליבן אין שטאַב פון מײַן בריגאַדע. צו דעם אַרטיקן צושטאַנד בין איך שוין אַ ביסל געוווינט געוואָרן און מער זיכער געמאַכט די איבערלויפן, ווייניקער געפאַלן, ווייניקער זיך געבוקט פאַר די סנאַריאַדן און מינעס, וועלכע האָבן זיך אָן אַ שיר געשאָטן פון דעם אַנטקעגנדיקן ברעג.

די גאַנצע נאַכט און דער גאַנצער פאָלגנדיקער טאָג איז אַוועק אַף צוגרייטן די פאַרשטייענדיקע פאַרסירונג פונעם קאַנאַל. וויאַזוי מיר האָבן זיך ניט געסטאַרעט אַלץ טאָן בעסאָד־סוידעס, זײַנען אונדזערע צוגרייטונגען ניט פאַרבליבן אומבאַמערקט פאַר די פאַשיסטן.

ביז דער שפּעטער נאַכט האָבן זיך אַף אונדזער ברעג אופגעריסן שווערע סנאַריאַדן, די דײַטשישע שנעלשיסנדיקע זעניטקעס האָבן זיך צוגעפּאַסט צו פירן דעם פײַער אַף די ציילן, וואָס געפינען זיך אַף דער ערד. אין אַזאַ מין אומגעבונג האָט זיך אונדז סאַפּקאַלסאַפּ אײַנגעגעבן פאַרענדיקן די צוגרייטונג צום שטורעם פונעם טעלטאָוו־קאַנאַל, וועלכער דעקט צו בערלין פון דאַרעם־זײַט. באַ אונדז, טאַנקיסטן, איז געבליבן ניט פאַרווירקלעכט די פּראָבלעם, וואָס עס פעלט אונדז אויס פּעכאָטע. זיך ראַנגלען אין בערלין אָן איר איז געווען אומעגלעך. אָבער ווו נעמט מען זי?

באַ מיר איז אופגעקומען אַ געדאַנק, וועלכן איך האָב אַרויסגעזאָגט דעם שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל און דעם שעף פון דעם שטאַב:

— עפּשער זאָלן מיר טאַקע אַלס פּעכאָטע אויסניצן די טאַנקיסטן, וועלכע האָבן אין די פריערדיקע שלאַכטן פאַרלוירן זייערע טאַנקען?

מײַנע פרײַנט האָבן דאָס באַוויליקט. און די טאַנקיסטן זײַנען באַלד אָפּגערופן געוואָרן. מיט אויטאָמאַטן און קוילנוואַרפערס, אַראָפּגענומענע פון די אונטערגעקלאַפּטע טאַנקען, האָבן זיי זיך אײַנגעשלאָסן אין די שטורעם־גרופּעס, צונויפגעשטעלט פון טאַנקען, מאָטאָ־פּעכאָטע, אַרטילעריסטן, סאַפּיאָרן, פאַרבינדלער. צו זיי האָבן זיך אײַנגעשלאָסן די רעמאָנטלער, סאַניטאַרן, פעלק־קאַנצעלאַריסטן, ווירטשאַפטלער. אַלעמען האָט זיך געוואָלט אָנטיילנעמען אינעם שטורעם פון בערלין, אינעם פאַרענדיקן די צעשמעטערונג פונעם פײַנט. איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, נאָר עפּעס אַנדערס האָט מיך געקימערט.

אַ מענטש בלײַבט אַ מענטש. דאָס געפיל פון זעלבסטפאַרהיטונג איז אַ לעבעדיקער געפיל. אין די לעצטע טעג פון דער מילכאָמע, ווען עס איז שוין נאָענט דער זיג, צו וועלכן מיר האָבן זיך געצויגן, איז שווער געווען אַפילע אַ טראַכט טאָן, אַז דיר וועט אויסקומען שטאַרבן. אין אָט דער צײַט האָט געוויס זיך געקאָנט אַנטפּלעקן דאָס געפיל פון זעלבסטפאַרהיטונג. נאָר אויב די מענטשן וועלן פּרווון אויסמײַדן די ריזיקע, קאָן דאָס פאַרטאַמאַזירן דעם אָנגריף. אין אַזאַ מין סיטואַציע איז בלויז די פאַרשטאַרקונג פון דער אופקלער־אַרבעט ווייניק, עס איז נייטיק דער בײַשפּיל פון די קאָמאַנדירן, קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן.

אין די שווערע צײַטן פון די יאָרן 1941—1942 און ווײַטער — אין 1943, אין די שלאַכטן פאַרן דניעפּער אַף דער אוקראַיִנע, אין ווײַסרוסלאַנד זײַנען אַזעלכע פּראָבלעמען ניט געווען. אַ סאַך פון אונדז האָבן ניט געהאָפט אַרויס לעבעדיק פון אָט דער מעשונעדיקער פלייש־מיל, און די וואַרשײַנלעכקײַט צו בלײַבן לעבן איז טאַקע געווען זייער קליין.

ווען מיר האָבן זיך געוואָרפן אין קריג, האָבן מיר געטרוימט וועגן זיג, כאָטש מיר זײַנען ניט געווען זיכער, אַז מיר וועלן אים זען. איך האָב ניט איין מאָל געזען, וויאַזוי די שלאַכטלײַט זײַנען געגאַנגען אַף אַן עמעסן אומקום פאַר אַ קליינינקן ניצאָכן אַף זייער פראָנט־באַצירק איבער אַ ניט־גרויסער גרופּע פונעם סוינע, אַמאָל אַפילע אין האַנט־געפעכטס.

ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז פון אָט די קליינע אונדזערע דערגרייכונגען אין יענער צײַט איז אָפּהענגיק געווען דער גרויסער זיג פונעם היימלאַנד אין דעם בלוטיקן געראַנגל מיטן פאַשיזם.

גייענדיק אין האַנט־געפּעכט, האָבן די פראָנטאָוויקעס ליב געהאַט צו זאָגן: „צוויי מאָל שטאַרבן קאָן מען ניט, נאָר איין טויט וועסטו ניט אויסמיידן". אין אָט די ווערטער איז געווען אַ ביסל עמעס. נאָר צוזאַמען מיט דער פּערזענלעכער שרעקלאָזיקייט, מיט דער פאַראַכטונג צום סוינע האָבן אָט די ווערטער אין אַ געוויסער מאָס אויסגעדריקט די מענטשלעכע שוואַכקייט — דעם ניט־גלייבן אין דעם, אַז אַף דער מילכאָמע קאָן מען בלייבן לעבן.

נאָר אומזיסט איז געווען מיין כשאַד. און וויאַזוי האָב איך זיך געפרייט פאַר אונדזערע סאָל־דאַטן און אָפיצערן, ווען שוין פונעם ערשטן טאָג פון די שלאַכטן פאַר בערלין האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז כ'בין ניט גערעכט, אַז איך האָב פאַשעט ווייניק געקענט אפילע יענע מענטשן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אַזוי דערנעענטערט פאַר די מילכאָמע־יאָרן. די באַוווסטזיניקייט פון די סאָוועטישע סאָלדאַטן איז געווען העכער פון פּערזענלעכע איבערלעבונגען. די אומויסשעפּלעכע שטרעבונג צום זיג, די איינהייטלעכע אַנטשלאָסנקייט וואָס גיכער און ענדגילטיק פאַרניכטן דעם פאַשיזם, דער טיפער גלויבן אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער זאַך האָבן געבוירן מאַסנווײַ העלדישקייט. די מענטשן האָבן זיך געריסן אין שלאַכט. ווער ס'איז דערגאַנגען צו דער נאָרע פונעם פאַשיסטישן מאָנסטער, האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען, וואָס עס וועט באַטייטן פאַר די קומענדיקע דורעס די ווערטער — „איך האָב גענומען בערלין!..."

אַפן צווייטן טאָג, ווען די בריגאַדע האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין בערלינער פאַרשטאָט, ווען מיר האָבן פאַרכאַפּט דעם טעלטאָוו־קאַנאַל און ס'האָט זיך געעפנט דער וועג קיין צעלענדאָרף און צום דאַרעם־עק פון בערלין, איז צו מיר צוגעשפּרונגען דער „ווילים" אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאַנצער־טראַנספּאָרטירער און דרײַ ראַדיאָסטאַנציעס אַף מאַשינען. פון דאָרטן איז שטיל אַרויסגעשפּרונגען דער קאָמאַנדיר פונעם קאָרפּוס נאָוויקאָוו. ער איז געווען אין אַ גוטער שטימונג.

— איך האָב געזען, געזען, וויאַזוי איר וואָלט געוואָלט נעמען די בריק, — האָט געזאָגט וואַסילי וואַסיליעוויטש, — יעדנפאַלס, די אויפגאַבע צו באַהערשן דעם קאַנאַל איז אויסגעפילט, אָבער עס הייבט זיך אָן דער סאַמע שווערער פּעריאָד.

נאָוויקאָוו האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער כאַליעווע אַ צעקנייטשטע מאַפּע, זי אויסגע־גלײַכט און צעשפּרייט אַפן פּליגל פון דער מאַשין. דערנעבן מיט זײַן מאַפּע האָב איך צעשפּרייט אויך מײַנע. דאָ טאַקע האָט דער קאָמקאָר דורכגעפירט מיטן פאַרביקן בלײַער אַ פּונקטיר־ליניע, וועלכע האָט זיך געצויגן אַף צאָפן אין דער ריכטונג פון צעלענדאָרף, כאַוועל־זעע און פאַרלירט זיך אַפן מײַרענוו־ראַנד פון בערלין.

— אָט אַזוי, געוויס איז דאָס אײַך אַלץ פאַרשטענדלעך? — האָט ווײַטער גוטמוטיק פאַרגעזעצט דער גענעראַל. — דאָס איז אײַך די אויפגאַבע אַפן מאָרגנדיקן טאָג.

— פאַרשטענדלעך, כאַווער גענעראַל!

— פאַרשטענדלעך איז עס טאַקע פאַרשטענדלעך, נאָר דיר מיט דײַנע טאַנקיסטן וועט אויס־קומען ערנסט אָן אַרבעט טאָן.

צום ערשטן מאָל פון אונדזער קורצער באַקאַנטשאַפט האָט נאָוויקאָוו געזאָגט „דיר", דאָס האָט אויפגעהויבן מײַן שטימונג און דערנעענטערט אונדז. אַף דער מילכאָמע האָט עס אַ גרויסע באַדײַטונג.

דער גענעראַל האָט פאַרגעזעצט:

— טו אַ קוק, וועלכע גיטער, ווילעס, גראָבע, ניט־צוטריטלעכע וועגנט, צווישן די ישוווים — אָזערעס: קרומען־לאַנקע, כאַוועל־זעע. און דאָס אַלץ דאַרף מען נעמען, שטורמעווען, אַרומגיין.

אָזערעס: קרומען־לאַנקע, כאַוועל־זעע. און דאָס אַלץ דאַרף מען נעמען, שטורמעווען, אַרומגיין.

דער ייִנגערער נאָוויקאָוו, שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר, האָט מיט אַ ברייטן שמייכל זיך געווענדט צום עלטערן נאָוויקאָוו:

— וואַסילי וואַסיליעוויטש, דו האָסט אַזוי דערשראָקן דראַגונסקין, אַז ער שטייט און רירט זיך ניט פונעם אָרט.

— ער איז ניט פון די פּאַכדאָנים, — און, צוגעזאָגנדיק נעענטער, האָט ער מיך אַ פּאַטש געטאָן איבער דער פּלייצע. — נו, גענוג, כעווערע, איך וועל אײַך העלפן מיט אַרטילעריע, און אויב עס וועט קומען די פּעכאָטע צו מיר, וועל איך דיך פאַרשטאַרקן נאָך מיט אַ באַטאַליאָן.

צעזעגנט זיך מיט אונדז, האָט ער כוואַטסקע אַ שפּרונג געטאָן אין „ווילים", נאָך אים איז אוועק די פּאַנצער־מאַשין, די ראַדיאָסטאַנציע און אַלץ, וואָס עס איז אַרײַנגעגאַנגען אין באַשטאַנד פונעם באַוועגלעכן באַאַבאַכטונגס־פּונקט פון דעם קאָרפּוס.

— עפּעס אַ פרײַלעכער איז הײַנט אונדזער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר!

נאָוויקאָוו דער ייִנגערער האָט ברייט געשמייכלט:

— וואַסילי וואַסיליעוויטש איז באַ אונדז הײַנט אַפן זיבעטן הימל, עס דאַרף דאָך אַזוי טרעפן — בעכטן האָט ער באַגעגנט צוויי זײַנע זין — דמיטרי און יורי,ביידע אָפיצערן פון טאַנקיסטן. איינער

פון זיי, דוכט זיך, יורי, איז א שלאַכטמאַן פונעם שכיינעסדיקן 9־טן קאַרפּוס, און דמיטרי — אין דער אַרמיי באַם גענעראַל לוטשינסקי. אַזוי באַקומט זיך טאַקע — דער טאַטע און צוויי זין האָבן זיך באַגעגנט הינטער בערלין אינעם לעצטן עטאַפּ פון דער מילכאָמע.

— עס גלייבט זיך עפּעס ניט, — האָב איך באַמערקט.

— איך וואָלט אויך ניט געגלייבט, נאָר איך בין בייַגעווען בייַס אָט דער באַגעגעניש. דאָס איז געווען באַם טייַך־איבערגאַנג אין דער מיזרעך־זייַט פון דעם טעלטאָוו־קאַנאַל. עס האָבן זיי פאַרייניקט די בריוו פון מאָסקווע, וועלכע זיי האָבן באַקומען פון נאַסטאַסיע פּעטראָוונען — דער פרוי פונעם גענעראַל. איר ווייסט געוויס וועגן דעם כאַראַקטער פון אונדזער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר: אין מעשעך פון צוויי טעג האָט ער זיי ביידע אָפּגעזוכט. די באַגעגעניש איז געווען זייער אַ רירנדיקע. די זין האָבן שיר ניט אומגעוואָלגערט דעם פאָטער, אים געקושט און געהאַלדזט, און דער אַלטער האָט געקוקט אויף זיי צעמישט און געוויינט פון פרייד. ער האָט זיי דאָך ניט געזען פון סאַמע אָנהייב פון דער מילכאָמע, און עס דאַרף אַזוי געשען, אַז נאָך דרייַ יאָר פון צעשיידונג זאָל מען זיך טרעפן אין טעלטאָוו! איך האָב געזען, ווי־אַזוי דער אַלטער איז לאַנג געשטאַנען באַם קרייצוועג, זייַן האַנט איז אומבאַוועגלעך געהאַנגען אינדערלופטן: „צו דער באַגעגעניש אין בערלין!“.

— אַנדריי וולאַדימיראָוויטש, עס האָט אָבער געקאָנט פּאַסירן אַזוי, ווי מיט מיר: פיר ברידער פון אונדזער מישפּאָכע געפינען זיך אויך ערגעץ אויף די וועגן פון דער מילכאָמע און וואַרטן אויף אַ באַגעגעניש.

דער שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל האָט זיך פאַרטראַכט:

— אויך בייַ מיר איז די לאַגע ניט בעסער. דאָס גאַנצע פאָלק פירט מילכאָמע, דרייַ דורות האָבן זיך געשטעלט קעגן סוינע: די טאַטעס, מיר — דער מיטעלער דאָר, און אונדזערע קינדער. מיר וועלן נעמען בערלין, צעגראָמירן דעם פאַשיזם און דאָס אָפּמערקן ווי דעם סאַמע גרעסטן יאָם־טעוו אין דער וועלט.

וואַרעם האָבן מיר זיך צעשיידט מיטן שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל, אַרייַנגעשפּרונגען אין מייַן מאַשין, קעדיי שנעל אָנקומען די באַטאַליאָנען. דעמאָלט טאַקע האָבן זיך צו מיר דערטראָגן אַנדריי וולאַדימיראָוויטשעס ווערטער:

„צו דער באַגעגעניש אין בערלין, אויף דער ווילהעלמשטראַסע!“

נאָך צעלענדאָרף האָבן זיך געצויגן וועלדער און אָזערעס, לענגאויס די ברעגן זייַנען געלעגן ווילעס, דאַטשע־יִישווים, פּעשענעבעלע קאָטעדזשן, זיי זייַנען געווען שטאַרק צעוואָרפן און דאָס האָט שווער געמאַכט די אָריִענטירונג.

קוקסט אויף דער מאַפּע און פּלאַן פון בערלין און זעסט דאָרט וועלדער, און אַפּדערעמעסן שטייען אַרום דורכויסיקע שטיינערנע בויונגען. די פאַשיסטישע קאָמאַנדשאַפט האָט אייַנגעשלאָסן זיי אין דער סיסטעם פון באַשיצונג, צעלייגט אין זיי באַזונדערע גאַרניזאָנען מיט פייַער־פּאָזיציעס. אָט פאַר־וואָס, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער אויטאָסטראַדע, זייַנען פון אַלע הייַזער געפלויגן סנאַריאַדן פון פאַרשיידענע קאַליברען, עס האָבן געשורשעט די באַלוואַנקעס פון אויטאָמאַטישע אייַנריכטונגען, „פערדינאַנדן“ און „פּאַנטערעס“...

דעם קאָמאַנדיר פונעם צווייטן באַטאַליאָן ט. יע. גוליעוואַטין האָב איך געטראָפן אויפן דאָרעם־ברעג פון דער אָזערע קרומע־לאַנקע פונקט דעמאָלט, ווען ער האָט געשטעלט די אויפגאַבע פאַר דער פּעכאָטע. די טאַנקען זייַנען געשטאַנען אונטערן פייַער פונעם קעגנער, די פּעכאָטע איז געלעגן אויף דער ערד, די אַרטילעריע האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין אַ קופּע און אויפגעהערט שיסן. עס האָט זיך געפילט עפּעס אַ פּלאָנטער.

נאָך דער הייסער באַטאַגיקער שלאַכט אין צעלענדאָרף האָט אָוונט־צייַט דער טעמפּ פונעם אָנגריף זיך פאַרקלענערט.

— טראָפים יערעמייעוויטש, אַזוי וועלן מיר בלויז אין אַ יאָר אַרום אַרייַנגיין אין בערלין. פאַרוואָס פּרוּווסטו ניט אויסמייַדן די דאָזיקע ווילע?

— איך האָב געפּרוּווט, נאָר קאָטעדזשן זייַנען דאָ אַזויפיל, אַז ווען דו מייַדסט אויס איינעם, פאַרטשעפּעסטו זיך גלייַך פאַר אַ צווייטן, — האָט זיך פאַרענטפערט גוליעוואַטי.

איך בין גרייט געווען זיך אַרופוואַרפן אויף אים מיט פאָרוואורפן, נאָר קעגן מיר איז געשטאַנען אַן אויסגעמאַטערטער מענטש, וועלכער איז ניט געשלאָפן שוין עטלעכע מעסלעסן און האָט נעכטן פאַרלוירן אין שלאַכט זייַן בעסטן פרייַנט — דעם זאַמפּאָליט פונעם באַטאַליאָן מאַיאָר נעמטשענקאָ. זידלען אים איז געווען אומענטשלעך און אומנוצלעך. כוץ דעם, בין איך ניט געווען קיין אָנהענגער פון אויסזידלען אין אַ שווערער רעגע. איך האָב שטענדיק זיך געסטאַרעט ניט זייַן געגליכן צו יענע קאָמאַנדירן, וועלכע פלעגן אין אַ קריזיס־מאָמענט זיך פאַרנעמען בלויז מיט אָנשרעקן זייערע אונ־טערגעאָרדנטע, געדראָט מיטן טריבונאַל. לויט דער אייגענער דערפאַרונג האָב איך געוווּסט, ווי־אַזוי עס איז וויכטיק אויסצושטרעקן אַ האַנט דעם מענטשן, וועלכער געפינט זיך אין אַ שווערער לאַגע,

אים העלפן. מיר איז געווען באוווסט, וואָס פאַר א ווירקונג עס האָט יעדער גוט וואָרט אין אזא מאָמענט.

— נו, און איצט פאַר דער ארבעט. מיר וועלן אַנהייבן זיך שלאָגן אפּדערעמעסן, — האָב איך דערמוטיקט דעם קאָמבאַט.

קאַיאַר, און צום סאָף אפּרעל הייבט אָן צו טאָגן זייער פרי, האָבן מיר שוין געשטורעמט דעם מייַרעווידיקן ראנד פון דער הויפּט־שטאָט פונעם דייַטשישן רייַך.

דער אמאָליקער פעשענעבעלער בערלין, א באַפּוצטער און צעשמירטער מיט פאַשיסטישע טראנס־פּאַראַנטן: „אלעס פיור דויטשלאַנד", מיט שפּינען־האָקנקרייצן, האָט איצט מיט זיך פאָרגעשטעלט א נעבעכדיק בילד: סקעלעטן פון הייַזער, איינזאַם סטאַרטשענדיקע פאַרקוילטע ביימער, טויטע גאַסן. און אַן אומופּהערלעכע באַמבאַרדירונג, אַרטילערישע קאַנאָנאַדעס, אופריַיסן און א שיסערייַ. און אַרום בערלין — גאָט מייַנער, ס'איז זיך שווער פאַרצושטעלן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין אָט די טעג אַרום בערלין!

דרייַ טעג האָט די בריגאַדע זיך געפּונען אין אָט דעם קעסל. מיט א טאָג צוריק זייַנען מיר צוגעגאַנגען צום צענטער פון בערלין, ביז טירגאַרטען. באַנאַכט האָט מען אונדז באַפוילן פאַרקערע־ווען אַף צאָפן־מייַרעוו, צו רולעבען, שטרעזאַו, שאַרלאָטענבורג. עס איז שוין געווען נאָך מיטיק. דער טאָג האָט זיך אויסגעגעבן א פריילינגדיק־וואַרעמער. די זון איז געשטאַנען הויך איבערן קאָפּ. די שטראַלן אירע האָבן זיך קוים־קוים דורכגעריסן דורך דעם גדיכטן פאַרהאַנג פון רויך. די סאָל־דאַטן און אָפיצערן, וועלכע זייַנען צוזאַמען מיט מיר געזעסן אַפן טאַנק, האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואַרעמע קורטקעס און פוטערנע טוזשורקעס.

נאָך רולעבען האָבן מיר איבערגעשניטן די אייַזנבאַן־ליניע אַף שפּאַנדאַוער־דאַם. דאָ האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אונדזער אָפּגעטראָגענער פּאַנצער־מאַשין. דער אויסשפּירער פון אונדזער בריגאַדע סאַוועליעוו האָט מיט אַן אופגערעגטער, נאָר פריידיקער שטים געשריגן:

— באַקומט קריגס־געפאַנגענע!

איך בין געבליבן געפּלעפט. וואָס פאַר א קריגס־געפאַנגענע? און וועמען טויגן זיי איצט? עפּשער אליין היטלערן אָדער געבעלסן האָט מען געפאַנגען? אין יענע טעג האָט מען זיך געקאָנט אַף אלץ ריכטן.

פון דער מאַשין זייַנען אַראָפּגעשפּרונגען צווי אומבאַוווּסטע מיר סאָוועטישע אָפיצערן. א הויכער, אונטערגעצויגענער, לייַכט־באַוואָקסענער מאַיאָר האָט זיך פאָרגעשטעלט:

— קאָמאַנדיר פון דער 35־טער בריגאַדע פונעם ערשטן פּאָוולאָגראַדער מעכאַניזירטן קאָרפּוס פון ערשטן ווייַסרוסישן פראָנט מאַיאָר פּראָטאַסאָוו. איך שטעל זיך פאָר אַדאַנק דער פאַרייניקונג מיט דער אַנפאַרטרויטער אייַך בריגאַדע פונעם ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט.

דער מאַיאָר האָט געטאָן א טראַט אין דער זייַט, קעדיי באַפרייַען דאָס אָרט דעם צווייטן אָפיצער.

— קאַפּיטאַן טוראַוועץ, פון דער זעלבער בריגאַדע פונעם ערשטן קאָרפּוס. מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט אייַך 12 אַזייגער, דעם 27 אפּרעל, בא דער אייַזנבאַן־בודקע צווישן די סטאַנציעס סאַמענסטאַדט — רולעבען.

— אוי, גאָט מייַנער! — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט בא מיר. — ווייַזט זיך אַרויס אָט וואָס פאַר א „קריגס־געפאַנגענע" האָבן פאַרכאַפּט מייַנע אויסשפּירער!

די ידיעה וועגן דעם, אַז אין בערלין האָבן זיך פאַראייניקט צווי פראָנטן און אַז אין א געוויסער מאָס האָט אין דעם א כיילעק אויך מייַן בריגאַדע, האָט ניט געקאָנט אונדז נישט דערפרייען.

די רעשט פונעם טאָג און די גאַנצע נאַכט האָבן מיר אָפּגעראַמט פונעם סוינע דעם ראַיאָן פון דער גאַס שפּאַנדאַוער־דאַם. די בריגאַדע האָט באַקומען אַן אופגאַבע אַנגרייַפן אין דער ריכטונג פונעם אייַזנבאַן־וואָקזאַל שאַרלאָטענבורג, דער סטאַנציע סאַוויני־פּלאַץ און ווייַטער צום זאָאָלאָגישן סאָד. באַנאַכט האָבן די שלאַכטן זיך אייַנגעשטילט. נאָר אין באַגינען האָבן זיי זיך ווידער באַנייַט. דער סוינע האָט זיך געוואָרפן אין ווידערשטאַנד מיט ייִעש פון א פאַרורטיילטן. דער פראָנט האָט דערמאָנט א פיראַג פון פיל שיכטן. דער קאַמף איז געגאַן אינעווייניק פונעם רינג און אין היינטערלאַנד פון די אַרומגערינגלטע. זייער שווער איז געווען זיך אָריענטירן ניט נאָר אַף די גאַסן צי אין די הייַזער. אָפט האָט מען אַפילע אין די גאָרנס זיך ניט געקאָנט פאָנאַנדערקלייַבן, ווו עס זייַנען די היטלעראַווצעס, און ווו עס זייַנען אונדזערע.

די סאָוועטישע אוויאַציע איז געהאַנגען אין דער לופט, מיט גרויס מי זיך פאַנאַנדערגעקליבן אין די צילן. אונדזערע אַנגעווייזענע צילן זייַנען ניט שטענדיק געווען פּינקטלעכע. צומאָל איז אויס־געקומען לויט אַלע קאַנאָנען פון פאַרבינדונג בעטן די פּילאָטן, זיי זאָלן ביט באָמבירן די פאַרנומענע דורך אונדז ראַיאָנען. די אַרטילעריע פונעם ערשטן ווייַסרוסישן פראָנט האָט זיך צוגעצויגן צום צענטער פון בערלין. די אופרייַסן פון אירע סנאַריאַדן האָבן זיך דערנעענטערט צו אונדז. אין דער

שטאָט איז געווען ענג פון דער גרויסער צאָל פון אונדזערע קויכעס, און אינעם הימל איז געווען ענג פון אונדזער פילצאָליקער אוויאַציע.

אינעם צעשטערטן, צעקריפּלטן, פאַרוואַלגערטן מיט ברוכשטיקער בערלין האָבן זיך אָנגעזאַמלט קימאַט צען אַרמייען, אַ גרויסע צאָל שיסער־קאָרפּוסן, מעכאַניזירטע טאַנקען־ און אַרטילעריע־קאָרפּוסן, הונדערטער פּאָלקן פון אַלע מינים מיליטער, מער פון 6 טויזנט טאַנקען, קימאַט 40 טויזנט האַרמאַטן און מינענוואַרפערס. אָט די גאַנצע מאַסע פון מענטשן און שלאַכט־טעכניק האָט פאַרפולט די צוטריט־וועגן צו דער פאַשיסטישער הויפּט־שטאָט, צו אירע פאָרשטעט, ראַנדן און גאַסן. עס איז געוואַקסן די סאַקאָנע, אַז דאָס מיליטער זאָל זיך איבערמישן, עס זאָלן אַפילע שטרײַטן פאַרשיידענע טיילן פון אונדזער אייגענעם כאַיל.

אין די מײַרעוו־ראַיאָנען פון בערלין האָבן אַ פלייץ געטאָן מאַכנעס פאַשיסטן, וואָס זײַנען געלאָפן פון מיזרעך און צאָפן אונטער די קלעפּ פון ערשטן ווײַסרוסישן און אוקראַיִנישן פראָנטן. די אַרענע פון שלאַכטן זײַנען געוואָרן די סטאַנציעס פון מעטראָפּאָליטען, די אונטערערדישע וועגן, אַ סאַך אומבאַוווּסטע אונדז דורכגענג. דער קעגנער האָט גוט געוווּסט זײַן שטאָט און מאַנעווירט אין די שמאָלע ערטער, אָפּט זיך באַוויזן בײַ אונדז אין הינטערלאַנד.

דער שלייף אויפן האַלדז פון די היטלעראָווצעס האָט אָבער זיך פאַרצויגן אַלץ שטאַרקער. פאַר די פאַרטיידיקער האָבן זיך אָנגעהויבן קריטישע טעג. זיי האָבן איצטער פולשטענדיק פאַרשטאַנען, אַז קיין וווּנדער וועט ניט טרעפן, דאָס „איבערמעכטיקע געווער", וועגן וועלכן ס'האָט געשריגן געבעלס, האָט זיך ניט באַוויזן. די איינציקע רעטונג פאַר די באַלאַגערטע נאַציסטן איז געווען — זיך דורכרײַסן אויף מײַרעוו, זוכן אַ באַהעלטעניש הינטער האַוועלזעע. טויזנטער היטלערישע סאָלדאַטן און אָפיצערן האָבן אַ פלייץ געטאָן אין אונדזער זײַט. אין די דאָרעם־ראַיאָנען פון בערלין זײַנען אָפּטער געוואָרן די סרייפעס, עס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט די האַרמאַטן־ און אווטאָמאַטן־שיסערײַ אין די אונטערערדישע טונעלן, אין די קאַנאַליזאַציע־רערן, אין מעטראָ.

דאָ און דאָרט האָבן זיך געהערט האַרצרײַסנדיקע ווייגעשרייען:

„העלפּט, ראַטעוועט!..."

די היטלעראָווצעס האָבן געעפנט די בערלינער שליוזן, און דאָס וואַסער האָט אַ פלייץ געטאָן אַהין, אונטער דער ערד, ווו עס זײַנען דערטרונקען געוואָרן זייערע זשע מענטשן. נאָר קיינער האָט ניט געראַטעוועט, ניט געקומען צו הילף, יעדער היטלעראָוועץ האָט געקלערט, וויאַזוי זיך ראַטעווען זעלבסט.

די גאַנצע נאַכט ביזן קאַיאָר זײַנען געגאַן פאַרביסענע געראַנגלען. אויף אַ קלייניקן ערד־כיילעק פונעם פראָנט האָבן זיך געפונען אונדזערע טאַנקען און די אַרטילעריע. אָט ווען מיר האָבן פונעם פולן האַרצן געדאַנקט אונדזער פּעכאָטע פאַר איר מעסירעסנעפעשדיקײַט. אָט ווען מיר האָבן ביזן סאָף פאַרשטאַנען, וויאַזוי צו דער צײַט איז געווען די פּעכאָטע פונעם גענעראַל לוטשינסקי. אין יענע שאָען איז יעדער טאַנקיסט גרייט געווען זיך שטעלן אויף די קני פאַר דער קיניגן פון די שלאַכט־פעלדער, ווײַל די פּעכאָטע איז פאַר אונדז טאַקע געווען, ווי מע זאָגט, דער גוטער מאַלעך.

די היטלעראָווצעס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן זיך אַרויסרײַסן פון בערלין, און זיי האָבן זיך געוואָרפן אין אָט דער מײַז־פּאַסטקע, פילנדיק, אַז אָט־אָט קומט זייער סאָף.

אין יענער צײַט האָט אינעם ראַיאָן פון פּאָטסדאַם זיך שוין באַוויזן די געקומענע פון דאָרעם מיליטער־טיילן פון דער פערטער טאַנקען־אַרמיי, מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער גענעראַל לעליושענקאָ, און פון צאָפן האָבן זיך דערנעענטערט די פאַרייניקונגען פונעם גענעראַל פּערכאָראָוויטשס 47־טער אַרמיי פון דעם ערשטן ווײַסרוסישן פראָנט.

דאָס האָט געהייסן, אַז אויב די היטלעראָווצעס וועלן זיך אַפילע דורכרײַסן אויף אונדזער פראָנט־באַצירק, וועלן זיי סײַוויסײַ פאַרבלײַבן אין בערלינער קעסל. די מילכאָמע קאָן ניט זײַן אָן פאַרלוסטן. פון דעם וועסטו אין ערגעץ זיי ניט אַהינטאָן. מע זאָגט אַפילע, אַז צו די פאַרלוסטן קאָן מען געוווינט ווערן, באַזונדערס אַזעלכע מענטשן, וועלכע באַגעגענען זיך טאָגטעגלעך מיט סאַקאָנעס און געפאַרן. איך ווייס ניט, עפשער איז עס טאַקע אַזוי, נאָר פאַר אַלע יאָרן פון דער מילכאָמע, דורכגייענדיק טויזנטער קילאָמעטער פראָנט־וועגן, האָב איך טאַקע ניט געקאָנט זיך צוגעווינען צו דעם, וואָס דער טויט רײַסט אַרויס אָן ראַכמאָנעס פון אונדזערע רייען אָט איינעם, אָט אַ צווייטן כאַווער. אין די שלאַכטן פאַר בערלין האָט די בריגאַדע געטראָגן גרויסע פאַרלוסטן. עס זײַנען דערהאַרגעט געוואָרן דער זאַמפּאָליט נעמטשענקאָ, מײַן פאַרטרעטער איוואַן יעמעליאַנאָוויטש קאַלעניקאָוו, דער ראָטע־קאָמאַנדיר כאַדזאַראַקאָוו, עס זײַנען אומגעקומען גאַנצע עקיפּאַשן. אַ גרויסע צאָל זײַנען געווען פאַרוווּנדעטע, און הײַנט איז דערהאַרגעט געוואָרן דער מאַיאָר אַנדריי סאָלאָנושענקאָ — דער זאַמפּאָליט פונעם ערשטן באַטאַליאָן. דער טויט האָט ניט איין מאָל געשוועבט איבער זײַן קאָפּ. גאָר ניט לאַנג פאַרן אומקום איז ער געווען פאַרוווּנדעט אין שלאַכט פאַר צעלענדאָרף, נאָר זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן זײַן באַטאַליאָן.

— כאַטש דערהאַרגעט מיך אפֿן אָרט־ וועל איך ניט איבערלאָזן מײַנע טאַנקיסטן, — האָט ער א געשריי געטאָן צו אונדז, — מיט זיי בין איך ביז בערלין דערגאַן... אויב אַפֿילו מע וועט בא מיר אָפּרײַסן די פֿיס, וועל איך סיווויסײַ פֿויזען, נאָר פֿונעם באַטאַליאָן ניט אוועקגײן.
דערהאַרגעט געוואָרן איז אנדריי אין סאַמע בערלין...
איינמאָל, בייס א מאַרש איבער פּוילן, בין איך געוועזן אין זײַן באַטאַליאָן, מיר האָבן זיך צערעדט אַף פֿאַרשיידענע טעמעס, און פּלוצלינג האָב איך אים א פֿראַגע געטאָן, ווי אַזוי פֿאַרשטייט ער — וואָס אַזוינס איז גליק? איך האָב געוווּסט, אַז ער איז אַמאָל געווען א לערער פֿון געשיכטע און פֿילאָסאָפֿיע. באַלד איז געקומען אַן ענטפֿער:
— גליק — דאָס איז פֿרײַהײַט פֿון מײַן היימלאַנד. נאָר איצט וויל איך ניט קיין אַבסטראַקטע, נאָר א רעאַלע פֿרײַהײַט, אַז איך זעלבסט זאָל ארײַן אין בערלין און קומען צו דער פֿאַרשאָלטענער קינאָסטודיע, ווו עס אַרבעטן מײַן פֿרוי און די טאָכטער, וועלכע די פֿאַשיסטן האָבן אַהין פֿאַרטריבן, און א געשריי טאָן צו זיי: „גייט אַרויס, מײַנע טײַערע, איר זײַט פֿרײַ!"
אין דער נאַכט אפֿן ערשטן מײַ זײַנען די שלאַכטן אָנשטילט געוואָרן, נאָר מיר אַלע זײַנען גרייט געווען צו באַליבּיקע צופֿעליקײַטן. דער שטאַב פֿונעם קאָרפּוס האָט געשוויגן, און איך האָב באַשטימט אָנקלינגען צום קאָמקאָר. דער גענעראַל נאָוויקאָוו איז א לאַנגע צײַט ניט צוגעגאַנגען צום טעלעפֿאָן, דערנאָך האָט זיך דערהערט זײַן שטילער קאָל. באַגריסט איינער דעם אַנדערן, האָב איך אָנגעהויבן דרייסט אויסדריקן מײַן באַקאָשע:
— כאַוווער גענעראַל, העלפֿט אונדז, עס פֿעלט אויס פּעכאָטע. אָן איר איז שלעכט. איבערן מאַנגל פֿון אויטאָמאַטלער ברענען אונדזערע טאַנקען, גרויסע פֿאַרלוסטן אינעם פּערזענלעכן באַשטאַנד. איך בעט אײַך געבן אונדז כאָטש איין באַטאַליאָן אויטאָמאַטלער.
ס'איז אַדורך א מינוט, די צווייטע, נאָר דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל האָט געשוויגן. איך האָב איבער־געפֿרעגט, צי הערט מיך דער קאָמקאָר.
— יאָ, איך הער אײַך גוט, — האָט מיט א הייזעריקער שטים געענטפֿערט נאָוויקאָוו. — פּע־כאָטע אײַך געבן קאָן איך ניט, בא מיר איז זי ניט פֿאַראַן.
דער גענעראַל איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן. אין טרײַבל האָט זיך געלאָזט הערן א שווערער אָטעם. און פּלוצלינג...
— דאַוויד אַבראַמאָוויטש, בא מיר איז א גרויסער אומגליק, זייער א גרויסער. נעכטן איז אומגעקומען מײַן יורע... מײַן זון. ער איז דערהאַרגעט געוואָרן אין סאַמע בערלין.
געפּלעפּט פֿון דעם דערהערטן, בין איך פֿאַרשטאַרבן געוואָרן באַם טעלעפֿאָן. און דער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר האָט פֿאַרגעזעצט דערציילן וועגן יורען, זיך אויסגערעדט דאָס פֿאַרביטערטע האַרץ:
— ער האָט געפֿירט אין אַטאַקע זײַן אויטאָמאַטאַרישן פּאָלק און... — די שטים באַם גענעראַל האָט גענומען ציטערן, — דאָס האָט דאָך געטראָפֿן אָט דאָ, דערנעבן, אינגאַנצן צוויי קילאָמעטער פֿונעם זאָאָלאָגישן סאָד, אין צענטער פֿון בערלין. זײַן קערפּער געפֿינט זיך אַף מײַן קאָמאַנדע־פּונקט. זאָל ער אויך א טויטער זײַן מיט מיר ביזן סאָף, וועט מיר וועלן צעשמעטערן די פֿאַשיסטן אין בערלין.
— וואַסילי וואַסיליעוויטש, — צום ערשטן מאָל האָב איך אים אָנגערופֿן לויטן נאָמען און פֿאָטערנאָמען, — מיר איז שווער איצט זיך צונויפֿנעמען מיט די געדאַנקען, איך האָב ניט קיין ווערטער, מיט וועלכע איך זאָל קאָנען באַרויקן אײַער פֿאָטערלעך האַרץ. נעמט זיך אָן מיט מוט. איך זאָג אײַך צו — נעמען נעקאָמע פֿאַר אײַער זון און פֿאַר אַלע, וועלכע האָבן אוועקגעלייגט זייערע קעפּ, באַשיצנדיק דאָס היימלאַנד!
אַלס ענטפֿער האָב איך דערהערט בלויז איין וואָרט, וואָס ער האָט שטיל געזאָגט:
— א דאַנק...
אין די לעצטע טעג האָט דער טויט פֿאַרניכטעט אין בערלין זייער א סאַך מענטשן, מיט וועלכע איך און מײַנע כאַווײרים האָבן ניט איין יאָר געשפּאַנט אַף די מילכאָמע־וועגן. אָט פֿאַרוואָס יעדער יעדנ׳ס וועגן די פֿאַרלוסטן האָט זיך אָפּגערופֿן אין אונדזערע הערצער מיט א שאַרפֿן און שטאַרקן וויי.

וואַסילי וואַסיליעוויטש נאָוויקאָוו האָט ליב געהאַט צו זאָגן, אַז ער איז אַן עמעסע רוסישע נע־שאָמע, און אָט די ווערטער זײַנען ניט געווען קיין פּוסטער קלאַנג. ער האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן ברייטער נאַטור, איידלקײַט און גוטהאַרציקײַט. געבוירן געוואָרן איז ער אין צענטער פֿון רוס־לאַנד, אין דער טווערסקער גובערניע, אין א פֿאַרמעגלעכער פּויערישער מישפּאָכע. די עלטערן זײַנע האָבן אַרופֿגעלייגט גרויסע האָפֿענונגען אַף זייער פֿעיִק, קלוג, אײַנפֿאַלעריש ייִנגעלע. ווי נאָר ער האָט פֿאַרענדיקט די קירכע־פּאַראַפֿיעלע שול, האָט מען אים גלײַך אָפּגעגעבן אין דער גײַסטלעכער סעמינאַריע. דער פֿאָטער האָט געהאַלטן, אַז פֿונעם זון וועט אַרויס א גוטער גאַלעך. כוץ דעם, וועט אים קומען צוניץ זײַן גוט־אוועקגעשטעלטע שטים, וואָס האָט אַזוי שיין געקלונגען אינעם קלויסטער־כאָר. נאָר דעם באָכער האָט געצויגן קיין פּיטער, ער האָט געוואָלט ווערן א באַלמעלאָכע.

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט צעשטערט אַלע פּלענער פֿון זײַן טאַטן, און אויך פֿונעם זון. דעם 18־יאָריקן יאַט נעמט מען אין אַרמיי. אַלס דעם גרעסטן גראַמאַטנע מענטשן אין דער ראָטע שיקט מען אים זיך לערנען אין דער יונקער־שול. אין סאַמע 1916 איז ער שוין אַ פּראַפּאָרשטשיק און שלאָגט זיך קעגן די דײַטשן. די רעוואָליוציע האָט ער אויפֿגענומען מיט ענטוזיאַזם, און אין 1918, ווי נאָר עס ווערט געשאַפֿן די רויטע אַרמיי, טרעט ער אַרײַן אין אירע רייען. ער באַטייליקט זיך אין די שלאַכטן קעגן קאָלטשאַקן און דעניקינען, ווערט אַ קאַוואַלעריסט אין בודיאָניס ערשטער רײַטער־אַרמיי. צוזאַמען מיט דער פֿרוי, אַ קאָזאַטשקע פֿון קובאַן, וואַנדערט ער פֿון איין גאַרניזאָן אין צווייטן: קובאַן, ווײַסרוסלאַנד, אוקראַיִנע, קאַווקאַז — דער גורל פֿון פֿיל מיליטערישע קאַדראָווע אָפֿיצערן פֿון יענע ווײַטע דרײַסיקער יאָרן.

וואַסילי וואַסיליעוויטש, אַ מענטש מיט אַן אומויסשעפּלעכער ענערגיע, לאָזט איבער זײַן באַליבטע קאַוואַלעריע און בעט, מע זאָל אים אַפּלאָזן זיך לערנען אין אַ טאַנקען־שול. און עס הייבט זיך אָן זײַן דינסט אין טאַנקען־מיליטער. ביז הײַנט געדענק איך נאָך דעם רום פֿון די טאַנקען־בריגאַדעס אויף די אַלטע וועגן פֿון ווײַסרוסלאַנד און די טאַנקען־פֿאַרייניקונגען אין קיִעוו, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפֿירט נאָוויקאָוו. מיר, די יוגנט, האָבן זיך געלערנט בײַ אים און בײַ דעם ערשטן דאָר פֿון די טאַנקיסטן די קונסט פֿון פֿירן שלאַכטן אויף אָט די גרויזאַמע מאַשינען. דאָס זײַנען געווען אונדזערע ערשטע טריט אין דער אַנטוויקלונג פֿון דעם טאַנקען־מיליטער.

אין אָט יענע יאָרן זײַנען אויסגעוואַקסן נאָוויקאָווס זין און אַוועק מיטן וועג פֿונעם פֿאָטער. דער ערשטער, דמיטרי, האָט זיך געלערנט אין אָרלאָווער טאַנקען־שול. דער ייִנגערער, יורי, אין קיִעווער טאַנקען־טעכנישער שול. די אומרויִקע מיליטערישע דינסט האָט צעוואָרפֿן אָט די פֿרײַנטלעכע מישפּאָכע איבער די גאַרניזאָנען פֿונעם לאַנד. און אומעטום איז געפֿאָרן מיט וואַסילי וואַסיליעוויטשן זײַן בלוי־אויגיקע קאָזאַטשקע אַנאַסטאַסיִא טימאָפֿייעוונאַ, וועלכע האָט געבוירן און דערצויגן צוויי זין, אַזעלכע שיינע, כוואַטקע, ענלעכע אויף אים און אויף איר.

אַלעמאָל, ווען אַנאַסטאַסיִא טימאָפֿייעוונאַ האָט געגעבן אָנצוהערן וואַסילי וואַסיליעוויטשן, אַז זייערע זין זאָלן דינען אין דער פֿאַרייניקונג, מיט וועלכער ער פֿירט אָן, האָט נאָוויקאָוו, אַ רויִקער, גוטהאַרציקער מענטש, געענטפֿערט:

— מוטער, אַזוי טויג ניט. בײַ זיי זײַנען פֿאַראַן זייערע פֿליגל, און זאָלן זיי פֿליִען זעלבשטענדיק.

די מלחמה האָט געטראָפֿן דעם עלטערן נאָוויקאָוו אויפֿן דאָרעם פֿון רוסלאַנד אַלס קאָמאַנדיר פֿון אַ גאַנץ גרויסער פֿאַרייניקונג. די דאָרעמדיקע גרענעצן זײַנען דעמאָלט נאָך געווען פֿאַרהעלטניסמעסיק רויִק. ער האָט פֿאַרוואָרפֿן די נאַטשאַלסטווע מיט מעלדונגען און ראַפּאָרטן, געבעטן, מע זאָל אים איבערפֿירן אין דער אַרמיי, וואָס נעמט אָנטייל אין די קריגס־אָפּעראַציעס. און האָט זיך דערשלאָגן זײַנס, און ניט אָן דער הילף פֿון די מאַרשאַלן ג. ק. זשוקאָוו און ס. מ. בודיאָני. די זין האָבן זיך געשלאָגן אויף פֿאַרשיידענע פֿראָנטן: יורי — אויפֿן מערבֿדיקן, דמיטרי — אויפֿן צאָפֿן־מערבֿדיקן.

אָט אַזוי זײַנען זיי אַלע דרײַ געווען אויפֿן פֿראָנט. זייערע מיליטערישע טיילן און טאַנקען־פֿאַרייניקונגען האָבן אָפּט זיך געשלאָגן דערנעבן, נאָר שטורמעווען בערלין איז זיי אויסגעקומען צוזאַמען.

דער פֿאָטער, דער גענעראַל נאָוויקאָוו, האָט קאָמאַנדעוועט מיטן 7־טן טאַנקען־קאָרפּוס, דער מאַיאָר דמיטרי נאָוויקאָוו האָט קאָמאַנדעוועט מיט אַ באַטאַליאָן אין אַ צווייטער אַרמיי, דער ייִנגערער, יורי נאָוויקאָוו, איז געווען דער שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם קאָמאַנדיר פֿון אַ טאַנקען־אויטאָמאַטישן פּאָלק אינעם שכייניסדיקן מעכאַניזירטן קאָרפּוס פֿון דעם זעלבן ערשטן אוקראַיִנישן פֿראָנט. דער העלד פֿונעם בירגערקריג וואַסילי נאָוויקאָוו איז געוואָרן אַ העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד אין דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מלחמה. באַנאַנד מיט די צוויי אָרדענס פֿון דער רויטער שלאַכט־פֿאָן האָבן זײַן ברוסט באַצירט צוויי לענין־אָרדענס, אַן אָרדן פֿון דער רויטער פֿאָן, די אָרדענס פֿון סוּוואָראָוו, קוטוזאָוו און אַ גאָלדענער שטערן.

די זין פֿונעם גענעראַל האָבן זיך גערעסטאַרעט ניט אָפּשטיין פֿונעם פֿאָטער: דאָס לאַנד האָט באַלוינט ביידע מיט פֿיל אָרדענס און מעדאַלן.

יאָ, ער האָט געמעגט זיך גרויסן! ער האָט אויסגעכאָוועט ערלעכע, מוטיקע גיבורים. די ידיעה וועגן דער פֿאַרוווּנדונג פֿונעם עלטערן זון דמיטרי אויף די צוטריטן פֿון בערלין האָט שווער איבערגעלעבט דער פֿאָטער. מיט אַ רויִקער שטים האָט ער געהייסן עוואַקויִרן דעם זון אין אַ האָספּיטאַל פֿון הינטערלאַנד, און אַליין איז ער ווידער אַוועקגעפֿאָרן אויפֿן קאָמאַנדע־פּונקט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דמיטריס לעבן איז שוין מער ניט אין געפֿאַר. נאָר דאָ האָט אים געטראָפֿן דער שרעקלעכער קלאַפּ פֿונעם גורל — ס'איז אומגעקומען דער ייִנגערער זון יורי. אַן אַלטער סאָלדאַט, אַן אָנטיילנעמער פֿון דרײַ מלחמות, האָט דער קאָמקאָר געוווּסט, וואָס איז אַזוינס לעבן און טויט אויף דער מלחמה. ער האָט קיינמאָל ניט געוויינט. איצט האָט ער ניט אויסגעהאַלטן.

— וואָס וועט זײַן מיט נאַסטאַסיען? זי וועט ניט איבערלעבן יוריס אומקום... — האָט ער גע־שעפּטשעט, זיצנדיק באַם צוקאַפּנס פֿונעם טויטן זון.

מיט בערלין איז געווען פֿאַרענדיקט. ער איז אײַנגאַנצן אין אונדזערע הענט. עס זײַנען שטילער געוואָרן די סרייפֿעס. די זונען־שטראַלן, דורכשלאָגנדיק דעם גראָבן שיכט פֿון רויך און סאַזשע, האָבן אַנטפּלעקט די צעשטערטע גאַסן און די צעקריפּלטע פּלעצער.

געבעלס האָט ביז טויט געיאָמערט וועגן דעם אומפאַרמײַדלעכן אומקום פֿונעם גאַנצן לעבן נאָכן קומען פֿון די רוסן, נאָר מיטן קומען פֿון די סאָוועטישע מענטשן האָבן אין דער צעשטערטער שטאָט זיך באַוויזן סימאָנים פֿון לעבן. די ערשטע האָבן פֿאַרלאָזט זייערע באַהאַלטענישן דאָס קליינ־וואַרג. קינדער פֿאַרבלײַבן שטענדיק קינדער! צוערשט אומדרייסט, דערנאָך מער זיכערער, האָבן זיי געפּרוווט זיך דערנעענטערן צו אונדזערע סאָלדאַטישע קיכן, מיט גרויסע דערשראָקענע אויגן גע־קוקט אױף אונדזערע קעכערס. און, פֿאַרשטייט זיך, די סאָוועטישע מענטשן האָבן ניט אָפּגעשטויסן די הונגעריקע קינדער, זיך ניט איזדיעקוועט איבער זיי, ווי דאָס האָבן געטאָן די פֿאַשיסטן אױף אונדזער ערד. די קלײנינקע בערלינצעס פֿלעגן ניט בלויז אַליין זיך שפּײַזן באַ אונדזערע סאָלדאַטישע קיכן, נאָר אויך אָפּגעטראָגן טעלערלעך, באַנקעס, קעסעלעך מיט באָרשטש און קאַשע אַהיים. אין צענדליקער און הונדערטער ערטער האָט מען געקאָנט זען אַזעלכע בילדער. נאָך מיט עטלעכע טעג פֿריִער, אין ברען פֿון די אָקשאַנעסדיקע שלאַכטן אױף דעם מײַרעווידיקן ראַנד פֿון בערלין, איז אומ־דרייסט צוגעגאַנגען צו מיר דער שעף פֿונעם מעדיציניש אַפּטייל מאַיאָר לעאָניד קאָנסטאַנטינאָוויטש באָגוסלאַווסקי און געפֿרעגט:

— וואָס וועלן מיר טאָן מיט די פּאַרוואָנדעטע?

— שיקט זיי אַפּ אין מעדסאַנבאַט, — האָב איך אים געענטפֿערט.

— איר האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען, קאָמבריג. איך זאָג וועגן די דײַטשן. אין אונדזער היקף נייטיקן זיך הונדערטער פֿאַרוואָנדעטע. זיי ליגן ניט ווײַט פֿון אונדז אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער שול.

— העלפֿן זיי, אומבאַדינגט העלפֿן.

— נאָר זיי פֿעלט אויס וואַסער, שפּײַז, מעדיקאַמענטן, און דאָרט געפֿינען זיך מער פֿון 300 מענטשן.

איך האָב באַפֿוילן אויסטיילן פֿאַר זיי 300 לעבלעך ברויט, 10 קילאָגראַם צוקער, 50 באַנקעס קאָנסערוון און איבערבינד־מאַטעריאַלן.

באָגוסלאַווסקי האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איך האָב טאַקע געמיינט, אַז איר וועט אַזוי באַפֿוילן.

אין אַ שאָ אַרום, נאָך דעם, ווי דער נאַטשמעד איז אַוועקגעגאַנגען, איז צו מיר געקומען אַ פֿרוי מיט אַ רויטן קרייץ אױף דער ברוסט. זי האָט געדאַנקט פֿאַר די פֿאַרווייטלטע אָפּיצערן און סאָלדאַטן פֿון דעם דײַטשישן האָספּיטאַל.

— קימערט זיך ניט אומזיסט, — האָט מיט ווירדע אַ זאָג געטאָן דער שעף פֿונעם פּאָליט־אַפּטייל פֿון דער בריגאַדע דמיטריִעוו, — מיר, סאָוועטישע מענטשן, זײַנען קאָמוניסטן. איר פֿאַרשטייט? מיר באַציִען זיך מענטשלעך צו די קריגס־געפֿאַנגענע, באַזונדערס צו די פֿאַרוואָנדעטע.

ווער פֿון אונדז האָט אין יענע טעג ניט געטרוימט קומען אין רײַכסטאַג?! אַ קוק טאָן, נאָכאַמאָל זיך איבערצײַגן, אַז דו האָסט גענומען בערלין! אַז קעגן אונדזער בליק האָט זיך צעשפּרייט אַ באַ־הערשטע שטאָט, פֿונוואַנען עס איז געגאַנגען אַזויפֿיל בייז, אומגליק, טויט דורך גאַנץ אייראָפּע און ביז דערקלייבן צו אונדזער היימלאַנד.

אַליין די ווערטער — „איך האָב גענומען בערלין!“, „איך בין געווען אין רײַכסטאַג“ האָבן מיט שטאָלץ געקלונגען אין אָט די טעג.

דעם דריטן מײַ האָט אַ גרופּע אָפּיצערן פֿון אונדזער בריגאַדע אַוועקגעיאָגט צום רײַכסטאַג. ווען מיר זײַנען צוגעגאַנגען נעענטער, האָט זיך מיר געדוכט, אַז די געבײַדע שאָקלט זיך. אין אָט דער רעגע האָט זי מיר דערמאָנט אַ פּיראַט־שיף, וואָס איז גרייט אָט־אָט זיך באַהאַלטן אין די כוואַ־ליעס און זיך אַראָפּלאָזן אפֿן דעק.

דורכן צעריסענעם קופּאָל האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ טונקעלע שײַן, ס׳איז געווען פֿינצטערלעך, פֿײַכט, קאַלט, אפֿן דיל אַ דורכויסיקער אַנוואַלגער פֿון שטיינער, גלאָז, שטוקאַטורקע, שטיינברוך. דורכן דורכברעך פֿון דער צעשטערטער וואַנט זעט מען די צענערעקטע בראַנדענבורגער טויערן. מיר זײַנען ניט איינע אַהער געקומען. הונדערטער מאַשינען האָבן באַקלעפּט דעם רײַכסטאַג, טויזנ־טער סאָוועטישע שלאַכטלײַט האָבן באַקוקט און אַרומגעטאַפּט די קאָלאָנאַדע, די צעקריפּלטע ווענט, די אַרויסגעריסענע טירן און אויסגעקרימטע טרעפּ. אױף די ווענט, אפֿן דיל, אױף די קאָלאָנעס, אױף יעדן שטיין פֿון אָט דער געבײַדע — טויזנטער אויפֿשריפֿטן. וואָס נאָר וועסטו דאָ ניט איבערלייענען! „מיר זײַנען געקומען!“, „מיר זײַנען דערגאַנגען!“ און דאָ טאַקע האָבן מיר דערזען אַזעלכע אויפֿשריפֿטן: „איך בין פֿון מאָסקווע“, „מיר — פֿון לענינגראַד“, „איך בין געקומען פֿון סטאַלינגראַד“,

„א גרוס פון דער זוניקער גרוזיע", „מיר זײַנען פון מינסק... סמאָלענסק... כאַבאַראָווסק...". איך האָב אַרויסגעשלעפּט פון דער כאַליעווע א סאָלדאַטיש מעסער, געפונען א פרײַ ווינקל און אויף איינער פון די קאָלאָנעס אָנגעשריבן: „איך בין פון בריאַנסק. דראַגונסקי". קוקנדיק אויף מיר, האָבן מײַנע פראָנט־כאַווײרים זיך אויך גענומען צו דער אַרבעט.

מיטן גענעראַל נאַוויקאָוו האָבן מיר זיך ניט געזען און זיך ניט איבערגעקלונגען זינט איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם אומקום פון זײַן זון. עס זײַנען שוין אַוועק עטלעכע טעג. דעריבער, ווען איך האָב באַקומען א באַפעל זיך צוגרייטן צום מאַרש, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און באַאומרויִקט דעם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר מיט א טעלעפאָן־קלונג. מע האָט געדאַרפט לייזן א ריי דרינגענדיקע פראַגן און אין דער ערשטער ריי טייקעף פאַרפולן די פאַרלוסטן, וועלכע מיר האָבן געטראָגן אין די שלאַכטן פאַר בערלין.

וואַסילי וואַסיליעוויטשס קאָל האָט געקלונגען א סך רויִקער און זיכערער:

— וועגן אײַערע זאָרגן ווייס איך. די לאַגע בא אײַך איז ווי אין אַנדערע בריגאַדעס, נאָר דער סוינע איז שוין ניט יענער. עס שטייט פאַר בלויז דערטויטן אים, ער האָט זיך פאַרגראָבן אויפן דאָרעם. מיט עפּעס־וואָס וועל איך העלפן...

— דערלויבט דערוויסן זיך יעדנפאַלס, כאַווער גענעראַל, צו וואָס דאַרף מען זײַן גרייט?

— אַרויסטרעטן פונעם פאַרנומענעם ראַיאָן וועלן מיר מאָרגן.

— וווּהין?

— קיין באַפעל האָב איך נאָך ניט, נאָר מע דאַרף זיך גרייטן צו א גרויסן מאַרש. עס שטייט פאַר צו מאַכן א שפּרונג אויף עטלעכע הונדערט קילאָמעטער.

— אויפן רײַן? — האָט זיך בא מיר אַרויסגעכאַפּט.

— וואָס דאַרף מען דאָרט טאָן? אונדזערע פאַרבינדעטע האָבן שוין פון לאַנג באַהערשט אָט דעם קאַנט. און בכלל, צווינגט מיך ניט ריידן וועגן דעם, וועגן וואָס מע טאָר ניט ריידן אין טעלעפאָן. דעם באַפעל וועט איר באַקומען מאָרגן.

אָבער שוין אין א שעה אַרום האָבן די קאַנצעליאַריע־שרײַבער באַקומען מאַפּעס פון די ראַיאָנען וויטענבערג, דרעזדען, סודעטישע בערג, קאַרלאָווי וואַרי און פּראָג. אינגיכן איז צו אונדז געקומען א גאַנצע קאָלאָנע בענזאָ־ציסטערנעס, קעדיי מיר זאָלן קאָנען אָנלאָדן אונדזערע טאַנקען און אויטאָמאָבילן.

— זעט, כאַווער, — האָט מיט א דראָענדיקן קאָל געוואָרנט דער פאָרזיכטיקער קלאַדאָווטשיק, — מער ברענשטאָף וועט איר בא מיר ניט באַקומען ביז פּראָג.

אָט האָסטו דיר א מיליטערישער סוד! דער גענעראַל האָט מיר גאָרניט געזאָגט וועגן דעם מעהאַלעך פון אונדזער מאַרש, נאָר די קלאַדאָווטשיקעס איז מער באַוווּסט, איידער דעם קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע. שפּעט באַנאַכט האָבן מיר פאַרלאָזט דעם טליִענדיקן, צעקריפּלטן, באַזיגטן בערלין.

די קאָלאָנעס פון דער בריגאַדע האָבן געפּויזעט איבערן מײַרעוודיקן ראַנד־ראַיאָן, אַרײַנציִענדיק זיך אין די גאַסן ווילהעלמשטראַסע, וועערשטראַסע. אָט די גאַסן האָבן מיט אַכט טעג צוריק אונדז געעפנט די טויערן פון דער הויפּט־שטאָט פונעם רײַך, און איצט האָבן זיי אין שטילשווײַגעניש אונדז באַגלייט אין די וועלדער, וועלכע האָבן זיך צעלייגט דאָרעמדיקער פון בערלין. צום אָרט זײַנען מיר געקומען בלויז קאַיאָר, און באַלד האָט די בריגאַדע, ווי גלײַך ס'וואָלט געווען אַזאַ קאָמאַנדע, זיך צעלייגט אויף אָפּרו.

די סאָלדאַטן זײַנען געשלאָפן אין די טאַנקען, אויף די אויסגעשפּרייטע ברעזענטן, אין די קאַביִנעס און קוזאָווּן פון די אויטאָמאָבילן, דאָרט, ווו עס האָט זיי דעריאָגט און פאַרכאַפּט דער שלאָף.

מע איז געשלאָפן זיצנדיק, ליגנדיק, מע האָט זיך אײַנגעאָרדנט ווי ווער עס האָט געקאָנט. אפילו ווען דער סיגנאַליסט האָט מיט זײַן טרומייט אָנגעזאָגט וועגן דעם, אַז מע דאַרף אויפשטיין, האָט קיינער זיך ניט אַוועקגעלאָזט צו די מאַרשעווע קיכן. די מענטשן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון שפּײַז און וואַסער.

זיך אויסשלאָפן פאַר די צוואַנציק שלאָפלאָזע נעכט — דאָס איז געווען דער אײנציקער פאַרלאַנג. ווײַל פונעם 16 אַפּרעל, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די בערלינער אָפּעראַציע, איז קיינער נאָרמאַל ניט געשלאָפן. פון לאַנג איז שוין אַריבערגעקומען דער מיטיק, נאָר אונדזער לאַגער איז, ווי פריִער, נאָך אַלץ געווען פאַרזונקען אין שלאָף, קיינער האָט ניט געשטערט דער רו. די אַרטילעריע אַרום בערלין איז אײַנשווײַגן געוואָרן, דער הימל איז געווען א דורכזיכטיק־בלויער, די ראַקעטעס האָבן דאָרט ניט געשוועבט, אין די וועלדער האָבן ניט געשטעפּט די אויטאָמאַטן און קוילנוואַרפערס. אויפן וואַלד־ראַנד, ווו עס האָט זיך צעלייגט דער שטאַב פון אונדזער בריגאַדע, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט בלויז אָפיצערן, וועלכע האָבן געוואַרט בא דעם אויטאָבוס אויף נײַע פאַראָרדענונגען.

צוזאַמען מיטן שעף פונעם שטאַב האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט, קעדיי דערלערנען דעם באַפעל פונעם קאָרפּוס־קאָמאַנדיר. ער איז געווען קורץ און קלאָר: אונדזער 7־טער גוואַרדייִשער טאַנקען־

קאָרפּוס אין באַשטאַנד פֿון דער 3־טער גוואַרדייִשער טאַנקען־אַרמיי צוזאַמען מיט דער 4־טער טאַנקען־אַרמיי דאַרף דורכמאַכן אַ פֿאַרשנעלערטן מאַרש אויף דאָרעם. אונדזער וועג איז געלעגן אין דער ריכטונג פֿון וויטענבערג, דרעזדען און דער לעצטער ציל — פּראָג. דערמיט וועט פֿאַרענדיקט ווערן די צעשמעטערונג פֿון דער מיליאָניקער אַרמיי פֿונעם פֿעלדמאַרשאַל שערנער, וואָס האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט אויפֿן דאָרעם פֿון דײַטשלאַנד און טשעכאָסלאָוואַקיע, און ס׳וועט אָוועקגעשטעלט ווערן דער לעצטער פּונקט אין דער קריגס־געשיכטע פֿונעם פֿאַשיזם. אייגנטלעך, איז דער גורל פֿון אָט דער גרופּירונג שוין געווען פֿאָרויסבאַשטימט. די קאַפּיטולאַציע פֿון די היטלעראָווצעס אין בערלין איז געווען אַ בוילעטער באַווײַז פֿון דעם, אַז דאָס סאָוועטישע מיליטער האָט דערפֿאָלגרײַך צעשמעטערט די גרונט־קויכעס פֿון פֿאַשיזם. נאָר מיר האָבן זייער גוט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס קאָן נאָך אויפֿטאָן אַ מיליאָן פֿאַשיסטישע גאַזלאָנים אין טשעכאָסלאָוואַקיע, מיר האָבן געוווּסט, אויף וואָס עס זײַנען פֿעיִק די האַרדעס נאַציסטן, ווען דאָרעם־דײַטשלאַנד איז נאָך ווידערשטאַנדפֿעיִק. דעריבער האָט דער קאָמאַנדיר פֿונעם פֿראָנט איוואַן סטעפּאַנאָוויטש קאָניעוו געשטעלט די אויפֿגאַבע, מיר זאָלן אַ קלאַפּ טאָן איבערן פֿלאַנג פֿון דער דײַטשישער גרופּירונג, צעשמעטערן זי, פֿאַרניכטן אָדער צווינגען קאַפּיטולירן ביז די היטלעראָווצעס וועלן אָנהייבן זיך אָפּרעכענען מיט די טשעכן פֿאַר זייער אויפֿשטאַנד און ביז די פֿאַשיסטן וועלן פּרוּוון געפֿינען אַ רעטונג בײַ אונדזערע פֿאַרבינדעטע אין מײַרעוו־טשעכיע, אינעם ראַיאָן פֿון פּעלזען, וווּהין עס האָבן זיך געצויגן אייזנהאָווערס כאַיאַלעס.

די טערמינען זײַנען געווען באַגרענעצטע. די טשעכישע ראַדיִאָסטאַנציעס האָבן אָן אויפֿהער זיך געווענדט צו דעם סאָוועטישן מיליטער, בעטנדיק הילף די אויפֿשטענדלער.

נאָכאַמאָל האָבן די שאַרפֿע קלאַנגען פֿונעם האַרן צעריסן די שטילקייט פֿונעם וואַלד. עטלעכע שעה פֿון שלאָף האָבן מונטער געמאַכט די מענטשן. מיט ראַש האָבן זיך צעעפֿנט די טאַנקען־ליוקן. ס׳האָבן זיך צעהילכט די מאַשינען־טירלעך, זיך צעהודעט די מאָטאָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונג צום מאַרש. די קאָמאַנדירן און פּאָליט־טוער האָבן דערפֿירט צו יעדער סאָלדאַט די שלאַכט־אויפֿגאַבע, האָבן דערציילט וועגן טשעכאָסלאָוואַקיע, וועגן איר פֿאָלק. דער ענטפֿער פֿון די טאַנקיסטן איז געווען בלויז איינער: „מיר וועלן העלפֿן די ברידער!״.

ווען אויף דער ערד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער שוואַרצער פֿאָרהאַנג פֿון דער נאַכט, האָבן מיר זיך שוין באַוועגט אויף דאָרעם. מיר האָבן געדאַרפֿט דורכמאַכן אַ האַסטיקן מאַרש אויף 400 קילאָמעטער.

די רעגולירערוּוּשטשיקעס האָבן אונדז אַרויסגעפֿירט פֿון לוקענוואַלדע, יוטערבאָג, און אינדערפֿרי זײַנען מיר שוין געווען אין די פֿאָרשטעט פֿון דעם מײַרעוודיקן ראַנד פֿון דרעזדען. דערמיט האָבן מיר געהאָלפֿן דעם סאָוועטישן און פּוילישן מיליטער צעשמעטערן דעם דרעזדענער קנופּ פֿון ווידערשטאַנד.

אין דער צווייטער העלפֿט טאָג זײַנען מיר שוין געווען אויף דער עלבע אינעם ראַיאָן פֿון ריזע. מיט אַ טאָג פֿריִער זײַנען אַהין געקומען די אַמעריקאַנער, און כאָטש אינעם ראַיאָן פֿון טאָרגאַו איז די באַגעגעניש פֿון אונדזער מיליטער מיט די פֿאַרבינדעטע שוין פֿאָרגעקומען דעם 25 אַפּריל, האָבן מיר אויפֿן וועג קיין פּראָג ווידער פֿריידיק באַגריסט איינער דעם צווייטן.

דער זיקאָרן איז ניט קיין לאַנגדויערנדיקער, נאָר אין לעבן זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע מינוטן, וועלכע מע פֿאַרגעסט ניט קיינמאָל. אַזוי קאָנען ניט פֿאַרגעסן ווערן, וויִאַזוי מיר האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט, די פֿרײַנטלעכע שמייכלען, דער אויסבײַט מיט סוווענירן.

אויפֿן טײַך־איבערגאַנג האָט איינער אַן אַמעריקאַנישער אָפֿיצער, אויך אַ טאַנקיסט, מיר געשענקט אַ טאַשן־זייגער מיט אַ דיק קייטעלע. זוכנדיק אַן ענטפֿער אויף זײַן געשאַנק, האָב איך אַרויסגעשלעפּט פֿון מײַן טאַנק דעם טאַנקען־זייגער, מיר האָבן אים גערופֿן „דער קיראָוועץ״, און אָפּגעגעבן דעם אַמעריקאַנער.

געזעגנט האָבן מיר זיך מיט די פֿאַרבינדעטע זייער וואַרעם.

זיך אַוועקגעזעצט אין דער מאַשין און גענומען די ריכטונג אויף די סודעטער בערג, האָב איך אין געדאַנק אונטערגעצויגן די סאַכאַקלען פֿונעם טאָג. דעמאָלט האָב איך נאַיִוו געמיינט, אַז האָבנדיק אַזוינע פֿרײַנט, וועט דער שאָלעם זײַן אַן אייביקער.

פֿאַרנאַכט, ערעוו דעם אַרויסגאַנג פֿון דער בריגאַדע צום צופֿוסנס פֿון די סודעטער בערג, זײַנען צו אונדז געקומען דער קאָמקאָר נאָוויקאָוו און זײַן שעף פֿונעם פּאָליט־אָפּטייל, אויך נאָוויקאָוו, נאָר — „דער ייִנגערער״, ווי מיר האָבן אים גערופֿן.

אונדז אַלעמען איז אָנגענעם געווען צו זען וואַסילי וואַסיליעוויטשן אַן אונטערגעצויגענעם, אַ מונטערן. מיר זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין אויטאָבוס. איך האָב מיטגעטיילט וועגן דער טאַקטישער אומגעבונג, וועגן דער לאַגע פֿון דער בריגאַדע, וועגן אונדזערע מעגלעכקייטן אויסצופֿילן די שלאַכט־אויפֿגאַבע און, פֿאַרשטייט זיך, ניט אויסגעהאַלטן, זיך גענומען קלאָגן, אַז מיר פֿעלט אויס פּעכאָטע, אויף די גרויסע פֿאַרלוסטן פֿון טאַנקען, אויף דער אָפּגעניצטקייט פֿון די מאַשינען.

— איך האָב מוירע, אַז אונדזערע טאַנקען וועלן זיך ניט אַריבערשלעפּן דורך די סודעטער בערג. אַ סאַך פון זיי רויכערן זיך, מע דאַרף פאַרבײַטן די מאָטאָרן.
דער גענעראַל האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט כּידעש:
— איך דערקען דיך ניט, דו רעדסט מיט דער שפּראַך פון אַ טעכנאַר. פאַרשטיי, פריינט מײַנער, די מילכאָמע גייט צו ענדע, און דו האָסט זיך צעכניקעט. גענוג צו פּאַניקירן. מיט פּעכאָטע וועל איך העלפן, איך האָב שוין אָפּגעגעבן אַ פאַראָרדענונג. צו דיר וועט קומען אַ באַטאַליאָן מאָטאָ־פּעכאָטע פון שאַפּאָוואַלאָווס בריגאַדע.
פונעם פּולן האַרצן האָב איך געדאַנקט נאַוויקאָוון פאַר דער הילף, פאַרבעטן אים אויף וועטשערע, נאָר ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, ער האָט געאײַלט אין אַנדערע בריגאַדעס.
אַלע זײַנען אַרויסגעגאַנגען פונעם אַוטאָבוס און צוזאַמען מיטן גענעראַל זיך געלאָזט צום וואַלד־ראַנד, וווּ עס איז געשטאַנען זײַן „ווילים". בײַ דער מאַשין האָט וואַסילי וואַסיליעוויטש זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגענומען פון דער זײַט־קעשענע אַן אַקוראַט צונויפגעלייגטן בויגן פּאַפּיר:
— איך געדענקט, וויאַזוי מיר, אַלע טאַנקיסטן, האָבן איבערגעלעבט, ווען אײנעם באַפעל פונעם אויבער־הויפּטקאָמאַנדיר וועגן דער צעשמעטערונג פון די פאַשיסטן אין בערלין האָט די ראַדיאָ און די פּרעסע ניט דערמאָנט אונדזער 7־טן טאַנקען־קאָרפּוס?
— יאָ, כאָווער גענעראַל, מיר קאָנען נאָך אַלץ ניט פאַרשטיין און זײַנען אַפּילע אופּגעבראַכט, — האָב איך געענטפערט.
נאַוויקאָוו האָט פאָרגעזעצט:
— איך בין געווען איבערצײַגט, אַז דאָס איז אַ פעלער. נאָר דער יושער איז ווידער אויפגע־שטעלט געוואָרן. אָט לייענט די טעלעגראַמע פון סטאַלינען.
איך האָב גענומען די טעלעגראַמע, דורכגעלאָפן מיט די אויגן דעם טעקסט, דערנאָך נאָך איין מאָל, געסטאַרעט זיך פאַרגעדענקען יעדעס וואָרט.
— אַנדריי וולאַדימיראָוויטש, — האָט זיך געווענדט דער קאָמקאָר צום שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל, — דו פאַרבלײַבסט סיוויסיי אין דער בריגאַדע. דערציייל דעם פּערזענלעכן באַשטאַנד וועגן דעם, וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט דער טעלעגראַמע, באַקען די מענטשן אויך.
וואַסילי וואַסיליעוויטש האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער האַנט אויפן ווינט־גלאָז, ווי שטענדיק יונגטלעך אַ שפּרונג געטאָן, זיך אוועקגעזעצט אויפן פאָדערשטן געזעס, און ווען די מאַשין האָט זיך שוין גערירט פונעם אָרט, אַ געשריי געטאָן:
— צו דער באַגעגעניש אין פּראָג!
נאַוויקאָוו דער ייִנגערער האָט צעשפּרייט די טעלעגראַמע און גענומען לייענען. עס איז געוואָרן טויט־שטיל:
„דער יושער צווינגט אונדז אָפּמערקן די אויפטוען פונעם קאָרפּוס, מיט וועלכן איך האָב קאָמאַנ־דעוועט אין בערלין, האָבן אָפּשר פאַרן זיקאָרן פון יענע, וועלכע זײַנען געפאַלן אין אָט דער שטאָט, און אָפּגעבן דאָס געהעריקע די לעבעדיקע. איך שרײַב אײַך, ווי אַ גענעראַל און ווי אַ פאָטער, וועל־כער האָט פאַרלוירן בייסן שטורעם פון דער דײַטשישער הויפּט־שטאָט אַ זון, וועמענס קערפּער געפינט זיך אויף מײַן קאָמאַנדע־פּונקט..."
דער שעף פונעם פּאָליט־אָפּטייל האָט געמאַכט אַ פּאַוזע און שוין שטילער פאָרענדיקט:
— מיר פרייט צו מיטיילן אַלעמען, אַז דעם 5 מײַ האָבן מיר באַקומען דעם באַפעל פונעם אויבער־הויפּטקאָמאַנדיר, וועלכער איז דערפירט געוואָרן צו אַלע פראָנטן — דעם זיבעטן קיִעווער גוואַרדייִשן טאַנקען־קאָרפּוס אייגנט מען צו דעם נאָמען 7־טער קיִעווער — בערלינער. דער פעלער איז פאַריכט, און איך בעט אײַך, דאָס דערפירן צו אַלע טאַנקיסטן.
אײנעם אַוטאָבוס פונעם שטאַב האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ שטילשווײַגעניש, עמעצער האָט אַ פרעג געטאָן:
— וואָס האָט געזאָגט וועגן דעם דער מאַרשאַל קאָניעוו?
— ער האָט באַגריסט וואַסילי וואַסיליעוויטשן מיטן צווייגענען דעם קאָרפּוס און דער בריגאַדע דעם נאָמען „בערלינער", האָט באַפוילן אויספאָרשן און באַשטראָפן די שולדיקע, וועלכע האָבן דער־לאָזט אַזאַ פאַרדריסלעכן פעלער.
דער וועג אויף פּראָג איז געווען אַ שווערער. די שמאַלע, געשלענגלטע וועגן אין די בערג האָבן די דײַטשן פאַרשטעלט מיט פאַרוואַלגערס פון הונדערטיאָריקע סאָסנעס, איבערגעבונדן דיביימער מיט שטעכלדראָט, פאַרזייט מיט מינעס.
אין די פאָרבערג פון די סודעטן זײַנען קיין אומוועגן ניט געווען. אויב פאַרקערעווען פונעם וועג, האָט מען געקאָנט אַראָפּפאַלן אין אַפּגרונט אָדער אַרײַן און פאַרפאַלן ווערן צווישן די אומ־דורכגענגלעכע באַרג־פעלדזן, באַוואַקסענע מיט וועלדער. מע האָט געדאַרפט צעגעמען די פאַרוואַל־

גערס, אנטשעדיקן די מינען־פעלדער, ארויסשלאָגן מיט פײַער די פײַנטלעכע אונטערטײלן, װעלכע האָבן פארדעקט די װידערשטאנד־קנופּן.

די סאַפּיאָרן האָבן אױף דעם מארש זיך געמיט רומפּול, דורכגעלײגט אונדז א װעג. שװער האָבן זיך אופגעהױבן די טאנקען, עס האָבן געסאָפּעט די מאָטאָרן, די שטארק־איבערגעװארעמטע מאשינען האָבן זיך אָפּטע אָפּגעשטעלט. די טאנקען האָבן מיט דער הילף פון בוקסירן געשלעפּט די ארטילעריע, נאָך די פּאנצער־מאשינען האָבן אױף פריצעפּן זיך געשלעפּט די מאַטאָציקלען, אױף די שטײל־אָפּריסן פון די בערג האָבן שװער געקלעטערט די אװטאָמאבילער.

אױף אלע ראדיאָסטאנציעס האָט געװעלטיקט א פּלאָנטער. עס האָבן קוים־קוים זיך געהערט די קאָמאנדעס פון ריבאלקאָ און נאָװיקאָװ. אין עפיר האָבן זיך ארײַנגעריסן די קוילעס פון די דײַטשן: „פאָרװערטס!", „פײַער!". די פּראָגער ראדיאָסטאנציע האָט געבעטן הילף. אונדז איז געװען פאַר־שטענדלעך דער אומגעדולד פון די אופשטענדלער, און מיר האָבן זיך אַלײן מיט אים אָנגעשטעקט. און דאָך האָבן מיר געמוזט די לעצטע קילאָמעטערס פונעם בארגרוקן גױװער זײַן מיט ריזיקע קױכעס.

עס האָבן ניט אױסגעהאַלטן די טאָרמאָזן, דאָס װאסער אין די ראדיאָטאָרן האָט געזאָטן. עס פלעג אױך טרעפן, אז די מאשינען האָבן זיך גערוקט צוריק... מיר האָבן זײ געשטופּט מיט די פּלײצעס, געשלעפּט מיט די הענט די הארמאטן און מינענװארפערס. די מעכאַניקער־פירער פון די טאנקען האָבן ארױסגעװיזן הױכע מײַסטערשאַפט, אָפּט געטאָן דאָס, װאָס איז פּאַשעט אומגעלעך צו טאָן.

אונדזער פּלײַס איז באַלױנט געװאָרן: מיר זײַנען בײַגעקומען די הײכן און פעלדזן פון די סודעטער בערג. אנטקעגן אונדז האָבן זיך באַװיזן די מאַלערישע טאָלן און װאַלד־בערגלעך פון דער טשעכאָסלאָװאַקישער ערד. װוּנדערלעך־שײן האָבן אױסגעזען פונװײַטן די װײַסע הײַזלעך מיט די רױטע טשערעפּיצענע דעכער אױפן פאָן פון גרינע טעפּיכן.

לאַנגזאַם איז אװעקגעגאנגען די לעצטע מילכאָמע־נאַכט. מיר האָבן זי דורכגעפירט אין אומוּפּ־הערלעכער באַװעגונג. דער באַגינען האָט אונדז געטראָפן בא דעם ראַנד פון פראַג. דער לעצטער װידערשטאנד־קנופּ אױנעם דאַרף פּאַדבאבא, לעבן דער הױפּט־שטאָט פון טשעכאָסלאָװאַקיע, איז אײַנ־געבראָכן געװאָרן. צוגעװאַרט אַן ערעך א שאָ און ניט באַקומען קײן פאַראַרדענונג פונעם קאָרפּוס־קאָמאנדיר, האָב איך צעשפּרײט די מאַפּע און דעם פּלאַן פון פראַג. געפונען דאָרט דעם צענטראַלן טײל פון דער שטאָט, האָב איך באַשטימט אױף דער אײגענער ריזיקע זיך לאָזן צום װאַצלאַװער פּלאַץ. פונעם אנטקעגנדיקן עק פון דער שטאָט האָט זיך דערטראָגן אַן ארטילערישע שיסערײַ, ערגעץ נאָענט האָבן געטרעשטשעט אװטאָמאַטן. עס זײַנען נאָך געגאנגען די שלאַכטן מיט די רעשטן פונעם היט־לערישן כאַיל, און אױף די גאסן האָבן זיך שױן ארױסגעשאָטן יאָמטעװדיק־אָנגעטאָנענע אײַנװױנער פון פראַג.

מיר האָבן זיך באַװעגט צום װאַצלאַװער פּלאַץ, ארומגײענדיק אין װעג עטלעכע באַריקאַדעס פון אומגעװאָלגערטע טראַמװײַען, און זיך ארײַנגעצױגן אין די שמאָלע געסעלעך פון דער שטאָט. און דאָ האָט זיך אונדז אומגעריכט באַגעגנט אַן אומדערװאַרטע שטערונג: אױף די טראָטואַרן, לענגױס די גאסן און אױף דורכגעפאָרענע טײלן פון די גאסן האָבן זיך צונױפגעזאַמלט טױזנטער יובלדיקע מענטשן. ארױסרײַסן זיך פון די פרײַנטלעכע אָרעמס איז געװען פּאַשעט אומעגלעך.

און אין דער װעלבער צײַט זײַנען אין דער שטאָט ארײַנגעגאנגען די טאנקען־בריגאַדעס פון די ארמײען פון די גענעראַלן ריבאַלקאָ און לעליושענקאָ. די פּראָגער טױשװים האָבן זיך א צי געטאָן צו די טאנקען, זײ באַװאַרפן מיט בלומען, די מײדלעך און יאַטן זײַנען ארופגעקראָכן אױף די קױם פּױזענדיקע טאנקען. אין דער הײך זײַנען געפלױגן היטלען, פּרױען־שליאַפּקעס, טאנקען־העלמען, טשעכישע אױסרופן „נאַזדאר רוסלאַנדי!", „נאַזדאר טשעסקע־סלאָװענער רעפּובליקי!", „הוראַ!" האָבן צעטרײסלט די לופט. קוים זיך ארױסגעריסן פון די אָרעמס, האָב איך זיך צוגעשפּאַרט צו דעם טאנק, קעדײ אָפּעטעמען. פונעם איבערגעלעבטן בין איך, דוכט זיך, שיקער געװאָרן. נאָר דאָ זע איך, װי עס לױפט נאָך מײַן טאנק דער שעף פון דער פאַרבינדונג פון דער בריגאַדע מאַיאָר זאַסימענקאָ און שרײַט:

— הוראַ! הוראַ!..

— װאָס איז געשען? — האָב איך אים מיט כידעש געפרעגט.

— א ראַדיאָ, א ראַדיאָ פון מאָסקװע... די מילכאָמע האָט זיך פאַרענדיקט! א פולשטענדיקע קאַפּיטוליאַציע!

געפלעפּטע פון אָט דער ידיעה, האָבן מיר אין די ערשטע מינוטן געקוקט אײנער אױפן צװײטן. אױף מײַן טאנק האָבן זיך פאַרקליבן נאָך ביז פראַג דער שטעלפאַרטרעטער דמיטריעװ, דער קאָמבאַט אָסאַדטשי. װי נאָר זײ האָבן דערהערט די מאָסקװער ידיעה, זײַנען זײ װי פאַרשטײנערט געװאָרן.

מיר זײַנען אַלע געוואָרן אין דער מינוט, דוכט זיך, עלטער. און פּלוצלינג, ניט צוניפֿרעדנדיק זיך, האָבן מיר אַלע אינײנעם גענומען שרײַען „הוראַ!" און זיך געוואָרפֿן אַרומנעמען אײנער דעם אַנדערן.

אַ מידער, אַ הײזעריקער, נאָך פֿרײדיקער, אַרומגערינגלט מיט טאַנקיסטן פֿון אונדזער בריגאַדע, בין איך געשטאַנען אױפֿן װאַצלאַװער פּלאַץ לעבן מײַן געטרײַען שלאַכט־פֿרײַנט — לעבן טאַנק, װאָס אױף זײַן טורעם איז געװען אױסגעקריצט דער נומער „200". ער האָט מיך ניט אונטערגעפֿירט אױפֿן לאַנגן, טױזנטקילאָמעטערדיקן װעג דורך פֿײַער, צענדליקער מאָל מיך באַשיצט מיט זײַן מעכטיקן פּאַנצער פֿונעם טױט.

די שלאַכט־מאַשין, אַ מידע פֿון די פֿילטעגיקע גערעאַנגלען און שװערן מאַרש, האָט, דוכט זיך, אָפּגערוט. אַרופֿגעקראָכן אױפֿן קאַרמען, האָב איך זיך אַװעקגעזעצט אױפֿן נעצל, װאָס איבערן מאָטאָר, װעלכער האָט נאָך געטריפֿט מיט װאַרעמקײַט, זיך אָנגעשפּאַרט אױפֿן צוניפֿגעװיקלטן אין אַ רולאָן ברעזענט און זיך פֿאַרטראַכט.

אין אָט דעם ערשטן טאָג פֿון פֿרידן האָט זיך דערמאָנט, איך װײס ניט פֿאַרװאָס, דער ערשטער טאָג פֿון מילכאָמע — דער 22 יוני 1941. עס איז געװען פֿיר אַזײגער פֿאַרטאָג, די פֿעסטונג אָסאָװעץ אױף דער סאַמע מײַרעװודיקער גרענעץ... אַרטילערישע סנאַריאַדן און דער רױש פֿון „יונקערסן" האָבן אונדז אױפֿגעהױבן פֿון די געלעגערס. אָט אַזױ האָט זיך פֿאַר אונדז אָנגעהױבן די מילכאָמע. עס האָבן זיך אײַנגעשניטן אין זיקאָרן די שװערע טעג פֿון אונדזער צוריקטראָט: דער שװערער װעג פֿון ביאַליסטאָק, דורך באַראַנאָװיטשי, סלאָנים, מינסק, סמאָלענסק.

און אָט זײַנען אַדורך 1418 טעג און שלאָפֿלאָזע נעכט. אױף די אױגן פֿון מײַנע כאַװײרים, װעלכע האָבן מיך אַרומגערינגלט אױפֿן װאַצלאַװער פּלאַץ, — טרערן פֿון פֿרײד.

איבער פּראָג — אַ העל־בלױער הימל. און ס'האָט זיך געװאָלט גלײבן, אַז מענטשן װעלן שױן קײנמאָל אױף אים ניט קוקן מיט שרעק.

אין פֿערציק פֿינפֿטן יאָר האָבן אַזױ געטראַכט ניט נאָר איך אײנער... פּאַװעל סעמיאָנאָװיטש ריבאַלקאָ און װאַסילי װאַסיליעװיטש נאָװיקאָװ האָבן געהאַלטן װאָרט. אַ קאַװאַלקאַדע פֿון לײַכטע און פּאַנצער־מאַשינען האָט זיך טאַקע דערקליבן צום װאַצלאַװער פּלאַץ. אױף זײער װעג, װי אױך פֿאַר אונדזערן, האָט זיך געכװאַליעט אַ מענטשישער יאַם.

צוזאַמען מיטן גענעראַל ריבאַלקאָ זײַנען געקומען גענעראַלן, שטאַבס־אָפֿיצערן פֿון דער אַרמײ און פֿונעם קאָרפּוס, צװישן זײ האָב איך געזען מײַנע אַלטע פֿרײַנט — דעם גענעראַל־פּאָלקאָװניק נאָװיקאָװ אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעװיטש, דעם גענעראַל־לײטענאַנט נאָװיקאָװ — אונדזער קאָמקאָר, נאָװיקאָװ אַנדרײ װלאַדימיראָװיטש — אַלע אין פֿריש־אָנגעטאָנענע גענעראַלישע פּאָגאָנעס.

די באַגעגעניש מיט מײַנע נאַטשאַלניקעס איז געװען אַ װאַרעמע, אַ ברידערלעכע. מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין די אָרעמס פֿון אונדזערע שעפֿן און פֿרײַנט.

פּאַװעל סעמיאָנאָװיטש איז געװען אױפֿגערעגט, זײַנע װערטער האָבן גערירט יעדערן פֿון אונדז:

— מיטן זיג אײַך, מײַנע פֿרײַנט! אָט האָבן מיר אים דערגרײכט, אָפּגערײניקט אונדזער הײמלאַנד פֿון די פֿאַשיסטישע שלעק, געהאָלפֿן די פֿעלקער פֿון אײראָפּע, אַ שאָד, װאָס ניט אַלעמען האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערלעבן דעם ערשטן טאָג פֿון פֿרידן...

די אױגן באַם קאָמאַנדאַרם זײַנען געװען פֿײַכטע. דעם דערנעבן שטײענדיקן מיט אים װאַסילי װאַסיליעװיטש נאָװיקאָװן האָט אַרומגעכאַפּט אַ נערװון־אױפֿרעגונג, ער האָט געהאַלטן אין אײן אױסטאָן און װידער אָנטאָן די ברילן. ספּאַזמעס האָבן געשטיקט מײַן גאָרגל. ריבאַלקאָ האָט נאָך אין 1942 פֿאַרלאָרן דעם אײנציקן זון, דעם 20־יאָריקן לײטענאַנט װיליקן, און דער קאָמקאָר האָט פֿאַרלאָרן אין בערלין זײַן ייִנגערן זון — יוריקן.

די מילכאָמע האָט געבראַכט יעדערן פֿון אונדז ניט װײניק פּערזענלעכן אומגליק. אָט פֿאַרװאָס דער ערשטער טאָג פֿון פֿרידן און דער ערשטער טאָג פֿון זיג איז געװען אי אַ פֿרײדיקער, אי אַ טאָג פֿון לײד. און דערפֿאַר האָבן אין קאָלאָנעס זיך אױסגעשטעלט טאַנקען, באַשאָטענע מיט בלומען, באַהאַנגענע מיט גירליאַנדעס און קראַנצן.

ריבאַלקאָ האָט אַרומגעכאַפּט מיטן בליק דעם מענטשישן יאַם... דער יובל האָט ניט געהאַט קײן גרענעץ. ריבאַלקאָ האָט, װענדנדיק זיך צו די טאַנקיסטן, געזאָגט:

— טאַטעס און קינדער מײַנע! נאָכאַמאָל באַגריס איך אײַך מיטן זיג! די מענטשהײַט װעט קײנמאָל ניט פֿאַרגעסן אײַער העלדנטאַט!

די גענעראַלן האָבן זיך געאײַלט און קױם זיך אַרױסגעקליבן דורך די פֿאַרפֿלײצטע מיטן המון גאַסן פֿון דער שטאָט. דער אױפֿגערודערטער פּראָג איז אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן. אױף די גאַסן און פּלעצער, באַ די הײַזער און אױף די באַלקאָנען, אומעטום זײַנען געװען מענטשן.

העל האָבן געשײַנט די פײַערן אין די פענצטער, וועלכע האָבן זיך שוין צעשיידט מיט די שוואַרצע ברילן פון דער שײַן־מאַסקירונג.

קאַיאָר איז צו די טאַנקיסטן געקומען צוגאַסט דער באַשטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דער פראָנט־צײַטונג אַלעקסאַנדער בעזימענסקי. שוין עטלעכע יאָר טרעפן מיר אים אױף די מיליטער־וועגן, אין די מיליטערישע טײלן און אונטערטײלן פונעם ערשטן אוקראַיִנישן פראָנט, אין אוקראַיִנע און אין פּוילן, אין בערלין און אין פּראַג. אומעטום איז ער געווען מיט אונדז, מיט זײַן אָפּטימיזם און הומאָר האָט ער געוואַרעמט אונדזערע סאָלדאַטישע נעשאָמעס. יעדערער, וואָס ס׳האָט געהאַט די מעגלעכקײַט צו באַגעגענען זיך מיט אַלעקסאַנדער אילײטשן, זײַנען פאַרכאַפּט געוואָרן מיט זײַן יוגנטלעכן ברען, כאָטש דער פּאָעט איז שוין פון לאַנג אַרויס פונעם קאָמיוגישן עלטער.

ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן בעזימענסקי, איז אַלץ געקומען אין באַוועגונג.

— איך בין געקומען אײַך באַגריסן מיטן זיג. איך האָב געוואָלט אײַך טרעפן נאָך אין בערלין, נאָר צי דען קאָן מען די טאַנקיסטן דערײַאָגן? פרײַנט מײַנע, איך האָב פאַר אײַך אָנגעשריבן אַ ליד, וועלכע איך ווידמע אײַך, טאַנקיסטן, און וויל זי דורכלייענען.

אױפן פלאַץ האָבן זיך צו אונדז פאַרייניקט טשעכן, דער קרײַז איז געוואָרן ברײַטער. עמעצער האָט געבראַכט אַ טיש. אַלעקסאַנדער אילײטש איז אַרױפגעקראָכן אױף אים. און אָט האָבן שוין געקלונגען די ווערטער פון דער ליד:

מיט אונדזער ניצאָכן, מיט רומפולן זיג,
נאָך יאָרן נאָך האַרבע און שאַרפע,
עס האָט זיך פאַרענדיקט דער ריזיקער קריג,
די לאַנגע, די שלאָפלאָזע מאַרשן...

ווי פאַרקישעפטע האָבן מיר געהערט דעם פּאָעט. ער האָט געפונען פּראָסטע, האַרציקע ווערטער, קעדיי אויסגיסן די געפילן, וואָס האָבן אַזוי געריגט אַלעמען פון אונדז, פּאָטערס און קינדער פון אונדזער דאָר...



# ליטעראַרישע געדענק־דאַטעס

## שמואל האַלקין

(1960—1897)

## מענדל ליפשיץ

(1983—1907)

## סאַמויִל מאַרשאַק

(1964—1887)

## ש מ ו א ל  ה א ל ק י ן

פון דער דיכטערישער ירושה

### איך בין דײַנער

זאָגן: רוסלאַנד דו ביסט מײַנע —
וואָלט געוויס ניט זײַן קיין ליגן,
ווײַל אין יעדעס וואָרט וואָלט ליגן
מײַנע א גערעכטע טײַנע.

זאָגן: רוסלאַנד, מײַנע ביסט —
וואָלט געוועזן דאָך א גוזמע,
ווײַל אין זינען האָבן מוז מען
גאָר איר גרויסקייט — פון און ביז...

„איך בין דײַנער" — וועל איך זאָגן.
אי ס'איז עמעס, אי באַשיידן,
אָנשטענדיק פאַר אונדז פאַר ביידן,
און מײַן גײַוועו — צו דערטראָגן.

דאָ בין איך אַמאָל געבאָרן,
דאָ וועל איך אַמאָל ניט ווערן,
דאָ פאַרפלאַנצט האָב איך א קערן
אויך אף שפּעטערדיקע יאָרן.

### טיפע גריבער, רויטע ליים

טיפע גריבער, רויטע ליים —
כ'האָב אַמאָל געהאַט א היים.
פרילינג — פלעגן סעדער בליִען,
האַרבסטצײַט פלעגן פייגלען ציִען,
ווינטער — פלעגט דאָרט פאַלן שניי,
איצטער בליט דאָרט ווינד און וויי.
ס'האָט מײַן היים א בראָך געטראָפן —

טיר און טויער זײַנען אָפן
פאַר די ראָצכים, פאַר די שינדער,
די, וואָס קוילען קליינע קינדער,
די, וואָס הענגען אויף די זקיינים,
די, וואָס שאַנעווען ניט קיינעם.
טיפע גריבער רויטע ליים —
כ'האָב אַמאָל געהאַט א היים.

יאָר נאָך יאָר זײַנען אריבער,
פולע זײַנען יענע גריבער,
און נאָך רויטער איז די ליים.
יענע ליים איז איצט מײַן היים:
דאָרטן ליגן מײַנע ברידער,
די צעריסענע אָף גלידער,
די געשאָכטענע אין שטוב,
די געשאָסענע באַם גרוב.

טיפע גריבער, רויטע ליים —
כ'האָב אמאָל געהאַט א היים.

קומען וועלן גוטע צײַטן —
וועט דאָס מאַזל אויך זיך בײַטן,
וועלן ווייען ווערן לינדער,
וועלן ווידער וואקסן קינדער,
וועלן קינדער שפּילן, רוישן
באַ די קוואָרים פון די קדושים,
באַ די טיפע פולע גריבער, —
אַז דער ווײ זאָל ניט אריבער.

טיפע גריבער, רויטע ליים —
כ'האָב אמאָל געהאַט א היים.



## צו איינעם פונעם פאָלק

מיט דיר, מײַן פרײַנט, דעם כעזשבן כ'פיר
שוין לאַנג.
מיט מיר געוועזן ביסטו אין שווערסטן גאַנג.
און ווען געפאַלן בין איך שיִער א מידער
מיט צוגעפּראָרענע צום גומען לידער,
ווײַל ס'איז די צײַט געוועזן ניט פאַר געזאַנג,
און ס'איז מײַן גײַסט געלעגן אין דער נידער, —
אויך דעמלט זײַנען מיר געבליבן ברידער,
און ביידן, ווייס איך, טוט עס קיינמאָל באַנג.

נאָר לעצטנס, פרײַנט, מיר ווערט אומהיימלעך־
שווער
מיט דיר, און ס'איז דײַן שכיינעס מיר א שטער,
ווײַל, ווי א ריכטער, יעדן טאָג דו מאָנסט:
צי האָסטו אופגעטאָן, וואָס טאָן דו קאָנסט,
און אויסער דיר ניט אָפּטאָן וועט עס קיינער,
ווי גלײַך דערצו בארופן זײַן כ'וואָלט איינער
אָף גאָר דער ערד. ארוף מיך רופסט, ארוף,
און אָף דײַן רוף זיך אָפּרופן איך פּרוּוו,
כאָטש מײַנע אקסלען זײַנען שוין באַשווערט
מיט אלדאָס גוטס און בייז, וואָס אָף דער ערד.
דו ווייסט, ווי שווער איז אין דער הייך נאָך זײַן,
און אָף קיין מיטלוועג דו גייסט ניט אײַן.
און טרײַבן דיך פון זיך איז אויך קיין טאָלק,
ווײַל דו, — דו ביסט דאָך איינער פונעם פאָלק,
וואָס כ'פּרוּוו, וואָס כ'וויל זיך אײַנריידן אמאָל,
אַז כ'טראָג אָף זיך זײַן ליבע לאַסט, זײַן אָל.
דיך טרײַבן — אים פארשעמען וואָלט באַטײַט,
און דו — דו טײַנעסט מיר די גאַנצע צייט,
אַז ניט צו מיר אליין מײַן טאָג געהערט —
צו אַלע, אַלע מענטשן אָף דער ערד.
און אַז מײַן קנאַפּע, אויסגעהיטע קראַפט —
פאַר ווײַטע, שפּעטערדיקע דוירעס שאַפט.

מיר ווילט זיך גלייבן דיר, מײַן פרײַנט, און
כ'גלויב:
אויב ניט קיין ווײַטער דאָר — ניט בלײַבן טויב
צום שטילן קלאַפּן פון מײַן הארץ וועט דער,
וואָס לעבט מיט מיר באַנאַנד דאָ אָף דער ערד,
וואָס גאָר מײַן לעבעדיק געזאַנג געהערט
צו אים, וואָס אָף זײַן שפּראַך האָב איך גערעדט
צו גאָר דער וועלט, און פון דער פרי ביז שפּעט
געפײַנט, געפײַלט, געשליפן האָב איך זי —

זי זאָל זײַן צירונג זײַן, זײַן לויב, זײַן קרוין...
און איך — מײַן ערשטע און מײַן לעצטע לוין:
ניט גיין פאַרלאָרן זאָל מײַן שווערע מי,
און אויך פון די, וואָס זײַנען שוין ניט הי...

ווען אָנקומען וועט יענע פרעמדע צײַט,
ווען ווילד וועט זײַן דאָס בילד און דער באַטײַט
פון אָט דעם אָס, וואָס איצטער איך פאַרשרײַב
מיט מאַרך פון מאַרך מײַנעם, מיט בלוט פון לײַב;
פון זיי — די טעכטער אונדזערע און זין,
פון זיי פאַרהילט וועט זײַן פון אָס דער זין
און פונעם וואָרט דער קלאַנג, פון זאַץ דער כיין...
איין זאַך צו זייער האַרץ זאָל כאָטש דערגיין:
מיר האָבן אױף דער שפּראַך געלעבט, איין מיין
בא אַלע אונדז געווען: ס'זאָל ווערן ריין
די וועלט, דאָס שלעכטס אין איר זאָל אונטערגיין.

## אָט דער שטערן איז מיר טײַער

אָט דער שטערן איז מיר טײַער
פאַר דער ריינקײַט פון זײַן פײַער,
פאַר זײַן קומען צווישן הונדערט,
פאַר זײַן לײַכטן זיך באַזונדער,
און דערפאַר, וואָס גאָר זײַן שײַן
אין איין טראָפּן שליסט ער אײַן.

אָט דער שטערן איז מיר טײַער,
ווײַל עס צווייט זיך ניט זײַן פײַער,
ווען ער שענקט זײַן ליכט דעם
וואַסער, —
ס'ווערט ניט טונקעלער, ניט בלאַסער
אױפן לאַנגן, גאָלד'נעם וועג:
פון דער הייך און ביזן דעק.

אָט דער שטערן איז מיר טײַער,
ווײַל זײַן גרייס איז אומגעהײַער,
ווײַל פאַר אים א מאָס געפין איך,
ווײַל זײַן ליכט אין זיך פאַרשפּין איך,
און דערפאַר, וואָס ער געהערט
אי דעם הימל, אי דער ערד.

## ד י כ ט ע ר

מע זאָגט, ס'איז בלינד געווען אַמאָל האָמער,
נאָר ס'איז מיט אים געשען א גרויסער וווּנדער:
וואָס נעענטער צו אונדז מיט א יאָרהונדערט —
ער ווערט אַלץ זעעוודיקער מער און מער.

נאָר זעלטן טרעפן וווּנדער אױף דער ערד...
און אויב א נעס אַזא מין זײַנען מיר ניט ווערט,
איז זאָל מען כאָטש אַמאָל ניט איבערגעבן,
אַז מיר זײַנען געווען בלינד באַם לעבן.

## ד אָ ס  ג ל אָ ז

דאָס גלאָז איז דורכזיכטיק און ריין —
דו זעסט דורך דעם די גאַנצע וועלט:
ווער עס וויינט, און ווער עס קוועלט.
נאָר ווי דו האָסט איין זײַט פאַרשטעלט
מיט זילבער־פאַרב, וואָס האָט די ווערט
א גראָשן געלט צי עטוואָס מער, —
פאַרשווינדט פון אויג די גאַנצע ערד,
פון ריינעם גלאָז א שפּיגל ווערט.
און ווי דער שפּיגל זאָל זײַן ריין —
דו זעסט אין אים נאָר זיך אַליין.

## שטייט א שטיין

נעכטן ערשט האָסט קאַרג געערדט.
און פון פרי ביז אָוונט־שפעט —
אַלץ געשוויגן, נאָר געקלערט,
מיט דער וועלט זיך אָנגעקערט
אָט אַזוי, ניט מער, מיסטאָם,
ווי דער שטיין מיט ברויז פון יאַם.

ברויזט דער יאַם — ניט צו פאַרשטיין.
שטייט א שטיין? — נו, זאָל ער שטיין.

הײַנט דו טײַנעסט נאָכאַנאַנד.
ניט צו זען קיין ברעג, קיין ראַנד
צו די כוואַליעדיקע רייד —
סײַ פאַר ווייטיק, סײַ פאַר פרייד.
נאָר אין אַלץ, וואָס זאָלסט ניט טאָן,
קערט די וועלט מיט דיר זיך אָן,
ווי מיט יענעם שטיין, וואָס אויס,
קערט זיך אָן דער יאַמען־ברויז.

ווער זשע וועט די פרעמדע קרעפטן
איינקן, צוזאַמענהעפטן?

סײַדן ווינטן, סײַדן שטורעמס,
סײַדן כוואַליעס, ווי די טורעמס,
וועלן צו דעם שטיין ארויס —
ברענגען אים אין יאַמען־שויס...

נו, און ווײַטער וואָס וועט זײַן?
ס׳וועט דער שטיין אין יאַם אַרײַן.
ס׳הוילט דער יאַם — ניט צו פאַרשטיין.
שטייט א שטיין? — נו, זאָל ער שטיין.

זאָל דאָס אַלץ אַזוי פאַרבלײַבן?
ביז צום טאָק זיך ניט דערקלײַבן?
ווײַל דאָס אַלץ איז גוט אין ליד:
האָסט א יאַם, האָסט א גראַניט.
איז דער סאָף ניט בלענדנדיק,
האָסט קיין סאָף ניט־ענדיק ניט.

מיט א הארץ פון פלייש און בלוט
איז ניט גוט — וואָס הייסט ניט גוט!
ס׳איז דאָס הארץ — פון גאָט א שטראָף, —
ס׳פרעגט אַלץ: וואָס וועט זײַן דער סאָף?

## א טאָעס?

פאַרוואָס זײַנען בא מיר די אויגן פײַכט?
כ׳האָב דען אין שלאָף באנאַכט פאַר צער געוויינט?
און מיר האָט דאָך געדאַכט, איך האָב געמיינט,
אז נאָר אין פריידן קומען טרערן לײַכט.
ניט איין מאָל ס׳הארץ געבליבן איז פאַרשטיינט:
זיך אויסוויינען געמיינט, נאָר ניט געוויינט.
ווי שטערן, פונקען שלאָגסט אויס פון גראַניט,
נאָר פון די אויגן טרערן — איין מאָל ניט.
פון אונטער שווערסטן שטיין — זיך אויסגעלײַכט.
פאַרוואָס זשע זײַנען מײַנע אויגן פײַכט?

מײַן טאָג פון נאַכט כ׳האָב אָפּגעגרענעצט שאַרף —
זיי זאָלן איינס אין צווייטן זיך ניט שפּיגלען.
אָן וועגנט, אָן טויערן, אָן שווערע ריגלען
די גרענעצן ווערן אָפּגעהיט, זי דאַרף:
זאָל יעדע צײַט איר הערשאַפט שפּרייטן פרײַ,
זאָל יעדע בײַט ניט ווערן זיך דערבײַ.
פאַרוואָס זשע טרעט די נאַכט דעם וועג ניט אָפּ
און ברענגט אין טאָג אַרײַן איר שווערע גאָב?
און איך האָב נאָך געמיינט, מיר האָט געדאַכט —
פאַר פרייד האָב איך געוויינט א גאַנצע נאַכט.

# מענדל ליפשיץ

לידער פון פאַרשיידענע יאָרן

## די טירן עפן ברייטער

אָט דער געדאַנק אָף טויזנטער פאַפּירן
און אָנגעריפּטן עס שפּרייט זיך אויס געדיכט.
דו ביסט אַרײַן — פאַרמאַך נאָך זיך די טירן,
דו ביסט אוועק — לעש אויס נאָך זיך די ליכט.

און איך וויל אַנדערש דעם געדאַנק פאַרשפּרייטן:
דער הייפער זאָל ער זײַן קעגן זײַן שטאַם —
דו ביסט אַרײַן — די טירן עפן ברייטער,
דו ביסט אוועק — צינד אָן נאָך זיך א פלאַם.



## דאָס קאָל

וועז אָנהייבן וואָלט זיך די וועלט מיט מיר אַליין,
איך וואָלט געגלייבט, מיט מיר וועט זי זיך ענדיקן
נאָר כ׳הער א קאָל
פון אייביקן,
פון שטענדיקן,
וואָס רײַסט זיך דורך
פון מירמלשטיין.

מיט אויסיִעס אויסגעקריצטע טיף
פון היִעראָגליפן־ברעט
צו מיר דאָס קאָל עס רעדט;
מיט קלינגענדיקער פרײַער פרייד
פון פּילפּלאַמיקער ווײַט
צו מיר דאָס קאָל עס שרײַט.
און רופט מײַן שטאָלץ,
און מאָנט מײַן מוט,
און שטילט מײַן טײַנע:
— דײַן אייגן בלוט,
דײַן ווי דײַן אייגענער —
זיי זײַנען ניט נאָר דײַנע.

* * *

די ערד האָט טויזנט קוואַלן,
און טויזנט דורשטיקע בא יעדערן פון זיי,
און ביז די שאָ איז דיר ניט אויסגעפאַלן,
דו שטייסט, ווי אַלע, וואַרטסט אַרויס דײַן ריי.

עס זײַנען ווײַט פאַר דורשטיקע די ברונעמס
און זילבער־קאַלטקײַט זייער טיף באַהערשט.

נאָר ביסטו מיט א גראַבײַזן געקומען,
עס טיילט דיך אויס דײַן ריי און לאָזט אַן ערשט.

איך ליב פון קוואַל דעם אומענדלעכן באַדן,
נאָך מערער ליב איך שטענדיק די,
פאַר וועמען אָפּגרונט דאָס איז זייער מי,
און זייער גרונט איז נאָר אין ווײַטער גראָבן...

## מיט וואָס איז עס דער פרילינג

מיט וואָס איז עס דער פרילינג אַזוי שיין,
וואָס בענקען בענקט מען נאָר נאָך אים אַליין?
דער זומער טוט דאָך אָן אין גאָלד דעם טאָל,
די ווײַט שענקט דאָך דער ליד איר ווידערקאָל,

עס ווערט דאָך דײַן געליבטע דיר א פרוי,
פאַרוואָס זשע איז דער פרילינג ליב אַזוי?
ווײַל יעדנס טרוים באַפליגלט ער אַליין,
ווײַל זײַנע הימלען זײַנען בלוי און ריין,
ווײַל אין ווײַטע וועגן לערנט ער אונדז גיין,
אָט פאַרוואָס עס איז דער פרילינג שיין.

# פרעג אין שלאָף

פרעג אין שלאָף מיך, צי אין דרימל,
וואָס באַדאַרף איך, ווייס איך קלאָר?
— יאָ, דאָס טעלערל פון הימל,
נאָר דאָס טעלערל, און גאָר.

זאָג, וואָס טראָג איך אין די טרוימען,
וואָס פאַרלאַנג איך און באַגער?..

— זוים פון ערד און פרוכט פון ביימער,
זוים און פרוכט, און גאָרניט מער...

און וואָס וואָלט איך וועלן געבן
פאַר מײַן פאָלק, דאָס ווייסטו אויך?
— יאָ, דאָס ליכט און גאָר דאָס לעבן,
ביז דעם לעצטן אָטעם־הויך...

# א זון מיט א רעגן

א זון מיט א רעגן, א זון מיט א רעגן,
דער טײַך, אין זײַן זאמד־בעט, איז רויִק געלעגן.

געפרייט זיך מיט וואסערן ווארעמע, שטילע,
און גאָר ניט פארטראכט זיך, וואָס ווארט אים אפילע.

נאָר פלוצלינג פון גרונט טוט א כאפּ זיך א וועל,
טוט זיך האסטיק א הייב, טוט א שטויס זיך, א שטעל,

און הייס, ווי א לאָשיצע, ווילד, אױף דער פרײַ,
צעהירזשעט זיך הילכיק, צעגיסט זיך אין בלײַ.

די קינדער, זיי האָבן „שאלאשן" געבויט
און געפרייט זיך מיט זיי, גלײַך זיי וואָלט מען געטרויט

ניט צווײַגן און בלעטער, נאָר טײַערסטן שטיין,
פאלאצן אוועקשטעלן, דאָ זאָלן שטיין!..

און סימכע פון ארבעט, און פרייד פון שאלאש
זיך גיסן צוזאמען מיט זילבער און ראש.

די לאָשעקעס הירזשען, די דונערן קלינגען,
אין פריילעכע כוואליעס די קינדער עס שפּרינגען.

זיי האָבן געגרייט זיך און האָבן דערוואָרט,—
דער טײַך האָט צעעפנט א ליכטיקן סטארט.

א זון מיט א רעגן, א זון מיט א רעגן,
און ס'גייען זיי קינדער און כוואליעס אנטקעגן...

# אונדזער ערד

אונדזער ערד איז א טראָפּן פון וועלטן
און געמוזט האָט דער טראָפּן דאָ זײַן,
אז מיר זאָלן דאָ בויען געצעלטן
פאַר פרייד און פאַר ליכט און פאַר שײַן.

קליין איז קליין אונדזער ערד, אונדזער ווונדער,
אָבער יעטווידער מענטש אומגעפער

טראָגט בא זיך אינעם זינען באזונדער
נאָך אן ערד, גאָר ניט קלענער פון דער.

און אויב מאכן צוזאמען דעם כיבער
פון די מענטשן און דוירעס אָן צאָל,
איז נאָך שטארקער און גרעסער און ליבער
ניט געווען דאָ קיין ערדקויל קיינמאָל.

## יאַקאָוו קאָזלאָווסקי

בלעטלעך פון זיכרוינעס

# מאַרשאַקס לימודים

ס'איז געווען דעם 23 פעוורואַל 1961. עס האָט געשאָטן אַ דריבנער, נאַסער שניי, וועלכער האָט, צעגייענדיק, געטשוואַקעט אונטער די פיס. איך אָבער האָב ווי ניט באַמערקט דעם וועטער. אינדערפרי נאָך האָט מיר אָנגעקלונגען סאַמויל יאַקאָוולעוויטש מאַרשאַק און געבעטן אַרײַנגיין צו אים. ווי יעדעס מאָל, האָב איך אויך איצט געפילט די פרייד פון דער באַגעגעניש, וואָס שטייט מיר פאָר.

מאַרשאַק האָט ניט לאַנג צוריק זיך אומגעקערט פון קרים, וווּ ער האָט זיך געהיילט און געאַרבעט. פינקטלעכער וואָלט געווען פאַרקערט: „געאַרבעט און זיך געהיילט". ער האָט קעסיידער געאַרבעט. צומאָל האָט זיך געדאַכט, אַז ער פונקציאָנירט אַכט און פערציק שאָ אין מעת־לעת.

אויך דאָס מאָל האָט מאַרשאַק געאַרבעט: געשריבן אַן אַרטיקל וועגן טוואַרדאָווסקין. זינט איך האָב אים ניט געזען איז זײַן פּנים אָפּגעפרישט געוואָרן. דאָס קעלנערל פון זײַן אָנגעקראָכמאַליעט ביז האַרטקייט העמדל איז געווען ברייט צעשפּיליעט, אַנטפּלעקנדיק אַ געראָונצלטן דאַרן האַלדז. דאָס העמדל האָט זיך צעקנייטשט, אַ פאַרפאַראוועטס אין די הויזן אונטער אַ רימען. עס געדענקט זיך, אַז כ'האָב געזאָגט:

— איר זײַט, סאַמויל יאַקאָוולעוויטש, אַ נאָווי.

— אין וועלכער הינזיכט?

— דאָס האָט איר דאָך פאַרויסגעזאָגט טוואַרדאָווסקין זײַן צוקונפט.

— אַן עמעס, טײַבעלע. אַנומלטן האָב איך אים געזאָגט: „איר וועט זײַן דער ערשטער פּאָעט פון דעם איצטיקן רוסלאַנד". — און, ניט אָן שטאָלץ פאַר זײַנע נעוויִעס, צוגעגעבן: — און אַזוי איז עס טאַקע געשען!

דער שרײַבטיש איז געווען פאַרוואַלגערט מיט מאַנוסקריפּטן, בריוו, ביכער, און אין אָט דעם כאַאָס האָט געקאָנט זיך אָריענטירן בלויז ער אַליין, מאַרשאַק. אין דער שכייניש צימער האָט געקלאַפּט אַפן „אונדערוווּד" די מאַשיניסטקע. ס'איז אַרײַנגעגאַן אין אַן אָפּגעלאָזטן אויסזען ראָזאַליִאַ איוואַנאָוונאַ — מאַרשאַקס סעקרעטאַר און הויז־



סאַמויל מאַרשאַק

באַלעבאָסטע. ער האָט איר איבערגעגעבן האַנטשריפטלעכע זײַטלעך און, אַראָפּטרייסלענדיק אין אַ קליינינק קופּערן קעסטעלע דאָס אַש פון דעם זיך רויכערנדיקן סיגאַרעט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איך האָף נאָך, אַז אויך אין דער פּראָזע וועט טוואַרדאָווסקי זיך אויסצייכענען. אַ שרײַבער דאַרף זיך פּרוּוון אין פאַרשיידענע זשאַנרען. אָט איז פּושקין פאַר אונדז אַלעם אַ בײַשפּיל: לידער, פּראָזע, איבערזעצונגען, אַרטיקלען, רעדאַקטאָרישע טעטיקייט. און גאָרנישט איז קיינמאָל ניט שפּעט. דאָס בעסטע האָב איך אָנגעשריבן, ווען כ'האָב אַריבערגעשפּאַנט די פופציקער. יאָ, יאָ...

כ'האָב אומצוטרוילעך אַ שמייכל געטאָן, גלײַך ווי כאַפּנדיק מאַרשאַקן אין אַן אומפּינקטלעכקייט, ווײַל אַזעלכע לידער, ווי „די סרייפע", „מיסטער טוויסטער", „אָט אַזאַ צעשטרייטער", „דער באַגאַזש", האָב איך געוווּסט זינט מײַן ווײַ־

טער קינדהײַט. אָבער מײַן אומצוטרוי האָט סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש בייז אָפּגעהאַקט:

— איך ווייס בעסער...

איך האָב אים געבעטן אונטערשרײַבן א ביכל פאַרן טשעכישן רעזשיסער יאָזשעף פאַלאַ, מיט וועלכן כ'האָב זיך באַקאַנט אין פּראַג. ער האָט אופגעפירט אף דער טשעכישער בינע מאַרשאַקס מײַסעלעך און געטרוימט האָבן זײַנס א ביכל מיט אן אווטאָגראַף. מאַרשאַק האָט גענומען די פאַרבנרײַך ארויסגעלאָזטע פּיעסע „ציטערסטו פאַר צאָרעס — זעסטו ניט קיין גליק" און אפן טיטל־בלאַט אָנגעשריבן מיט זײַן קלאָרער האַנטשריפט: אַלעאַגראַפישער פּאָרטרעט פון בערנסן מיט פּסעוו־דאָ־פאָלקסטימלעכע בילדלעך אף די סוזשעטן פון „דעם טײַערן יאָזשעף פאַלאַ — מײַן טשעכישן רע־זשיסער — מיט אן אופריכטיקן גרוס, ס. מאַרשאַק. 1961 — 23/II”.

און מיר האָט ער געזאָגט:

— אָבער שיקט, ביטע, מיט א באַשטעלונגס־באַנדעראָל. — און ער האָט דערציילט, אז ס'איז פאַרפאַלן געוואָרן די יובּילײ־מעדאַל, וועלכע עס האָט אים ארויסגעשיקט דער קעמברידזשער אוניווערסיטעט.

— וויִאַזוי זשע האָט זי געקאָנט פאַרפאַלן ווערן?

— עמעצער האָט צוגעלאַקכנט, — האָט ער גוטמוטיק געענטפערט, — אָבער מע האָט מיר געשיקט אן אנדערע און געבעטן שריפטלעך באַשטעטיקן, אז כ'האָב די מעדאַל באַקומען...

מע האָט מיך צוזאַמען מיט ראַסול גאַמזאַטאָוון אײַנגעלאַדן אין צענטראַלן ליטעראַטן־הויז אף א דורכקוק פונעם פראַנצויזישן פילם „זאַהאַן", אָבער מיר האָבן זיך אוועקגעלאָזט אף דער טשקאַלאָוו־גאַס צו מאַרשאַקן. און אָט זיצן מיר אין די טונקל געוואָרענע פון דער צײַט לעדערנע פאָטעלן אין סאַמויִל מאַרשאַקס קאַבינעט. וויפל בעקאָוועדיקע מענטשן זײַנען אָפּגעווען אין אָט דעם ניט־גרויסן צימער, וואָס איז פאַרוואַלגערט מיט ביכער אף דער רוסישער און ענגלישער שפּראַכן, אין צימער, ווו אונטער דער סטעליע הענגט קימאַט שטענדיק א וואָלקן פון טאַבעק־רויך! מאַרשאַק איז געווען א פאַרברענטער רייכערער.

אין סאַמויִל יאַקאָוולעוויטשעס אַרבעט־צימער איז לעבן שרײַבטיש געהאַנגען פּושקינס פּאָרטרעט פון דער אויסגאַבע, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן נאָך דעם געניִאַלן דיכטערס טויט, מיט א בײַלאַגע, געשריבן מיט דער האַנט פון דער „מוטער צענזור". אף דער קעגנזײַטלעכער וואַנט — אן אַלעאַגראַפישער פּאָרטרעט פון בערנסן מיט פּסעוודאָ־פאָלקסטימלעכע בילדלעך אף די סוזשעטן פון זײַנע לידער. אָט דער פּאָרטרעט איז אָפּגעדרוקט נאָך אין דער מיט פונעם פאַריקן יאָרהונדערט און איז צוגעשיקט געוואָרן מאַרשאַקן אלס מאַטאָנע מיצאַד אײנעם א שאָטלענדישן פּויער. אפן טיש — א בוקעט גלאַדיִאָלוסן, אפן בײַשטידל — א בוקעט פעלד־בלומען.

ווען מיר זײַנען ארײַנגעקומען, האָט זיך גלײַך פאַרבונדן א שמועס וועגן ענגלאַנד, פונוואַנען גאַמזאַטאָוו האָט נאָרוואָס זיך אומגעקערט. סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש האָט פאַרכאַפּנדיק אָנגעהויבן דערציילן וועגן לאָנדאָן, ווו ער האָט געלעבט, זיך געלערנט און געאַרבעט אין דער „שול פון פּראָסטן לעבן", וועלכע עס האָט זײַנערצײַט געשאַפן דער אוטאָפּיסט פיליפּ אָלער. סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש האָט זיך דערמאָנט, וויִאַזוי ער האָט מיט א טאָרבע אף די פּלייצעס געמאַכט א רײַזע איבער אירלאַנד...

— די אירלענדער זײַנען גאַסטפרײַנטלעכער פון די ענגלענדער. אויב איר נייטיקט זיך אין נאַכטלעגער, וועט אן ענגלענדער באַווײַזן אײַך דעם וועג אין א האָטעל, און אן אירלענדער וועט אײַנלאַדן אײַך אין שטוב.

מאַרשאַקס שטים איז א טויבלעכע און אן אײַנגעבראָכענע. א טויבלעכע פון דער נאַטור, און אן אײַנגעבראָכענע פונעם כאַלאַס. און ער רייכערט נאָך איין סיגאַרעט נאָך דעם אנדערן. פון א צײַט אָן זע איך אלץ בוילעטער מיט נעשאָמע־אומרו, אז ער, ווי מע זאָגט אינעם פאָלק, „פאַלט אראָפּ פונעם לײַב", ווערט א טעל. די אקסלען זײַנע זײַנען געוואָרן שפּיצעכיקע, און זיי דערמאָנען אלץ מער אין פליגל.

אין אָט דעם טאָג האָט סאַמויִל יאַקאָוולעוויטש געהאַט א געלעגנהײַט צו באַווײַזן אונדז דאָס לעבעדיקע געשטאַלט פון טאַמאַרע געאָרגיִעוונע גאַבע — א טאַלאַנטפולע, מיט א דינעם געשמאַק שרײַבערן, א פילבאַרע, וואַרעמהאַרציקע פרוי, זײַן נאָענטן פרײַנט:

— מיט א טאָג פריִער, אין אָוונט, אײדער אין פּערעדעלקינאָ האָט זיך דערשאָסן אלעקסאַנדער אלעקסאַנדראָוויטש פאַדייעוו, איז ער געזעסן אָט דאָ, — און האָט אָנגעוויזן אפן פאָטעל, אין וועלכן ס'איז איצט געזעסן גאַמזאַטאָוו. — ס'איז געגאַנגען א רייד וועגן טוואַרדאָווסקין. צווישן אים און פאַדייעוון איז פאָרגעקומען א קריגערײַ, ניין, ניט קיין קריגערײַ, נאָר, אזוי צו זאָגן, א צוזאַמענשטויס פון קעגנזײַטלעכע מיינונגען, און איך האָב אײַנגערעדט אלעקסאַנדער אלעקסאַנדראָוויטשן, ער זאָל וואָס גיכער זיך טרעפן מיט אלעקסאַנדער טריפאָנאָוויטשן און אײַנרעגולירן די מיספאַרשטייעניש. — אינעם קאַבינעט איז בײַגעווען אויך טאַמאַרע געאָרגיִעוונע גאַבע. זי איז מיט עפּעס געווען פאַרזאָרגט, און פּלוצעם, זאָגנדיק, אז זי גייט אוועק, האָט זי אָנגעהויבן דעליקאַט זיך געזעגענען און געבעטן, איך זאָל זי באַגלייטן ביז דער טיר. אין אזא באַקאָשע האָט זי זיך ניט גענייטיקט, ווײַל איך וואָלט סײַווי זי באַגלייט. בא דער שוועל האָט זי גלײַך אָנגעהויבן זאָגן מיר מוסער: „צוליב וואָס האָט איר פאַרפירט אָט דעם

אומגעלומפּערטן שמועס? רעדט בעסער וועגן אים (וועגן פאַדייעוון). מיט אים טוט זיך עפּעס ניט גלאַטיקס..."

סאַמויל יאַקאָוולעוויטש האָט זיך אָנגעכמורעט, אַנשוויגן געוואָרן, פאַררייכערט אַ סיגאַרעט, זײַן פּאָנעם האָט אויסגעזען הילפלאָז־טרויעריק, די גוטע אויגן הינטער די גראָבע פענצטערלעך פון די ברילן האָבן ווי אָנגעפילט זיך מיט טרערן.

קעדיי אים אָפּצווענדן פון דער ביטערער דערמאָנונג, האָט ראַסול גאַמזאַטאָוו אָנגעהויבן דערציילן וועגן דעם, וויאַזוי די באַרגלײַט נעמען אויף אַ קאַריקאַטור:

— ווען דער קינסטלער איגין האָט מיך אָנגעמאָלט און די דאַגעסטאַנער האָבן דערזען מײַן שאַרזשירטן פּאָרטרעט מיט דער לאַנגער נאָז, זײַנען מײַנע פרײַנט אין די אַאולן געווען אויסער־זיך:

— זאָל ער נאָר אַרײַנפאַלן אין אונדזערע הענט, אָט דער איגין, מירן אים דערשטעכן!

און די אומפרײַנט האָבן געשריבן אין אַנאָנימע בריוו: „אַ מיצווע אַף דירו!"

סאַמויל יאַקאָוולעוויטש האָט אַ זיפץ געטאָן. אַף זײַן פּאָנעם האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, און ער האָט אָנגעהויבן, אַליין ניט אָן הומאָר, דערציילן, וויאַזוי ער האָט בײַס דער מילכאָמע גערבעט אין דער צײַטונג „פּראַוודאַ" מיט די קינסטלער קוקריניקסי אין די „פענצטער פון טאַסס". ער האָט אונדז איבערגעלייענט עטלעכע עפּיגראַמען. געלייענט האָט ער אַ ביסל מיט אַ ניגון, מיט אַ הייזעריק־הויכער שטים:

אין שטערן קלאַפּט ער מיטן פינגער לאַנג:
ווי ס'הייסט דער באַנד האָט ער פאַרגעסן.
און קלאַפּן ווערט אים ניט דערעסן
אומזיסט אַ קײַלעכיקע שאַ
אין שטוב, ווו קיינער איז ניטאָ.[1]

איך האָב געבעטן סאַמויל יאַקאָוולעוויטשן, ער זאָל איבערלייענען פון זײַן ליריק — אַ ביכל פון וועלכן ער גרייט צום דרוק. ער האָט אופגעעפנט אַ גראָבע פּאַפּקע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ בלעטל מיט אַ געדרוקטן אַף דער מאַשינקע טעקסט, אַ קוק געטאָן אין דעם און איבערגעלייענט אַף אויסווייניק:

דער זייגער נאַרט אונדז קענטיק אָפּ צומאָל,
מיר זאָלן זאָרגלאָז אַף דער וועלט דאָ לעבן:
די זעלבע שאָ באַווײַזט אַפסניי און נאָכאַמאָל,
גלײַך אומקערן זי וואָלט זיך, כּלעבן.

דער קרײַזלויף פון די טעג איז נאַרעריי:
דער זעלבער טאָג אין וואָך באַווײַזט זיך ווידער,
און אויך דער זעלבער כוידעש קומט אַפסניי —
גלײַך אינדערעמעסן ער קערט זיך אום אַ מידער.

די שאָ פאַרגאַנגענע זיך קערט ניט קיינמאָל אום,
די טעג און די כאָדאָשים קאָנען זיך צוריק
ניט ציִען.
נאָר ס'שטערט דער קרײַז פון ציפערבלאַט
אונדז אומעטום
באַנעמען, אַז מיר פליִען, פליִען, פליִען...

...ווי אומצערײַסבאַר עס איז די פאַרבינדונג פון די צײַטן און פון מענטשן!

— מיר האָט אָפּגעגאָלטן אינעם לעבן, — זאָגט סאַמויל יאַקאָוולעוויטש, — דאָס לעבן האָט מיך צונויפגעפירט מיט פיל אינטערעסאַנטע מענטשן. מיט סטאַסאָוון, וועלכער איז געבוירן געוואָרן נאָך אין פּושקינס צײַטן, געקענט אַמאָל גאָגאָלן, מיט אַלעקסיי מאַקסימאָוויטש גאָרקין, מיט בלאָקן, שאַליאַפּינען, אַלעקסיי טאָלסטאָיען. עס געדענקט זיך, ווי אייניקע פענשמירער (אַזעלכע זײַנען אויך דעמאָלט געווען) האָבן פ. אי. שאַליאַפּינען געמאַכט מיט דער בלאָטע גלײַך. פיאָדער איוואַנאָוויטש איז מיט אַגמעסנפּעש געקומען צו וולאַדימיר וואַסיליעוויטש סטאַסאָוון. סטאַסאָוו האָט אָנגעהויבן אים באַרויקן און געזאָגט: „אָט וועל איך זיי באַווײַזן!" אין עטלעכע טעג אַרום האָט זיך באַוויזן סטאַסאָווס אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט טיל־טעל געמאַכט פון די, וואָס האָבן געזידלט דעם גרויסן אַרטיסט.

אין אַ וואַרעמען אויגוסט־טאָג פון 1904, אַף דער דאַטשע באַ וולאַדימיר וואַסיליעוויטשן, ווו עס זײַנען זיך צונויפגעפאָרן פ. שאַליאַפּין, א. גלאַזונאָוו, אי. רעפּין, דער סקולפּטאָר אי. גינצבורג — ל. טאָלסטאָיס נאָענטער פרײַנט, האָט דער יונגער מאַרשאַק זיך באַקאַנט מיט מ. גאָרקין. און ווען סטאַסאָוו, אַרומנעמענדיק סאַמען (אַזוי האָט ער מיט ליבע גערופן מאַרשאַקן), האָט אָנגעהויבן טײַנען, אַז דער קלימאַט פונעם צאָפן איז שעדלעך פאַר זײַן יונגן פרײַנט, האָט גאָרקי זיך געווענדט צו מאַרשאַקן:

— אין יאַלטע ווילט איר וווינען? מיר מיט פיאָדערן וועלן דאָס אײַנאָרדענען. עמעס, פיאָדער?

— אומבאַדינגט אײַנאָרדענען! — האָט פריילעך זיך אָפּגערופן שאַליאַפּין.

איך קוק אַף סטאַסאָווס פּאָרטרעט, וואָס הענגט איבער מאַרשאַקס פּאָטעל, און דערמאָן זיך אין דער פאָטאָגראַפיע פון 1902, וועלכע האָט פאַרייביקט דעם אָסטראָגאָזשער גימנאַזיסט סאַמויל מאַרשאַק און דעם גראָוובערדיקן פּאַטריאַרך פון דעם רוסישן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק, דעם גרויסן קינסטלערישן און מוזיקאַלן קריטיקער וולאַדימיר סטאַסאָוו. ס'האָט מיר אָפּגעגליקט צו לייענען סטאַסאָווס בריוו צו מאַרשאַקן. אַצינד ווערן זיי פאַר-

[1] דאָ און ווײַטער ווערן די לידער געגעבן אין דער איבערזעצונג פון ב. מאַגילנער.

היט אינעם אינסטיטוט פון רוסישער ליטעראַטור בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר (דאָס פּושקין־הויז).

„ווי אייביק עס שפּילט מיר צו דאָס מאַזל! קימאַט יעדע מינוט פאַלט מיר אויס צו דערקענען, זען און הערן אָט מוסאָרגסקין, אָט באָראָדינען, אָט האַרטמאַנען, אָט גלאַזונאָוון, אָט פּלוצעם דעם קליינינקן סאַמען", — האָט סטאַסאָוו געשריבן אין איינעם א בריוו צו מאַרשאַקן. און אין דעם בריוו פון 15 אויגוסט 1902 שרייבט סטאַסאָוו מאַרשאַקן, ווי ער, סטאַסאָוו, האָט מיטן סקולפּטאָר איליא יאַקאָוולעוויטש גינצבורג באַזוכט לעוו ניקאָלייעוויטש טאָלסטאָיען און, צווישן אַנדערס, טיילט ער מיט מאַרשאַקן: „...אָבער צווישן אונדזערע רייד און פריידן האָב איך אויסגעפונען איין מינוטקעלע, ווען איך האָב אים אָנגעהויבן דערציילן וועגן מיין נייער פרייד און גליק, וואָס איך האָב באַגעגנט עפּעס א נייעם מענטשן, א ליכטנדיק ווערעמל, וואָס זאָגט צו, ווי מיר דאַכט, עפּעס גוטס, ריינס, ליכטיקס און שעפערישס". ער האָט געהערט, אָבער מיט גרויס אומצוטרוי, ווי איך האָב פונפריִער דערוואַרט, און אַזוי טאַקע דאַרף עס זיין. שפּעטער האָט ער מיר געזאָגט מיט א וווּנדערבאַרן אויסדרוק פון זיינע בלויע אויגן און מיט זיין מעכטיקן, אָבער גוטן שמייכל: „אַך, די דאָזיקע „וווּנדערקינדער"! וויפל מאָל האָב איך זיי באַגעגנט, און וויפל מאָל האָב איך זיך אָפּגענאַרט. אַזוי פליִען זיי אָפט דורך, ווי ליידיקגייער און ווי אומנייטיקע ראַקעטעס! פליִען, פליִען, ליכטיק און שיין, און דאָרט וועלן זיי פּלאַצן אינדערלופטן און אַנטרונען ווערן! ניין! איצט גלייב איך שוין קיינעם ניט, און גאָרניט גלייב איך ניט זיי. זאָלן זיי פריִער אויסוואַקסן, קרעפטיקער ווערן און דערווייזן, אַז זיי זיינען ניט קיין פּוסטער פייערווערק!.." איך אַליין מיין אויך אַזוי, איך בין אויך ניט איין מאָל פאַרפירט געוואָרן. דאָס מאָל אָבער האָב איך א ביסל זיך איינגעשטעלט פאַר מיין ניי־געקומענעם, פאַר מיין נייער פרייד און טרייסט. איך האָב דערציילט, אַז פאַר מיינע אויגן איז טאַקע אינדערעמעסן דאָ א גאָלדן קערנדל. און מיין לעוו האָט ווי א נייג געטאָן זיין מעכטיקע הריווע און זיינע קייסערלעכע אויגן א ביסל אין מיין זייט. דעמאָלט האָב איך אים געזאָגט: „גיט א קוק אַף דעם קליינינקן פּאָרטרעט, וועלכן איך האָב בלויז די טעג באַקומען, און זאָל אייער בליק, אָפּשטעלנדיק זיך אַף אָט דעם יונגן, פול מיט לעבן פּנים, דינען אים ווי א בענטשונג פונווייטן!" און ער האָט געטאָן, ווי איך האָב אים געבעטן, און לאַנג־לאַנג געקוקט אַפן יונגן געזיכט פון א קינד־יונגלינג, וואָס הייבט ערשט אָן צו לעבן.

איצט וועל איך דיר זאָגן, אַף וואָס איך האָף: ערשטנס, אַז דו וועסט קיינמאָל ניט אויפהערן צו גלייבן, וואָס פאַר א געשעענישן, אומשטאַנדן, מענטשן און באַציִונגען עס זאָלן ניט זיין; צווייטנס, אַז דו וועסט זוכן אַלץ מער און מער דעם עמעס און דאָס לעבן, אַלץ מער און מער האַלטן זיך וואָס ווייטער פון ריטאָריק, פון שיינע, אָבער פּוסטע ווערטער און בילדער, פון פּוסטע פייערווערקן און קאָלירטע אילומינאַציעס; דריטנס, אַז קיין שום דערפאָלג און קיין שום לויב־געזאַנגען וועלן דיך ניט אַראָפּפירן פונעם עמעסן וועג און ניט פאַרטונקלען דיין קאָפּ מיט פאָלגע פון זעלבסטשעצונג און פון פּוסטן גלאַנץ, קעדיי געפעלן ווערן דעם האַמוין" (פונעם בריוו פון דעם 15 אויגוסט 1902).

...ווי ווייט עס האָט געקוקט דער מעכטיקער סטאַסאָוו, וואָס פאַר א נאָווי ער איז געווען, ווי הויך ער האָט געשעצט דעם קינסטלערישן עכטן יעסאָד אינעם מענטשן, א באַגאַבטן פון דער נאַטור, וואָס פאַר א זיטלעכן לימעד ער האָט געגעבן זיין יונגן טאַלמיד! קיין איין שרייבער קאָן ניט אויסלערנען זיין יונגן טאַלמיד צו שרייבן, אָבער אויסלערנען אים לעבן, לערנען מייסטערשאַפט און, דעריקער, אָנשטענדיקייט און גוטסקייט, דאָס דאַרף ער ניט בלויז קענען, נאָר איז מעכויִעוו, אויב ער אַליין איז אן עכטער שעפער...

זייענדיק אן אָנהענגער פונעם „נאַציאָנאַלן יעסאָד" אין דער קונסט, האָט דער סלאַוויאַנאָפיל וו. סטאַסאָוו זיך קיינמאָל ניט פאַרשלאָסן אין די ראַמען פון נאַציאָנאַלער אָפּגעזונדערטקייט. זיינע אָנשויונגען און ליידנשאַפטן זיינען געווען ברייטע. דאָס איז ער מיט זיין ווייטזיכטיקייט געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אָפּגעשאַצט און באַמערקט מ. אַנטאָקאָלסקיס גלענצנדיקן טאַלאַנט. דאָס האָט ער איינגעאָרדנט אָט דעם אומבאַוווּסטן דעמאָלט סקולפּטאָר די ערשטע אויסשטעלונג, אַראָפּגעבראַכט אַף איר דעם אימפּעראַטאָר אַליין, וועלכער האָט געקויפט די סקולפּטור „איוואַן דער גרויזאַמער" און איבערגעגעבן זי דעם ערמיטאַזש. דאָס גאַנצע לעבן האָט סטאַסאָוו פאַרטיידיקט דעם גרויסן סקולפּטאָר פון די אָנפאַלן מיצאַד די שוואַרצמייעניקעס, און אין 1905 האָט ער אַרויסגעגעבן אין וואָלפס פאַרלאַג א בוך אונטער זיין אייגענער רעדאַקציע „מ. אַנטאָקאָלסקי. זיין לעבן, שאַפונג, בריוו און אַרטיקלען"...

— אַף ענגליש אָדער פראַנצויזיש, — פלעגט ער מיר זאָגן, — קאָן שרייבן לידער א באַליביקער פּראָפעסאָר, אָבער די רוסישע שפּראַך איז א יונגע, איר סטיליסטיק איז אן אויסערסט עלאַסטישע, אַלץ אין איר איז קימאַט בסולעדיק און בעריי־שיסדיק. זעט, לעמאָשל, וואָס פאַר א וווּנדערבאַר וואָרט עס איז «Хо-хо-тать» (כאַכאָטשען), ווי פּינקטלעך עס דריקט אויס די האַנדלונג, אומיטלבאַר, גלייך ווי אין דעם מויל פון אן אוראַלטן מענטש. און וואָס פאַר אן אינהאַלטסרייך וואָרט עס איז «беда» (צאָרע), ריכטיקער «бяда». דאָס האָבן די ביבליאָפילן דערפונדן די ווערטער־סינאָנימען: «горе», «печаль», «тоска»,

אָבער דער פֿויער פֿלעגט זאָגן «бяда» און געווען איז אין אָט דעם וואָרט אַזאַ אויסגאַנגלאָזיקייט, אַז אויסער אַ שווערן זיפֿץ האָט עס אַנדערש ניט געקאָנט קלינגען...

מיר האָבן זיך צערעדט וועגן יונגע פּאָעטן. מאַרשאַק האָט געזאָגט:

— בײַ יונגע פּאָעטן האָב איך באַאָבאַכטעט בלויז צוויי אויסמעסטונגען: אין דער הייך און אין דער ברייט, אָבער דאָס וויכטיקסטע איז ניטאָ — די דריטע אויסמעסטונג: אין דער טיף.

ער האָט זייער ניט ליב געהאַט די אָפּוועזנהייט פֿון פּלאַסטיק אין די לידער און די ניט גענוגנדיקע גראַמאַטנעקייט.

איבערלייענענדיק די לידער פֿון איינעם אַ פּאָעט, וועלכער האָט נאָך דעמלט זיך גערעכנט פֿאַר אַ יונגן, — אין זיי האָט זיך גערעדט וועגן דעם, אַז די רוסישע רעוואָליוציאָנערן זײַנען געגאַנגען אין דער סיבירער פֿאַרשיקונג „אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע“, — איז מאַרשאַק אין כּעס געוואָרן:

— אָט אַן אַמאַרעץ!..

ער האָט זיך אָנומלטן אַפֿילע באַליידיקט אויף זײַן צווייטן נאָך סטאַסאָוון טויף־פֿאָטער אין דער ליטעראַטור מ. גאָרקין, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז יענער האָט געשטעלט דיקענסן העכער פֿון גאָגאָלן...

אין די לעצטע יאָרן פֿונעם לעבן האָט סאַמויל יאַקאָוולעוויטש זעלטן זיך באַוויזן אין שרײַבער־פֿאַרבאַנד אויף ליטעראַרישע אָוונטן. ער האָט זשעדנע געאַרבעט, פֿאַרשטייענדיק, אַז צײַט פֿאַרבלײַבט אַלץ ווייניקער און ווייניקער. דאָס לעצטע מאָל איז ער געקומען צו פֿאָרן אין שרײַבער־פֿאַרבאַנד אויף אַן אַרויסטרעטונג, דאַכט זיך, דעם 11 דעקאַבער 1959, ווען ער האָט געעפֿנט די באַראַטונג פֿון יונגע איבערזעצער. אָבער מיט מענטשן האָט ער זיך געטראָפֿן יעדן טאָג אינדערהיים, אין שפּיטאָל, אין יאַלטע, אין באַרוויכע. דער דאַגעסטאַנער קלאַסיקער גאַמזאַט צאַדאַסאַ האָט אַמאָל געזאָגט: „מענטשן — דאָס איז מײַן ביבליאָטעק“. אין דער הינזיכט האָט מאַרשאַק פֿאַרמאָגט די סאַמע גלענצנדיקע און גראַנדיעזע „ביבליאָטעק“...

איינמאָל האָב איך פֿאַרנאָטירט בײַ זיך: „די שמועסן מיט מאַרשאַקן — דאָס זײַנען מײַנע אוניווערסיטעטן“. און נאָך: „טוואַרדאָווסקי רופֿט מענטשן בעקאָוועדיק לויט דעם פֿאָטערנאָמען. דאָס נעמט זיך בײַ אים פֿון מאַרשאַקן“.

טוואַרדאָווסקי האָט שטענדיק גערופֿן מאַרשאַקן „סאַמויל יאַקאָוולעוויטש“, כאָטש ער איז געווען מיט אים אויף „דו“.

איינער אַ מיליטערמאַן האָט אין אַ סאַנאַטאָריע הינטער מאָסקווע געבראַכט מאַרשאַקן אַ רײַך אײַנגעבונדענעם פֿאָליאַנט מיט זײַן פּאָעמע וועגן דער סטאַלינגראַדער שלאַכט. די פּאָעמע איז געווען אַ הילפֿלאָזע אין ליטעראַרישן זין. מאַרשאַק האָט אָנגעהויבן מיט אַ שוואַכער ריע לייענען די פּאָעמע, דערנאָך אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און געפֿרעגט:

— כאָשעווער כאַווער, און וויפֿל איז אַלט דער אווטאָר?

5 יול 1964. נאָך אַ לאַנגער היץ האָט אַ גאָס געטאָן אַ רעגן. אין אָוונט האָט מיך אָנגעיאָגט אַ קלאַנג, אַז ס'איז געשטאָרבן מאַרשאַק. מײַן האַרץ האָט אויפֿגעציטערט. איך האָב אָנגעקלונגען אין דער „פּראַוודאַ“. דער דעזשורנער לויט דעם ליטעראַטור־אָפּטייל האָט געזאָגט: „ס'איז אונדז גאָרניט באַוווּסט“. דעמלט האָב איך אָנגעקלונגען מײַנער אַ באַקאַנטער אין דעם קונצעווער שפּיטאָל. זי האָט געזאָגט: „יאָ, ער איז געשטאָרבן פֿון אַ שאַרפֿער האַרץ־אַטאַקע“. דער אַקאַדעמיקער פֿון מעדיצין אי. קאַסירסקי, מיט וועלכן מאַרשאַק האָט מיך אַמאָל באַקאַנט, האָט אין זײַנע זכרונות שפּעטער געשריבן: „פֿאַר מיר איז ניט געווען אומדערוואַרט די ידיעה וועגן זײַן פּלוצעמדיקן טויט. איך, אַלס דאָקטער, האָב אָפּט זיך געוווּנדערט, מיט וואָס עס לעבט זײַן שוין ביזן סאָף אויסגעמאַטערטער און אויסגעצערטער קערפּער. ווײַזט אויס, אַז ער האָט זיך געהאַלטן אויף זײַן טרענירטער נערוון־סיסטעם, אויפֿן גלויבן אין דער העכסטער און פֿאַראַנטוואָרטלעכסטער פֿליכט“.

איך בין ניט קיין דאָקטער, און פֿאַר מיר איז סאַמויל יאַקאָוולעוויטש מאַרשאַקס טויט געווען זייער אַן אומדערוואַרטער. מאַרשאַקן האָט באַוויינט גאַנץ מאָסקווע, פֿון קליין ביז גרויס, און ניט נאָר מאָסקווע, ווײַל ער איז דאָך בעעמעס געווען „מאַרשאַק פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד“. געבראַכט האָט מען אים צו קווורע אויפֿן נאָוואָדעוויטשער בעסוילעם. נאָך דער לעווײַע האָט אַלעקסאַנדער טוואַרדאָווסקי אײַנגעאָרדנט ניט קיין גרויסן האַזקאָרע־מאָלצײַט אינעם רעסטאָראַן „פּראַגאַ“. עס זײַנען בײַגעווען די מיטאַרבעטער פֿונעם זשורנאַל „נאָווי מיר“, טוואַרדאָווסקיס פֿרוי מאַריאַ אילאַריאָנאָוונאַ, גאַמזאַטאָוו און איך. טוואַרדאָווסקי האָט גערעדט וועגן סאַמויל יאַקאָוולעוויטשן ווי וועגן אַן אייגענעם פֿאַר אים מענטשן. און שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן פֿאַרן „נאָווי מיר“ אַ גלענצנדיק אַרטיקל וועגן אים...

כ'האָב געהאַט אַ כאַווער מיכאַיל ניקאָלײַעוויטש צוראַנאָוו. ער האָט אָנגעפֿירט מיט אַן אָפּטייל פֿונעם פּרעזידיום פֿון דעם אויבער־סאָוועט פֿון פֿססר. מיכאַיל ניקאָלײַעוויטש האָט געשריבן לידער. וועגן דעם האָט ווייניק־וועמער געוווּסט, האָגאַם זײַנע לידער האָבן זיך געדרוקט אין פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס. נאָך מאַרשאַקס טויט האָט ער מיר צוגעשיקט אַ ליד „צו מאַרשאַקס אָנדענק“. אָט זײַנען די סטראָפֿעס פֿון אָט דער ליד:

ס׳האָט זיך געשלעפּט דורך וועלדער ניכצע
דער פראָסט מיט וואנדער־שטאָק אין האנט.
אין ווינטער־צײַט לעבן בארוויכצע
כ׳האָב מיט מארשאקן זיך באקאנט.
באפרײַנדעט.
אין א ברייטן שליטן —
כ׳געדענק דעם טאָג, דעם לויף פון פערד —
מארשאק און פרישווין, איך — אינמיטן,
א שניי א ווײַסער אַף דער ערד.
מיט מוט איך האָב זיך אָנגענומען —
מארשאקס געשפרעך האָט מיך דערפרייט,
און כ׳האָב געזאָגט אַף וועג אַף קרומען,
אז לידער שרײַב איך שטילערהייט...
דער שליטוועגס דרעמלט שטיל, באזילבערט.
— מײַן טײַערינקער, — אָן פאַרדראָס
מארשאק מיר פלוצעם ענטפערט פילבאר, —
לייענט איבער, כ׳בעט אײַך, עפּעס־וואָס.
אין אָט דער רעגע כ׳בין געוואָרן
נאָך בלאסער פון דעם ווײַסן שניי,
נאָר אופגעשווומען אין זיקאָרן
עס זײַנען מײַנע שורעס צוויי:

„שטעקלעך־פלעקלעך, מיר געפעלט
כאפּן סוסליקעס אין פעלד”.

מארשאק — ער טוט פארשײַט א שמייכל —
א גוטער סימען — פײַן און עכט
ער זאָגט מיר מיט ווערטער ווייכע:
— שטעקלעך־פלעקלעך, גאָר ניט שלעכט!

געבענטשט מיך...
ס׳שווימען וואָלקנס־קייטן
איבער מײַן לעבנס־יאם פארבײַ,
און מיט דער צײַט נעמט מערער ווי טאָן,
וואָס ס׳איז ניטאָ מארשאק דערבײַ.

ס׳איז ווינטער.
אין א פעלץ א שווערן
איך שפּאן אין שטילקײַט פונעם טאָג.
„מײַן טײַערינקער!” — לאָזט זיך הערן.
און ס׳טוט דאָס הארץ בא מיר א נאָג.

---

## בראָניק

### אַף דער ביבלישער טעמאטיק

סאָף נאָיאבער האָט אין מאָסקווע געארבעט די אלפאַרבאנדישע וויסנשאפטלעכע קאָנפערענץ אַף דער טעמע „די לענדער פארנעם מיטללענדישן בײַברעג און פונעם באסיין פון רויטן יאם אין דער אוראלטער צײַט און אין מיטלאלטער”. די דאָזיקע קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן אָנטיילגענומען געלערנטע פון פארשיידענע שטעט פון אונדזער לאנד, איז אָרגאניזירט געוואָרן דורכן אָפּטייל פונעם אוראלטן מיזרעך פון אינסטיטוט פאר מיזרעך־קענטעניש בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פון פססר.

איינער פון די פאָרטראָגן האָט געהאט א דירעקטע שײַכעס צו דער יידישער קולטור. דאָס איז די מיטיילונג אַף דער טעמע „צו דער אינטערפּרעטאציע פון די אקצענט־צייכנס („נגינות”) אינעם טאנאך”, וועלכע עס האָט געמאכט דער קאנדידאט פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן, אן אווטאָר פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד” אלעקסאנדרע אײַכענוואלד. די דאָזיקע ארבעט פון דער יונגער פאָרשערן בארירט אייניקע פראָטים פון דער העברעישער אויסשפּראך אין דער בעריישיסדיקער טקופע פון דעם דאָזיקן לאָשן.

אַלעג גערַאסימאָוו

# אין די מיזרעך־ראַיאָנען פון ליוויע

דעם דאָזיקן פּערציקיאָריקן מאַנצבל, וואָס זעט אויס ווי דער פראַנצויזישער מושקעטיאָר ד'אַר־טאַניאַן, קענען אין בענגאַזי (די צווייטע, לויט דער גרייס, שטאָט אין ליוויע) אַלע גראַמאָטנע מענטשן. מוכאַמעד בודאַדזשאַזשא איז באַלעבאָס פון דער גאַלעריי דזשאַדאָ, ווו עס זײַנען אויפגעקליבן זאַכן פון די אַלטע צײַטן און פונעם טראַדיציאָנעלן שטייגער, אַלטע אָפּגעבליאַקעוועטע און נײַע הײַנטצײַטיקע העל־קאָלירטע פאָטאָגראַפיעס.

מיר גייען דורך די שמאָלע געסלעך פון זײַן גאַלעריי און נאָך יעדן קער־ווינקל עפנט זיך א צימערל, ווו עס זײַנען צונויפגעקליבן קעגנשטאַנדן פון איין טיפּ: אין איין צימער — קעראַמישע אויסאַרבעטונגען, אין אַן אַנדערן — זאַכן, וואָס זײַנען נייטיק, קעדיי אויפשטעלן א פּאַלאַטקע אין דעם מידבער; א דריטער צימער איז אויסגעשטאַט פאַר א יונגער פרוי, וואָס קומט אַרײַן אין הויז פון איר מאַן אַלס קאַלע און בלײַבט איבער ווי זײַן ווײַב.

— קיין בעדויִנער זײַנען אין בענגאַזי און אַרום איר ניט פאַראַן, די דאָזיקע כפייצים האָב איך געמוזט ברענגען צו פירן פון דער ווײַט, — זאָגט מוכאַמעד, — אָט איז א הילצערנער בויגן אין דער פאָרם פון אַן אויסגעצויגענער האַלבער לעוואָנע מיט אַן אויסגעבויערטער עפענונג אין סאַמע צענטער. ער דינט אַף צו האַלטן פעסט דעם פאָרהאַנג. אין דער עפענונג שטעלט מען אַרײַן א גראָבן שטעקן און מע קלאַפּט אים אַרײַן אין דער ערד.

— בא אונדז איז אַפילע פאַראַן א שפּריכוואָרט: ווען דער רעגן רינט דורך דעם בויגן, איז ווּהין זאָלן זיך דאַן אַהינטאָן די אײַנוווינער פון דער פּאַלאַטקע? — זאָגט מיט א שמייכל מוכאַמעד. — אגעוו, וועגן שפּריכווערטער. איר האָט באַמערקט די מוידאָע באַם אַרײַנגאַנג? איז אָט, די פרײַז פאַר באַזוכן די גאַלעריי באַטרעפט — איין שפּריכוואָרט. אַזוי קלײַב איך צונויף שפּריכווערטער פון אַלע פעלקער פון דער וועלט...

אַף די ווענט זײַנען צעהאַנגען כפייצים פון טאָגטעגלעכן געברויך פאַר די אײַנוווינער פונעם מידבער. א הילצערנע קרענעצע־ראָד, איבער וועלכע מע וואַרפט אַריבער א שטריק, קעדיי אַרויסציִען וואַסער. אָט איז אַן אײַזערנער היי־גאָפּל מיט א קורץ הענטל, א הילצערנע לאָפּעטע, וואָס האָט גע־פּלאַצט פון אַלטקײַט און איז פאַרפעסטיקט מיט בלעכענע פּאַסיקלעך. פון א גאַנצער שטיק האָלץ איז געמאַכט א שטייסל. לעבן דעם הילצערנעם שטייסל זע איך אומגעריכט... א הילזע פון א האַר־מאַטן־קויל מיט א לאַנגן באָלט. דאָס איז אויך א שטייסל.

דאָס לעבן פונעם מענטשן אין מידבער איז פאַרבונדן מיט פּי און מיט דעם טייטלבוים. דעריבער איז נאַטירלעך, וואָס אַף דער וואַנט, אַף אַן אָנגעזועצן אָרט הענגט א שטריק, מיט דער הילף פון וועלכן דער פּויער קריכט אַרוף אַפן טייטלבוים. דער טייטלבוים איז דער גרעסטער און צומאָל דער איינציקער בוים אין מידבער, און די אַראַבער ניצן אויס אַלץ, וואָס מע קאָן נאָר פון אים באַקומען. שטריק, ווייערס צום צעבלאָזן דאָס פײַער אין שײַטער, טעלער, בעזעמער, און אַפילע שטעקשיך, געפלאָכטענע פון ברוינע פעדעם, וואָס מע באַקומט פון די פּאַלמע־צווײַגן. נאָר מער פון אַלץ זײַנען פאַרשיידנאַרטיק די געפלאָכטענע אויסאַרבעטונגען פון פּאַלמע־בלעטער. מיט דעם פאַרנעמען זיך די פרויען. אָט איז א קײַלעכיקער „טישטעך", וועלכן מע שפּרייט אויס אַף דער ערד און דערנאָך ערשט שטעלט מען אַף אים די טעלער מיט עסנוואַרג. אָטאיז א טעלער מיט א דעקל, עס זאָל זיך ניט

אַפּקילן דער אָפּגעקאָכטער רײַז. די פּאַלמע־בלעטער האָבן א ניט־העלע גרינע באַפאַרבונג. קעדיי די אויסאַרבעטונג זאָל זיך באקומען מער באַלעבט, לאָזן די מײַסטערקעס דורך א פּאָר פּאַסיקלעך פון רויטן אָדער פיאָלעט־קאָליר, געפאַרבטע מיט אנילין־פאַרבן.

איך בין ניט דער אײנציקער באזוכער אין דער דזשאַדאָ־גאַלעריי. הײַנט דאַרפן זיך אהער צונויפקומען די פאָרשטייער פון דער אָרטיקער געזעלשאַפטלעכקײַט, וועלכע זײַנען אײַנגעלאַדן אויף דער עפענונג פונעם אראַבישן מעדיצינישן אוניווערסיטעט. אייגנטלעך איז עס, לויט אונדזער מיינונג, א גרויסער מעדיצינישער אינסטיטוט מיט צוויי פאַקולטעטן — א סטאָמאַטאָלאָגישן און פון אַלגעמיינעם פּראָפיל. אָפיציעל איז ער געעפנט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1984 בײַ די פײַערונגען, געווידמעט דעם 15־טן יאָרטאָג פון דער אנטימאָנאַרכישער רעוואָליוציע אין ליוויע. דער אוניווערסיטעט, אין וועלכן עס לערנען זיך 1600 סטודענטן, געפינט זיך אין ראַיאָן אל־כאַוואַרי. עס בויט זיך דאָ דער צענטראַלער שפּיטאָל פון בענגאַזי אויף 1200 בעטלער, וווּ די סטודענטן וועלן דורכגיין זייער פּראַקטיק. הײַנט איז אָרגאַניזירט א ספּעציעלע עקסקורסיע פאַר די פאָרשטייער פון אויסלענדישע מעלוכעס, קעדיי זיי ווײַזן דעם קאָמפּלעקס פון שיינע הײַזער, וואָס זײַנען צווישן זיך פאַרייניקט מיט געדעקטע איבערגענג פון מירמלשטיין.

מוכאַמעד פירט אַרײַן אין צימער דרײַ יונגע מיידלעך. טייכאַני, לײלאַ און זיינאַס, מיטאַרבעטערנס פונעם כוידעשלעכן געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישן זשורנאַל „אראַבישע קולטור”. אין מאַרט 1985 יאָר איז אין ליוויע געווען א דעלעגאַציע פון סאָוועטישע שרײַבער. זיי האָבן געבראַכט מיט זיך א בוך דערציילונגען פון ליווישע אַוטאָרס „די פּויקן פון דעם מידבער”, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן בא אונדז. די סאָוועטישע שרײַבער האָבן באַזוכט די רעדאַקציע.

אין דער גאַלעריי איז פאַראַן א קאַלע־צימער, איך האָב אַרײַנגעקוקט אהין, און די מיידלעך האָבן, איבערשלאָגנדיק איינע די אַנדערע, אָנגעהויבן געבן דערקלערונגען:

— דאָס איז א צימער אינעם הויז פון א מישפּאָכע פון מיטעלן שטאַנד אין די 20־ער — 30־ער יאָרן. דער כאָסן פלעגט ברענגען די קאַלע אהער אין זײַן פאָטערס הויז, און דאָ פלעג זי פאַרבלײַבן...

— דאָס סאַמע מערקווירדיקסטע אינעם צימער איז די הויכע ברייטע בעט — „סידאַ”. אגעוו, מיט אָט דעם וואָרט באצייכנט מען בא אונדז אין בענגאַזי די געקעסטלטע שפּאַלערן, איבער וועלכע עס פלעכטן זיך די ווײַנטרויב־לאָזעס. דאָס הייסט, אַז „סידאַ” באַטײַט עפּעס א געהויבנס איבער דער ערד. די בעט איז אַזוי הויך, אַז קעדיי זיך אויפהייבן אויף איר, דאַרף מען אַוועקשטעלן א הילצערן לייטערל. אָט איז דאָס לייטערל — אָנדערהאַלבן מעטער די הייך...

— די אײַזערנע בעט, וואָס איר זעט, האָבן, ווײַזט אויס, געבראַכט צו פירן די איטאַליענישע קאָלאָניזאַטאָרן. דאָס איז צו זען לויט די דריידלעך און גאַלקעס פון בראָנזע. בא אונדז פלעגט מען אַלע באַפּוצונגען מאַכן פון האָלץ. דאָס געשניץ האָט געקאָנט זײַן מער אָדער ווייניקער רײַך אויסגעאַרבעט, אין העסקעם מיט די מאַטעריעלע מעגלעכקײַטן. הינטער דער הויכער בעט שטייט א שראַנק. די טיר — א געשניצטע, מיט א רינגל אויף זי צו עפענען. די קאַלע האָט געהאַלטן אינעם שראַנק איר טײַערסטן פאַרמעגן: קליידער, שטאָפן, גאָלדענע צירונג.

אין צימער, וווּ עס פאַרזאַמלען זיך די געסט פון דעם מעדיצינישן אוניווערסיטעט, דאַרף פאָרקומען א קליינער קאָנצערט. עס וועט אויך אַרויסטרעטן א פאָרשטייער פון דער דאָרעם־טײַמענער אַמבאַסאַדע.

דער באַלעבאָס פון דער גאַלעריי פירט זיך באַשיידן און שטיל, ער האָט זיך אײַנגעמאָסטעט ערגעץ אין א ווינקל, און איינער פון די סטודענטן גיט דאָס וואָרט דעם פאָרשטייער פון דאָרעם־טײַמען, וועלכער רעדט וועגן דעם, אַז דער דענקמאָל פון דער אראַבישער אַרכיטעקטור, די שטאָט שיבאַם אין דעם טאָל כאַדראַמאַוט, געפינט זיך אונטער דער געפאַר פון צעשטערונג. די וואָלקנקראַצערס פון ליים, דער כאַדראַמוטער מאַנהעטען, קאָנען כאָרעוו ווערן, ווײַל די רעגנס האָבן אונטערגעשווענקט די פון דער זון צונויפגעשמעלצטע ליים. די יונעסקאָ האָט זיך שוין געווענדט מיט אַן אויפרוף צו העלפן דאָרעם־טײַמען, אויף וויפל דעם לאַנד קלעקן ניט קיין מיטלען, קעדיי אײנציײַטיק בויען א נײַ לעבן און צו פאַרהיטן די אַלטע דענקמעלער.

בײַ מײַן אַרבעט אין דאָרעם־טײַמען האָב איך באַזוכט די שטאָט שיבאַם אין כאַדראַמאַוטער טאָל. א גרויע הליבע פון 10—12־שטאָקיקע הײַזער הייבט זיך אויף אין דעם טאָל און שאַפט א מין ניט־רעאַלן אײַנדרוק פון א קישעף־שטאָט. א ווונדער פון דער כאַדראַמאַוטער אַרכיטעקטור אַפן ראַנד פון דעם גרויסן אראַוויִער מידבער! ניט שוין זשע וועט די שטאָט אומקומען?

דער קליינינקער קאָנצערט, אין וועלכן איינער שפּילט אויף א פּויק און דרײַ אויף טאַמבורינען, מאַכט א גוטן אײַנדרוק. די געסט גייען זיך צוביסלעך פאַנאַנדער און לאָזן איבער אין דעם גראָבן בוך דאָס געצאָלטס פאַרן אַרײַנגאַנג — א שפּריכוואָרט מיט אַן איבערזעצונג. דער באַלעבאָס זעגנט זיך צו אונדז.

אין דער גאַלעריי דזשאַדאָ זײַנען ניטאָ קיין זאַכן פון ייִדישער אָפּשטאַמונג, האָגאַם אין דער שטאָט האָט זיך נאָך פון די אוראַלטע צײַטן געפונען א ייִדישע באַפעלקערונג. אין אָנהייב XX יה. האָבן דאָ געלעבט 2 טויזנט ייִדן, ס׳זײַנען געווען צוויי סינאַגאָגעס — די „נידעריקע״, זייער אַן אַלטע, און די „הויכע״ — א נײַ־אויסגעבויטע, און 4 רעליגיעזע שולן מיט 200 טאַלמידים. בעראָש פון דער קעהילע זײַנען געשטאַנען דער אויבער־ריכטער, דער ראָוו און דרײַ געהילפן. די הוצאָעס אַף אויפהאַלטן די סינאַגאָגע און די אָנפירער פון דער קעהילע האָט געדעקט דער ספּעציעלער שטײַער אַף פלייש. אין אַלגעמיין האָט די ייִדישע געמיינדע אין בענגאַזי געלעבט גוט. די ייִדן האָבן גאַנץ פרײַ אָפּגעריכט זייער קולט. כוץ דעם, האָבן ייִדן מיט דערפאַרונג געהאַנדלט מיט וואָל, גערשטן, אַליוון־אייל, און זיי זײַנען אויך געווען קונציקע באַלמעלאָכעס — טעסלערס און יווועלירן. זייערע צווישנבאַציִונגען מיט די אַראַבער זײַנען געווען גוטע, אויב ניט רעכענען דעם אינצידענט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין 1868, ווען די אַראַבער האָבן צוגעגאַנוועט א ייִדיש מיידל און אין דעם קאָנפליקט האָבן זיך אַרײַנגעמישט די אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן. אין 1948 זײַנען אַלע ייִדן פון בענגאַזי אַריבערגעפאָרן קיין ייִסראָעל, און איצט איז אין שטאָט ניטאָ קיין איין ייִד. מײַן מיטשמועסער מוכאַמעד בודאַדזשאַזשאַ רעדט וועגן זיי גאַנץ רויִק, און ס׳דוכט זיך מיר, אַז ווען ער וואָלט געפונען אַוועלכע־ניט־איז זאַך פון דער ייִדישער קולטור, וואָלט ער פאַר איר גערן אויסגעטיילט אַן אָרט צווישן זײַנע עקספּאָנאַטן. אגעוו, דאַרף מען זאָגן, אַז ניט בלויז בודאַדזשאַזשאַ, נאָר אויך אַנדערע ליוויִער רעדן וועגן די ייִדן מיט דער געהעריקער אַכטונג און אײנצײַטיק — מיט גרויס אומצופרידנקײַט וועגן דער ייִסראָעלדיקער פּאָליטיק בענעגייע צו די אַראַבער.

מע ברענגט אונדז קליינינקע גלעזעלעך מיט גרינער טיי און פּיראָזשנע. די גלעזעלעך זײַנען ענלעך אַף קעלישעקלעך פאַר שטאַרקער מאַשקע.

— מײַן זאַמלונג האָב איך אָנגערופן „גאַלעריי דזשאַדאָ״ באַוווּסטזיניק, — ענטפערט אַף מײַנער א פראַגע מוכאַמעד, — דזשאַדאָ איז א קליין אוראַלט שטעטל, וואָס איז באַוווּסט נאָך אין דער געשיכטע פון רוים. ס׳געפינט זיך א 200 קמ. פון דער שטאָט טריפּאָלי. ברעכט זיך ניט דעם קאָפּ! דאָס דאָזיקע שטעטל איז ניט אַלעמען באַקאַנט. נאָר דעם נאָמען האָב איך גענומען באַוווּסטזיניק, כדיי צוציִען די אויפמערקזאַמקײַט צו אונדזער געשיכטע.

איך בין אַנציקט פון מוכאַמעדס כיטרע פאַרטראַכט. נאָך קינדווײַז, ווען מע האָט מיך צום ערשטן מאָל אַוועקגעפירט אין דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי, האָב איך, ריישיס כאָכמע, זיך פאַרינטערעסירט, ווער עס איז טרעטיאַקאָוו. אַן אייגננאָמען טרעט שטענדיק אַרויס אַפן ערשטן פּלאַן, ציט צו די אויפמערקזאַמקײַט. מוכאַמעד האָט פסיכאָלאָגיש ריכטיק פאַרשאַרפט דעם אינטערעס צו א פאַרגעסן שטעטל, און דורך דעם — צו דער געשיכטע פון זײַן לאַנד.

איך בין איבערצײַגט, אַז אייניקע האַלטן אים פאַר א טשודאַק און מיינען, אַז דאָס גאַנצע מעבל וואָלט ער געקאָנט פאַרקויפן מיט גרויס רעווע. נאָר מיר איז סימפּאַטיש אָט דער אומייגננוציקער טשודאַק אינעם אויסזען פון ד׳אַרטאַניאַנען, וועלכער האָט אָנגעשלעפּט אין דעם צעך פון זײַן קליינער פאַבריק, א פאַרדראָפּירטן מיט האַנט־געוועבטע טעפּיכער, פאַרשיידענע פאַרצײַטיקע קעגנשטאַנדן, געעפנט א גאַלעריי, זי אָנגערופן מיטן נאָמען פון א קליין שטעטל דזשאַדאָ. די טיר פון זײַן גאַלעריי איז אָפן סײַ פאַר ליוויִער, סײַ פאַר אויסלענדער, עמעס, מע דאַרף באַצאָלן מיט א שפּריכוואָרט פאַר א וויזיט!

זײַן אין בענגאַזי און ניט באַזוכן די אוראַלטע דענקמעלער, וואָס געפינען זיך אַף מיזרעך פון דער שטאָט, רעכנט זיך פאַר א ניט־פאַרגיבלעכן טאָעס. די דאָזיקע געגנט רופט מען קירענאַיִקע, לויט דעם נאָמען פון דער שטאָט קירענע (הײַנט הייסט זי שעכאַט).

זיצנדיק שוין אין אויטאָמאָביל, וואָס האָט אונדז געפירט איבער א גוטן וועג פון בענגאַזי קיין שעכאַט, האָב איך אויפגעשטעלט אין זיכּאָרן פאַקטן פון דער געשיכטע פון דעם דאָזיקן ראַיאָן.

די שטאָט קירענע איז אויפגעקומען אין דער עפּאָכע פונעם אַרכאַישן גריכנלאַנד אין 60־טן יאָר פאַר אונדזער ערע. אין VI—VIII יה. פאַר אונדזער ערע האָט גריכנלאַנד דורכגעפירט די גרויסע קאָלאָניזאַציע פונעם מיטללענדיאַמישן באַסיין. די איניציאַטיוו האָט דאָ געהערט צו די אַנטוויקלטע שטעט פון קליין־אַזיע, פון די אינדזלען פונעם גריכישן אַרכיפּעלאַג און פון דעם באַלקאַנישן גריכנלאַנד. די קאָלאָניזאַציע איז געגאַנגען אין דרײַ ריכטונגען: די מײַרעווודיקע — קיין איטאַליע און סיציליע, די צאָפן־מיזרעכדיקע — אין הײַנטצײַטיקן קרים און אינעם ברעגלאַנד פון דעם שוואַרצן יאַם און די דאָרעמדיקע — קיין צאָפן־אַפריקע, אַרײַנגערעכנט מיצראַיִם. די גריכישע קאָלאָניזאַציע איז דורכגעגאַן אין א פאַרביסענעם קאַמף מיט די קאָנקורענטן. אין מײַרעוו־סיציליע האָט די גריכישע קאָלאָניזאַציע באַגעגנט א ווידערשטאַנד פון די אָפּשטאַמיקע פון דער שטאָט קאַרפאַגען, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן מיצאַד די פיניקיִער אין ראַיאָן פון דעם הײַנטצײַטיקן טוניס. קאַרפאַגען האָט פּרעטענדירט אַף דעם מײַרעווודיקן טייל פון סיציליע. דאָס איז געוואָרן אַן אָביעקט פון רײַסעניש צווישן קאַרפאַגען און גריכנלאַנד און שפּעטער צווישן קאַרפאַגען און רוים. די קאָלאָניעס פון גריכנ־



4



3

1. דער פּאַלאַץ אױף אַ שטײן אין דער פֿאַרשטאָט פֿון סאַנאַ
2. אױפֿן פֿאָדערגרונט — די אָפֿיציעלע רעזידענץ פֿונעם גובערנאַטאָר פֿון דער שטאָט מאַרעב; אױפֿן הינטערשטן גרונט — די אַלטע שטאָט, אױסגעבױט אין מיטלאַלטער
3. אַ פֿרױ פֿון דאָרעם־טײמען
4. אַ טײמענער פּױער
5. צאָפֿן־טײמען, אַ מיטלאַלטערלעכע ציטאַדעל אין דער שטאָט טאַיז

5

לאַנד האָבן ארומגעכאַפּט אַ קאָלאָסאַלע צאָל לענדער און שטאָכים איבערן פּערימעטער פונעם מיטללענדישן יאַם. פּונקט ווי די אוראַלטע פיניקיִער, אַפּשטאַמיקע פונעם הײַנטצײַטיקן ליוואַן, אַזוי האָבן די גריכן זיך ניט שטאַרק אָפּגעווײַטערט פונעם ברעגלאַנד און זיך באַזעצט אין די האַנדל־פאַקטאָריעס אויפן ברעג. דער גריכישער ברעג האָט, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט ציצעראָן, מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין זוים, וועלכע איז צוגענייט צו די ברייט צעשפּרייטע „באַרבאַרישע פעלדער".

די ייִדן זײַנען געקומען קיין קירענאַיִקע פון מיצראַיִם: דערבײַ האָבן די הערשער פונעם לאַנד אין דעם טאָל פונעם טײַך ניל סטימולירט די איבערוואַנדערונג פון די ייִדישע קאָלאָניסטן און זייער באַזעצונג אין די גריכישע שטעט. די אײַנוווינער פונעם אַדמיניסטראַטיוון צענטער קירענאַ האָבן זיך אין 1־טן יה. פאַר אונדזער ערע, ווי עס שרײַבט סטראַבאָן, געטיילט אויף פיר שטאַנדן: בירגער, אַרענדאַטאָרן, באַזעצטע און ייִדן. דערבײַ האָבן די לעצטע, געפינענדיק זיך אויפן נידעריקסטן שטאַפּל פונעם סאָציִאַלן לייטער, אַקטיוו אָנטיילגענומען אין אַלע אַרויסטרעטונגען קעגן דער רוימישער מאַכט.

אַן ערעך אין יאָר 85־טן פאַר אונדזער ערע האָט דער רוימישער אימפּעראַטאָר סולאַ געשיקט לוקולן קיין קירענאַ מיטן ציל צו דערשטיקן די אומרוען פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, צו וועלכער עס זײַנען צוגעשטאַנען אויך די ייִדישע מאַסן. קעדיי אָפּשוואַכן די אָנגעגליטע אַטמאָספער, האָט די רוימישע רעגירונג געגעבן די ייִדישע קאָלאָניסטן אייניקע להאַטעס, וועלכע זײַנען אָבער געווען באַדײַטנדיק קלענער פון די, וואָס זיי האָבן געהאַט בײַ די מיצרישע קייסאָרים פון דער פּטאָלאָמייִשער דינאַסטיע. די גרויסע אומצופרידנקײַט פון די קירענאַיער ייִדן מיט זייער אונטערדריקטער לאַגע איז געווען דאָס, וואָס האָט גורם געווען די בונטן און אַרויסטרעטונגען. דער גרעסטער אופשטאַנד פון די קירענאַיער ייִדן האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 117־טן אין דער צײַט פונעם אימפּעראַטאָר טראַיאַן. דעם אופשטאַנד האָט דערשטיקט מאַרצי טורבאָן, דערבײַ זײַנען אומגעקומען 20 טויזנט רוימער און גריכן. מע קאָן עפּשער צווייפלען אין דער דאָזיקער ציפער, נאָר עס בלײַבט אַ פאַקט, אַז די פאַרלוסטן זײַנען געווען גרויסע. די קירענאַיער ייִדן האָבן געהאַט אַן אייגענע סינאַגאָגע אין ירושלאַיִם, און ניט צופעליק האָבן זיי אָנטיילגענומען אין אַלע מיליטערישע אופטרייסלונגען אין פּאַלעסטינע און זײַנען אַקטיוו געשטאַנען פאַר זייערע רעכט אין דער רוימישער אימפּעריע.

קירענאַיִקע האָט געשעמט מיט איר פּרוכטבאַרקײַט. פונדאַנען האָט מען אַרויסגעפירט קיין גריכנלאַנד אַ סאַך טווּע, פערד און סילפיִ (אַ געוויקס, פון וועלכן מע אַרבעט אויס רעפּועס).

די רײַכקײַט פון קירענאַיִקע איז געווען די סיבע פון פּילצאַליקע אָנפאַלן מיצאַד די אויסערלעכע סאָנים. אין סאַך פון VI יה. פאַר אונדזער ערע האָט די פּערסישע מעלוכע פון די אַכמענידן, וועלכע פלעגט אָנוואַרפן שרעק און ציטער אויף אַלע פעלקער פון דער אוראַלטער וועלט, פאַרשטאַרקט דעם דרוק אויף גריכנלאַנד און אירע קאָלאָניעס. אין 525־טן יאָר פאַר אונדזער ערע האָבן די פּערסן פאַרכאַפּט מיצראַיִם און די שכײַנעסדיקע מיט אים קירענאַיִקע. פאַרזעצנדיק איר אָנגריף, האָט די פּערסישע אַרמיי פאַרנומען די גאַנצע ברעג־ליניע פונעם מיטללענדישן יאַם, אָנהייבנדיק פון טראַפּעזונד אין אַזיע ביז דעם אײַנגוס סירט אין אַפריקע. די פּערסיש־גריכישע מילכאָמעס האָבן איבערגערוקט דעם צענטער פונעם עקאָנאָמישן לעבן פון מיזרעך אויף מײַרעוו. די פּערסן האָבן זיך סאָפּקאָלסאָף אָפּגעזאָגט פון באַזונדערע טעריטאָריעס אין מײַרעוו, ווו עס האָט זיך אַקטיוויזירט דאָס עקאָנאָמישע לעבן און דער האַנדל, אַרומכאַפּנדיק סיציליע, דאָרעם־איטאַליע, שפּאַניע און צאָפן־אַפריקע.

קירענאַ האָט אָפּגעשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָל אינעם פאַרשפּרייטן די גריכישע קולטור אין צאָפן־אַפריקע. אויפן ראַנד פון די V—IV יאָרהונדערטער פאַר אונדזער ערע האָט באַזוכט צאָפן־אַפריקע דער באַוווּסטער פילאָסאָף פּלאַטאָן. דאָ האָט אין III יה. פאַר אונדזער ערע געלעבט איינער פון די ערשטע אַטעיִסטן טעאָדאָר, וועלכער האָט אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון געטער און האָט געהאַלטן די רעליגיע פאַר אַ נאַרערײַ. קירענאַ, באַנאַנד מיט קאַרפּאַגען, האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די צענטערס פון דער עליניסטישער וועלט, וואָס האָט אָנגענומען די גריכישע קולטור און האָט פון איר זײַט זי אויך מאַשפּיִע געווען .דאָ איז געווען דער אומבאַדינגטער קאָמפּלעקט פון אַן עליניסטישן קולטורעלן צענטער: טעאַטערס, טעמפּלען, געווידמעטע די אינלענדישע און אויסלענדישע געטער, אַ הויז פאַר פאַרזאַמלונגען פון סטראַטעגן. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז כוץ קירענאַ האָבן זיך אין דעם ראַיאָן געפונען נאָך דרײַ גרויסע שטעט — בערעניקאַ, אַרסינאָיאַ און פּטאָלעמאַיִדאַ, וועלכע זײַנען אָנגערופן געוואָרן מיט די נעמען פון אַלעקסאַנדער מוקדנס יאָרשים, די עלינישע הערשער פון מיצראַיִם. אַגעוו, אין בערעניקאַ איז אויך געווען אַ גרויסע ייִדישע קאָלאָניע, וועלכע האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אומאָפּהענגיקער מוניציפּאַלער געמיינדע. פאַרוואַלטעט האָט דאָ אַן אייגענער אַרכאָנט. די ייִדן האָבן געהאַט בירגער־רעכט, און זייערע אַרכאָנטן זײַנען געווען געאַכטעטע און כאָשעווע מענטשן. אַ געפונענע אין בערעניקאַ גריכישע אויפשריפט, וואָס געהער צום 13־טן יאָר פאַר אונדזער ערע, ברענגט נעמען פון נײַן ייִדישע אַרכאָנטן.

איצט גיי איך אום איבער די היימלעכע רויִנען פון קירענאַ. אָט איז דער אַפּאָלאָן־פּאַנטאַן — אַ דין שטראָמעלע פליסט אַראָפּ אין אַ פאַרמיסטיקטן בעכער, אַן אויסגעהאַקטן אין שטיין; דער גראָט

8—526

פון אַפֿראָדיטע — אַ קלײנע הײל, װאָס ענדיקט זיך מיט אַ מעשופּע־אױפֿגעהױבענעם שפּאַלט אין אַ פֿעלדז; און אָט איז אַ טעאַטער, װאָס איז געבױט שױן אין אָנהײב פֿון אונדזער ערע, מיט טרעפּאַרטיקע טריבונעס און אַ בינע אײנדערמיט; באַם אַרײַנגאַנג אין שטאָט — אַ קװאַדראַט שטיבל פֿון די סטראַטעגן, די קריגספֿירער פֿלעגן דאָ דורכפֿירן זײערע באַראַטונגען; באַנאַנד מיטן טעמפּל, געװידמעט די גריכישע געטער, שטײט די פֿיגור פֿון דער מיצרישער געטין איסידע. דער קולט פֿון איסידע איז באַזונדערס געװען פֿאַרשפּרײט אין 1־טן יה. פֿאַר אונדזער ערע. דאָס שכײנעסדיקע מיצרַיִם האָט שטענדיק געהאַט אַ שטאַרקן אײַנפֿלוס אױף דער אַנטװיקלונג פֿון דעם דאָזיקן ראַיאָן.

אין דער אַנטישער װעלט זײַנען באַװוּסט בײַ דרײַסיק שטעט, װאָס טראָגן דעם נאָמען אַפּאָלאָניאַ. דאָס איז פֿולקום נאַטירלעך, װײַל אַפּאָלאָן, דער זון פֿון זעװסן, איז געװען אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע דער גאָט פֿון הײלן קראַנקע, דער פּאַטראָנזאַגער, דער באַשיצער פֿון קונסט, דער באַשיצער פֿון פֿיל שטעט אין דעם אוראַלטן גריכנלאַנד. אַפּאָלאָן איז אַרײַן אין רױמישן און גריכישן פּאַנטעאָן, דערבײַ איז ער דער אײנציקער פֿון די געטער, װאָס איז געבליבן בײַ אײנעם און דעם זעלבן נאָמען, אין דער צײַט, װען אַלע איבעריקע עלף געטער האָבן געהאַט צװײיענדיקע נעמען: זעװס — יופּיטער, אַפֿראָדיטע — װענערע א.אַ.װ. די מערהײַט שטעט מיטן נאָמען אַפּאָלאָן זײַנען געגרינדעט אין VI—VII יה. פֿאַר אונדזער ערע, װען די גריכישע יאַם־רײַזנדער האָבן אָנגעהױבן אַקטיװ צו באַהערשן די מיטללענדיאַמישע ברעגלענדער. גראָד דאָ לעם קירענאַ, אױפֿן ברעג פֿונעם מיטללענדישן יאַם, איז געגרינדעם געװאָרן אײנע פֿון די שטעט מיטן נאָמען אַפּאָלאָניאַ, די הײַנטצײַטיקע ליװישע שטאָט סוס.

אַפּאָלאָניאַ איז געװען אַ פּאָרט פֿון קירענאַ. ביז הײַנט נאָך זײַנען געבליבן שפּורן, קאָלאָסאַלע ברעג־מױערן פֿון דעם אוראַלטן גריכישן פּאָרט. אין דער שטאָט סוס זײַנען אָפּגערײניקט פֿון זאַמד עטלעכע װױן־הײַזער מיט װוּנדערלעכע מאָזאַישע דילן און די געבײַדע פֿון אַ טעמפּל מיט זײַלן פֿון מירמלשטײן און מיט אױסגעשלאָגענע אין דער הײך מאַלטיער קרײצן.

די שטאָט דערנאַ, װאָס ליגט 50 קילאָמעטער פֿון סוס, רעכנט זיך פֿאַר אַ צענטער פֿונעם לאַנדװירטשאַפֿטלעכן ראַיאָן אין דעם מיזרעך־טײל פֿונעם לאַנד. די צאָל אײַנװױנער פֿון דעם קרײַז באַטרעפֿט 160 טױזנט, פֿון װעלכע אַ דריטל לעבט אין אַדמיניסטראַטיװן צענטער. אַמאָל איז דערנאַ געװען אַ װיכטיקער האַנדלס־צענטער, און אין זײַן הײמלעכן האַפֿן פֿלעגן װאַרפֿן זײערע אַנקערס די זעגלשיפֿן, װאָס פֿלעגן שװימען פֿאַזע דעם ברעג פֿון מיצרַיִם קײן טוניס, אַלזשיר, מאַראָקאָ און צוריק. בײַס דעם ייִדישן אױפֿשטאַנד איז דערנאַ צעשטערט געװאָרן. דאָס איז געשען אין 115־טן יאָר פֿון אונדזער ערע. אין אָנהײב פֿון אונדזער ערע האָבן דאָ געלעבט 250 ייִדן, װאָס האָבן זיך פֿאַרנומען מיט האַנטװערקערײַ און האַנדל. זײערע באַציִונגען מיט די אַראַבער און מיט די מוסולמענישע גאָט־פֿרײדיקער כאַראַקטעריזירט די ייִדישע ענציקלאָפּעדיע אַלס פֿרײַנטלעכע. איצט האָבן נײַע הײַנטצײַטיקע הײַזער פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿון די אַלטע געבײַען. עס זײַנען נאָך ערגעץ־װוּ געבליבן רעשטלעך פֿון די װענט, װעלכע האָבן אַמאָל אָפּגעצױמט די שטאָט פֿון די אינערלעכע ראַיאָנען און זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ טיפֿן טאָל. איצט זײַנען אין דעם טאָל אױסגעבױט באַװאַסערונג־הערעבליעס, װעלכע באַשיצן די שטאָט פֿון הױכװאַסערן און זאַמלען װאַסער פֿאַר דער באַװאַסערונג.

די הערעבליע אַבו מאַנסור אין דער אױבערגעגנט פֿונעם טאָל זאַמלט אָן בײַ אַ מיליאָן קובאָמעטער װאַסער. דער װעג צו דער הערעבליע גײט באַם ברעג פֿונעם טאָל. אײנע פֿון די אָרטיקע מערקװירדיקײַטן איז דער װאַסערפֿאַל. דער קאַסקאַד פֿאַלט דאָ פֿון דער הײך פֿון 15 מעטער. אַװדע איז זײַן קראַפֿט ניט קײן גרױסע. נאָר די ליװיער, װאָס שטאָלצירן אַזױ מיט דער דאָזיקער מערקװירדיקײַט, קאָן מען פֿאַרשטײן; װאַסער איז דאָ שטענדיק געװען און פֿאַרבלײַבט אַ סימבאָל פֿון לעבן.

— די טאָל־ברעגן זײַנען אױסגעלײגט פֿון װײכן קאַלכשטײן, — זאָגט דער אינזשעניר איבראַגים, װאָס באַגלײט אונדז אין דער רײַזע צו דער הערעבליע. — מיר שאַפֿן דעריבער טעראַסעס און פֿאַרזעצן דאָ װילדע אײלבערטן, זײַדנבײמער, קיפּאַריסן און עװקאַליפּטן.

און װירקלעך, אױף די אַקוראַטע טעראַסעס זעט מען ניט קײן גרױסע פֿלאַנצונגען פֿון בײמער. יעדן יאָר, אין אָנהײב מאַרט, גײט דורך אין ליװיע אַ קאַמפּאַניע פֿאַר װאַלדפֿלאַנצונג, אין װעלכער עס נעמט אָנטײל די גאַנצע באַפֿעלקערונג פֿונעם לאַנד. פֿאַזע די אױסגעצײכנטע שאָסײ־װעגן װאַקסן מימאָזע, עװקאַליפּטן, מיטללענדיאַמישע סאָסנעס און קיפּאַריסן. די אַלע בײמער זײַנען אַלט ניט מער פֿון 15 יאָר. אַנדערש געזאָגט, זײ זײַנען פֿאַרפֿלאַנצט געװאָרן שױן נאָך דער סענטיאַבער־רעװאָליוציע פֿון 1969 יאָר.

מיר אינטערעסירן זיך, צי האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפֿינען דאָס רעפֿוע־געװיקס סילפֿיִ, װעלכס האָט מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אין דעם אַלטערטום אַ װיכטיקן אַרטיקל פֿון עקספּאָרט אין קירענאַיִקע. דאָס װילד־װאַקסנדיקע גראָז איז, לױט די מיטײלונגען פֿון די באָטאַניקער, אינגאַנצן נעלעם געװאָרן אין די ערשטע יאָרהונדערטער פֿון אונדזער צײַט און אַלע פּרוּװן אױסצוזוכן עס האָט קײן דערפֿאָלג ניט געהאַט. אין בענגאַזיער אוניװערסיטעט גאַריונעס איז דורכגעגאַנגען אַ ספּעציִעלער סעמינאַר װעגן דעם דאָזיקן געװיקס, די געלערנטע האָבן געבראַכט פֿיל אױסצוגן פֿון די אַרבעטן

פון די אוראַלטע אוטאָרס, וועגן זײַנע הייל־אייגנשאַפטן, נאָר קיינער האָט מיט די אייגענע אויגן דאָס געוויקס ניט געזען.

דער סעקרעטאַר פונעם פאַלקס־קאָמיטעט פון דערנאַ מוכאַמעד באַדר איז אַלט עטוואָס מער פון דרײַסיק, נאָר ער שטייט שוין קימאַט 15 יאָר בעראָש פון דער פאַלקסמאַכט אין דערנאַ. צוערשט איז ער געווען דער גובערנאַטאָר, און שפּעטער, אין 1979, ווען מע האָט אײַנגעפירט די נײַע סיסטעם פון אַדמיניסטראַטיווער פאַרוואַלטונג אין ליוויע, איז ער געוואָרן דער ערשטער סעקרעטאַר פונעם פאַלקס־קאָמיטעט, וועלכער האָט די פולמאַכט אין דער געזעצגעבערישער און אויספיר־מאַכט.

— איך בין אַלט געווען 17 יאָר, ווען מע האָט מיך אויסגעוויילט אַף דעם אַמט, — זאָגט באַדר, — איך האָב נאָרוואָס פאַרענדיקט די מיטלשול, זיך אינטערעסירט מיט עקאָנאָמיק און געוואָלט פאַרזעצן די בילדונג. דאָ איז געקומען די סענטיאַבער־רעוואָלוציע און מיך אַרײַנגעצויגן אין דער געדיכטעניש פון די פּאָליטישע געשעענישן.

— נײַן, איך סטאַרע זיך פּאָשעט גוט אויספילן מײַן פליכט און דינען מײַן פאָלק, — ענטפערט באַדר אַף אונדזער פראַגע, אוועלכע פעיִקײַטן דאַרף מען באַזיצן, קעדיי אַזוי לאַנג זיך געפינען אַף אַזאַ הויכן און ניט־לײַכטן פּאָסטן. — איך האָב גוטע געהילפן, די סעקרעטאַרן פון דעם פאָלקס־קאָמיטעט, מיטגלידער פון אונדזער „רעגירונג" אין דערנאַ. אָט דאָס איז דער סעקרעטאַר פון דער לאַנדווירטשאַפט, מיט זײַנע אָביעקטן האָט איר זיך היינט באַקאַנט. דער סעקרעטאַר פון געזונט־פאַרהיטונג, דער סעקרעטאַר פאַר פּלאַנירונג און אַנדערע. אַלע זײַנען מיר אָרטיקע אײַנוווינער, און מיר ווילן, אַז אונדזער שטאָט זאָל זײַן אַ מוסטערהאַפטע אין אַלע הינזיכטן. דאָס, וואָס מיר טוען, טוען מיר פאַרן פאָלק, און דערפאַר האַלט מען אונדז אונטער. איר וועט זיך אין דעם אַליין איבער־צײַגן, ווען איר וועט זיך דורכפאָרן איבער אונדזער קרײַז און איבערן לאַנד.

— מיר גיבן יעדער פויערישער מישפּאָכע פון צוויי ביז פינף העקטאַר ערד, אַ גרייט הויז, די באַדינונג מיט אַ טראַקטאָר, אַ ציסטערנע פאַר וואַסער. אין די הײַזער איז דורכגעפירט עלעקטרע, און אין איניקע ערטער זײַנען די הײַזער אויסגעשטאַט אַפילע מיט זון־באַטאַרייעס. נאָר דאָס אַלץ איז מיט איין באַדינג: דער פויער דאַרף, אין העסקעם מיט די רעקאָמענדאַציעס פון דער אָרטיקער מאַכט, פאַרזייען באַשטימטע קולטורן. מיר האָבן דאָ אין זינען סײַ טוועס, סײַ גרינוואַרג און אויך פּרוכט־ביימער. זײַן פּראָדוקציע געברויכט דער פויער אַליין, און די רעשטן גיט ער איבער אַף די אופנאַם־פּונקטן.

— איצט ווענדן מיר אָן אַ נײַעם מעטאָד, קעדיי אַראָפּנעמען די אָנלאָדונג פון דער מעלוכע און זיך אָפּזאָגן פונעם אימפּאָרט פון שפּײַז־פּראָדוקטן פון אויסלאַנד, — האָט זיך אָנגעשלאָסן אין געשפּרעך דער סעקרעטאַר פון דער לאַנדווירטשאַפט. — אונדזער לידער מ. קאַדאַפי האָט געזאָגט, אַז עס קאָן זיך ניט פילן פרײַ יענץ פאָלק, וואָס באַשפּײַזט זיך מיט אויסגעאַרבעטע אויסער זײַנע נאַציאָנאַלע גרענעצן פּראָדוקטן.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די גאַסטפרײַנטלעכע באַלעבאַטים. זיי האָבן וואַרעם גערעדט וועגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, וואָס ווײַזט אַרויס ברייטהאַרציקע הילף פאַר ליוויע.

זײַענדיק שוין הינטער דער שטאָט, האָבן מיר צום לעצטן מאָל זי באַקוקט פון דער ווײַט: די הײַנטצײַטיקע הײַזער, אַספאַלטירטע גאַסן, דעם אומנאַטירלעך־בלויען יאַם, דעם הויכן רעטראַנסליאַציע־טורעם פאַר דער טעלעוויזיע. אין דערנאַ זײַנען באַ אונדז פאַרבליבן פרײַנט. און וועגן דעם דער־מאָנט אונדז דאָס בינטל בלומען־גראָז, וואָס זיי האָבן אונדז געשענקט באַם געזעגענען זיך.

...די וועגן אין ליוויע זײַנען פּרעכטיקע. מיר טראָגן זיך מיט אַ גיכקײַט פון 120 קילאָמעטער איבער אַן אויסגעצייכנטער אויטאָטראַסע קיין בענגאַזי דורך די בערג דזשאַבעל אַכדאַר, ווו עס האָט זיך געפונען דער ווידערשטאַנד־צענטער קעגן די איטאַליענישע קאָלאָניזאַטאָרן. אין די בערג־נייגן פון דעם טאָל זײַנען אויסגעגראָבן הייִלן. די ליווישע פּאַרטיזאַנער פלעגן זיך אין זיי אויסבאַהאַלטן פון די איטאַליענישע פאַשיסטן. אין יעדער ליווישער שטאָט איז פאַראַן אַ גאַס אָדער אַ פּלאַץ אָפּן נאָמען פון אָמאַר מוכטאַר, דעם נאַציאָנאַלן העלד, וועלכער איז דעם 13 סענטיאַבער 1931, אַ פאַרוווּנדעטער, אַרײַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. דעם 17 סענטיאַבער האָבן אים די איטאַליענישע פאַשיסטן געטייט, ניט געקוקט אַף זײַן עלטער — 70 יאָר.

אַרום אונדז שפּרייטן זיך גרינע פעלדער, פּרוכט־סעדער. גוט געבויטע הײַזער שטייען באַנאַנד מיט האַלב־כאַראָווע, אַ ירושע פון די איטאַליענישע קאָלאָניסטן. די ליווער ווילן ניט לעבן אין די הײַזער פון זייערע אונטערדריקער, און דעריבער האָט מען לעם זיי אויסגעבויט נײַע הײַנטצײַטיקע וווינונגען. אין בעסטן פאַל האָט מען אויסגעניצט די „איטאַליענישע געבײַען" פאַר פי־שטאַלן. אַף איניקע פעלדער טראַכקען טראַקטאָרן. זיי שלעפּן גרינע ציסטערנעס מיט וואַסער.

איטאַליע האָט אָנגעהויבן איר עקספּאַנסיע קיין צאָפן־אַפריקע אונטער דער פויקערײַ פון די אַפּאָלאָגעטן פאַרן ווידערגעבורט פון דער רוימישער אימפּעריע, אין וועלכער דער מיטללענדישער

יאַם זאָל ווערן דער „mare nostrum“ („אונדזער יאַם“), און דאָס דאָרעם־בּרעגלאַנד, די נאַטירלעכע גרענעץ פון דער אימפּעריע, וועלכע האָט עקזיסטירט מיט 2 טויזנט יאָר צוריק. אין 1911 האָט איטאַליע געצוווּנגען טערקײַ איר איבערגעבן ליוויע. אין 1922, בײַס אין איטאַליע איז געקומען צו דער מאַכט דער פאַשיזם, האָט זיך אַקטיוויזירט איר עקספּאַנסיאָנעלע אויסערלעכע פּאָליטיק. אין דער ערשטער צײַט האָט מוסאָליני געפּרוּווט שפּילן די „ערשטע פידל“ אין פאַשיסטישן אַליאַנס מיט דײַטשלאַנד. אין 1934 האָט ער שיר ניט געמאָלדן אַ מילכאָמע היטלערן, וועלכער האָט פאַרגענומען דעם ערשטן פּרווו אײַנצושליסן עסטרײַך. אין 1935 האָט איטאַליע זיך געוואָרפן אַף דער אומבאַשיצטער עטיאָפּיע און אין מעשעך פון 2 יאָר פאַרכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד. אין 1939 האָט איטאַליע פאַרכאַפּט אַלבאַניע. די מיליטערישע דערפאָלגן האָבן אַרויסגערופן קאָפּשווינדל בא די „שוואַרצע העמדלעך“, און דעם 10 יוני 1940 יאָר איז איטאַליע אָפיציעל אַרײַנגעטראָטן אין דער צווייטער וועלט־מילכאָמע אַף דער זײַט פונעם דײַטשישן פאַשיזם.

מוסאָליני, וועלכער האָט שוין דאַן אנערקענט די איבערהאַנט פון היטלערן אין קעגן־קאָמינטערן־פּאַקט, איז געווען זיכער אין דעם זיג פון די פאַשיסטן און געהאָפט, אַז באַם טיילן די רויב וועט ער באַקומען זײַן כיילעק. נאָר פון זײַן זײַט האָט דער דוטשע געפּרוּווט דורכפירן אויך אַן אייגענע פאַרכאַפּערישע ליניע, באַזונדערס דאָרט, ווו ער האָט זיך ניט גערעכט אַף אַן ערנסטן ווידערשטאַנד.

אין 1940 האָט זיך די איטאַליענישע אַרמיי געוואָרפן אַרויסהעלפן היטלערן אין אָקופּירן דאָס שוין געפאַלענע פראַנקרײַך, נאָר שוין די ערשטע צוזאַמענשטויסן מיט די פראַנצויזישע פּאַטריאָטן האָבן אויסגעניכטערט די פאַריסענע איטאַליענישע פאַשיסטן. אין סענטיאַבער 1940 האָט דער מאַרשאַל גראַציאַני אָנגעהויבן אַן אָנגריף קעגן די ענגלענדער, וועלכע האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין מיצראַיִם, און אין אָקטיאַבער 1940, ניט געבנדיק וועגן דעם צו וויסן דער היטלערישער קאָמאַנדשאַפט, איז ער אָנגעפאַלן אַף גריכנלאַנד און... געליטן אַ מאַפּאָלע.

דער מאַרשאַל גראַציאַני איז אין דעקאַבער 1940 דערגאַנגען ביזן שטעטל סידי־באַראַני, 140 קילאָמעטער פון דעם מיצרישן קוראָרט מערסאַ־מאַטרוכאַ, און די ענגלענדער האָבן אויסגענוצט די אויסגעמאַטערטקייט פון די איטאַליענער, וועלכע האָבן זיך לאַנג געשלעפּט איבערן מידבער, און דערלאַנגט זיי אַ שטאַרקן קעגנקלאַפּ. אין צאָפן־אַפריקע, פונקט ווי אין גריכנלאַנד, האָבן זיך די איטאַליענער פאַשיסטן „אָפּגעקײַקלט“ צוריק, און דעם פאַשיסטישן דײַטשלאַנד איז אויסגעקומען דרינגענד צו ראַטעווען זײַן שלימאַזלדיקן פאַרבינדעטן. אַזוי האָט זיך אַף דער אַרענע אין צאָפן־אַפריקע באַוויזן דער פּאָפּוליאַריקער גענעראַל־פעלדמאַרשאַל ראָמעל מיט זײַן עקספּעדיציאָנעלן טאַנקען־קאָרפּוס. דער נאָמען פון אָט דעם גענעראַל איז געווען פאַרהאַסט סײַ בא די ליוויִער און עגיפּטער, סײַ בא די ייִדן, סײַ בא די איטאַליענישע און פראַנצויזישע אַנטיפאַשיסטן. אָבער די מײַרעוו־פּראָפּאַגאַנדע האָט געטאָן אַלץ, קעדיי אַרומרינגלען אים מיט אַן אָרעאָל פון רום און אים געשענקט עטלעכע באָמבאַסטישע עפּיטעטן — „דער פוקס פון דעם מידבער“, „ראָמעל דער אַפריקאַנער“, לויט דער אַנאַלאָגיע מיטן רוימישן קאָנסול פּובליִ קאָרנעליִ סציפּיאָ, וועלכער האָט אין גאַנג פון דער דריטער פּונישער מילכאָמע צעקלאַפּט קאַרפאַגען און דערפאַר באַקומען דעם צוגאָב־נאָמען „אַפריקאַנער“.

אין מײַ 1941 האָט ראָמעלן זיך ווירקלעך אײַנגעגעבן אָפּשטויסן די ענגלענדער, וועלכע זײַנען, איבערלאָזנדיק אַ גאַרניזאָן אין טאָבּרוק, אין הינטערלאַנד בא די דײַטשן, אָפּגעטראָטן אויסער די ליוויש־מיצרישע גרענעצן. אין דער שטאָט טאָבּרוק איז פאַראַן אַ בעסוילעם פון די פּוילישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן אײנינעם מיט די ענגלישע אָפּגעשלאָגן די אַטאַקעס פון די דײַטשישע און איטאַליענישע פאַשיסטן. די אַמבאַסאַדאָרס פון פאָלקס־פּוילן און פון טשעכאָסלאָוואַקיע אין ליוויע לייגן יעדעס יאָר בלומען צו די דענקמעלער פון זייערע בירגער, געפאַלענע אין דער ווײַטער אַפריקע.

ראָמעל האָט ניט געקאָנט אײַנברעכן טאָבּרוק, די דײַטשישע און איטאַליענישע כאַיאָלעס האָבן אויסגעשעפּט זייערע קויכעס, און ראָמעל האָט געבעטן הילף־מיליטער, וואָס היטלער האָט ניט געקאָנט אויסטיילן: אַלע קויכעס האָבן די נאַציסטן געוואָרפן אינעם „בליצקריג“ אַף מיזרעך, קעדיי פאַרכאַפּן מאָסקווע.

ערעוו דעם יאָר 1942 האָבן די ענגלענדער פאַרגענומען אַ קאָנטער־אָנגריף, נאָר ניט געקאָנט פאַרפעסטיקן דעם דערפאָלג. ראָמעלן האָט זיך אײַנגעגעבן צונויפנעמען אַלע זײַנע רעזערוון און אָנהייבן דעם דריטן, לעצטן אָנגריף. דעם 13 יוני 1942 האָבן די ענגלענדער אין איין טאָג פאַרלאָרן 230 טאַנקען, און דער אַוואַנגאַרד פון די דײַטשישע מעכאַניזירטע טיילן האָט זיך באַוויזן אין דער פאָרשטאָט פון על־אַלאַמיין, עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון דער מיצרישער אַלעקסאַנדריע. ראָמעל איז דרינגענד אַרויסגעפלויגן קיין בערלין, קלוימערשט צוליב פּערזענלעך ראַפּאָרטירן היטלערן וועגן די דערפאָלגן. אינדערעמעסן איז אַלץ געווען גאָר אַנדערש: די דײַטשישע טאַנקען און פּאַנצער־אויטאָמאָבילן פונעם אַפריקאַנער קאָרפּוס זײַנען געבליבן שטעקן אָן בענזין און אָן אַמוניציע. איבער דער אומגעבונג אַפן פראָנט בא סטאַלינגראַד איז היטלערן אויסגעקומען צו ברענגען פאַר אַ קאָרבן

ראַמעלן, זײַן אַפריקאַנישן קאָרפּוס און די כאַסערדײַעדיקע אידיי אַרויסצוגיין אויף די ברעגן פֿונעם סועצער קאַנאַל און ווײַטער אויפֿן נאָענטן מיזרעך און קיין אינדיע. בײַ סטאַלינגראַד איז דערלאַנגט געוואָרן אַ קלאַפּ ניט בלויז דעם פֿאַשיסטישן דײַטשלאַנד, נאָר עס איז אויך געלייזט געוואָרן דער גורל פֿון צפֿון־אַפריקע.

דעם 23 אָקטיאָבער 1942 האָט די ענגלישע אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדשאַפֿט פֿון ב. מאָנטגאָמערי דורכגעריסן דעם פֿראָנט פֿון די דײַטשיש־איטאַליענישע כאַיאָלעס און פֿאַרטריבן די פֿאַשיסטן צו די גרענעצן פֿון טוניס.

אין מעשעך פֿון 3 יאָר האָט אין צפֿון־אַפֿריקע געבושעוועט דאָס פֿײַער פֿון מילכאָמע. אויף קיין איין קריגס־טעאַטער איז ניט אויסגעניצט געוואָרן אַזאַ גוואַלדיקע צאָל מינעס, ווי אין ליוויע. דאָ זײַנען ניטאָ קיין נאַטור־שטערונגען, ניט געווען קיין בעטאָנירטע באַהעלטענישן, קיין סיסטעם פֿון ערד־פֿאַרפֿעסטיקונגען. דאָס אַלץ האָבן פֿאַרביטן מינעס, וועלכע מע האָט דאָ אָנגעזעצט אָן אַ צאָל און אָן אַ סיסטעם.

אין מעשעך פֿון צוויי יאָר נאָך דער מילכאָמע האָט מען אין ליוויע טאָגטעגלעך פֿאַרניכטעט צו טויזנט טאָן שיס־מאַטעריאַלן. נאָר, ווי ס׳ווײַזט אויס, האָט מען פֿאַרניכטעט אַ סאַך, נאָר ניט אינגאַנצן. דעריבער קומט פֿאָר אַזוי, אַז נאָך הײַנט־צו־טאָג, נאָך דעם, ווי עס האָבן אָפּגעדונערט די לעצטע שיסערײַען, הערט מען פֿון צײַט צו צײַט אָן אויפֿרײַס אין מידבער, בײַ אַ קרענעצע, אָדער אויף אַ קאַראַוואַן־שטעג: אַ פֿאַרגעסענע אַלטע מינע רײַסט איבער דאָס לעבן בײַ צופֿעליקע פֿאַרבײַגייער.

פֿאַר דער גאַנצער צײַט פֿון דער איטאַליענישער אָקופּאַציע, אָנהייבנדיק פֿונעם יאָר 1911 און ביזן 1943, האָט ליוויע פֿאַרלאָרן 750 טויזנט מענטשן. די צאָל איז אַ גוואַלדיק גרויסע פֿאַר אַ לאַנד, וואָס ציילט הײַנט אָן בײַ 3 מיליאָן אײַנוווינער.

לויט דער באַשטימונג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער אָנפֿירונג איז אין טריפּאָלי געשאַפֿן געוואָרן אַ צענטער צו פֿאָרשן דעם קאַמף פֿונעם ליוויער פֿאָלק קעגן די איטאַליענישע אָקופּאַנטן. דאָ זײַנען צונויפֿגעזאַמלט פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון כאַרעוו־געמאַכטע שטעט און דערפֿער. ליוויע רעכנט זיך מיט רעכט פֿאַר אַ מילכאָמע־אַנטיילנעמער קעגן דעם נאַציסטישן דײַטשלאַנד און דער פֿאַשיסטישער איטאַליע, און די ליוויער שטרײַכן אונטער מיט טיפֿן פֿאַרשטאַנד די גרויסע באַדײַטונג פֿונעם זיג פֿון דעם סאָוועטישן פֿאָלק אין דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע, דעם זיג, וועלכער האָט זיי געהאָלפֿן זיך באַפֿרײַען פֿון דער פֿאַשיסטישער קנעכטשאַפֿט.

...מיר געזעגענען זיך מיט בענגאַזי גאַנצפֿרי. די גרויסע הײַנטצײַטיקע שטאָט כאַפּט זיך ערשט אויף פֿון שלאָף. אין סאַמע צענטער פֿאָרן מיר פֿאַרבײַ די פֿאַרבלײַבענע פֿון אַמאָל עטלעכע אַלטע געבײַדעס און דעם צווייקופּאָלדיקן קאַטעדראַל, וואָס איז אויסגעבויט לויט מוסאָליניס באַפֿעל און שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ געמיש פֿון פֿאַרשיידענע אַרכיטעקטור־סטילן. בענגאַזי, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע סטראַטעגישע באַדײַטונג פֿאַר די אָפּערירנדיקע אַרמייען, האָט געליטן פֿון צוויי טויזנט באָמבאַרדירונגען. די שטאָט איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין רויִנען, און דער פּאָרט איז אָנגעשפּיקעוועט מיט דערטרונקענע שיפֿן. איצט איז בענגאַזי פּראַקטיש אַ נײַע שטאָט מיט קוואַרטאַלן פֿון הײַנטצײַטיקע הײַזער, מיט אַ שיינער ברעג־גאַס, מיט אַ כוואַליען־ברעכער, באַקוועמע וועגן און אַן אוניווערסיטעט־קאָמפּלעקס. דער ניט־גרויסער יישעוו, וואָס האָט פֿריִער געהערט צום אַראַבישן שייוועט בען גאַזי, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ צענטער פֿון אַ גאַנצן ראַיאָן, אין אַ סימבאָל פֿונעם ווידערגעבורט פֿון ליוויע, וואָס איז אָפּגעסמאַליעט פֿון דער מידבער־היץ און פֿון דער דרײַסיק־יאָריקער פֿאַשיסטישער אָקופּאַציע.

אָן אויסגעצייכנטער שאָסיי־וועג פֿאַרייניקט בענגאַזי מיט טריפּאָלי. שנעל שווינדלען דורך די שטעט אַדזשאַבויִא, מאַרסאַ־ברעגאַ, ראַס־לאַנוף. צו די לעצטע צוויי ציִען זיך די נאַפֿט און גאַזלייטונגען פֿון די נאַפֿט־פֿעלדער אין דעם ליווישן מידבער. מאַרסאַ־ברעגאַ איז אַ פּאָרט פֿאַר נאַפֿט־שיפֿן, און אין ראַס־לאַנוף איז ניט לאַנג צוריק אויסגעבויט געוואָרן אַ נאַפֿט־ראַפֿינירנדיקער זאַוואָד. לעבן די דאָזיקע שטעט ווערן די וועגן פֿאַרברייטערט און זיי פֿאַרוואַנדלען זיך אין לאַנדונג־פּלעצער פֿאַר קליינע עראָפּלאַנען, מיט וועלכע עס באַניצט זיך די אַדמיניסטראַציע פֿון די נאַפֿט־קאָמפּאַניעס און פֿונעם נאַפֿט־ראַפֿינירנדיקן זאַוואָד.

140 קילאָמעטער פֿון דער שטאָט מיסוראַט זעען מיר, ווי נאָענט פֿון דער נײַער אויטאָסטראַדע ליגט אָן אַלטער וועג. דאָרט וואַלגערן זיך צעקלאַפּטע אויטאָמאָבילן. עטוואָס ווײַטער — כורוועס פֿון אַמאָליקע קאַזאַרמעס. אַנדערע געבײַדעס, אויך צעשטערטע, זעען זיך בײַם יאַם־ברעג. שטעכלדראָט זאָגט אײדעס, אַז דאָרט האָט זיך געפֿונען אַ מיליטערישער פּאָסט.

די בויער פֿון דער נײַער אויטאָטראַסע האָבן אויסגעמיטן דעם געפֿערלעכן אָפּשניט און אויסגעגלײַכט דעם וועג. און איצט איז דאָס אָרט מיט שפּורן פֿון קאַזאַרמעס געבליבן ווי אַ מוזיי פֿון אַן אומזיניקער בלוטבאָד אונטערן אַפֿריקאַנישן הימל, אַ בלוטיק בלעטל אין דער געשיכטע פֿון דעם ליווישן פֿאָלק, וואָס איז אויף אייביק פֿאַרשווונדן אין דער פֿאַרגאַנגענהײַט.

● ● ●

## פון דער קולטור־געשיכטע

מיכאל אסטראָווסקי

# „קונסט פאַרייניקט די פעלקער און באַפרײַנדעט"

II

„דער נאַציאָנאַלער טעאַטער, — האָט געשריבן אַסטראָווסקי, — איז א סימען פון נאַציאָנאַלער פוליעריקײַט, פונקט אזוי ווי די אקאדעמיעס, אוניווערסיטעטן, מוזייען, האָבן זייער אייגענעם טעאטער און שטאָלץ זײַן מיט אים וויל א ליאדע פאָלק, א ליאדע אומע, א ליאדע שפּראַך, באַדײַטנדיקע און אומבאַדײַטנדיקע, זעלבשטענדיקע און ניט־זעלבשטענדיקע".

דערלערנט די דראמאטישע קונסט פון פארשיידענע פעלקער, האָט אַסטראָווסקי זיך מיט אינטערעס באַצויגן אויך צו דער אנטוויקלונג אין רוסלאַנד פון דער ייִדישער דראמאטישער קונסט. אין די יאָרן פון אַסטראָווסקיס יוגנט האָט רוסלאַנד ניט געהאַט קיין ייִדישן פּראָפעסיאָנעלן טעאַטער. אין די שטעט און שטעטלעך פונעם טכום־האמושעוו פלעגן ארויסטרעטן ייִדישע אקטיאָרן־אמאטאָרן מיט לידער, סאטירישע קופּלעטן, דראַמאטיזירטע שטייגער־סצענעס און סצענעס פונעם טאַנאַך.

אין יול 1856 האָט דער פּעטערבורגער זשורנאַל „סאָווערעמעניק" אָפּגעדרוקט א דערציילונג „די וואנדער־אקטיאָרן" פונעם ייִדישן מאסקל אָ. אי. ראַבינאָוויטש. אירע העלדן זײַנען געווען ייִדישע וואנדער־אקטיאָרן — דער שאַרמאַנשטשיק איזרעצע טאַראַראַם און דאָס מיידל טילע.

אָסטראָווסקי האָט זיך באַצויגן צו ראַבינאָוויטשעס דערציילונג מיט א באַזונדער אופמערקזאַמקײַט. ער האָט זי אויסגעשניטן פונעם זשורנאַל און ביזן סאָף פון זײַן לעבן אָפּגעהיט אין זײַן ביבליאָטעק באַנאַנד מיט די אויסשניטן פון די ווערק פון מ. וואָווטשאָק, י.־וו. געטע, אי. א. גאָנטשאַראָוו, וו. אי. דאַל, טש. דיקענס, מ. אי. מיכײַלאָוו, נ. א. נעקראַסאָוו, אי. אי. פּאַנאַיעוו, ל. נ. טאָלסטאָי, א. ס. טורגעניעוו, אָפּגעדרוקטע אינעם „סאָווערעמעניק".

אָ. אי. ראַבינאָוויטש איז געווען איינער פון די ערשטע ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן געשריבן אָף רוסיש וועגן דעם לעבן פון ייִדן אין רוסלאַנד.

אין 1858 איז אין פּעטערבורגער קרײַז פון רוסישע ליטעראַטן ארײַן דער יונגער ייִד פּ. אי. ווײַנבערג. זײַן ליטעראַרישע טעטיקײַט האָט ווײַנבערג אָנגעהויבן נאָך לערנענדיק זיך אין אָדעסער גימנאַזיע. אין 1851 איז ער ארויסגעטראָטן מיט דער איבערזעצונג פון זשאָרזש סאַנדס דראַמע „קלאָדי", און דערנאָך, שוין זײַענדיק א סטודענט פונעם היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאַקולטעט פון דעם כאַרקאָווער אוניווערסיטעט, ארויסגעגעבן א זאַמלונג לידער מיט רוסישע איבערזעצונגען פון האָראַצי, שעניע, הוגאָ, בײַראָן און עטלעכע אָריגינעלע זאַכן.

קיין פּעטערבורג איז ווײַנבערג געקומען פון טאַמבאָוו, ווו ער האָט א געוויסע צײַט געדינט אַלס טשינאָווניק פאַר ספּעציעלע פליכטן באַם גובערנאַטאָר. לעבנדיק אין פּעטערבורג, האָט ער זיך אײַנגיכן באַקאַנט מיט נ. א. נעקראַסאָוון. שפּעטער האָט ווײַנבערג געשריבן וועגן נעקראַסאָוון: „דאָס איז געווען א העכסט צוגעלאָזטער, מאַמעש א באַצויבערנדיקער מענטש, ער האָט געקאָנט צולאַשטשען און צולאָנטשען... די ערשטע ארבעט, וועלכע איך האָב פאָרגעשטעלט פאַר נ. א., איז געווען די איבערזעצונג פון שעקספּירס „היינריך" פאַר דער אויסגאַבע, וועלכע נעקראַסאָוו האָט פאָרגענומען אײַנײַנעם מיט גערבעלן".

אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אין דעם „סאָווערעמעניק", דעם דעמאָקראַטישן, סאַטירישן זשורנאַל „איסקראַ" און דעם זשורנאַל „ביבליאָטעק פאַר לייענען", האָט זיך ווײַנבערג באַקאַנט מיט אָסטראָווסקין. דעם 10 מאַרט 1859 האָט ווײַנבערג אָנטיילגענומען אינעם יובילײ פון דעם גרויסן רוסישן אקטיאָר א. יע. מאַרטינאָוו, וועלכן עס האָט אָרגאַניזירט די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „סאָווערעמעניק". דאָס איז געווען א מערקווירדיקע גע־

פּ אָ ר ז ע צ ו נ ג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 8, 1987.

שעעניש אינעם קולטור־לעבן פונעם לאנד. מאַרטינאָוון האָבן אָפּגעגעבן קאָוועד די בעסטע פאָרשטייער פון דער געזעלשאַפטלעכקייט: נ. א. נעקראַסאָוו, נ. א. דאָבראָליובאָוו. א. נ. אָסטראָווסקי, מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. ל. נ. טאָלסטאָי, אי. ס. טורגעניעוו, נ. ג. טשערנישעווסקי, ט. ג. שעווטשענקאָ און פיל אַנדערע. די פײַערלעכקייט האָבן געעפנט טורגעניעוו און סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. זיי האָבן געקרוינט מאַרטינאָוון מיטן לאָרבערקראַנץ, די סטענגעס פון וועלכן ס'האָבן אונטערגעהאַלטן ל. נ. טאָלסטאָי און אי. א. גאָנטשאַראָוו. אָסטראָווסקי (אין זײַנע פּיעסעס האָט מאַרטינאָוו צו יענער צײַט שוין געשפּילט אין זיבן ראָלן) איז אַרויסגעטראָטן מיט א גלענצנדיקער רעדע, דערקלערנדיק, אַז דער גרויסער בינע־מײַסטער האָט מיטגעווירקט דער אַנטוויקלונג פון דער פּראָגרעסיווער ריכטונג אין דער פּאָטערלענדישער דראַמאַטישער קונסט. נעקראַסאָוו האָט דורכגעלייענט זײַנע לידער, געווידמעט מאַרטינאָוון, וועלכער איז געווען זײַן אַלטער פרײַנט.

ניט לאַנג פאַר מאַרטינאָווס יובילײ איז דערשינען די ערשטע זאַמלונג פון אָסטראָווסקיס ווערק. צווישן די צײַטשריפטן, וועלכע האָבן זיך אָפּגערופן אָף אָט דער געשעעניש, איז געווען אויך דער זשורנאַל „סאָווערעמעניק".

נעקראַסאָוו האָט געבעטן דעם יונגן קריטיקער נ. א. דאָבראָליובאָוון, וועלכער האָט רעדאַגירט אינעם זשורנאַל דעם אָפּטייל פאַר קריטיק און ביבליאָגראַפיע, אָנשרײַבן אַן אויספירלעכן אַרטיקל, וואָס זאָל מעגאַלע זײַן די לייענער די געזעלשאַפטלעכע באַדײַטונג פון אָסטראָווסקיס שאַפונג. נעקראַסאָוו גופא פלעגט רופן אָסטראָווסקין „אונדזער אָן שום ספק, ערשטער דראַמאַטישער שרײַבער".

דאָבראָליובאָוו האָט געאַרבעט איבערן אַרטיקל וועגן אָסטראָווסקין אין נעקראַסאָווס דירע און דערנאָך אָף טשערנישעווסקיס דאַטשע אָף פּיאָטערס־אינדזל. ער האָט צו אָט דער צײַט שוין געקענט אָסטראָווסקין און איז געווען זײַן אופריכטיקער פאַרערער.

אין אָסטראָווסקיס פּיעסעס, האָט געשריבן דאָבראָליובאָוו, איז דער איקער — שטענדיק טרײַ זײַן דעם עמעס, און דערין טאַקע ליגט די אויסנעמלעכע ווערט פון אָסטראָווסקיס שאַפן.

דאָבראָליובאָוו האָט אָפּגעמערקט די אויסשליסלעך וויכטיקע באַזונדערקייט פון אָסטראָווסקיס דראַמאַטורגיע, אין וועלכער ער דעקט אויף דעם עקאָנאָמישן און סאָציאַלן באַזיס פון דעם „מאַלכעס פון פינצטערניש".

דאָבראָליובאָווס אַרטיקל וועגן אָסטראָווסקין איז געווען געדרוקט אין יול־ און סעפּטעמבער־נומער פונעם „סאָווערעמעניק" פאַרן 1859 יאָר מיטן קעפּל „דאָס מאַלכעס פון פינצטערניש" אונטערן פּסעוודאָנים נ. ־באָוו.

אינגיכן נאָכן פאַרעפנטלעכן דעם ערשטן טייל פון דאָבראָליובאָווס אַרטיקל האָט פּ. ווײַנבערג געשריבן צו אָסטראָווסקין:

„גנעדיקער הער אַלעקסאַנדער ניקאָלײַעוויטש!

דערלויבט מיר זיך ווענדן צו אײַך מיט א באַקאָשע און האָפן, אַז איר וועט ניט אָפּזאָגן זיך זי אויסצופילן. פון דעם נײַעם יאָר נעם איך אַרויסגעבן א וואָכן־זשורנאַל „דער יאָרהונדערט", וועלכער וועט אויך אַנטהאַלטן בעלעטריסטיק. פּיסעמסקי, דרוזשינין, נעקראַסאָוו און אַנדערע זײַנען שוין געווען אַזוי גוט און מיר צוגעזאָגט זייער מיטאַרבעט; צוליב באַקרוינען אָט די רעשימע פעלט מיר נאָך אײַער נאָמען, וועלכן עס האָט אַזוי ליב און גיט אָפּ מיט רעכט קאָוועד אונדזער לייענענדיקע פּובליק. איך ווענדע זיך צו אײַך און בעט זייער און זייער — ניט אָפּזאָגן מיר אין אײַער מיטווירקונג. דערלויבט מיר, פּאָרלויפיק, דערקלערן אײַך פאַר א מיטאַרבעטער פון דעם „יאָרהונדערט" באַנאַנד מיט אַנדערע נעמען, וועלכע איך האָב אײַך שוין מיטגעטיילט... נאָך דעם, ווי איר וועט וועלן אויסטיילן מיר אַוועלכן־ניט־איז טיילכל פון אײַערע שאַפונגען, — גלייבט, אַז איך וועל דאָס אויפנעמען מיט דער סאַמע אופריכטיקער פרייד און אָף אַלע באַדינגונגען, וועלכע איר וועט וועלן מיר פאָרלייגן.

האָבנדיק די האָפן, אַז איר וועט מיר אָנטאָן א קאָוועד מיטן ענטפער, ווי מעגלעך גיכער, מיט אופריכטיקער אַכטונג און איבערגעגעבנקייט

האָב איך דעם קאָוועד,
אײַער אונטערטעניקער דינער
פּיאָטער ווײַנבערג.

מײַן אַדרעס: פּיאָטער איסײַעוויטש ווײַנבערגן אין דער רעדאַקציע „ביבליאָטעק פאַר לייענען".

אָסטראָווסקי האָט אין אָט דער צײַט ניט געהאַט אין זינען מיטאַרבעטן אין נײַע זשורנאַלן, נאָר ד. ווײַנבערגן האָט ער ניט אָפּגעזאָגט — ער האָט גענומען גרייטן פאַרן נײַיאָריקן נומער פונעם זשורנאַל „ביבליאָטעק פאַר לייענען" א נײַע פּיעסע — „דער געוויטער". און די פּיעסע איז טאַקע פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ווײַנבערגס זשורנאַל. „דער געוויטער" האָט גלײַך געמאַכט א רוישעם אָף אַלעמען. צום אַלעם ערשטן האָט זיך אָפּגערופן נעקראַסאָווס „סאָווערעמעניק". דעם 22 פעוראַל 1860 האָט דאָבראָליובאָוו מיטגעטיילט יע. ט. סלאַוווטינסקין: „פאַרן קינפטיקן ביכל שרײַב איך וועגן דעם „געוויטער"... זאָלן זיי פאַרבאָטן, אויב זיי ווילן... איך וועל פאָרזעצן שרײַבן ווײַטער..."

דאָבראָליובאָווס אַרטיקל וועגן דעם „געוויטער" האָט געהייסן „דער שטראַל פון ליכט אינעם מאַלכעס פון פינצטערניש". דאָ זײַנען ווײַטער אַנטוויקלט די אויספירן, וועלכע דאָבראָליובאָוו האָט געמאַכט אָפּן סמאַך פון אָסטראָווסקיס דראַמאַטורגיע אינעם אַרטיקל „דאָס מאַלכעס פון פינצטערניש". דאָבראָליובאָוו האָט געהאַלטן, אַז אָסטראָווסקיס „געוויטער" איז „דאָס סאַמע אַנטשיידנדיקע ווערק, וואָס האָט פאַרכאַפּט די אַלגעמיינע שטרעבונגען, מיט וועלכע ס'איז דורכגעדרונגען די גאַנצע רוסישע געזעלשאַפט".

„ציי ריכטיק, — האָט געשריבן דאָבראָליובאָוו, — פאַרשטייען מיר אָסטראָווסקין, צושרײַבנדיק זײַנע ווערק א געוויסן זין?.. דער אווטאָר גופע... איז מאַסקים מיט אונדז, ווײַל אין דעם „גע־

וויטער" געפינען מיר א נײַע באשטעטיקונג פאר א סאך אונדזערע געדאנקען וועגן אָסטראָווסקיס טאלאנט און וועגן דער באדײַטונג פון זײַנע ווערק".

לויט א. וו. דרוזשינינס איניציאַטיוו איז געשאפן געוואָרן „די געזעלשאפט פאר שטיצן אָרעמע ליטעראטן און געלערנטע" — דער ליטעראַרישער פאָנד. צווישן די טיכטיקסטע אָרגאניזאטאָרן פונעם ליטעראַרישן פאָנד זײַנען געווען נעקראסאָוו, טאָלסטאָי, פּיסעמסקי, טורגעניעוו, טשערנישעווסקי. אלס מיטגליד זײַנער איז אויך געווען ווײַנבערג. ווײַנבערג האָט פאָרגעלייגט, מע זאָל צוליב זאמלען געלט־מיטלען לעטויוועס דעם פאָנד שטעלן גאָגאָלס פּיעסע „דער רעוויזאָר" מיטן אָנטייל פון באקאנטע ליטעראטן. אין דער צוגרייטונג פונעם ספּעקטאקל האָט דירעקט אָנטיילגענומען מארטינאָוו. ווײַנבערג האָט זיך געווענדט צו אָסטראָווסקין, ער זאָל שפּילן אין „רעוויזאָר" איינע פון די ראָלן. אין דער צווייטער העלפט מארט 1860 האָט אָסטראָווסקי געשריבן ווײַנבערגן פון מאָסקווע: „גוט, מיט פארגעניגן וועל איך שפּילן אבדולינען, אָבער רעפּעטירט אָן מיר, איך וועל קומען אַף די צוויי לעצטע רעפּעטיציעס". אָסטראָווסקי האָט אָבער ניט געקאָנט קומען מאכמעס דער קראנקהײַט. אָנשטאָט אים האָט די ראָל פונעם סויכער אבדולין געשפּילט פּ. א. קאָני — דער בארימטער דראמאטורג־וואָדעוויליסט און טעאטראלער קריטיקער, ארויסגעבער פון טעאטראלע זשורנאלן „דער רעפּערטואר פון דעם רוסישן טעאטער" און „דער פּאנטעאָן", רעדאקטאָר פון דער „ליטעראַרישער צײַטונג". די ראָל פון כלעסטאקאָוון האָט געשפּילט ווײַנבערג, דעם גאָראָדניטשי — פּיסעמסקי, וועלכער האָט פארמאָגט א גרויסן אקטיאָרישן טאלאנט, דעם פּאָטשטמייסטער — פּ. מ. דאָסטאָיעווסקי. דער ספּעקטאקל האָט געהאט אַן אויסשליסלעכן דערפאָלג.

אין א כוידעש ארום איז דער קראנקער אַף טובערקוליאָז מארטינאָוו, אין אָסטראָווסקיס באגלייטונג, אוועקגעפאָרן זיך היילן קיין קרים. אַף דעם וועג האָבן זיי באזוכט אָדעס. דאָ האָבן מארטינאָוו און אָסטראָווסקי זיך באזעצט אינעם האָטעל „דאָנאטי". אפן בולוואר, לעבן דעם רישעליע־דענקמאָל און די בארימטע טרעפּ, וואָס פירן צום יאם. מארטינאָוו איז מיט א קאָלאָסאלן דערפאָלג ארויסגעטראָטן אַף דער בינע פונעם אָדעסער טעאטער. געשפּילט האָט ער דאָסראָוו אין דעם וואָדעווילן־רעפּערטואר. אָסטראָווסקי האָט געשריבן קיין מאָסקווע: „ווען דער אָדעסער טעאטער זאָל זײַן צוויי מאָל אזוי גרויס, וואָלט ער סײַווי שטענדיק געווען פול אַף מארטינאָווס ארויסטרעטונגען, און אצינד ווערן פארקויפט ערטער אפילע אינעם אָרקעסטער, און מיט די לאָזשעס בײַט מען זיך לויט דער ריי".

מיטן דראמאטורג אָסטראָווסקי איז דאָס אָדעסער פּובליקום שוין געווען באקאנט פון לאנג. אין יאנואר 1853 איז אין מאָסקווע אינעם גרויסן טעאטער אפן בענעפיס פון דער מערקווירדיקער רוסישער אקטריסע ל. פּ. ניקולינא־קאָסיצקאיא פאָרגעקומען די ערשטע פאָרשטעלונג פון אָסטראָווסקיס קאָמעדיע „ניט אין דײַן שליטן זעץ זיך נישט". עס איז געווען אָסטראָווסקיס ערשטע פּיעסע, וועלכע האָט דערזען די בינע. אין יולי פון דעם זעלבן יאָר איז ניקולינא־קאָסיצקאיא געקומען אַף גאסטראָלן קיין אָדעס. דעם 28־טן יולי האָט די צײַטונג „אָדעסקי וועסטניק" געשריבן: „אונדזער טעאטער... באקרוינט איצט מיט איר צײַטווײַליקן באזוך די באגאבטע ארטיסטקע פון מאָסקווע פרוי ניקולינא־קאָסיצקאיא, וועלכע מיר האָבן שוין געזען אין איניקע פארשיידנארטיקע פּיעסעס... אָט די אקטריסע מיטן אויסגעצייכנטן טאלאנט, מיט דער נאָבעלער שפּיל... האָט א שעם אין מאָסקווע, ווו דער באוווּסטער אונדזער סצענישער שרײַבער א. נ. אָסטראָווסקי האָט אָנגעשריבן גראָד פאר איר די ראָל פון אוודאָטיע מאקסימאָוונע אין זײַן לעצטער קאָמעדיע „ניט אין דײַן שליטן זעץ זיך נישט"...

פּ. אי. ווײַנבערג, וועלכער איז דעמלט געווען אין אָדעס, האָט ניט פארשפּעטיקט צו געבן וועגן דעם ספּעקטאקל אַן אינפאָרמאציע אינעם פּעטערבורגער זשורנאל „דער פּאנטעאָן".

מארטינאָוו און אָסטראָווסקי האָבן, אָפּלעבנדיק א כוידעש אין אָדעס, פארפירט א באקאנטשאפט מיט דער אָרטיקער ייִדישער אינטעליגענץ, צווישן וועלכער ס'זײַנען געווען ווײַנבערגס עלטערן און דער שוין דערמאָנטער אָ. אי. ראבינאָוויטש, וועלכער האָט אָנגעהויבן דאן ארויסגעבן אין אָדעס די ערשטע ייִדישע וואָכנשריפט אַף רוסיש „ראססוועט".

דעם 2 יולי 1860 האָט די אָדעסער רוסישע און ייִדישע פאָרגעשריטענע אינטעליגענץ באערט מארטינאָוון און אָסטראָווסקין אינעם הינטערשטאָטישן רעסטאָראן „פלאָרע". לעקאָוועד דעם „גרויסן פאָרשטייער פון דער דראמאטישער קונסט" — מארטינאָוון און דעם „עכטן טאלאנט" — אָסטראָווסקין האָט מען געהאלטן ניט ווייניק רעדעס.

אָסטראָווסקי און מארטינאָוו זײַנען געפאָרן אַף צוויי וואָכן קיין קרים. נאָך מארטינאָווס קראנקהײַט — טובערקוליאָז — האָט זיך ארויסגעוויזן פאר אַן אומויסהיילעוודיקער. אומקערנדיק זיך קיין אָדעס, איז ער קוים אראָפּ פון דעם דאמפער. מע האָט באשלאָסן פאָרן אהיים. דעמלט זײַנען אין גאנץ רוסלאנד געווען בלויז צוויי אײַזנבאן־ליניעס: איינע — פון פּעטערבורג ביז צארסקאָיע סעלאָ, די אנדערע — פון פּעטערבורג ביז מאָסקווע. איבער דער איבעריקער ראכוועסדיקער רוסלענדישער ערד פלעגט מען פאָרן מיט פערד. דעם 18 אווגוסט 1862 איז אָסטראָווסקי ארויסגעפאָרן פון אָדעס מיטן קראנקן מארטינאָוון. לעבן כארקאָוו האָט מארטינאָוו געזאָגט: „איכ'ל שטארבן אין כארקאָוו". אזוי איז טאקע געשען. מארטינאָוו איז געשטאָרבן דעם 28 אווגוסט אַף אָסטראָווסקיס הענט. אָסטראָווסקין איז אויסגעקומען צו פּאטערן ניט ווייניק קויכעס, קעדיי אָרגאניזירן דאָס באלזאמירן מארטינאָווס קערפּער און אָפּשיקן אים דורך מאָסקווע קיין פּעטערבורג. א צעבראָכענער, א מידער, איז אָסטראָווסקי ארויסגעפאָרן פון כארקאָוו מיט עטלעכע טעג פריִער: מע האָט געדארפט צוגרייטן אין מאָסקווע די באגעגעניש פון מארטינאָווס געביין. געפאָרן איז ער מיט וו. א. הערצענ־

שטיינען — א יידישן יונגערמאַן, וועלכער האָט געשטערבט אָנקומען אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. שפּעטער האָט הערצענשטיין, זייענדיק א ליטעראַט, צונויפשטעלער און ארויסגעבער פון פאַרשיידענע מינים האַנטביכער, קאַלענדאַרן, רייזעביכער, אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט דערמאָנונגען וועגן זיין רייזע מיט אָסטראָווסקין.

„איך דאַרף זיך מודיע זיין, אז האגאם כ׳בין געווען א ביסל באַקאַנט מיט אָסטראָווסקיס דראַמאַטישע ווערק, האָב איך וועגן זייער ליטעראַרישער באַדייטונג געהאַט גאַנץ אומקלאָרע באַגריפן, — האָט ער געשריבן. — דער גרויסרוסישער סאָכרישער שטייגער, וועלכן ער האָט דעריקער געשילדערט אין זיינע ווערק, איז געווען פאַר מיר, א טוישעוו פון דאָרעם, דערצו נאָך אַן אויסגעוואַקסענעם און דערצויגענעם אין גאָר אַן אַנדער סוויווע, לעגאַמרע אומבאַקאַנט. אין פּראָווינץ־טעאַטערס אָבער האָט מען דעמאָלט געשטעלט הויפּטזאַכלעך פאַרשיידענע מעלאָדראַמעס אָדער געמיינע פאַרסן... וועגן וועלכער־ניט־איז דערציונגס־באַדייטונג פונעם טעאַטער און פון דראַמאַטישע ווערק האָט זעלטן־ווער געהאַט א באַגריף, און די אַקטיאָרן וויניקער פון אַלע, און פּראָווינציעלע אַקטיאָרן האָבן בכלל געהאַט זייער א קלאָגעדיקע רעפּוטאַציע...

אויף מאָרגן, צו דער צייט פון אונדזער אָפּפאָרן, איז זיך צונויפגעקומען א גרויסער אוילעם פון באַגלייטער, דער גרעסטער טייל — אַקטיאָרן פונעם אָרטיקן טעאַטער. ווען איך האָב דערזען, מיט וואָס פאַר א קאָוועד האָבן זיי זיך באַצויגן צו אָסטראָווסקין, וויאַזוי ער האָט זיך אינטערעסירט מיטן גורל פון יעדערן פון זיי, מיט וואָס פאַר א פאָטער־ליבע האָט ער זיי געגעבן פאַרשיידענע אָנווייזונגען און מיט וואָס פאַר א רוישנדיקע אָוואַציעס און ווינטשעוואַניעס האָט דער גאַנצער אוילעם אים באַגלייט, האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרשטאַנען, אז ס׳איז פאַראַן עפּעס א גייסטיקע פאַרבינדונג צווישן דעם דראַמאַטישן שרייבער און די אַרטיסטן, א פאַרבינדונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט פאַר מיינע אויגן אזוי אופריכטיק, אזוי האַרציק, ווי צווישן מיטגלידער פון אַן איינהייטלעכער מישפּאָכע, און פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן די באַדייטונג פון דער דאָזיקער פאַרבינדונג פאַר דער בינע און פאַר די צושויער".

א נאָך מער רירנדיקע און וואַרעמע באַגעגעניש און ארויסבאַגלייטונג האָבן דערוואַרט אָסטראָווסקין אין אָריאָל, — שרייבט ווייטער הערצענשטיין. און נאָך: „איך זאָג זיך אָפּ פון איבערגעבן אָט די קישעפדיקע ווירקונג, וועלכע ס׳פלעג מאַכן אויף מיר די נאָענטקייט פונעם דאָזיקן מענטשן אין מעשעך פון דער פירטאָגיקער רייזע. זיינע ליבלעכע, ווייכע רייד, וועלכע דרינגט אַריין אין האַרצן, זיין טרעפלעכער, לייכטער הומאָר, זיינע גוטע, גלעטנדיקע אויגן — דאָס אַלץ האָט געמאַכט אזא פּלעפנדיקן איינדרוק, אז ס׳וואָלט געדאַרפט צושמידן צו אים דעם סאַמע האַרטנעקיקן מענטשן".

בעשאַס יענער רייזע איז די הויפּט־טעמע פון זייערע געשפּרעכן געווען די דראַמאַטישע קונסט און אירע טוער. מיט גרויס טרויער האָט אָסטראָווסקי דערמאָנט מאַרטינאָוון אין זיינע לעצטע טעג. שוין לעיס זיקנע האָט הערצענשטיין געשריבן, אז אַדאַנק אָסטראָווסקין האָט ער ליידנשאַפטלעך ליב באַקומען די דראַמאַטישע קונסט, זיך אויסגעלערנט א ביסל פאַרשטיין איר באַדייטונג.

דעם 10 סענטיאַבער 1860 זיינען אָסטראָווסקי און הערצענשטיין געקומען פון כאַרקאָוו קיין מאָסקווע. מאַרטינאָווס קערפּער האָט מען געבראַכט ערשט אין א וואָך אַרום. די מאָסקווער טעאַטער־נאַטשאַלסטווע האָט זיך ארויסגעדרייט פון געבן וועלכע־ניט־איז אָנווייזונגען אין שייַכעס פון באַגעגענען דאָס געביין, פון אָרגאַניזירן זיין באַגלייטונג קיין פּעטערבורג. אַלע קלאָפּאָטן און הויצאָעס זיינען געפאַלן אויף אָסטראָווסקין און די מאָסקווער אַרטיסטן. אָסטראָווסקין האָט זיך איינגעגעבן אוועקשטעלן די טרונע מיט מאַרטינאָווס קערפּער אין דאַנילאָוו־מאָנאַסטיר, ווו מע האָט מעקאַבער געווען גאָגאָלן. מע דאַרף דאָ דערמאָנען, אז אין גאָגאָלס פּיעסעס האָט צום ערשטן מאָל בוילעט זיך אַנטפּלעקט די סאַטירישע ריכטונג אין מאַרטינאָווס שאַפן. דאָס געזעגענען זיך פון דער מאָסקווער געזעלשאַפטלעכקייט מיט מאַרטינאָוון האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט אַנטפּלעקט די באַדייטונג פון דעם גרויסן אַרטיסט־דעמאָקראַט. ווי עס האָבן מיטגעטיילט אַגענטן פון דער III אָפּטיילונג, איז „דער גאַנצער מאָסקווער פּלעבס ווי א וואַנט געשטאַנען אין אַלע גאַסן".

דער שעף פונעם רעפּערטואַר־אָפּטייל פון די פּעטערבורגער טעאַטערס פּ. ס. פיאָדאָראָוו, וועלכער האָט קעסיידער געהעצט מאַרטינאָוון און אָסטראָווסקין, איז אַריין אין רעציכע, באַקומענדיק פונעם דראַמאַטורג א בריוו, אין וועלכן ער האָט אים געגעבן צו וויסן, וויאַזוי מע האָט אין מאָסקווע אָרגאַניזירט דאָס געזעגענען זיך מיט מאַרטינאָוון. אָסטראָווסקיס בריוו האָט זיך געענדיקט אזוי:

„...איך האָף, אז איר וועט באַוויליקן מיין געדאַנק און מיין פאַראָרדענונג אוועקצושטעלן דאָס געביין פונעם פאַרשטאָרבענעם אַלעקסאַנדער יעווסטאַפיעוויטשן (פאַר די, וואָס ווילן באַערן זיין אָנדענק) לעבן גאָגאָלן".

פונקט ווי אין מאָסקווע, האָבן אויך אין פּעטערבורג טעאַטראַלע באַאַמטע און די נאַטשאַלסטווע זיך ניט באַטייליקט אין מאַרטינאָווס לעווייַע. דאָס באַגלייטן דעם גרויסן אַרטיסט אין זיין לעצטן וועג האָט צונויפגעזאַמלט טויזנטער מענטשן. ווען די לעווייַע האָט זיך געלאָזט דורך דער גאַנצער שטאָט אָפּן צווינטער, איז אויסגעקומען אָפּצושטעלן דעם פאַרקער אויף די צענטראַלע גאַסן. דעם לאַנגן קווורע־וואָגן האָבן געפירט ניט קיין פערד, נאָר פאַרערער פונעם טאַלאַנט פון דעם אַקטיאָר. בא די לאַנגע שטעקנס, אונטערהאַלטנדיק דעם באַלדאַכין, זיינען געשטאַנען אין ערן־וואַך סטודענטן, בייטנדיק איינער דעם אַנדערן. צו די פאַרבייגייער האָט מען געשריען: „ברייטער דעם וועג! היטלען אַראָפּ! מע פירט מאַרטינאָוון!" אזוי האָט פּריער פּאַסירט בלויז איין מאָל, בייס דער לעווייַע פון מ. אי. קוטוזאָוון. די פּאָליציי איז ניט געווען אימ־

שטאַנד „אײַנשטעלן די אָרדענונג". דער פּעטערבורגער אויבער־פּאָליצמייסטער גופא איז געצוווּנגען געווען צו באַגלייטן די לעווײַע מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ. „וויִאַזוי האָט מען געקאָנט דערלאָזן, — איז אויפגעבראַכט געווען אַן אַגענט פון דער III אָפּטיילונג, — אַז אַ ווילדע שײַקע סטודענטן... און קאָלערליי מענוואָלים — ראַזנאָטשינצעס, פּונקט ווי עפּעס פאַרשײַטע גאַריבאַלדיִער, זאָל קענען..., זיך ניט אונטעראָרדנדיק קיין שום מאַכט, אין ווילדער אויפרעגונג שרײַען: „היטלען אַראָפּ!"?"

נאָך דעם, ווען אָסטראָווסקי און מאַרטינאָוו זײַנען געקומען אפן דאָרעם־רוסלאַנד, איז דער קראַנקער דאָבראָליובאָוו אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד, ניט פאַרעפנטלעכנדיק אין „סאָווּרעמעניק" זײַן אַרטיקל וועגן דעם „גראָזע". דאָבראָליובאָווס נעסיִע איז פאַרגיכערט געוואָרן דערמיט, וואָס דער שעף פונעם שטאַב פון דעם זשאַנדאַרמען־קאָרפּוס טימאַשעוו האָט באַשלאָסן, לויט ווי ער האָט אַליין דערקלערט, אָפּרייניקן דעם „סאָווּרעמעניק" „פון אַזעלכע מיטאַרבעטער, ווי דאָבראָליובאָוו און טשערנישעווסקי און זייער גאַנצער קנופּיע". דערוויסנדיק זיך דערפון, האָט נעקראַסאָוו געצייצעט דאָבראָליובאָוון צוײַלן זיך מיטן אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד. אָסטראָווסקיס פּיעסע „אַן אַלטער פרײַנט איז בעסער פון צוויי נײַע" האָט נעקראַסאָוו אָפּגעדרוקט אינעם סענטיאַבער־נומער. אינגיכן איז אין פּעטערבורגער מאַריִנסקער טעאַטער פאָרגעקומען די ערשטע פאָרשטעלונג פון אָט דער פּיעסע לעטויוועס דער מישפּאָכע פונעם פאַרשטאָרבענעם מאַרטינאָוון, און דער זשורנאַל „סאָווּרעמעניק" האָט אָפּגעדרוקט דאָבראָליובאָווס אַרטיקל וועגן דעם „גראָזע" — „דער שטראַל פון ליכט אינעם מאַלכעס פון פינצטעריש".

דאָבראָליובאָווס אַרטיקלען וועגן אָסטראָווסקין, אָנגעשריבענע בײַס דער רעוואָליוציאָנערער סיטואַציע אין רוסלאַנד, האָבן ענערגיש גערופן צו אַן אַלפאָלקישן אויפשטאַנד קעגן דעם לײַבייגנטימערישן יאָך.

„דער יונגער דאָר פון דער דעמאָלטיקער עפּאָכע, — האָט שפּעטער געשריבן ג. וו. פּלעכאַנאָוו, — האָט אַרויסגערוקט שוין ניט ווייניק מענטשן, וועלכע זײַנען בעיכוילעס זיך אָפּרופן אויף אָט דעם ענערגישן רוף. אַלע האָבן זיי מיט היספּײַלעס געלייענט דאָבראָליובאָווס קריטישע אַרטיקלען, אַלע זײַנען זיי גרייט געווען נאָכפאָלגן זײַנע אָנווײַזונגען".

צווישן אָט דעם יונגן דאָר זײַנען אויך געווען די ייִדישע ראַזנאָטשינצעס, וועלכע האָבן פאַרנומען פּראָגרעסיווע פּאָזיציעס. איינער פון זיי איז געווען מענדעלע מוכער־ספאָרים.

דער אַלפאָלקישער אויפשטאַנד, פאַר וועלכן עס האָבן געקעמפט די רעוואָליוציאָנערע דעמאָקראַטן, איז ניט צו שטאַנד געקומען. אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד איז געוואָרן דאָבראָליובאָווס טויט, טשערנישעווסקיס אַרעסט זומער 1862, דאָס אַרײַנזעצן אין טפיסע פיל אַנדערע אָנגעזעענע טוער פון דער באַוועגונג. אין דער מיט יוני 1862 האָט מען דערקלערט „דעם העכסטן באַפעל" וועגן פאַרבאָטן אויף 8 כאַדאָשים דעם „סאָווּרעמעניק" פאַר זײַן „שעדלעכער ריכטונג". ווען נעקראַסאָוו האָט זיך מיט דער גרעסטער מי אײַנגעגעבן זיך צו דערשלאָגן אַ דערלויבעניש אויף פאַרזעצן אַרויסגעבן דעם זשורנאַל פון פעוורואַל 1863, האָט ער גלײַך בעפויעל מאַמעש דערוויזן זײַן טרײַהייט די רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישע אָנשויונגען.

אינעם ערשטן העפט פון דעם „סאָווּרעמעניק" (נומ. 1—2) האָט נעקראַסאָוו, מעראַמעז זײַענדיק דירעקט אויף טשערנישעווסקיס אַרעסט, פאַרעפנטלעכט סצענעס פון עסכילס טראַגעדיע „דער געשמידטער פּראָמעטיי", אין די דרײַ פּריילינגס־נומערן טשערנישעווסקיס ראָמאַן „וואָס טאָן?", אינעם סענטיאַבער־נומער זײַן ליד „ס'רײַסט זיך דאָס האַרץ פון פּײַן" און אָסטראָווסקיס קאָמעדיע „די שווערע טעג", ווו די הויפּט־פּערזאָן איז געווען דער באַקאַנטער טיט טיטיטש פון דער קאָמעדיע „אָפּקומעניש איבער פרעמדע זינד", וועלכע דער דראַמאַטורג האָט געשאַפן פריִער. דאָס דערשײַנען פון אָט דעם, נאָך מער שטאַרק און פעיִק געוואָרענעם סויכער און פאַבריקאַנט איז געווען גאַנץ באַרעכטיקט. גראַדע אין אָט דער צײַט איז רוסלאַנד אַרײַן אין אַ נײַער היסטאָרישער עפּאָכע — דער עפּאָכע פונעם אינדוסטריִעלן קאַפּיטאַליזם. טיט טיטיטש (קיט קיטיטש) געשטאַלט איז געוואָרן אינעם באַוווּסטזײַן פון די פּראָגרעסיווע מענטשן פון רוסלאַנד די פאַרקערפּערונג פונעם קאַפּיטאַלס דעספּאָטיזם.

דאָס אַרײַנטרעטן פון רוסלאַנד אין דער עפּאָכע פונעם אינדוסטריִעלן קאַפּיטאַליזם האָט זיך אָפּגעשפּיגלט ניט בלויז אויפן מאַטעריעלן, נאָר אויך אויפן גײַסטיקן לעבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פונעם לאַנד. מיטן אַנטוויקלען דעם אינדוסטריִעלן קאַפּיטאַליזם איז מיט יעדן יאָר אַלץ גרעסער געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט אין קאַדרען פון געבילדעטע מענטשן. דער אינדוסטריִעלער קאַפּיטאַליזם האָט אונטערגעריסן און בעהאַדראָגעדיק רויִנירט די אַמאָליקע פּאַטריִאַרכאַלע אָפּגעזונדערטקייט. אַלס הויפּט־מיטל פאַר דערוועקן דאָס זעלבסטבאַוווּסטזײַן בא דעם ייִדנטום איז געוואָרן דאָס פאַרשפּרייטן פון בילדונג אין זײַן סוויווע. די צאַרישע רעגירונג איז געצוווּנגען געווען ניט בלויז עפענען די ייִדן דעם צוטריט אין מעלוכישע לערן־אַנשטאַלטן, נאָר אויך געבן זיי נאָכן באַקומען בילדונג אייניקע רעכט. די ראַדיקאַלע ייִדישע אינטעליגענץ האָט אָרגאַניזירט „די געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די ייִדן", וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו געבן מאַטעריעלע הילף און אונטערשטיצונג דער שטודירנדיקער ייִדישער יוגנט פון דער אָרעמשאַפט. די צאָל ייִדן אין די מיטלע לערן־אַנשטאַלטן האָט זיך פאַרגרעסערט. אין די 80־ער יאָרן האָט זי שוין דערגרייכט אין די גימנאַזיעס און רעאַלע שולן 10 פּראָצענט. אַ געוויסער פּראָגרעס אין דער בילדונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד, וועלכע איז דאָסראָוו אַלץ נאָך געבליבן אַנאַלפאַבעטיש, האָט ניט געגעבן קיין רו די רעאַקציאָנערן.




אָסיפ ראבינאָוויטש



יע. א. מארטינאָוו. ליטאָגראַפיע פון א פאָטאָגראַפיע
פון אָנהייב 1850



א. נ. אָסטראָווסקי. פאָטאָגראַפיע פון ק. א. שאפּיראָ.
1897

אין פרילינג 1880 האָט די רעאַקציאָנערע צײַטונג „נאָוואָיע ווּרעמיא" פּובליקירט אַן אַרטיקל „דער זשיד גייט", פול מיט האַס צו ייִדן, פאַר זייער שטרעבן צו בילדונג. איינצײַטיק איז אין מאָסקווע אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אַנטיסעמיטישער בוך „דאָס ייִדנטום פאַר דעם געריכט פון קריטיק און געזונטן סייכל".

אױף אָט די „שאַפּונגען" האָט זיך ניט פאַרהאַלטן מיטן ענטפער דער זשורנאַל „אָטעטשעסטוועניע זאַפּיסקי" — דער בעסטער דעמלט דעמאָקראַטישער זשורנאַל אין רוסלאַנד, מיט וועלכן עס האָט די לעצטע צען יאָר פון זײַן לעבן אָנגעפירט נעקראַסאָוו, און נאָך זײַן טויט סאַלטיקאָוו־שטשעדרין. דער שטענדיקער, סאַמע כאַשעווער מיטאַרבעטער פון דעם דאָזיקן זשורנאַל איז געווען אָסטראָווסקי.

דער זשורנאַל האָט מיט אויפגעבראַכטקײַט דערקלערט:

„די טענדענץ פון אָט דעם אַרטיקעלע איז אַ געוויינלעכע, ד.ה. אַ געוויינלעכע פאַר אָט דער יודאָפאָבישער צײַטונג, וועגן וועלכער עס גייט אַ רייד. נאָר דער טערעץ, די מאָטיוון, מיט וועלכע זי איז באַגרינדעט, איז טשיקאַווע ביז גאָר. די סטאַטיסטיק פון דער לעצטער צײַט דערווײַזט, אַז די רוסישע ייִדן ניצן זיך אין דרײַ מאָל מער (פּראָצענטועל, פאַרשטייט זיך) מיט דער בילדונג, איידער די רוסן, און אַז אָט די שטרעבונג פון ייִדן צו בילדונג ווערט שטאַרקער פון יאָר צו יאָר. דאַכט זיך, וואָס איז דאָ צו רעדן? דער גאַנצער קאָוועד איז אױף דער זײַט פון די ייִדן, דער גאַנצער ביזאָיען איז אױף אונדזער זײַט. און אויב „דער זשיד גייט" — אַן ערנסט געבילדעטער, איז ביטע: עפּשער וועט כאָטש ער אונדז באַשײַמפּערלעך דערווײַזן, אַז קענטעניש איז טאַקע בעעמעס אַ קראַפט, אַז אונדזער רעטונג איז ניט אין מיסטישע טרוימען וועגן עפּעס אַן „אייגנאַרטיקײַט", וועלכע קיינער דאַרף ניט און וועלכע טויג אױף גאָרניט, נאָר אין דעם שײַנענדיקן און אומויסשעפּלעכן קוואַל פון פּאָזיטיווער וויסנשאַפט, פון וועלכן עס שעפּן אַלע געבילדעטע פעלקער פון מײַרעוו. נאָר איין מאָל ניין! אױף וויפל זשע „דער זשיד גייט", און מיר („איליאַ מוראָמעץ" אאַ.) זיצן זיך באַם יאַם, איז ניט ווײַט די מינוט, ווען דער זשיד וועט זיך אַרויסרײַסן פאָרויס, און דאָס איז העכסט „געפערלעך" און, דעריקער, פאַרדריסלעך. וואָס זשע טוט מען?.. זעט אויס, אַז עס זײַנען נייטיק געהעריקע מאָסמיטלען. מע דאַרף ווײַזן דעם זשיד, אַז ער זאָל מיט זײַן טרייפענעם פּאַרצעף ניט קריכן וווּהין מע דאַרף ניט, ער זאָל זיך ניט דערוועגן צו זאָרגן וועגן זײַן זעלבסטבילדונג און זעלבסטפאַרפולקומונג, ווען מיר האָבן אַפילע אין פּרינציפּ ניט געלייזט די פראַגע, צי דאַרפן מיר האָבן געבילדעטע מענטשן. ניט מיר, ניט דיר"...

וואָס שײַעך דעם בוך „דאָס ייִדנטום פאַרן געריכט פון קריטיק און געזונטן סייכל", האָט געשריבן דער זשורנאַל „אָטעטשעסטווענ:יע זאַפּיסקי", אַרבעט ניט מיט זײַן אווטאָר בלויז לויט אַ מיספאַרשטייעניש אין דער צײַטונג, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט דאָס אַרטיקעלע „דער זשיד גייט".

פּונקט ווי אָט די צײַטונג, איז ער מאָלע רעציכע, צום „זשיד", ניט צו די אָדער יענע כעסרוינעס אינעם ייִדישן לעבן, נאָר צו „דעם זשיד" ביכלאַל, ווײַל מע רופט אים ניט איוואַן, נאָר יאָסקע, ווײַל ער עסט ניט קיין כאַזערפלייש".

טאַדלענדיק די פּאָליטיק פון שאָוויניזם, וועלכע עס האָט געפּריידיקט די זעלבסטהערשונג, האָט דער זשורנאַל באַזונדערס אונטערגעשטראָכן:

„קאָלזמאַן די נאַטירלעכע סאָלידאַריטעט צווישן די נאַציאָנאַליטעטן וועט פּאַראַליזירט ווערן מיצאַד די עקזיסטירנדיקע לעבנס־פאָרמען, קאָלזמאַן די פאַרניכטונג אָדער דער אומגליק פון איין פאָלק קאָן ברענגען נוץ אַן אַנדערן, וועלן אַפילע די בעסטע מויכעס ניט זײַן פרײַ פון דער ווירקונג פון נאַציאָנאַלע פאָרורטיילן און לײַדנשאַפטן".

צום שלוס האָט דער זשורנאַל געשריבן, אָנדײַטנדיק אױפן גוואַלדיקן אַמעראַצעס פונעם אווטאָר פון דעם בוך „דאָס ייִדנטום פאַרן געריכט פון קריטיק און געזונטן סייכל": „אַגעוו, וועגן דער אַנאַלפאַבעטישקײַט! צי האָט איר, לייענער, ניט באַמערקט אָט דעם טשיקאַווען אומשטאַנד, אַז קימאַט אַלע רוסישע יודאָפאָבן זײַנען מענטשן ווייניק־גראַמאָטנע און, לעכאָלהאָפּאָכעס, ווייניק־געבילדעטע".

גלײַך נאָך דער רעצענזיע אױף דעם אַרטיקעלע „דער זשיד גייט" און דעם בוך „דאָס ייִדנטום פאַרן געריכט פון קריטיק און געזונטן סייכל" איז געגאַנגען אַ נאָטיץ וועגן ק. אַ. שאַפּיראָס בוך „די פּאָרטרעטן־גאַלעריי פון רוסישע ליטעראַטן, געלערנטע און אַרטיסטן, מיט ביאָגראַפיעס און פאַקסימילע". אויך די דאָזיקע נאָטיץ האָט געטאַדלט די אַנטיסעמיטן. אַ דירעקטע שײַכעס צו אָט דער נאָטיץ האָט געהאַט אָסטראָווסקי.

ק. אַ. שאַפּיראָ איז געווען אַ באַקאַנטער פּעטערבורגער פאָטאָגראַף. אין 1879 האָט ער פאַרטראַכט אַרויסגעבן אַן אַלבאָם מיט פאָטאָגראַפיעס פון באַרימטע רוסישע ליטעראַטן, געלערנטע, אַרטיסטן. שאַפּיראָ האָט געמאַכט אויך אָסטראָווסקיס פאָטאָפּאָרטרעט און צוויי עקזעמפּליאַרן געבראַכט אַלס מאַטאָנע דעם דראַמאַטורג, וועלכער האָט, זײַענדיק אין פּעטערבורג, געלעבט באַ זײַן ברודער. ס'האָט געטראָפן, אַז באַם איבערגעבן די מאַטאָנע זײַנען בײַגעווען דער אַקטיאָר אי. פ. גאָרבונאָוו — אָסטראָווסקיס לאַנגיאָריקער פרײַנט, דער דראַמאַטורג נ. יאַ. סאָלאָוויאָוו, דער היסטאָריקער און פּובליציסט מ. אי. סעמעווסקי. אָט וואָס פאַר אַ דערינערונגען האָט איבערגעלאָזט וועגן דעם סעמעווסקי: „ס'איז געקומען דער פאָטאָגראַף שאַפּיראָ, קאָנטיק אַ ייִד, און האָט געשאָנקען אָסטראָווסקין אַ גוט געמאַכטן פאָטאָגראַפישן פּאָרטרעט. אָסטראָווסקי האָט געפונען, אַז דער פּאָרטרעט איז אַ גאַנץ באַפרידיקנדיקער, און מיט פרייד אויפגענומען איין עקזעמפּליאַר. גאָרבונאָוו האָט אונטערגעכאַפּט דעם צווייטן".

אינטערעסירנדיק זיך מיט שאַפּיראָס אויסגאַבע, האָט אָסטראָווסקי דערציילט וועגן דעם, וויפל באַרימטע מענטשן האָט ער געזען פאַר זײַן לעבן, וואָס פאַר אַן אויסגעצייכנטע זײַנען געווען באַ אים

די פרינט און באַקאַנטע, וועלכע זיינען שוין אוועק אין דער אייביקייט.

— קיינער עפשער, כוץ מיר, קאָן זאָגן וועגן זיי א געהעריק יוישערדיק וואָרט, — האָט פאַרענדיקט זיין דערציילונג אַסטראָווסקי.

סעמעווסקי האָט אָנגעהויבן איינרעדן אַסטראָווסקין שרייבן מעמוארן.

— שרייבן אַזעלכע נאָטיצן האָב איך אַבסאָליוט קיין צייט ניט, האַגאַם א זיקאָרן האָב איך א גאַנץ גוטן, — האָט געענטפערט אַסטראָווסקי. — אָבער אָט וואָס עס קאָן פאַרבייטן מיינע זיכרוינעס. שיר ניט פונעם 1850 יאָר האַלט איך בא זיך בריוו פון אַלע מיינע באַקאַנטע, באַזונדערס פון שרייבער און אַרטיסטן; אַזעלכע בריוו האָבן זיך אָנגעזאַמלט א קאָלאָסאַלע צאָל, אַלע זיינען זיי בא מיר אין אַן אויסגעצייכנטן צושטאַנד, און מיר וועט זיין זייער גרינג אונטערצוקלייבן דעם אָדער יענעם בריוו, באַגלייטנדיק זיי מיט מיינע באַמערקונגען: וועגן יעדן בריוו קאָן איך עפּעס זאָגן, און אָט מיט אַזעלכע קאָמענטאַרן וועלן די דאָזיקע דאָקומענטן זיך באַווייזן בא אייך. איך וועל זיי אייך צושיקן, און איר טוט שוין מיט זיי וואָס איר ווילט.

דעם 19 נאָיאַבער 1879 האָט סעמעווסקי געשריבן אַסטראָווסקין: „טרעט צו צו אייער ליטעראַרישן און אַרטיסטישן אַרכיוו. אַן אויסגעצייכנטן געדאַנק האָט איר אַרויסגעזאָגט דעם 11־טן נאָיאַבער וועגן דעם. מיט אומגעדולד וועל איך וואַרטן אויף זיין פאַרווירקלעכונג". מאַכמעס זיין פאַרנומענקייט און שלאַפקייט האָט אַסטראָווסקי, צום גרויסן באַדויערן, ניט געקאָנט צוקלייבן און אָפּקאָמענטירן אַפילע דעם קלענסטן טייל פון זיין אַרכיוו. סעמעווסקין האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַקומען פון אַסטראָווסקין וועלכע־ניט־איז אַרכיוו־ אָדער מעמואַר־מאַטעריאַלן. א מער גליקלעכער איז געווען שאַפּיראָ. זייענדיק בא אַסטראָווסקין, האָט שאַפּיראָ אים געבעטן מאַכן צו זיין פּאָטאָפּאָרטרעט א קורצע לעבנס־באַשרייבונג. אַסטראָווסקי האָט מעקיים געווען זיין ביטע. אַסטראָווסקיס דערציילונג וועגן זיך בעלאָשן „ער" (אין זיין כסימע) איז דערשינען אין 1880 אין דער צווייטער אויפלאַגע פון שאַפּיראָס פּאָטאָ־אַלבאָם „די פּאָרטרעטן־גאַלערייע פון רוסישע ליטעראַטן, געלערנטע און אַרטיסטן, מיט ביאָגראַפיעס און פאַקסימילע". אַדהיינט איז די דאָזיקע ביאָגראַפיע דאָס איינציקע דירעקטע גוויִעס־איידעס פון אַסטראָווסקין גופע וועגן דעם פריִען פּעריאָד פון זיין לעבן.

שאַפּיראָס פּאָטאָ־אַלבאָם האָט זיך באַוויזן אויפן ביכער־מאַרק גראַד דעמאָלט, ווען אין צוזאַמענהאַנג מיטן וווקס פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג האָט די זעלבסטהערשונג גענומען „א נייעם" קורס, וועלכער האָט געשטאַרקט די מאַסמיטלען „פאַר אָפּהיטן די מעלוכע־אָרדענונג און געזעלשאַפטלעכע רו". אַלס איינס פון אַזעלכע מאַסמיטלען איז געווען דאָס אונטערהעצן א מאַסעווען אַנטיסעמיטיזם. אין אָט דער פּאַסקודנער זאַך האָט אַן אַקטיווע ראָליע געשפּילט א. ס. סוּוואָרינס צייטונג „נאָוואָיע ווערעמיאַ".

אין אָנהייב פון זיין לעבנסוועג איז א. ס. סוּוואָרין געווען א ליבעראַל און אַפילע א דעמאָקראַט. ער האָט זיך געדרוקט אין „סאָווערעמעניק", איז געווען באַקאַנט מיט נעקראַסאָוון, טשערנישעווסקין, אַסטראָווסקין, האָט געטאַדלט די רעאַקציאָנערן, באַנק־ און בירזשע־דריייער, פּלוטאָקראַטן, מיטגעפילט די ניהיליסטן. בייסן צווייטן דעמאָקראַטישן אופשטייג אין רוסלאַנד האָט דער ליבעראַלער זשורנאַליסט א. ס. סוּוואָרין, ווי ס'האָט געשריבן וו. אי. לענין, „פאַרקערעוועט צו דעם נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם, צו דער אומפאַרשעמטער קנעכטישקייט פאַר די מאַכטהאָבער". ווען סוּוואָרין האָט אין 1876 אָפּגעקויפט די „נאָוואָיע ווערעמיאַ", האָט זי איינגיכן באַקומען א רעפּוטאַציע פון דער סאַמע פּרינציפּלאָזער פון אַלע רוסישע צייטונגען. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין האָט גענומען די „נאָוואָיע ווערעמיאַ" פאַר א פּראָטאָטיפּ פאַר דעם סאַטירישן געשטאַלט פון דער צייטונג „וואָס דאַרפט איר?"

ס'איז ניט קיין כידעש, וואָס דאַפקע אין דער דאָזיקער צייטונג איז געווען אָפּגעדרוקט די נאָטיץ, וואָס האָט באַשמוצט ק. א. שאַפּיראָס אויסגאַבע „די פּאָרטרעטן־גאַלערייע פון רוסישע ליטעראַטן, געלערנטע און אַרטיסטן, מיט ביאָגראַפיעס און פאַקסימילע". די צייטונג האָט געטיינעט, אַז אַלע פּאָרטרעטן, וועלכע שאַפּיראָ האָט געמאַכט פאַר זיין אויסגאַבע, האָבן ניט קיין שום ענלעכקייט אויף די אָריגינאַלן. „זיי וואַרפן זיך אין די אויגן מיט זייער פאַרשטאַרקטקייט און אָרדינאַרישקייט, מיט זייער קוסטאַרישקייט, מיט דער אָפּוועזנהייט פון יעטווידן קינסטלערישן טאַקט". אַסטראָווסקין, — האָט געשריבן די צייטונג, — איז לאַכלוטן ניט צו דערקענען אויף אָט דער פּאָטאָגראַפיע.

שאַפּיראָ האָט גענומען אונטער זיין שוץ דער זשורנאַל „אָטעטשעסטווענייע זאַפּיסקי". דער זשורנאַל האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט וועגן דער צייטונג „נאָוואָיע ווערעמיאַ". דער רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל סאַלטיקאָוו־שטשעדרין האָט בלויז אָפּגעדרוקט אַן אינפאָרמאַציע וועגן שאַפּיראָס בוך דירעקט נאָך דער רעצענזיע אויף דעם אַרטיקלע „דער זשיד גייט" און דעם ביכל „דאָס יידנטום פאַרן געריכט פון קריטיק און געזונטן שׂיכל". זייער קלאָר אָנדייטנדיק אויף דער פּאָליטישער רעכטלאָזיקייט אין די באַדינגונגען פון דעם „נייעם" רעגירונגס־קורס, האָט דער זשורנאַל געשריבן:

„אין שייכעס מיט דער מאָדנער לאַגע, וועלכע עס פאַרנעמט היינט די רוסישע ליטעראַטור — דער לאַגע פון א לאָמפּ, וואָס איז אוועקגעשטעלט אונטערן טיש, איז ניט אַזוי גרינג געווען פאַרויסזאָגן דערפאָלג שאַפּיראָס אונטערנעמונג. דער דערפאָלג אָבער, לויט די ווערטער פונעם אַרויסגעבער, האָט איבערגעשטיגן אַלע האָפענונגען. איז נאָך בעסער, פאַרשטייט זיך. הייסט עס, אַז עס זיינען פאַראַן געוויסע מענטשן, וועלכע האָבן פאַרהיט דעם אָפּשיי און די ליבע צום לאָמפּ, ווען אַפילע אים איז באַשערט געווען אוועקגעשטעלט צו ווערן אונטערן טיש. דער ערשטער העפט, ווו עס זיינען אַריין גאָנטשאַראָווס, דאָסטאָיעווסקיס, נעקראַסאָווס, סאַלטיקאָווס און טורגעניעווס בילדער, איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין מעשעך פון צוויי כאַדאָשים אין צאָל פון 800 עקזעמפּלאַרן, און איצט איז דערשינען די צווייטע אויפלאַגע. אין איר

זײַנען אַרײַן די בילדער פון די הערן גריגאָראָוויטש, אָסטראָווסקי, פּיסעמסקי, יאַ. פּאָלאָנסקי און דעם גראַף ל. טאָלסטאָי. ביכלאַל גערעדט, זײַנען די בילדער זייער געלונגענע...״

א צעשמעטערנדיקער קלאַפּ דעם אַנטיסעמיטישן אויספאַל פון דער „נאָוואָיע ווראָעמיאַ״ האָט געבראַכט אָסטראָווסקי, פאַרעפנטלעכנדיק אינעם זשורנאַל „ראָסיסקאַיאַ ביבליאָגראַפיאַ״ אַן אָפענעם בריוו צו שאַפּיראָן.

„גנעדיקער הער קאָנסטאַנטין אַלעקסאַנדראָוויטש! — האָט געשריבן אָסטראָווסקי. — אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב פאַרשפּעטיקט מיטן ענטפער, בײַס מײַן שלאַפקײַט האָב איך געהאַט אַזויפיל זאָרגן, אַז איך האָב לאַכלוטן ניט געהאַט קיין צײַט זיך נעמען צו דער פּען! איך געפין דעם אָפּרוף פון דער „נאָוואָיע ווראָעמיאַ״ פאַר אומיווישערדיק, און וואָס די רעדאַקציע גופא האָט זיך, דאַכט זיך, אַליין מודיע געווען, אָפּדרוקנדיק אין איינעם פון די שפּעטערדיקע נומערן אַן אויסבעסערונג, וועלכע איר האָט שוין, מיסטאָמע, געזען.

צו די בילדער פון אײַער „גאַלעריי״ קאָן איך זיך באַצי:ען, דעם עמעס געזאָגט, ניט אַנדערש, ווי מיט א גרויסער ליוב. פאָטאָגראַפיע איז ניט קיין מאָלערײַ; זי גיט איבער דעם געזיכט־אויסדרוק אין דער געגעבענער מינוט; און ס׳איז שוין ניט די שולד פון דער פאָטאָגראַפיע, וואָס איך, א מענטש א קראַנקער און נערוועזער, בין אָפט ניט ענלעך אָף זיך אַליין. און דאָך, וויפל איך האָב זיך ניט פאָטאָגראַפירט, אַנערקען איך אַבסאָליוט אײַערע פאַר איינער פון די סאַמע ענלעכסטע. אָט איז אײַך מײַן אופריכטיקע מיינונג.

מיטן עכטן רעספּעקט אדג. א. אָסטראָווסקי״.

פאַר פאַרשעמען סוּווּאָרינען האָט שאַפּיראָ אַרויסגעשטעלט אין שוי־פענצטער פון זײַן פאָטאָאַטעליע די פּובליקאַציע פון אָסטראָווסקיס בריוו, „די פּאָרטרעטן־גאַלעריי״ און נאָטיצן וועגן איר, אָפּגעדרוקטע אין „נאָוואָיע ווראָעמיאַ״ און „אָטעטשעסטווענ:יע זאַפּיסקי״. שאַפּיראָס פאָטאָ־אַטעליע האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון פעטערבורג, אָף נעווסקי פּראָספּעקט, און דער עפעקט פון אַזאַ עקספּאָזיציע איז געווען א היפשער.

יידי״ש — ל. ר א כ מ א ן

(סאָף קומט)

וויקטאָר לענזאָן

# ייִדישע פאָלקסלידער אינעם גרויסן זאַל פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע

פונדעסטוועגן איז ווונדערלעך, ווי פילאַרטיקמע קאָן פאַרקערפּערן די ייִדישע פאָלקסליד. אין אירע אינטאָנאַציעס געפינט זיך אַן עכטער אויצער פון דער גײַסטיקער קולטור פונעם פאָלק, און וועלכער יעדער עפּאָכע, יעדער אויספילער געפינען דאָס פאַרבאָרגענע, וואָס איז נאָענט גראָד אים. ביט־ווילנדיק דערמאָנסטו זיך אין י.־ל. פּרעצעס „דער גילגול פון אַ ניגון". וואָלט זיך געדאַכט: די זעלבע נאָטעס, די זעלבע אינטאָנאַציעס אָבער ווי פאַרשיידן, צומאָל אַבסאָליוט קעגנזעצלעך זיי קלינגען אין פאַרשיידענע אינטערפּרעטאַציעס, איבערלאָזנדיק, אַגעוו, אומבאַרירבאַר דאָס וויכטיקסטע, וואָס באַטרעפט זייער טאָך. ווער וואָלט געקאָנט גלייבן, אַז די לידער, וועלכע זײַנען געבוירן געוואָרן ערגעץ בײַס די באַגלייטונגען פון קאַנטאָניסטן אָדער בײַס דער שווערער אַרבעט, וועלן באַקומען אַ מעכטיקע מאָנומענטאַלע באַטאָנונג אין דער אויספילונג פון אַ גרויסן אַקאַדעמישן כאָר?

וועגן דעם, אַז אַזוינס איז מעגלעך, האָט אונדז איבערצײַגט דער מעלוכישער אַקאַדעמישער כאָר פון דער לעטלענדישער רעפּובליק בעראָש מיטן פאָלקס־אַרטיסט פון דער לעטלענדישער רעפּובליק אימאַנטס צעפּעטיס, וועלכער האָט באַוויזן אין מאָסקווע, אינעם גרויסן זאַל פון דער קאָנסערוואַטאָריע, ייִדישע פאָלקסלידער אין דער באַאַרבעטונג פאַר אַ כאָר a capella פון מאַקס גאָלדין.

דער כאָר פון דער לעטלענדישער רעפּובליק איז אַ קאָלעקטיוו, וואָס איז גוט באַקאַנט ניט נאָר אין אונדזער לאַנד, נאָר האָט אויך דערוואָרבן רום אין אַ סאַך לענדער פון דער וועלט. זײַנע גאַסטראָלן זײַנען מיט אַ קאָלאָסאַלן דערפאָלג דורכגעגאַנגען אין נאָרוועגיע, דײַטשישער פעדעראַטיווער רעפּובליק, פראַנקרײַך, און די סאָציאַליסטישע לענדער. דער כאָר אינטערפּרעטירט די קאָמפּליצירטסטע ווערק פון דער וועלט־קלאַסיק — אָנהייבנדיק פון י.־ס. באַכן און י. בראַמסן און ענדיקנדיק מיט וויטאָלן און ליוטאָסלאַווסקין. אין זײַן רעפּערטואַר זײַנען פאַראַן ווערק אויף אַכט שפּראַכן, דערונטער, ווי ס'האָט באַוויזן די לעצטע אַרויסטרעטונג, אויך אויף ייִדיש.

מיט וואָס זשע איז פאַרבונדן דער אינטערעס פונעם כאָר צו דער ייִדישער פאָלקסליד? די ייִדישע ליד איז דאָך קעסיידער, צום אונטערשייד, אשטייגער, פון דער לעטישער אָדער רוסישער, אנטשטאַנען אינעם פאָלק ווי אַן איינשטימיקע מעלאָדיע, מיט אַנדערע ווערטער, זי איז צום אָנהייב ניט געווען קיין כאָר־ליד. יאָ, עמעס, אויב זיך ווענדן צו די יעסוידעס פון דער ייִדישער פאָלקסליד, וועלן מיר קיין כאָר־לידער ניט באַגעגענען. און פונדעסטוועגן אַ ביסל געשיכטע.

באַ איר גאַנצער איינמאָליקער אייגנאַרטיקייט האָט די ייִדישע קולטור קיינמאָל זיך ניט אַנטוויקלט איזאָלירט פון די קולטורעלע טענדענצן פון די שכייניסדיקע פעלקער. ווי אויף יעדער קולטור, האָט געהאַט אויף איר אַ ווירקונג האַשפּאָע די טענדענצן און דער סטיל פון דער עפּאָכע, דער סטיל פון דער צײַט. אין דער פולער מאָס האָט עס אַ שײַכעס אויך צו די שטאַנדפּונקטן אויף דער פאָלקס־שאַפונג. די אַנטוויקלונג פון דער כאָר־קונסט אינעם אָנהייב פון XX יה. אין אייראָפּע



האָט נישט געקאָנט ניט ווירקן אויך אַף דער שאַפונג אין דער ספערע פון דער ייִדישער מוזיק. גראָד אין אָט דער צײַט באַווײַזן זיך די ערשטע באַאַרבעטונגען פון ייִדישע פאָלקסלידער פאַר אַ כאָר. אין רוסלאַנד אַרבעט אין יענער צײַט אַ גאַנצע ריי פאָלקלאָריסטן־פאָרשער, וועלכע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פּאָפּולאַריזירונג פון דער ייִדישער פאָלקסליד. איינער פון זיי איז געווען ל. אידעלסאָן, וואָס איז, צווישן אַנדערס, באַקאַנט מיט זײַן פונדאַמענטאַל ווערק, וועלכן ס'האָט אַרויסגעגעבן אין לייפּציג דער „העבר־עישער אָרי׳ענטאַלער לידערשאַטץ". די אַנטאָלאָגיע האָט אײַנגעשלאָסן צען בענדער, די לעצטע דרײַ פון וועלכע זײַנען געווען געווידמעט די ייִדישע פאָלקס־לידער און ניגונים. שטיצנדיק זיך אַף דעם זעלבן מאַטעריאַל, וועלכן ער אַליין האָט צונויפגעזאַמלט, האָט אידעלסאָן אַרויסגעלאָזט אין 1912 און שפּעטער אין 1922 אין בערלין צוויי זאַמלביכער פון באַאַרבעטונגען, וווּ צווישן אַנדערע זײַנען פאַראַן באַאַרבעטונגען פון ייִדישע פאָלקסלטדער פאַר אַ געמישטן און מאַנצבלשן כאָר. אַנאַלאָגיש איז אין אָט דער ריכטונג די טעטיקײַט פונעם קאָמפּאָזיטאָר און פאָלקלאָריסט מ. טשערניאַכאָווסקי, ווי אויך פון יו. ענגעלן, וועלכער האָט, אַגעוו, אַרײַנגעפירט אין דער כאָר־קונסט אויך קינדער־לידער.

שוין אין דער סאָוועטישער צײַט האָט געבראַכט די שטורמישע אַנטוויקלונג פון דער מאַסעווער כאָר־ליד אין די 20־ער — 30־ער יאָרן די שאַפונג פון זעלבסטעטיקע ייִדישע כאָרן. איינער פון די סאַמע באַוווּסטע צווישן זיי איז געווען דער עקזיסטירטער אין קיִעוו בעמעשעך פון די יאָרן 1927—1937 ייִדישער וואָקאַלער אַנסאַמבל אונטער דער אָנפירונג פון א. שיינין. אָט דער כאָר האָט, אויסער דער ספּעציפישער אופגאַבע אַרײַנצוציִען אין דעם כאָר־געזאַנג די ייִדישע זעלבסטעטיקײַט, געשטעלט פאַר זיך אויך ריין שעפערישע צילן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן, צווישן אַנדערן, מיט די באַאַרבעטונגען פון באַוווּסטע ייִדישע פאָלקסלאַדער פאַר אַ כאָר.

ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע און אומיטלבער נאָך איר ווערן פאַרווירקלעכט אין אייראָפּע און פּשאַ אַ ריי אויסגאַבעס, אין וועלכע עס פאַרנעמען אַן אָנגעזעען אָרט אויך כאָר־טראַנסקריפּציעס פון ייִדישע לידער אַף ייִדיש. אַזעלכע זײַנען, צווישן אַנדערע, די דערשינענע אין פּוילן זאַמלביכער „ייִדישע קולטור פאַרבראַכט" (1938—1939) און „מיר זינגען", וואָס איז אינגאַנצן געווידמעט די באַאַרבעטונגען פאַר אַ כאָר און פאָרטעפּיאַנאָ.

די ייִדישע כאָר־ליד האָט איר געשיכטע אויך אין לעטלאַנד. לעטלאַנד איז באַוווּסט מיט אירע רײַכע טראַדיציעס פון דער כאָר־ליד אין דער גאָרער וועלט. זי איז געוואָרן פון לאַנגאָנען ניט נאָר אַ זשאַנער פון מוזיק, נאָר אויך אַן אומאָפּנעמבאַרער טייל פונעם שטייגער. נאַטירלעך, אַז די ייִדישע קולטור אין לעטלאַנד האָט נישט געקאָנט ניט אײַנזאַפּן אין זיך בא איר פעיִקייט צו אינטעגראַציע די אַרומיקע קולטור־טענדענצן, דעם פּיִעטעט צו כאָר־געזאַנג.

ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן אין ריגע עקזיסטירט צוויי ייִדישע זעלבסטעטיקע אָראַטאָריִעלע כאָרן, וועלכע האָבן געזונגען אַף ייִדיש. געוועזן איז אויך דאָרט א ייִדישע פֿאָלקס־קאָנסערוואַטאָריע, וועמענס דירעקטאָר — זעגאָר — האָט געמאַכט א סאַך באַאַרבעטונגען פֿון ייִדישע פֿאָלקסלידער פֿאַר א כאָר. זעגאָר איז שפּעטער אומגעקומען אין געטאָ, און זײַנע באַאַרבעטונגען, פֿאַרגאָסענע מיט בלוט, זײַנען געפֿונען געוואָרן לעבן אים...

א געוויסע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער לעטלענדישער כאָר־קולטור האָט געשפּילט דער ריגער ייִדישער כאָר אונטער דער אָנפֿירונג פֿון יא. אַבראַמיס, וועלכער האָט עקזיסטירט אין די יאָרן 1956—1959.

און אַט הײַנט זינגט ייִדישע לידער דער מעלוכישער לעטלענדישער כאָר. אָבער בא א געוויסער יערושעדיקײַט פֿון דער טראַדיציע, וועלכע עקזיסטירט, אָן שום ספֿק, אין דער כאָר־אויספֿילונג פֿון דער ייִדישער ליד, שיידט זיך פּרינציפּיעל אונטער די אַרבעט אין אַט דער ריכטונג פֿונעם לעטלענדישן כאָר פֿון דער פֿריִערדיקער. די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס אַלע פֿריִערדיקע קאָלעקטיוון, וועלכע האָבן אויסגעפֿילט ייִדישע פֿאָלקסלידער, ווי די באַאַרבעטונגען פֿון די דאָזיקע לידער פֿאַר א כאָר, האָבן פֿאַרפֿאָלגט אַן אַבסאָליוט געוויסן אויפֿקלערונגס־ציל — באַקאַנען און אַרײַנציִען אין דער אויספֿילונג פֿון ייִדישע לידער אַלס א גרעסערע צאָל מענטשן. דערפֿון דרינגט אויך דער „אַדאַפּטירטער", פֿאַרייִנפֿאַכטער סטיל פֿון דער אויספֿילונג, דער זעלבסטעטיקער כאַראַקטער פֿון אונטערטראָגן דעם מאַטעריאַל. אַבסאָליוט אַנדערש קלינגען מ. גאָלדינס באַאַרבעטונגען אין דער אויספֿילונג פֿונעם לעטלענדישן כאָר. דער דורכגעגאַנגענער קאָנצערט אין מאָסקווע — דאָס איז קוידעמקאָל אַן אַקט פֿון הויכער קונסט. ער איז געוואָרן אזא סײַ מאַכמעס דעם אויספֿילערישן און פּראָפֿעסיאָנעלן ניוואָ פֿונעם כאָר און פֿונעם אָוטאָר פֿון די באַאַרבעטונגען, סײַ מאַכמעס דער עצעם קאָנצעפּציע, וואָס דער אָוטאָר האָט פֿאַרלייגט און דער אידיי פֿון דער כאָר־טראַנסקריפּציע פֿון די ייִדישע פֿאָלקסלידער.

מאַקס גאָלדינס אַרבעט איז א פֿרוכט פֿון פֿיליאָריקער מי. דער באַוווּסטער סאָוועטישער מוזיקאַנט, דאָקטאָר פֿון קונסט־קענטעניש, פּובליציסט (מיט זײַנע אַרטיקלען האָט דער לייענער געקאָנט זיך באַקאַנען אַף די שפּאַלטן פֿונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד"), קאָמפּאָזיטאָר, איצט פּראָפֿעסאָר פֿון דער ריגער קאָנסערוואַטאָריע מ. גאָלדין באַשעפֿטיקט זיך פֿון לאַנג מיט באַאַרבעטונגען פֿון ייִדישע פֿאָלקסלידער. נאָך אין דער יוגנט האָט ער געזונגען אין א ייִדישן כאָר. זײַנע ערשטע באַאַרבעטונגען, וועלכע ער האָט געמאַכט פֿאַרן באַוווּסטן זינגער שעלקאַן (די פֿאַשיסטן האָבן אים שפּעטער דערשאָסן), געהערן צום 1940 יאָר. וואַרשײַנלעך, אַז א סאַך מענטשן זײַנען באַקאַנט מיטן זאַמלבוך פֿון מ. גאָלדינס באַאַרבעטונגען פֿון ייִדישע לידער פֿאַר א שטים און פֿאָרטעפּיאַנאָ, וועלכן ס'האָט אַרויסגעלאָזט דער פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר" אין 1970 יאָר. אינעם קאָנצערט אָבער האָבן געקלונגען די כאָר־באַאַרבעטונגען, וועלכע מ. גאָלדין האָט געמאַכט בעמעשעך פֿון דרײַסיק יאָר — פֿונעם 1956. פֿון די קימאַט 130 באַאַרבעטונגען, וועלכע זײַנען פֿאַראַן אַף מ. גאָלדינס פּיופּיטער, האָבן מיר געהערט בלויז דרײַסיק. דאָס איז אָבער געווען אַן עכטע געשעעניש, און ניט נאָר אין געביט פֿון דער ייִדישער מוזיק.

קוידעמקאָל ציט צו זיך צו די אויפֿמערקזאַמקײַט אין מ. גאָלדינס באַאַרבעטונגען די ניט־סטאַנדאַרטע אינטערפּרעטאַציע פֿון דער ייִדישער ליד. אין דער געשיכטע פֿון דער מוזיק זעט מען פֿונדעסטוועגן, פֿון די פֿאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער ביז דער הײַנטצײַטיקײַט, בא איר גאַנצער פֿילאַרטיקײַט און פֿילפֿאַנעוודיקײַט איין אַלגעמיינע טענדענץ — א דערנעענטערונג פֿון א פֿאַראַלגעמיינערטער און דערהויבענער אָפּשפּיגלונג פֿונעם מענטשלעכן גײַסט צו קאָנקרעטע געפֿילן, צו א זשאַנער־ און אַנדערער דעטאַליזאַציע. כאַראַקטעריסטיש איז ס אויך פֿאַר דער פֿאָלקסליד. ווײַל וואָס שטרײַכן געווײנלעך אונטער די אויספֿילער, צווישן אַנדערע, פֿון דער ייִדישער ליד? איינע (לאָמיר זאָגן, דער אַנסאַמבל „פֿריילעכס") געפֿינען אין איר פֿאַרכאַפּנדיקע עמאָציעס, א שטייגעריש „פֿינטעלע". אַנדערע דעקן אויף איר אינערלעכן, גייענדיק פֿונעם האַרצן דראַמאַטיזם, די יעסוידעסדיקע טעאַטראַלישקײַט, דעם סוזשעטישן דראַמאַטיזם אַאַוו. אין מ. גאָלדינס באַאַרבעטונגען איז אַלץ אַנדערש. די לידער אין זײַן אינטערפּרעטאַציע אַנטפּלעקן זיך ווי א היסטאָרישער מאָנומענט, ווי א הויכע פֿאַראַלגעמיינערונג פֿונעם פֿאָלקס־גײַסט, ווי א פֿאַרקערפּערונג פֿונעם פֿאַרבאָרגענעם זין פֿון זײַן קונסט. דער סטיל פֿון די באַאַרבעטונגען מיט זײַן אײַנגעהאַלטנקײַט, שטרענגער פּאָליפֿאָנישקײַט, מיטן הויכן, אָבער אינערלעכן עמאָציאָנעלן אָנגליי צווינגט צו דערמאָנען די כאָרן פֿון פּאַלעסטרינע, אָרלאַנדאָ לאַסאָ, עפּיזאָדן פֿון באַכס קאַנטאַטעס. אין די אַקאַדעמישע הויך־פּראָפֿעסיאָנעלע קאָמפּאָזיציעס איז ניטאָ קיין אָרט פֿאַר אַן אומגעהייערער דעטאַליזירונג פֿון דעם אינהאַלט — אין די לידער הערשט איין פֿאַראַלגעמיינערט געשטאַלט, וואָס באַשטימט דעם כאַראַקטער פֿונעם גאַנצן ווערק. ס'איז אויך דאָ ניט פֿאַראַן קיין אָנדײַט אַף דער טרויעריק באַרימטער שטעטלדיקײַט, וואָס איז שוין, צום באַדויערן, געוואָרן א געווײנלעכע נאָרמע — די לידער קלינגען שטרענג, איידלמוטיק און, אויב איר ווילט, אינטעליגענטיש.

## „צום 30-טן יאָרטאָג
## פון דער קאָסמישער טקופע"

פון דער אלפארבאנדישער אויסשטעלונג



אנאטאָלי יאקונין. איקאר

העלמוט איליאר. פונעם ציקל „קאָסמאָנאווטן". דאָס צייַט־אָפּציילן



װלאַדימיר דזשאַניבעקאָװ.
דער צװייקאַמף



צו דער אַרבעט



יורי פּאַכאָדאיעוו. אינעם אָפענעם קאָסמאָס

וולאדימיר סמירנאָוו. אטלאנטידע



לילי־יאנינע ברענצע.
דער מענטש און דער קאָסמאָס





יורי זײַצעוו.
ניקאָלײַ קאָפּערניק

עס דאַרף, אַגעוו, זיך ניט שאַפֿן קיין איינדרוק, אַז אַלע באַאַרבעטונגען זײַנען אַלציינע. יעדערע פֿאַרמאָגט איר שטימונג, איר קאָנקרעט קאָלאָריט געשטאַלט, איר כאַראַקטער. צווישן מ. גאָלדינס בעסטע באַאַרבעטונגען געהערט די ליד „די גאָלדענע פּאַווע". דאָס איז אַ גלענצנדיקע ליד, וועלכע ווערט, צום באַדויערן, ביכלאַל זעלטן אויסגעפּילט. גאָלדין האָט זי באַאַרבעט ערשט ניט לאַנג צוריק. אין דער ווייכער, גלײַך ווי שוועבנדיקער אויספֿילונג פֿונעם כאָר ווערט געבוירן דאָס געשטאַלט פֿון אַ מיידל, וואָס באַוויינט איר גורל. ס'איז אָבער ניטאָ קיין ריס, נאָר ס'איז דאָ פּאָעזיע, וואָס רופֿט אַרויס אַסאָציאַציעס מיט „שיר־השירים"...

די מערהייט לידער, וועלכע זײַנען באַוויזן געוואָרן אויפֿן קאָנצערט, האָבן פֿריִער ביכלאַל ניט עקזיסטירט אין באַאַרבעטונגען. אַגעוו, יענע באַאַרבעטונגען, וועלכע זײַנען פֿונדעסטוועגן געווען, שיידן זיך פּרינציפּיעל אונטער פֿון מ. גאָלדינס. אַזוי, לעמאָשל, האָט די ליד „אַז דער רעבע זינגט" שוין געהאַט אַן אַווטאָרישע טראַנסקריפּציע. ס'איז פֿאַראַן אַ באַאַרבעטונג פֿון אָט דער ליד, וואָס איז געמאַכט אין ישׂראל. אויפֿן פֿאָן פֿון אַ פּאָשעטן פֿאָרטעפּיאַנאָ־אַקאָמפּאַנעמענט אימיטירט די זינגערין דעם רעבנס געלעכטער, באַנוצנדיק זיך מיט פּרימיטיווע איליוסטראַטיווע מעטאָדן, וואָס שאַפֿט אומפֿאַרמײַדלעך דאָס געפֿיל פֿון פֿעלשונג אינעם באַזיניקן דעם קעסיידער פּילפּלאַנעווידיקן פֿאָלקס־פֿאַרטראַכט. אַנדערש אין בײַ מ. גאָלדינען. די באַוווּסטע הומאָריסטישע ליד פֿונעם XIX יה. אַנטפּלעקט זיך ווי אַ מין פֿאַראַלגעמיינערונג פֿונעם כאַסידישן גײַסט איבערגעבנדיק דורך די עלעמענטן פֿונעם זשאַנער די שטימונג פֿונעם פֿאָלקס פֿרייִלעכקייט.

דער אַווטאָר פֿון די באַאַרבעטונגען מײַדט אויס געדאַנקלעכע קאָנטראַסטן אין דער ליד גופֿא, וועלכע אַנטפּלעקט זיך ווי אַן איינהייטלעך ניט נאָר מוזיקאַליש, נאָר אויך באַטײַטלעך געשטאַלט. אין אָט דער הינזיכט איז סימפּטאָמאַטיש די ליד „מעכוטענעסטע". אין אָט דער פֿאָלקסליד וואַרפֿט אויף דער לעצטער קופּלעט, אַזאַ ווי ער איז געשאַפֿן געוואָרן אינעם פֿאָלק, דעם גאַנצן אינהאַלט פֿונעם פֿריִקן. באַלד נאָך דעם פּאָעטישן שמועס וועגן דער ליבע צווישן די יונגע קומען די ווערטער וועגן דעם, אַז „אויב איר וועט זײַן אַ שלאַק, אַ בייזע שוויגער, וועט אויך מײַן טאָכטער זײַן אַ שניריל אַן אַנטיקל". מע זאָגט, אַז קיין ווערטער ווערסטו פֿון דער ליד ניט אַרויסוואַרפֿן. אָבער מ. גאָלדין — עפּשער איז עס שטרײַטבאַר — ניצט ניט אויס אָט דעם קופּלעט, גלײַך ווי ער גיט אים אָפּ אַלס קאָרבן דעם פֿאַראַלגעמיינערטן פּאָעטישן געשטאַלט, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין די ערשטע שורעס פֿון דער ליד.

די ליד „די אַלטע קאַשע" איז איינע פֿון די סאַמע כאַראַקטעריסטישע אין דער ייִדישער פֿאָלקס־שאַפֿונג. גאָלדין סטאַרעט זיך אַנטפּלעקן אין איר דעם קאַליידאָסקאָפּ פֿון אַ גלײַכצײַטיקער פֿאַרבינדונג פֿון הומאָר, טרויער, פֿילאָסאָפֿישקייט, סקעפּסיס און אָפּטימיזם, וואָס איז אַזוי אייגנטימלעך פֿאַר דער ייִדישער מוזיקאַל־פּאָעטישער שאַפֿונג. דער טאָך דאָ איז אַפֿילע ניט אינעם גרונט־טעקסט, ווי עס טרעפֿט אָפּט אין אַ ייִדישער ליד, נאָר אין דעם, וואָלט זיך געדאַכט, גאָרניט זאָגנדיקן רעפֿרען „טראַלאַ טראַידי רידי באָם". אָבער גראָד אָט דער רעפֿרען, וואָס איז שאַרפֿזיניק אונטערגעשטראָכן מיט כאָר־טעמבערס, נעמט פּלוצעם אַרײַן אין זיך דעם ניט־אַרויסגעזאָגטן טאָך, וואָס מיר כאַפּן אויף גאַנץ אָפֿט אין די ייִדישע ניגונים אָן ווערטער.

צו די פּערל פֿון דער פֿאָלקס־שאַפֿונג געהערט די וויגליד אויף שאָלעם־אַלייכעמס ווערטער „שלאָף, מײַן זון". זי איז געלייזט אין אַ ווייכער פּאָליפֿאָניע פֿון כאָר־טעמבערס, וועלכע שאַפֿט אַ געפֿיל פֿון אייביקער אָבער אומרויִקער רו. לאַנגזאַם, ניט געײַלט, פֿון די העכסטע שטימען צו די נידעריקע, אַנטוויקלט זיך די מעלאָדיע פֿון דער ליד, אַרומכאַפּנדיק צוביסלעך דעם גאַנצן דיאַפּאַזאָן פֿונעם כאָר. און איבער אָט דעם אַלעם הערט זיך אַ סאָפּראַנאָ־גלעקעלע (אין דער אויספֿילונג פֿון דער סאָליסטקע פֿונעם מעלוכישן אַקאַדעמישן טעאַטער פֿון אָפּערע און באַלעט פֿון דער לעטלענדישער רעפּובליק אינעכע גאַלאַנט).

אין דער ליד „בין איך מיר אַ שנײַדערל" גיסט זיך איבער דאָס לעכערלעכע און דאָס טרויעריקע. געוויינלעך ווערט די ליד אויסגעפּילט אין אַ גיכן טעמפּ, מיט דער פּרעוואַלירנדיקער אינטאָנאַציע פֿון הומאָר. דאָס מאָל האָט זי געקלונגען ווי אַ מין Kunststük (קונסט־שטיק), ווי אַ שפּיגלען זיך מיט דער שפּיל פֿון פּאָעטישע און מוזיקאַלע פֿאַרבן, ווי אַ טאַנץ־עפּיזאָד אין דער כאָר־סויִטע.

מיט אַ גאַנץ זעלטענעם וואַריאַנט פֿון אַ פֿאָלקסליד האָט דער צוהערער זיך באַקאַנט אין דער אויספֿילונג פֿון „גנייווע". אַ מוזיקאַלע איבערבאַזיניקונג פֿונעם פּאָעטישן טעקסט איז, דאַרף מען זאָגן, ניט קיין אָפֿטע דערשײַנונג אין אַ ייִדישער פֿאָלקסליד. געוויינלעך באַגלייט דעם טעקסט פֿון דער אויסגעפּילטער ליד אינעם מאָסקווער קאָנצערט אַן אַנדער מוזיק. אין געגעבענעם פֿאַל האָט דעם אַווטאָר פֿון די באַאַרבעטונגען זיך אײַנגעגעבן אָפּצוזוכן אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן מוזיקאַלן ניואַנס, וואָס איז ווייניקער באַקאַנט, אָבער, ווי ס'איז געוואָרן וואַרשײַנלעך, אַ גאַנץ אינטערעסאַנטער און אינטאָנאַציאָנעל קאָלאָריטער. דאָס איז אַ שפּאַס־ליד, אָבער אין דעם שפּאַס האָט דער אַווטאָר פֿון דער אַראַנזשירונג דערהערט אויך דעם טראַגיזם — דעם טראַגיזם פֿון אַן אָרעמאַן, וואָס בלײַבט „אָדער האָבן פֿאַרגעניגן, אָדער זיך אויפֿ־

הענגען". די ליד איז מיט עפּעס נאָענט לויטן כאַראַקטער פון דער פאַראַלגעמיינערונג מיטן עפּיזאָד פון מאָדעסט מוסאָרגסקיס „בילדלעך פון דער אויסשטעלונג" „צוויי ייִדן — א רייַכער און אַן אָרעמער".

די ליד „אָ, טייַערע מייַנע" האָט געקלונגען ווי א רעקוויעם. אין מ. בערעגאָווסקיס זאַמלביכער פון פאָלקסלידער איז זי געבראַכט אינעם אָפּטייל פון כאַסענע־לידער. אינדערעמעסן איז די געשיכטע פון דער ליד א ביסל אַן אַנדערע. אין 1828 האָט ניקאָלייַ דער ערשטער אייַנגעפירט פאַר די ייִדן, די אַזויגערופענע קאַנטאָניסטן, א 25־יאָריקע דינסט אין דער צאַרישער אַרמיי. דעמלט טאַקע האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייַזן די ערשטע ייִדישע רעקרוט־לידער, צו וועלכע עס געהערט אויך די ליד, וואָס איז אויסגעפּילט געוואָרן אויפן קאָנצערט. ווירקלעך, די ליד האָט מען שפּעטער אָנגעהויבן אויספּילן אויך אויף כאַסענעס, וואָס איז געווען פאַרבונדן, ווייַזט אויס, מיט דער ענלעכקייַט צווישן דעם גורל פונעם סאָלדאַט־קאַנטאָניסט און דעם יונגן באָכער אָדער מיידל אינעם געזעגענענעם הייראַט: „אָ, מייַנע טייַערע, זייַט געזונט, טאַטע־מאַמע! איך פאָר אַוועק אין ווייַטע קאַנטן, ווו ס'איז אַפילע קיין ווינט ניטאָ, קיין הענער־קרייען הערן זיך ניט. גאָט זאָל העלפן, אַז איר זאָלט האָבן א הימל און ברויט, און איך זאָל זיך אומקערן אַהיים". אַזעלכע זייַנען אַן ערך די ווערטער פון אָט דער ליד. אינעם כאָר קלינגט זי אין א פינפשטימיקן קאַנאָן, אין א האַרבן, אומפאַרמייַדלעכן, שאַפנדיק א געשטאַלט פון טראַגישער אומענדלעכקייַט.

אין א ריי לידער „די אַלטע קאַשע" און „שאַ!" ניצט מ. גאָלדין אויס אַן אינטערעסאַנטן זשאַנערמעטאָד, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער אימיטאַציע פון כאַזאָנישן געזאַנג. וואָס איז אָבער וווּנדערלעך, איז דאָס, וואָס דאָס כאַזאָנישע געזאַנג אימיטירט א פרוי, א סאָפּראַנאָ. האַגאַם מיר הערן ניט דאָס ערשטע מאָל „א פרוי א כאַזן". לאָמיר דערמאָנען כאַטשבי שאָלעם־אַלייכעמס „בלאָנדזנדע שטערן". דאָרט האָט די יונגע רייזל אימיטירט איר פאָטער דעם כאַזן, אַרויסברענגענדיק גלענצנד אַלע זייַנע שטים־פּיאָריטורן. אויב ריידן ניט וועגן ליטעראַרישע העלדן, נאָר וועגן רעאַלע זינגערנס, דאַרף מען דערמאָנען די אָנגעזעענע זינגערן שעווע פלאָטקינע. אויף דער פּלאַטע, וואָס איז דערשינען אינעם סאָף פון די 40־ער יאָרן אין דער דאָרעם־אַפריקאַנישער רעפּובליק, אימיטירט זי גלענצנד אין דער באַגלייטונג פון א סימפאָנישן אָרקעסטער דאָס כאַזאָניש געזאַנג. קענטיק, אַז דער הויכער רעגיסטער, אין וועלכן עס זינגט געוויינלעך א כאַזן, „פאַרלייַכטערט" די אימיטאַציע פון זייַנע מעטאָדן מיצאַד א כאָפּראַנאָ־שטים. נעמלעך אָט דעם קינסטלערישן מעטאָד זעען מיר טאַקע אין מ. גאָלדינס באַאַרבעטונגען, ווו ער אימיטירט לויטן אינהאַלט פון אייניקע לידער דאָס כאַזאָנישע געזאַנג אין א סאָפּראַנאָ־רעגיסטער.

אינגאַנצן גענומען זייַנען די אויסגעפּילטע אינעם קאָנצערט לידער, ניט געקוקט אויף זייער אינערלעכן אונטערשייד, א פאַרענדיקטער ציקל. ניין, דאָס איז ניט קיין סויִטע און ניט קיין אָראַטאָריע אין עטלעכע טיילן. פאַר אונדז גייט דורך אין פאַראַלגעמיינערטע געשטאַלטן דאָס גייַסטיקע לעבן פונעם פאָלק, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין דער ליד. א וויגליד און א שפּאַס, א כאַסענע און טרויער, ליבע, הומאָר, טראַגיזם — דאָס אַלץ באַטייַט לעבן, וואָס האָט באַקומען זייַן בייַעיקזיסטענץ אין דער פאָלקס־שאַפונג. דעריבער טאַקע שאַפט זיך אַן אַסאָציאַציע מיט א מאָנומענט, אָבער אָט דער מאָנומענט איז לאַכלוטן ניט קיין טראַגישער. ער איז פול מיט א רוף צום לעבן, צו פרייד, צו ליכט. ניט צופעליק האָט דער קאָנצערט זיך פאַרענדיקט מיט דער ליד „לעקאָוועד יאָמטעוו". קלינגענדיק ווי א פינאַל פון בעטהאָווענס סאָנאַטעס, האָט זי צוגעגעבן גאַנצקייַט דעם גאַנצן קאָנצערט.

ריידנדיק וועגן אָט דעם קאָנצערט, קאָן מען נישט ניט אָפּמערקן דעם העכסטן ניוואָ פון דער כאָר־אויספּילונג, ווי אויך די אַרבעט פון די סאָליסטן — אינעסע גאַלאַנט און יאַניס ספּראָדיס, וועלכע האָבן פּרעכטיק איבערגעגעבן ניט נאָר דעם אינערלעכן טאָך פון די ייִדישע פאָלקסלידער, נאָר אויך אַלע ניואַנסן פון דעם פאַרטראַכט פון דעם אווטאָרס באַאַרבעטונגען. ריין און שיין איז געווען אין זייער אויספּילונג די ייִדישע שפּראַך.

די מיטאַרבעט פונעם מעלוכישן אַקאַדעמישן כאָר פון דער לעטלענדישער רעפּובליק מיטן קאָמפּאָזיטאָר מאַקס גאָלדין האָט געבראַכט באַדייַטנדיקע רעזולטאַטן. עס וואָלט זיך געוואָלט, אַז זיי זאָלן דויערן און פאָרגעזעצט ווערן אין דער צוקונפט. ביפראַט, אַז צוליב דעם זייַנען פאַראַן פאַרהאַנאָכעס. אַזוי, לעמאָשל, האָט די פירמע „מעלאָדיאַ" פאָרגעלייגט דעם כאָר פאַרשרייַבן ייִדישע פאָלקסלידער אין מ. גאָלדינס באַאַרבעטונג אויף א פּלאַטע. עס ווערט אויך אָנגעמערקט די מיטאַרבעט צווישן מ. גאָלדינען און דעם מערקווירדיקן זינגער, סאָליסט פון דער מעלוכישער פילהאַרמאָניע פון דער לעטלענדישער רעפּובליק יא. כפּראָדיסן. שוין אין מאַרט 1988 קלייַבט ער זיך אייַנשליסן אין זייַנע סאָלאָ־פּראָגראַמען ספּעציעל געמאַכטע פאַר אים באַאַרבעטונגען פון ייִדישע פאָלקסלידער.

לאָמיר ווינטשן דערפאָלג אָט דער וויכטיקער און אינטערעסאַנטער זאַך!

● ● ●

# די אנטשטייונג און אנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך

## די שפּראַכלעכע אנטוויקלונג פון די ייִדן אין די רוסישע געגנטן

אױף דעם צאָפנדיקן ברעג פונעם שוואַרצן יאַם האָט פון די אוראַלטע צײַטן, נאָך פאַרן כורבן בייט שאיני, געוווינט א באַדײַטנדיקע ייִדישע באַפעלקערונג. צווישן די מאַצייוועס און אַלטע אויפשריפטן, וואָס מע האָט געפונען אין אַמאָליקן פאַנטיקאַפּייאָן (איצט קערטש), געפינט זיך א מירמלשטיינערנע ברעט מיט אַן אויפשריפט אויף גריכיש וועגן דער באַפרײַונג פון קנעכט מיט א טנײַ, זיי זאָלן דיך מיסכײַעוו זײַן צו באַזוכן די שול. די ברעט איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 80 לויט דער קריסטלעכער צײַט־רעכענונג. צווישן די געפונענע מאַצייוועס אױפן קרימער האַלב־אינדזל זײַנען דאָ אַזעלכע, וואָס זײַנען געשטעלט געוואָרן אין צווייטן יאָר פון דער נײַער צײַט־רעכענונג.

לויט זייער קולטורעלן מאַצעוו טיילן זיך די ייִדן פון יענע ערטער אויף צוויי טיילן. די, וואָס האָבן געוווינט אױפן צאָפן־מיזרעכדיקן ברעג פונעם שוואַרצן יאַם: אין פאַנטיקאַפּייאָן, אַנאַפּאַ, ווי אויך אין אָלביִא (אױפן ברעג פונעם מײַרעוודיקן טײַך בוג) און אין אַנדערע גריכישע קאָלאָניעס זײַנען געווען לאַכלוטן העלעניזירט. די גריכישע שפּראַך איז געוואָרן די איינציקע שפּראַך פון זײַער פּראַקטיש לעבן, זי האָט אַרויסגעשטויסן די אַלטע העברעיִשע שפּראַך אַפילע פונעם רעליגיעזן לעבן. די איבערגעבליבענע ייִדישע מאַצייוועס אין אָט די גריכישע קאָלאָניעס זײַנען אַלע געשריבן אין דער גריכישער שפּראַך.

אין א גאַנץ אַנדער קולטורעלן צושטאַנד האָט זיך געפונען די בעערעך צאָלרײַכע ייִדישע באַפעלקערונג אינעם צענטער פון דעם קרימער האַלב־אינדזל. די גרויסע ייִדישע מאַצייוועס, וואָס מע האָט געפונען אין באַזונדערע טיילן פון טאַווריִדע, זײַנען אַלע געשריבן אויף העברעיִש, און זיי זאָגן איידעס, אַז די דאָזיקע ייִדן זײַנען דאָרט פיל געטרײַער פאַרבליבן צו דער ייִדישע עמונע, צו די טראַדיציעס, ווי אויך צו דער העברעיִשער שפּראַך, איידער זייערע העלעניזירטע שכיינים פון דער באָספּאָרישער מעלוכע, האָגאַם אויך בא זיי, ווי ס׳מיינט דער לינגוויסט האַרקאַווי, האָט שוין די העברעיִשע שפּראַך צו יענער צײַט אויפגעהערט צו זײַן די אומגאַנג־שפּראַך.

פונוואַנען זײַנען געקומען די דאָזיקע ייִדן און אויף וואָס פאַר א שפּראַך האָבן זיי גערעדט? די אייגן־נעמען, וואָס די ייִדן האָבן געטראָגן אין קרים ביזן IV יאָרהונדערט, זײַנען געווען דורכויס העברעיִשע (מוישע, שמועל, עזרע אוכעדוימע). ערשט זינט דעם IV יאָרהונדערט הייבן זיך אָן צו באַגעגענען אויף די ייִדישע מאַצייוועס פאַרשיידענע טערקישע נעמען: באַקשי, טאָכטאַמיש, סעווערגלין, עלטונקיז אאַ. די טערקישע נעמען ווײַזן, אַז שוין צו יענער צײַט זײַנען די דאָזיקע ייִדן קולטורעל געווען אונטער א געוויסער האַשפּאָע פון א טערקישן אָדער טערקיש־רעדנדיקן שיוועט. אָדער זיי פלעגן לעכאָלהאַפּאָכעס קומען מיט אַזא שיוועט אין אָפטע און נאָענטע באַריִרונגען. צי האָבן אָבער די ייִדן אין קרים איבערגענומען, צוזאַמען מיט די נעמען, אויך די שפּראַך פון זייערע טערקישע אָדער טערקיש־רעדנדיקע שכיינים, איז דערווײַל אומעגלעך צו וויסן.

אין אָנהייב פונעם אכטן יה. האָט זיך די ייִדישע באַפעלקערונג אין קרים פאַרגרעסערט אַדאַנק דער אימיגראַציע פון די ביזאַנטישע ייִדן. אין דער צײַט פון לעאָן דעם איסאווריִער הייבן זיך אָן אין דער גריכישער אימפּעריע שטאַרקע רעדיפעס אויף דער ייִדישער עמונע, און די גריכישע ייִדן זײַנען געצוווּנגען מאַסנווײַז צו פאַרלאָזן זייער פאָטערלאַנד און זוכן ערגעץ־ווו פאַר זיך א מאָקעםמיקלעט. זייער אויפמערקזאַמקײַט האָט צוגעצויגן צו זיך אָט די ווײַטע און צו יענער צײַט נאָך גריכישע פּראָווינץ. דאָ האָבן זיי זיך געקאָנט פילן זיכערער, ווײַל אין אָט דעם קאַנט, וועלכער איז קימאַט אינגאַנצן באַזעצט געווען פון ניט־קריסטלעכע עלעמענטן, האָט די גריכישע רעגירונג, ווי

פּאַרזעצונג. אָנהייב — „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 1, 2, 6, 9, 1987.

שטאַרק זי איז ניט געווען באַיינפלוסט פון דער קירך, געמוזט אָפּזאָגן זיך פון געוואַלט־מיטלען קעגן די ניט־קריסטן. אַנדערש וואָלט עס אופגעבראַכט קעגן איר די גאַנצע באַפעלקערונג און די אופרעגונג וואָלטן זיכער אויסגעניצט די כאַזאַרן, קעדיי אָפּצורייסן די דאָזיקע פּראָווינץ פון גריכנלאַנד. דעריבער איז דאָ די גריכישע רעגירונג געצוווּנגען געווען מענטשלעכער זיך צו באַגיין מיט אירע יידישע בירגער.

פונדאַנען האָבן די יידן דערנאָך געקאָנט איבערוואַנדערן אין כאַזאַרישן קויהענאַט, ווו עס האָט זיך מעגייער געווען דער קויהען (כאַזאַרישער קיניג) מיט זיינע מעקוראָווים, ווי אויך אַ טייל פון דער כאַזאַרישער באַפעלקערונג, און זיי זיינען אַף אַזאַ אופן געוואָרן דער הערשנדיקער קלאַס פונעם לאַנד. אַדאַנק אַט דער עמונע־אייניקייט האָט זיך שטאַרק פאַרגרעסערט די צוזאַמענגיסונג פון די יידן מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, און אויב אין עמונע־זאַכן האָבן די יידן מאַשפּיע געווען אַף די כאַזאַרן, איז, לעהייפּעך, אין פּראַט פון שפּראַך — האָבן די יידן, ווי אַ מינדערהייט, געמוזט זיך אונטערגעבן דער מערהייט פון דער כאַזאַרישער באַפעלקערונג. די געלערנטע האָט זיך נאָך ביז איצט ניט איינגעגעבן פעסטצושטעלן, אַף וואָס פאַר אַ שפּראַך האָבן גערעדט די כאַזאַרן, אָבער, אַלקאַלפּאָנעם, אויב מע זאָל נאָר גלייבן דאָס איידעס־זאָגן פון די מוסולמענישע שרייבער, „איז די כאַזאַרישע שפּראַך ניט געווען גלייך צו דער שפּראַך פון דער סלאַווישער באַפעלקערונג".

אַזוי אַז אין די צווײ לענדער, פונוואַנען די „קיִעווסקאַיאַ רוס" האָט געקאָנט באַקומען אירע ערשטע יידישע קאָלאָניסטן, האָבן די יידן גערעדט אַף ניט־סלאַווישע שפּראַכן.

צי האָבן אין די סלאַווישע געגנטן די ערשטע יידישע קאָלאָניסטן, וואָס זיינען געקומען אהער פון ניט־סלאַווישע קאַנטן (טאַווּרידע און כאַזאַרישן קויהענאַט) גיך איבערגענומען די שפּראַך פון דער סלאַווישער באַפעלקערונג, וואָס צווישן איר האָבן זיי געוווינט, אָדער זיי האָבן אויך ווייטער גערעדט אַף די שפּראַכן, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט, ביזוואַנען זיי זיינען איינגעשלונגען געוואָרן פון דעם מעכטיקן שטראָם פון דער מיירעוו־אייראָפּעישער עמיגראַציע מיט איר יידיש־דײַטשישער שפּראַך?

אַט די פראַגע איז פיל מאָל אַרומגערעדט געוואָרן פון יידישע און ניט־יידישע היסטאָריקער, אָבער ליידער, נאָר אַגעוו־אורכע, אפילע אַזאַ פאָרשער ווי פּראָפ. בערשאַדסקי, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ אומגעהייערע בקיעס בענוגייע צו אַלע אַנדערע פראַגן פונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן אין ליטווישן קיניגרייך, האָט די פראַגע באַהאַנדלט זייער אויבנאויף, ווייל ער האָט ניט געקאָנט אויסניצן די פיל היסטאָרישע מעקוירים, וואָס געפינען זיך אין די שו"ת, ווי אויך אַ גאַנצע ריי אַנדערע דאָקומענטן, וועלכע זיינען געשריבן אין העברעיִש. די איינציקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן ערנסט און וויסנשאַפטלעך מיט דער דאָזיקער פראַגע, זיינען די היסטאָריקער א. האַרקאַווי און ש. דובנאָוו, וואָס שטייען בענוגייע צו דער דאָזיקער פראַגע אַף סטירעסדיקע שטאַנדפונקטן. מיט פאַלגנדיקע ניין ראַיעס באַמיט זיך האַרקאַווי צו באַווייזן, אַז די יידן אין די רוסיש־סלאַווישע געגנטן האָבן גערעדט ביזן 16־טן יה. און טיילווייז נאָך אין אָנהייב פון 17־טן יה. — רוסיש:

א) בא פיל מעכאַברים און מעפאַרשים פון טאַנאַך, וואָס האָבן געלעבט אין דער צייט פון עלפטן ביזן זיבעצנטן יאָרהונדערט, ווי אויך אין אַנדערע יידיש־רעליגיעזע ספאָרים, באַגעגענען מיר אָפּט סלאַווישע ווערטער. צום ערשטן באַגעגענען מיר זיך מיט אַזעלכע ווערטער אין אָנהייב פון עלפטן יה. בא ר' נאַסן בען רעב יעכיעל פון רוים, דער מעכאַבער פון „ערוך" (מקצבה, אקרין, פערינע א. אַנד.). אויך בא ראַשע טרעפן זיך סלאַווישע ווערטער, זייער אָפּט בא ר' יויסעף קאַראַ, ווי אויך בא פיל אַנדערע.

ב) צווישן די נעמען, וואָס די יידן האָבן געטראָגן אין די סלאַווישע געגנטן, באַגעגענען זיך גאַנץ אָפּט סלאַווישע.

ג) אַף די געפונענע אַלטע פּוילישע מאַטבייעס אין די סלאַווישע אויפשריפט „מעשקאַ דער קיניג פון פּוילן" געשריבן מיט יידישע אויסיעס (משקא קרל פולסקי).

ד) בא די יידן אין דאָרעם־רוסלאַנד איז פאַראַן אַ מעסוירע, אַז די יידן האָבן דאָ אַמאָל גערעדט רוסיש; די דאָזיקע מעסוירע האָט ייצכאַק־בער לעווינסאָן געבראַכט אין זיין „תעודה בישראל" און אויך האַרקאַווי גופע איז אויסגעקומען צו הערן דאָס אין דער דאָרעמדיקער געגנט.

ה) די איידעס פונעם אַראַבישן שרייבער איבן כורדאַבאַדע, או נאָך אין ניינטן יה. האָט ער באַגעגנט יידישע סאָכרים — טאַלמודיסטן, — וואָס האָבן גערעדט אַף דער סלאַווישער שפּראַך[1].

---

[1] אין אָריגינאַל ווערן די יידן אָנגערופן „אל רהדניא", נאָר האַרקאַווי לייגט פאָר צו לייענען „אל רבניא", וואָס באַטייט ראַבאָניטן, צום אונטערשייד פון די קאַראַימער, וואָס רופן זיך אין אַראַביש „אל קריע".

ו) די אײדעס פונעם ראָם (ר׳ מײער קאַץ), אַז די ייִדן אין די רוסישע געגנטן האָבן גערעדט רוסיש; וועגן אַ ייִדן פון ווילנע, וואָס האָט מעקאַדעש געווען אַ מיידל אויף רוסיש.

ז) די ידיעה פון ר׳ יואל סירקיש, וואָס איז באַוווּסט אונטערן נאָמען ב״ח, וועגן אַ ייִדן פון מעדזשיבאָזש (פּאָדאָליער גוב.), וואָס האָט זײַן גוויִעס־אײדעס געגעבן אויף רוסיש.

ח) די קאַווקאַזער סעקטע שוביבסיי שאַבעס (סובאָטניקעס), וואָס רעדן נאָך ביז איצט רוסיש און זײַנען געווים, לויט דער מיינונג פון האַרקאַווי, ייִדן, וואָס האָבן געמוזט מאַכמעס די רעדיפעס באַהאַלטן זייער ייִדישקייַט, ווי ס׳איז צו זען פונעם בריוו, וואָס ס׳האָט געשיקט אַ מיטגליד פון דער דאָזיקער סעקטע — דער קאָזאַק סימאָן לאַטישעוו צום קאַראַימישן כאָכעם זאָרעך כאַרטשענקאָ, אָדער לעכאָלהאַפּאָכעס זײַנען די גרינדער פון דער סעקטע געווען ייִדן, וואָס האָבן מיט דער צייַט זיך אײַנגאַנצן צוזאַמענגעגאָסן מיט די איבעריקע אָנהענגער, און דאָס, מיינט האַרקאַווי, וואָלט ניט מעגלעך געווען, ווען די גרינדער וואָלטן ניט געווען גערעדט קיין רוסיש.

און ט) די אײדעס פון צונץ, אַז די פּוילישע ייִדן, וואָס האָבן זיך אינעם זעכצנטן יאָרהונדערט געפונען אין די שטעט ברעשיאַ און מאַנטואַ, האָבן גערעדט פּויליש, און ספּעציעל צוליב זיי האָט מען געשריבן ייִדישע ספאָרים אין דער פּוילישער שפּראַך (די קסאָוויאַדן געפינען זיך נאָך איצט אין דער ביבליאָטעק פון פּאַרמאַ).

דאָס זײַנען די אַלע ראַיעס, וואָס מיט זיי וויל האַרקאַווי באַווײַזן, אַז די ייִדן אין די רוסיש־סלאַווישע געגנטן ביזן 16 יה. און טיילווײַז אויך אין אָנהייב 17־טן יה. האָבן גערעדט רוסיש. ליידער אָבער, זײַנען ניט אַלע זײַנע ראַיעס אײַנגעגעבן און ניט גענוג באַגרינדעט.

אַזוי, לעמאָשל, קאָנען דאָס געברויכן פון סלאַווישע נעמען, וואָס מיר באַגעגענען זיי בײַ דער ייִדיש־רוסישער באַפעלקערונג, בעשום־אויפן ניט דינען פאַר אַ באַווײַז, רוסיש איז געווען די מוטער־שפּראַך פון די דאָזיקע ייִדן. ס׳איז גאַנץ מעגלעך, אַז אַ פאָלק זאָל איבערנעמען באַם צווייטן פאָלק, וואָס עס קומט מיט אים אין נאָענטע באַריִרונגען, זײַנע נעמען און זאָל אין דער זעלבער צײַט לאַכלוטן בלײַבן פרײַ פון זײַן ווירקונג אינעם פראַט פון שפּראַך. ווי באַוווּסט, איז גריכיש קיינמאָל ניט געווען די אומגאַנג־שפּראַך פון די פּאַלעסטינער ייִדן, און דאָך האָבן זיי נאָך אַלעקסאַנדער מוקדנס צײַט גאַנץ אָפט זיך גערופן מיט גריכישע נעמען. די רוסישע סלאַוון האָבן אין זעכצנטן יאָרהונדערט געוויס ניט גערעדט קיין טאָטעריש, און דאָך באַגעגענען מיר בײַ זיי, אַפילע אין די ווײַטסטע צאָפן־טיילן, וואָס האָבן זיך ווייניקער באַריִרט מיט די טאָטערן, אַזעלכע עכט־טאָטערישע נעמען, ווי אַכמעט, מוראַט, מורזאַ און קעדוימע. מיר באַגעגענען אויך בײַ די רוסן אייניקע ייִדישע נעמען, וואָס זײַנען ניט קאַנאָניזירט געוואָרן דורכן קלויסטער, און די רוסן האָבן זיי, בעכיין, געמוזט דירעקט האָבן איבערגענומען בײַ דער ייִדישער באַפעלקערונג: שאָלעם, שלוימע (אָדער אין לאַטײַנישער טראַנסקריפּציע Schelom, Scheloma, Schloma[1]). קיינעם וועט דאָך ניט אײַנפאַלן צו זאָגן, אַז אין זין פון שפּראַך זײַנען די רוסן געווען באַאײַנפלוסט פונעם הײַפעלע ייִדן, וואָס האָבן צווישן זיי געוווינט.

מיר מוזן דאָ אויך באַמערקן, אַז די ייִדן אינעם ליטווישן קיניגרײַך אין 15—16־טן יה. האָבן גאַנץ אָפט געטראָגן מאַנגאָלישע נעמען, און מ׳וואָלט אַפן אײַגענעם סמאַך געקאָנט אויך אַרויסדרינגען, אַז די ליטווישע ייִדן האָבן צו יענער צײַט גערעדט אויף איינער פון די מאַנגאָלישע שפּראַכן.

אויך די ראַיע (נומער 8) פון די קאַווקאַזער סובאָטניקעס איז, לויט אונדזער מיינונג, ניט קיין געלונגענע. פונעם בריוו, וואָס דער מיטגליד פון דער דערמאָנטער סעקטע סימאָן לאַטישעוו האָט געשיקט צום קאַראַימישן כאָכעם כאַרטשענקאָ, איז בעשום־אויפן ניט צו דרינגען, אַז די דאָזיקע סעקטאַנטן זײַנען ייִדישע אַנוסים (אויב ס׳איז בכלל מעגלעך אין היסטאָרישע פאָרשונגען זיך סוימעך צו זײַן אויסשליסלעך אויף לעגענדעס). מיר זײַנען מאַסקים מיט האַרקאַווין, אַז די גרינדער פון דער סעקטע האָבן געמוזט זײַן ייִדן. עס איז צו גלייבן, אַז די דאָזיקע סעקטאַנטן שטאַמען פון די נאָווגאָראָדער און מאָסקווער „זשידאָווסטוויושטשי״, וואָס האָבן נאָכדעם, ווי ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן אויף זייער סעקטע רעדיפעס, פאַרלאָזט נאָווגאָראָד, מאָסקווע, ווי אויך אַלע אַנדערע גרויסע צענטערס פון רוסלאַנד און זיך באַזעצט אין ווײַטע פאַרוואָרפענע ווינקעלעך, ווו זיי האָבן זיך געקאָנט באַפרײַען פון דער גײַסטלעכער אַפּעטראָפּסעס פון דער רעכט־גלויביקער קירך און לעבן אין פולקומער אײַנשטימונג מיט זייערע רעליגיִעזע האַסאָגעס.

די גרינדער פון דער סעקטע זײַנען געווען קיִעווער אָדער טשערקעסער ייִדן. און די דאָזיקע ייִדן האָבן געוויס געמוזט קענען די רוסישע שפּראַך אין אַ מאָס, וואָס איז גענוג אויף צו קאָנען פרײַדיקן זייער עמונע צווישן דער רוסישער באַפעלקערונג, אָבער דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אַז רוסיש איז געווען זייער מוטער־שפּראַך, ווי אויך די מוטער־שפּראַך פון אַלע איבעריקע ייִדן אין די סלאַווישע געגנטן.

[1] זע ווערטערבוך פון די אַלט־רוסישע פּערזענלעכע נעמען פון טיפּיקאָוו.

וואָס איז שײַך צו דער יעדיִע, וואָס עס האָט געבראַכט דער היסטאָריקער צונץ, אַז אין פּאַרמער ביבליִאָטעק געפֿינען זיך ייִדישע ספֿרים און קסאָוויאַדן אין דער פּוילישער שפּראַך, איז דאָך הארקאַווי גופֿא מסופּק דערין. אין דעם קאַטאַלאָג פֿון די ייִדישע ספֿרים און מאַנוסקריפּטן אין דער דערמאָנטער ביבליִאָטעק, וואָס ס'האָט צונויפֿגעשטעלט דער געלערנטער גאַלעך פּעראָ (Perrau), געפֿינען זיך ניט די ספֿרים וואָס אויף זיי ווײַזט אָן צונץ.

זייער וויכטיק אין דעם פּראַט זײַנען די געפֿונענע אַלטע פּוילישע מאַטבייעס, וואָס די אויפֿשריפֿטן אויף זיי זײַנען אין דער סלאַווישער שפּראַך, נאָר מיט ייִדישע אויסיִעס. אָבער זיי קאָנען דאָך ניט דינען פֿאַר אַ גענוג זיכערן באַווײַז, אַז סלאַוויש איז געווען די מוטער־שפּראַך פֿון די ייִדן אין די רוסישע געגנטן. מע דאַרף געדענקען, אַז די כאַזאַרן, וואָס ביזן 10־טן יה. האָבן זיי געהערשט איבער אַלע סלאַווישע שטאַמען פֿון מיזרעך־אייראָפּע און וואָס אונטער זייער הערשאַפֿט זײַנען געווען אונטערגעוואָרפֿן, ווי ס'מיינען אייניקע היסטאָריקער (גומפּלאָוויטש און אַנד.), אויך די פּוילן, האָבן באַנוצט דעם ייִדישן אַלעפֿבייס. ס'איז בעכיין גאַנץ מעגלעך, אַז די ייִדישע שריפֿט, וואָס עס האָבן באַנוצט די הערשער פֿונעם סלאַווישן מיזרעך, איז ניט געווען גאָר פֿרעמד די סלאַווישע רעגירונגען. ס'איז אַפֿילע צו גלייבן, אַז די שריפֿט פֿונעם כאַזאַרישן הערשער איז אין דער צײַט פֿון דער כאַזאַרישער מאַכט געווען בײַ די אונטערדריקטע סלאַוון אַ מין „ערנשריפֿט". לעהייפּעך די ייִדן האָבן אויך פֿיל שפּעטער, אַפֿילע אינעם 16־טן יאָרהונדערט, דאָסראָוו ניט געקאָנט באַנוצן דעם רוסישן אַלעפֿבייס. ס'איז, בעכיין, גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, אַז די ייִדן, ניט ווייסנדיק דעם סלאַווישן אַלעפֿבייס, האָבן, גיסנדיק די מאַטבייעס, באַנוצט די ייִדישע שריפֿט, וואָס איז געווען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט די הערשנדיקע קלאַסן פֿון דער פּוילישער געזעלשאַפֿט. עמעס, דאָס איז זייער וויכטיק, אַלס באַווײַז, אַז נאָך אין 10־טן—11־טן יאָרהונדערט איז די ייִדן ניט פֿרעמד געווען דער געדאַנק פֿון צו באַנוצן ייִדישע אויסיִעס פֿאַר אַ פֿרעמדער שפּראַך, און זיי האָבן אויך דעריבער פֿאַר דער רוסישער שפּראַך געקאָנט באַנוצן ייִדישע אויסיִעס, אָבער דאָס קאָן ניט דינען פֿאַר אַ ראַיִע, אַז רוסיש איז געווען די מוטער־שפּראַך פֿון די ייִדן אין די סלאַווישע געגנטן.

ס'קאָנען, הייסט עס, קומען אין באַטראַכט די איבעריקע פֿינף ראַיעס. דערבײַ דאַרפֿן מיר אָבער באַמערקן, אַז די סלאַווישע ווערטער, וואָס באַגעגענען זיך בײַ ר' נאָסן בען רעב יעכיִעל פֿון רוים (ראַיִע „א"), ווי ס'ווײַזט אָן ה' הארקאַווי גופֿע, קאָנען ניט באַווײַזן, אַז סלאַוויש איז געווען די אומגאַנג־שפּראַך פֿון ר' נאָסנס טאַלמידים פֿון די רוסישע געגנטן. אין ר' נאָסנס צײַט זײַנען געווען געגרינדעט אין דאָרעם־אייראָפּע בײַ די גרענעצן פֿון איטאַליע אייניקע סלאַווישע מעלוכעס, וואָס די איטאַליענישע ייִדן פֿלעגן קומען מיט זיי אין מיסכער־באַרירונגען און האָבן דעריבער געמוזט מער אָדער ווייניקער פֿאַרשטיין די סלאַווישע שפּראַכן. ר' נאָסנס טאַלמידים, ווידער, האָבן געקאָנט האָבן אַ וואָסער־עס־איז אַנדער מוטער־שפּראַך, זיי האָבן אָבער דאָך פֿאַרשטאַנען סלאַוויש, די שפּראַך פֿון דער באַפֿעלקערונג, וואָס צווישן איר האָבן זיי געלעבט. סלאַוויש איז, בעכיין, געווען די שפּראַך, וואָס אויף איר האָט ר' נאָסן מיט זײַנע סלאַווישע טאַלמידים זיך געקאָנט צונויפֿרעדן, און ס'פֿאַרשטייט זיך בעמיילע, אַז אין דער שפּראַך האָט ר' נאָסן זיי איבערגעזעצט אייניקע העברעע ווערטער פֿון זייער לימעד. דאָס אייגענע וואָלט מען עפּשער געקאָנט זאָגן אויך וועגן ר' יוסף קאַראָ, וואָס איז אין זײַנע פֿיל וואַנדערונגען געוויס געקומען אין באַרירונג אויך מיט סלאַוון און זיך באַקאַנט מיט דער סלאַווישער שפּראַך. נאָר די גרויסע צאָל סלאַווישע ווערטער, וואָס געפֿינען זיך אין יוסף קאַראָס קסאָווים, וואָס פּירקאָוויטש האָט אַנטדעקט אין קרים, פֿעלן אין די קסאָווים, וואָס געפֿינען זיך אין פּאַריזשער ביבליִאָטעק, און דאָס ווײַזט, אַז די דאָזיקע סלאַווישע ווערטער זײַנען אַרײַנגעבראַכט געוואָרן פֿון די איבערשרײַבער, וואָס האָבן איבערגעזעצט די העברעע ווערטער אויף זייער מוטער־שפּראַך, ווי אויך אויף דער שפּראַך פֿון די סלאַווישע ייִדן, פֿאַר וועמען זיי האָבן די דאָזיקע קסאָווים איבערגעשריבן. וואָס איז שײַך צו ראַשע, איז קיין סאָפֿעק ניט, אַז אים איז געווען אומבאַקאַנט די סלאַווישע שפּראַך, און די עטלעכע סלאַווישע ווערטער, וואָס באַגעגענען זיך בײַ אים, זײַנען געוויס אַרײַנגעטראָגן געוואָרן דורך זײַנע טאַלמידים, וואָס האָבן זיך די דאָזיקע ווערטער איבערגעזעצט אויף זייער מוטער־שפּראַך.

מיר קאָנען זיך אויך מיט צוטרוי באַציִען צו די איידעס פֿון איבן כורדאַבאַדע (ראַיִע נומ. 9), אַז ער האָט נאָך אין 9־טן יה. באַגעגנט ייִדן, וואָס רעדן רוסיש, האַגאַם די ערשטע יעדיִע וועגן ייִדן אין „קיִעווסקאַיאַ רוס" באַגעגענען מיר ערשט אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 10־טן יה. דער היסטאָריקער טאַטישטשעוו דערציילט וועגן צוויי מילכאָמעס צווישן די רוסן און כאַזאַרן (967—965 יאָר), ווו די רוסן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ גלענצנדיקן ניצאָכן איבער די כאַזאַרן, האָבן פֿיל פֿון זיי געפֿאַנגען און באַזעצט זיי אין די שטעט באַם טײַך דניעפּער[1]. ס'איז אָבער קיין סאָפֿעק ניט, אַז די דאָזיקע שוווִים זײַנען ניט געווען די ערשטע ייִדישע קאָלאָניסטן אין די רוסישע געגנטן. ווי

---

[1] «История Российского Государства», т. 2, с. 392—393.

באַוווּסט, איז דער האַנדלס־פאַרקער צווישן די כאַזאַרן און סלאַוון געווען שטאַרק אַנטוויקלט נאָך אין 9־טן—8־טן יה. די הויפּט־שטאָט פון די כאַזאַרן איז געווען אין דער זעלבער צײַט אויך דער הויפּט־האַנדלס־צענטער פאַר די סלאַווישע סאָחרים, און מ׳האָט דאָ טאָמיד געקאָנט טרעפן אַ גרויסע צאָל סלאַווישע סאָחרים, וואָס האָבן געהאַט זייערע לאַגערן, און עס פאַרשטייט זיך, בעמיילע, אַז אויך אין סלאַווישן האַנדלס־צענטער קיִעוו האָט זיך געפונען אַ באַדײַטנדיקע צאָל כאַזאַרישע סאָחרים, וואָס צווישן זיי זײַנען, מיסטאָמע, געווען ניט ווייניק ייִדן אָדער ייִדישע גיירים.

אָבער אויך אַכוץ „קיִעווסקאַיאַ רוס“ האָבן די ייִדן געקאָנט קומען אין נאָענטע באַציִונגען מיט די סלאַוון. אין האַנאַדווריִע — אָדער ווי זי האָט זיך שפּעטער גערופן טמוטאַראַקאַניִא, וואָס האָט זיך געפונען ביזן צענטן יאָרהונדערט אונטער דער מאַכט פון די כאַזאַרן, — האָט פון די אוראַלטע צײַטן געלעבט אַ באַדײַטנדיקע ייִדישע באַפעלקערונג. אין אָנהייב פון נײַנטן יאָרהונדערט האָבן זיך דאָרט באַזעצט אייניקע רוסישע שטאַמען און זײַנען געוואָרן מיט די ייִדן גאַנץ נאָענטע שכיינים. די איידעס פון איבן כורדאַבאַדע וועגן ייִדן, וואָס האָבן גערעדט סלאַוויש, וועט ווערן נאָך מער גלייבלעך, ווען מיר וועלן דערמאָנען, אַז די ייִדן האָבן זיך באַגעגנט מיט די טמוטאַראַקאַנישע רוסן אין דעם פּעריִאָד, ווען זיי, די ייִדן, האָבן אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע פּראָזעליטישע טעטיקײַט אין דער כאַזאַרישער מעלוכע. עמעס, אויך דאָ זײַנען נאָר אַ טייל כאַזאַרן איבערגעגאַנגען צום ייִדישן גלויבן; אָבער דער פאַקט, וואָס דער כאַזאַרישער הערשער מיט זײַן הויף, אונטער וועמענס מאַכט ס׳זײַנען געווען אונטערגעוואָרפן אויך די טמוטאַראַקאַנישע רוסן, האָבן געהערט צום ייִדישן גלויבן, האָט ניט געקאָנט בלײַבן אָן ווירקונג אַף דער שטעלונג פון די טמוטאַראַקאַנישע רוסן צו דער ייִדישער עמונע, און געוויס האָבן אייניקע פון זיי נאָכגעטאָן זייער הערשער.

אָט די אַלע ראיִעס, וואָס זײַנען גענוג, לויט אונדזער מיינונג, אַף צו פאַרענטפערן די פראַגע וועגן דער שפּראַך, וואָס אַף איר האָבן די ערשטע ייִדישע קאָלאָניסטן אין די רוסישע געגנטן גערעדט טיילווײַז ביזן 16־טן יאָרהונדערט, דה. ביז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די שטאַרקע עמיגראַציע פון די פּוילישע און מײַרעוו־אייראָפּעיִשע ייִדן אין ליטווישן קיניגרײַך, געפינט דער היסטאָריקער ש. דובנאָוו פאַר ניט איבערצײַגעוודיק. אַפּלייקענען די שפּראַך־אָפּגעזונדערטקײַט פון די ייִדן אין די סלאַווישע געגנטן, זאָגט דובנאָוו, קאָנען נאָר די, וואָס איגנאָרירן באַוווסטזיניק די צאָלרײַכע ייִדישע דאָקומענטן, אָדער זײַנען ניט באַקאַנט מיט דער מין ליטעראַטור ניט באַנוצן[1]. דערבײַ האָט אָבער ש. דובנאָוו פאַרגעסן, אַז דער ערשטער און איינציקער, וואָס האָט ערנסט און וויסנשאַפטלעך באַטראַכט די דאָזיקע פראַגע, איז האַרקאַווי, וועלכער איז דאַפקע אַפן סמאַך פון דער ראַבאָנישער ליטעראַטור געקומען צו דער מיסקאַנע, אַז די ערשטע ייִדישע קאָלאָניסטן אין די רוסישע געגנטן האָבן שפּראַכלעך זיך אַסימילירט מיט די סלאַוון, און די שפּראַך־אָפּגעזונדערטקײַט האָט זיך אָנגעהויבן אין די רוסישע געגנטן ניט פריִער פון סאַף 16־טן יאָרהונדערט. די ווערטער פון ר׳ מייער קאַץ, וואָס דינען בא האַרקאַווין אַלס זעקסטע ראיִע, זאָגט ווײַטער ה׳ דובנאָוו, דאַרפן אויסגעטײַטשט ווערן אין דעם זין, אַז די ייִדן אין די רוסישע געגנטן פון פּוילן האָבן, אַכוץ זייער ייִדיש־דײַטשישער שפּראַך, געקענט אויך די רוסישע שפּראַך, וואָס אין איר פלעגן זיי זיך צונויפרעדן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג, און אַז ר׳ מייער האָט געוואָלט, אַז די ייִדישע שפּראַך זאָל זײַן בא זיי די איינציקע, ווי, לעמאָשל, אין די צענטראַלע געגנטן פון פּוילן.

פאַר אונדז איז ניט וויכטיק די אַבסאָליוטע צאָל ייִדן, וואָס האָבן נאָך אין אָנהייב 17־טן יאָרהונדערט גערעדט רוסיש, אַלס מוטער־שפּראַך. וויכטיק איז פעסטצושטעלן, אַז רוסיש, אַלס אומגאַנגס־שפּראַך פון אַ טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין די סלאַווישע געגנטן, איז געווען אַ מער אָדער ווייניקער מאַסנהאַפטע דערשײַנונג נאָך אין אָנהייב 17־טן יאָרהונדערט.

ר׳ מייער קאַץ האָט ניט באַהויפּטעט, אַז אַלע ייִדן (אויך די מײַרעוו־אייראָפּעיִשע אימיגראַציע, וואָס האָט שוין אין זײַן צײַט געשפּילט די הויפּט־ראָליע אינעם ייִדישן לעבן פון ליטע און רײַסן) האָבן גערעדט רוסיש אַלס אומגאַנגס־שפּראַך. ער האָט דאָך בלויז גערעדט וועגן די „בניי־בריסנו“, אָבער אויך וועגן זיי האָט ער דערציילט, אַז ניט אַלע, נאָר בלויז דאָסראָוו פון זיי געברויכט רוסיש אַלס אומגאַנגס־שפּראַך. דאָס איז איינער פון די וויכטיקסטע באַווײַזן, אַז נאָך אין אָנהייב 17־טן יאָרהונדערט זײַנען רוסיש־רעדנדיקע ייִדן געווען אַ גאַנץ אָפטע דערשײַנונג אין ליטע און רײַסן.

אין דער זעלבער צײַט, ווו דער ייִד זאָל ניט וווינען, וואָס ער זאָל ניט טאָן, איז ער אַלעמאָל געווען עקאָנאָמיש, יורידיש און קולטורעל צונויפגעבונדן מיט טויזנטער פעדעם און אָפּהענגיק פון דער ייִדישער קעהילע, צו וועלכער ער האָט טעריטאָריִעל געהערט, און האָט דעריבער בעשום־אויפן ניט געקאָנט זך באַפרײַען פון דעם קולטורעל־שפּראַכלעכן אײַנפלוס פון דער ייִדישער גע־מיינדע אַף אַזויפיל, אַז ער זאָל לאַכלוטן פאַרגעסן די ייִדישע שפּראַך.

---

[1] «Еврейская Страна», 1909, т. I, стр. 24.

**מיר** אינפאָרמירן אונדזערע לייענער

# דער אנטיסעמיטיזם אין די מייַרעוו-לענדער זעצט פאָר צו בושעווען

## קאנאדע

### ארום א באריכט פון בני־ברית

דער באריכט פון בני־ברית, — שרייַבט אין זייַן ארטיקל דער קאנאדער זשורנאליסט אבראהאם ארנאָלד. — העלפט מיט אין א געוויסער מאָס צו פארשטיין דעם כאראקטער פונעם אנטיסעמיטיזם אין קאנאדע. ער האָט אָבער וועזנטלעכע בלויזן.

דער באריכט פארן 1985 אונטערשיידט זיך פון די באריכטן פאר די פריִערדיקע יאָר, אַף וויפל אין אים ווערן געבראכט אָנגאבן וועגן די אנטיסעמיטישע עקסצעסן, ווי אויך ידיִעס וועגן דעם אויספרעג פון דער געזעלשאפטלעכער מיינונג ארום דער פראגע פון דער באציִונג צו די ייִדן אין פארגלייַך מיט דער באציִונג צו צוויי אנדערע נאציאָנאלע מינדערהייַטן — איטאליענער און פאליאקן. יעדן פון די דאָזיקע אָפּטיילן וואָלט מען געדארפט באטראכטן באזונדער.

אין 1985 זייַנען אין קאנאדע פארעגיסטרירט געוואָרן 95 אנטיסעמישע עקסצעסן, דה. אַף 24,6% ווייניקער, איידער אין 1984. דאָס זייַנען געווען אקטן פון וואנדאליזם, אטענטאטן אַף אנשטאלטן און פריוואטע הייַזער און אָנפאלן אַף מענטשן. די דאָזיקע ציפערן ווערן צונויפגעשטעלט לויט די מיטיילונגען, וועלכע קומען אָן אין די אָפּטיילונגען פון בני־ברית. אזעלכע אָפּטיילונגען זייַנען אָבער אין א סאך ערטער ניטאָ. פון מאניטאָבא האָט מען, לעמאָשל, מיטגעטיילט אין דער אָפּטיילונג פון בני־ברית, וועלכע געפינט זיך אין וויניפעג, וועגן זיבן אנטיסעמיטישע אקטן. פון אנדערע פראָווינצן, ווו עס זייַנען ניט פאראן אזעלכע אָפּטיילונגען, — פון ניו־בריונסוויק, אשטייגער, האָט מען אָנגערופן בלויז איין פאל פון אן אנטיסעמיטישער אקציע, פון אלבערטא און בריטאנישער קאָלומביע — צו צוויי אקציעס.

אַף וויפל בייס דער אקציע אין דער בריטאנישער קאָלומביע האָבן די אנטיסעמיטן אונטערגעצונדן א סינאגאָגע און א געבעט־הויז, וואָלט די דאָזיקע געשעעניש סייַוויסיי געוואָרן באוווּסט, ווייַל וועגן דעם האָבן געשריבן די צייַטונגען (אגעוו, איז מען אַף דער סינאגאָגע אין וואנקוּווער אָנגעפאלן אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר ניט איין מאָל). די דאָזיקע צוויי כוליגאנישע אקטן אין וואנקוּווער זייַנען אוודאי געווען מער ערנסטע, איידער יענע זיבן פאלן, וועלכע זייַנען פאָרגעקומען אין מאניטאָבא, — וועגן זיי איז גאָרנישט ניט מיטגעטיילט געוואָרן אָדער דערמאָנט דערעכאגעוו.

וואָס איז שייַעך דער אלגעמיינער צאָל פארעגיסטרירטע אנטיסעמיטישע אקטן, איז זי געפאלן פון 59 אין 1982 ביז 46 אין 1983, זיך פארגרעסערט ביז 121 אין 1984 און פארקלענערט געוואָרן ביז 83 אין 1985. די דאָזיקע וואקלונגען קאָן מען דערקלערן פארשיידן, נאָר אינעם באריכט ווערט די פראגע ניט באהאנדלט.

מע קאָן זיך מעשאער זייַן, אז די צאָל אנטיסעמיטישע אקטן האָט זיך פארגרעסערט אין 1984 אין פארגלייַך מיטן 1983, ווייַל עס האָט זיך פארשטארקט דער האס און די אומטאָלעראנץ צו אנדערע עטנישע, ראסעווע און רעליגיִעזע מינדערהייַטן, און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויך אַף דער באציִונג צו די ייִדן. דעריבער דארפן מיר וויסן, אין וועלכער מאָס האָט דער וואנדאליזם אָנגערירט פארשטייער פון אנדערע מינדערהייַטן. בא דער הייַנטיקער אנטוויקלונג אין דער וועלט טאָר מען ניט באהאנדלען דעם אנטיסעמיטיזם אָפּגעריסן פון אנדערע פאָרמען ראסיזם.

ס'איז קיין סאָפעק ניט, אז א באדייַטנדיק ווערטפולע אינפאָרמאציע וואָלט מען געקאָנט באקומען פון א מער טיפערן דערלערנען די אויספרעגן פון דער געזעלשאפטלעכער מיינונג מיקויעך דעם אנטיסעמיטיזם, ראסעווער, עטנישער און רעליגיִעזער דיסקרימינאציע אין קאנאדע פארן פארגאנגענעם יאָרצענדליק.

א ב ר א ה א ם  א ר נ אָ ל ד

# ענגלאַנד

## וואָס מיר דערוויסן זיך פֿון באַגלייבטע קוואַלן

די ייִדישע קהילה פֿון בריטאַניע לעבט איבער אומרויִקע צײַטן. אַלץ מער און מער באַווײַזן זיך סימנים פֿון דעם, אַז אין לאַנד צעבושעוועט זיך דער אַנטיסעמיטיזם אין אומגעהערטע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה מאַסשטאַבן. די אָנפֿאַלן הײַנטיקס יאָר אויף סינאַגאָגעס און בעסאַלמענס האָבן דערוועקט דעם אַמאָליקן פּחד.

די לעצטע גרויסע כוואַליע פֿון אַנטיסעמיטיזם האָט אויפֿגעטרייסלט ענגלאַנד אין די דרײַסיקער קריזיס־יאָרן, ווען זי האָט דערגרייכט די קולמינאַציע אין די בלוטיקע געשלעגן אין לאָנדאָנער איסט־ענד. דאַן האָבן די שוואַרצמייעדיקע קוילערס פֿונעם נײַ־געבוירענעם „פֿיורער" אָסוואַלד מאָסלי אַרויסגעיאָגט די ייִדן פֿון די אַלטע פּראָדוצירצענטערס. בלויז מאַנטשעסטער האָט פֿאַרהיט די ייִדישע קהילה.

פֿאַרן פּעריאָד צווישן מאַרט און מײַ פֿונעם הײַנטיקן יאָר זײַנען פֿאָרגעקומען דרײַ אַקטן פֿון וואַנדאַליזם אין די ייִדישע בעסאַלמענס אין מאַנטשעסטער און ליווערפּול. אין איין פֿאַל זײַנען 50 מאַצייוועס פֿאַרשוועכט געוואָרן מיט האַקנקרייצן. באַליידיקנדיקע אויפֿשריפֿטן און העסלעכע לאָזונגען האָבן זיך באַוויזן אויף די ווענט פֿון די סינאַגאָגעס אין ליווערפּול, קאָווענטרי און לאָנדאָן. אויף איינעם פֿון די לאָזונגען איז געווען אָנגעשריבן: „מיר שפּירן נאָך אײַך נאָך".

דעם 7 יאַנוואַר 1987 איז די שטאַב־קוואַרטיר פֿון דער אַסאָציִאַציע פֿון ייִדישער יוגנט באַשמירט געוואָרן מיט דראָענדיקע אויפֿשריפֿטן, און אין צוויי כאַדאָשים אַרום האָבן עסעס־צייכנס און ענלעכע אויפֿשריפֿטן זיך באַוויזן אויפֿן מעמאָריִאַל אין אָנדענק פֿון די קאָרבאָנעס פֿונעם פֿאַשיזם. נאָך אין אַ כוידעש אַרום האָבן זיך באַוויזן אויפֿשריפֿטן „נאַציִאָנאַלער פֿראָנט" און „זעקס מיליאָן — דאָס איז אַ ליגן" אויפֿן הויז, וווּ ס'איז עקספּאָנירט געוואָרן אַן אויסשטעלונג, געווידמעט אַנאַ פֿראַנק.

פֿאָרשטייער פֿון דער בריטאַנישער ייִדישער אַסאַמבליי האָבן מיטגעטיילט אויך וועגן אָנפֿאַלן מיט קאַלט געווער. די ייִדישע שילער פֿון דער שול אין לאָנדאָנער ראַיאָן קעמדען זײַנען טעראָריזירט געוואָרן מיצאַד באַנדעס פֿון אַנדערע שילער. די יונגע באַנדיטן האָבן געדראָט די ייִדישע מיידלעך מיט מעסערס, מיט שטעקנס, פֿון וועלכע ס'האָבן אַרויסגעשטאַרטשעט צוועקעס, און מיט אײַזערנע טרויבן. דער דירעקטאָר פֿון דער שול דזשאָ וואַגערמאַן האָט דערנאָך געזאָגט די קאָרעספּאָנדענטן: „דאָס האָט אַרויסגערופֿן פּאַניק אין דער ייִדישער געמיינדע, די קינדער זײַנען דערשראָקן און ווילן ניט גיין אין שול". די פּאָליציי האָט געמוזט אויסטיילן דרײַסיק פּאָליציִאַנטן אויף צו אָפּפֿירן אַהיים באַ אָנדערהאַלבן טויזנט שילער.

„איר ווייסט, וואָס עס רופֿט אַרויס אַ פֿאַרדאַכט, — האָט פֿאָרגעזעצט וואַגערמאַן. — מע האָט מיר דערציילט וועגן אַ מיידעלע, וועלכע איז אַרײַנגעלאָפֿן אין אַ קאָנדיטערײַ, בעטנדיק שטיצע. האָט דער באַלעבאָס פֿון דער קאָנדיטערײַ זי אַרויסגעשלײַדערט אויף דער גאַס גלײַך אין די הענט אַרײַן פֿון די קליינע באַנדיטן. דאָס איז פֿאַרביסענער אַנטיסעמיטיזם, וועלכער איז אויפֿגעשטאַנען טכ׳אַס־האַמייסים". די עלטערן נעמען אַוועק די קינדער פֿון דער שול, ווײַל זיי זײַנען שאָקירט פֿון דער אומפֿעיִקייט פֿון די מאַכט־אָרגאַנען זיך ספּראַווען מיט די צעבושעוועטע ראַסיסטן.

מענטשן זײַנען באַאומרויִקט פֿון דעם, וואָס דער ראַסיזם מאַסקירט זיך אָפֿט אונטער אַנטי־ציוניזם. אונטער דער דאָזיקער מאַסקע האָט ער געלאָזט טיפֿע וואָרצלען אַפֿילו אין די העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן, לעמאָשל, אין די אוניווערסיטעטן. עס זײַנען שוין געמאַכט געוואָרן פּילצאָליקע פּרוּוון אויסצושליסן ייִדישע געזעלשאַפֿטן פֿונעם באַשטאַנד פֿון די סטודענטישע קלובן אין די אוניווערסיטעטן און פּאָליטעכנישע אינסטיטוטן — אַזעלכע, ווי „סאַנדערלענד פּאָליטעקניק", דער אוניווערסיטעט פֿון כ. וואָט, די אינסטיטוטן אין עדינבורג און לאָנדאָן. אין נאָטינגעמער אוניווערסיטעט האָבן זיך אויף די ווענט פֿון די צוזאַמענווינונגען באַוויזן האַקנקרייצן, און אייניקע ייִדישע סטודענטן האָט מען צענערעקט. אינעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט פֿון צאָפֿן־לאָנדאָן זײַנען כוליגאַנעס אָנגעפֿאַלן אויף דער געבײַדע פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט, צעבראָכן דאָס גאַנצע מעבל, געבראַכט שאָדן אויף עטלעכע טויזנט פֿונט סטערלינגען. עס זײַנען אַפֿילע אַטאַקירט געוואָרן מיצאַד מיטגלידער פֿון דער פֿעדעראַציע פֿון קאָנסערוואַטיווע סטודענטן דאָס הויז פֿונעם געוועזענעם מיטגליד פֿון דער רעגירונג, דעם מיניסטער פֿאַר אינערן־איניִאָנים לעאָן בריטאַן און פֿונעם איצטיקן מיניסטער לאָרד יאַנג.

„ווען מיט דרײַ יאָר צוריק בין איך אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט, האָט זיך מיר אויסגעוויזן פֿאַר אַן אַבסורד די אידיי גופֿא פֿון פֿאַרבאָטן די ייִדישע געזעלשאַפֿט, איצטער גלייב איך אין דעם". — זאָגט דער 21־יאָריקער עשלי כאַרשאַק, דער פֿאָרזיצער פֿונעם פֿאַרבאַנד ייִדישע סטודענטן, וועלכער פֿאַרייניקט פֿינף טויזנט מיטגלידער. זײַענדיק איז ער געווען אַ מיטגליד פֿון דער נאַציִאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פֿון סטודענטן־לייבאָריסטן. איצט זעט ער, אַז דער פֿאַרבאַנד פֿון ייִדישע סטודענטן גייט בעהאַדראָגעדיק אָפּ פֿון די לייבאָריסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס איבער די קעסיידערדיקע רדיפֿות. די סטודענטן־ייִדן צווינגט מען סיסטעמאַטיש דערווײַזן, אַז זיי זײַנען „אידעאָלאָגיש געזונטע אין זין פֿון דער פּאָליטיק אויפֿן נאָענטן מיזרעך". „דאָס שטויסט אָפּ מענטשן, ווען מע פֿרעגט קעסיידער: אויף וועלכע פּאָזיציעס שטייט איר בענעגייע ייִשראָעל?" — זעצט פֿאָר כאַרשאַק. — פֿיל ווילן פּאַשעט ניט פֿאַרשטיין, אַז אויב דו ביסט אַ ייִד, דאַרפֿסטו ניט אומבאַדינגט זײַן מאַסקים מיט דער אַגרעסיווער פּאָליטיק פֿון ייִשראָעל".

— די ייִדן פֿון היינטיקן ענגלאַנד באַהאַנדלען אָן כיישעק זייערע זאָרגן. נאָר וויניקער זײַנען זיי שולדיק אינעם פּראָוואָצירן די איצטיקע אומגעבונג. זיי געפֿינען זיך אין שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער פּאָליציי און ווילן גלייבן, אַז דאָס, וואָס עס פֿאַרמערן זיך די באַריכטן וועגן אָנפֿאַלן אויף זיי, איז פּאַשעט אַ רעזולטאַט פֿון בעסערער אײַנפֿאָרמירטקייט. עס רעכנט זיך, אַז די צאָל ייִדן האָט זיך פֿאַרקלענערט, איבער דער געצוווּנגענער עמיגראַציע אין די דרײַסיקער יאָרן, אויף אַ פֿערטל. היינט לעבן אין בריטאַניע בלויז 330 טויזנט מענטשן, וועלכע וואָגן צו דערקלערן, אַז זיי זײַנען ייִדן.

די פֿאָרשטייער פֿון דער געמיינדע זאָגן, אַז זיי האָבן אייגענע קויכעס אויף צו אונטערהאַלטן די אָרדענונג און זיכערן די געפֿאַרלאָזיקייט. דאָס דערלויבט רעגיסטרירן די אַטאַקעס און אָנפֿאַלן, באַשיצן די סינאַגאָגעס און פֿאַרזאַמלונגען, ווי אויך אָנגעזעענע פֿאָרשטייער פֿון דער געמיינדע. די קרעפֿטן פֿון אונטערהאַלטן די אָרדענונג זײַנען איצט געבראַכט געוואָרן אין אַ צושטאַנד פֿון „געהעכערטער קאַמפֿס־גרייטקייט" און וואַכזאַמקייט, וואָס עס איז ניט געוווּנטשנסווערטיק אין אַלע הינזיכטן. די דאָזיקע טעמע ווערט ניט באַהאַנדלט מיט פֿאָרשטייער פֿון דער פּרעסע און פֿון די מיטלען פֿון מאַסן־אינפֿאָרמאַציע — אויך צוליב די זעלבע טעמים. נאָר די בעסאַלמענס זײַנען געוויס אַ באַקוועם צילברעטל פֿאַר אַטאַקעס, אויף וויפֿל עס איז פּראַקטיש ניט מעגלעך צו באַוואָרענען אַ זיכערע שוץ פֿון די דאָזיקע ערטער אין מעשעך פֿון דעם גאַנצן מעסלעס.

(„סאַנדי טעלעגראַף, לאָנדאָן)

◇

## יאַפּאָניע

### „דאַכט זיך, אַז אין אַלץ זײַנען שולדיק די ייִדן"

די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער אויסלענדישער פּרעסע האָבן צוגעצויגן די אַנטפּלעקונגען פֿון נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען אין יאַפּאָניע, בפֿראַט אַנטיסעמיטישע, וועלכע עס צעבלאָזן געשעפֿטלעכע און פֿינאַנסיעלע קרײַזן.

„דאַכט זיך, אַז אין אַלץ זײַנען שולדיק די ייִדן", — די יאַפּאָנער זוכן אַ דערקלערונג פֿון די עקאָנאָמישע שוועריקייטן, וועלכע עס לעבט איבער זייער לאַנד. וועגן דעם זאָגט איידעס דער בוך „אויב איר פֿאַרשטייט די ייִדן, קאָנט איר פֿאַרשטיין די גאַנצע וועלט", וועלכער איז געוואָרן אַ בעסטסעלער. אין מעשעך פֿון 11 כאַדאָשים איז אויספֿאַרקויפֿט געוואָרן 400 טויזנט עקזעמפּליאַרן פֿון אָט דעם בוך.

„דער צווישנפֿעלקערלעכער ייִדישער קאַפּיטאַל", — שרײַבט דער אַווטאָר פֿונעם בוך מאַסאַמי אונאָ. — האָט פֿיל יאָרן דערלאַנגט קלעפּ איבער יאַפּאָניע". די באַשולדיקונג פֿונעם געוועזענעם פּרעמיער־מיניסטער קאַקוייי טאַנאַקי אין כאַבאַר אין 1976 און דאָס אַרויסרוקן דאָרעם־קאָרייע אַלס קאָנקורענט פֿון יאַפּאָניע — דאָס איז אַ טייל פֿון דער פֿאַרשווערונג. און איצטער איז אויפֿגעקומען די פּראָבלעם פֿון דער טײַערער מאַטבייע יענע, וועלכע, ווי עס ווײַזט אָן אונאָ, האָבן געשאַפֿן ייִדישע באַנקירן, כדי אַרונטערצורײַסן און אונטעראָרדענען אונטער זיך די יאַפּאַנישע עקאָנאָמיק.

אונאָס בוך האָט געהאַט אַזאַ דערפֿאָלג, אַז די פֿאַרזעצונג איז דערשינען אין 250 טויזנט עקזעמפּליאַרן, און עס האָבן נאָך אונאָן נאָכגעפֿאָלגט אויך אַנדערע יאַפּאַנישע אַווטאָרן.

די דאָזיקע ליטעראַטור זאָגט איידעס וועגן דעם שאַרפֿן אויפֿשטײַג פֿונעם אינטערעס פֿון די יאַפּאָנער צו אַלץ, וואָס עס איז פֿאַרבונדן מיט די ייִדן. איינער אַ ביכער־מאַגאַזין אין טאָקיאָ האָט ניט לאַנג צוריק איינגעאָרדנט אַ באַזאַר, אויף וועלכן עס זײַנען געווען פֿאָרגעשטעלט ביכער אויף אָט דער טעמע.

די קליינצאָליקע ייִדישע געמיינדע אין יאַפּאָניע, וועלכע ציילט אינגאַנצן טויזנט מענטשן, פֿילט דערווײַל ניט קיין פּערזענלעכע באַאומרויִקונג אין צוזאַמענהאַנג מיט די דאָזיקע פּובליקאַציעס, האַגאַם אייניקע טראָגן אַן אָפֿן אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. „99 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון יאַפּאָניע ווייסט ניט, וואָס עס שטעלן מיט זיך פֿאָר דער יודאַיִזם און די ייִדן, — זאָגט דער ביזנעסמען וואַלטער ציטרין, וועלכער שטייט בעראָש פֿונעם צענטער פֿון דער ייִדישער געמיינדע אין טאָקיאָ. — די יאַפּאָנער האַלטן זיי (די ייִדן) פּאַשעט פֿאַר אויסלענדער".

די אָנגעוויזענע ביכער זײַנען אַ צייכן פֿון אַן אויפֿשטײַג פֿון דעם נאַציאָנאַליסטישן עקסטרעמיזם. „אין פֿאַרגלײַך מיט אַנדערע אינדוסטריעלע לענדער האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין יאַפּאָניע אַ מער פֿעסטן אינטעלעקטועלן באָדן", — האָט לעצטנס געשריבן אין דער צײַטונג „ניו־יאָרק טײַמס" דער ספּעציאַליסט איבער יאַפּאָניע פֿונעם אילינאָיסער אוניווערסיטעט דעוויד גודמען.

די יאַפּאָנער שטאָלצירן מיט זייער „איינראַסעווער געזעלשאַפֿט". די מערהײַט פֿון די, וואָס קויפֿן ביכער וועגן דער „ייִדישער פֿאַרשווערונג", שטעלן זיך, ווײַזט אויס, ניט פֿאָר, אַז אין זיי ווערן רעאַנימירט וואַריאַנטן פֿון די טעאָריעס, וועלכע די נאַציסטן האָבן אויסגעניצט צוליב באַרעכטיקן דעם מאָרד פֿון מיליאָנען ייִדן.

**דושאָן באַרדזשעס**
(„גערעלד טריביון", לאָנדאָן)

◇

ווענן דער פאַרגאַנגענהייט פון דעם דאָזיקן ייִשעוו דערמאָנען צוויי ייִדישע בעסאָלמענס.

אויף אָרט, וווּ ס'איז פריִער געשטאַנען די סינאַגאָגע, איז איצט אַ קאַפע און אַ זאַל מיט שפּיל־אויטאָמאַטן. דער בורגאָמיסטער האָט זיך אָפּגעזאָגט אײַנשטעלן אויף דער וואַנט פון דער געבײַדע אַ מעמאָריאַל־טאָוול, דערקלערנדיק, אַז צום איצטיקן אויסזען פון דער געבײַדע וועט אַזאַ טאָוול ניט זײַן צוגעפּאַסט. . .

א נ א   ט א מ פ א ר ד

(„גאַרדיאַן", לאָנדאָן)



## מיזרעוודײַטשלאַנד

### געווינלעכער אַנטיסעמיטיזם

אַנטיסעמיטיזם פאַרבלײַבט אַ שאַרפע פּראָבלעם אין דער דײַטשישער פעדעראַטיווער רעפּובליק, האָגאַם די אָנפירער פונעם לאַנד מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי זײַנען פאַרטיידיקער פון מענטשן־רעכט. אָט איז אַ באַשײַמפּערלעכער פאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין מיזרעוו־דײַטשישן שטעטל געדערנע, וואָס ציילט איינגאַנצן 7 טויזנט אײַנוווינער. דער איינציקער ייִד, וועלכער האָט דאָרט געלעבט, איז געצוווּנגען פאַרלאָזן זײַן היים, ניט אויסהאַלטנדיק די ראַסיסטישע באַליידיקונגען.

דאַן קיזעל, דער 49־יאָריקער כירורג, האָט פאַרמאַכט זײַן קאַבינעט און זיך איבערגעקליבן אין אַ קליין דערפל, קעדיי „אויסוואַרטן, מיט וואָס עס וועט זיך פאַרענדיקן די דאָזיקע געשיכטע". דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין איינער פון די גרויסע שטעט, מעגלעך אין פראַנקפורט־אויפן־מײַן.

אַנאָנימע טעלעפאָן־קלונגען, וואָרענונגען, אַז מע וועט אים דערהאַרגענען, אויף אויסגעהאַקט פענצטער אין כירורגישן קאַבינעט, סוואַסטיקעס אויף די ווענט פון זײַן הויז — אַזוי האָט מען אין משך פון אַ לאַנגער צײַט געטריבן דעם דאָקטער.

אין יאַנוואַר האָבן זײַנען אויפן פענצטער פון זײַן קליניק אָנגעקלעפּט געוואָרן מאָגנדאָווידס. אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען מיט דעם דאָזיקן אינציִדענט האָט זיך פאַראינטערעסירט די פּרעסע און די טעלעוויזיע, האָבן אומבאַוווּסטע פערזאָנען אונטערגעצונדן דאָס אַלטע הויז, וואָס קיזעל האָט זיך געקליבן איבערבויען פאַר אַ סאַנאַטאָריע אויף צו היילן זײַנע קליִענטן. אין געדערנע האָט מען פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער כירורג, וועלכער האָט שטענדיק אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו דעם גורל פון בעזשענצעס, קלײַבט זיך קלוימערשט באַזעצן דאָרט אָפּשטאַמיקע פון די לענדער פון דער „דריטער וועלט", וועלכע זוכן אַ מאָקעם־מיקלעט אין מיזרעוו־דײַטשלאַנד.

ערעוו דעם מילכאָמע האָבן אין געדערנע צווישן די 2300 אײַנוווינער געלעבט 180 ייִדן.

## פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע

### דער סימבאָל — אַ האַקנקרייץ

פון ניו־יאָרק טיילט מען מיט:

די אולטראַ־רעכטע עקסטרעמיסטן זײַנען באַגאַנגען אַ נײַעם פאַרברעכן. ווי עס האָט איבערגעגעבן אין אָנהייב סענטיאַבער 1987 די אַרטיקע טעלעוויזיע, איז אין דער נאַכט פון פרײַטיק אויף שאַבעס אויסגעבראָכן אַ שרייפע אין דער סינאַגאָגע פון איינעם פון די פינף ראַיאָנען פון דער שטאָט — אין קוויִנז. די פײַערלעשער און די פּאָליציי האָבן פעסטגעשטעלט, אַז מע האָט די געבײַדע אונטערגעצונדן. אויף די ווענט פון דער סינאַגאָגע זײַנען פאַרבליבן „וויזיט־קאַרטלעך" פון די אונטערצינדער — אָנגעמאָלטע האַקנקרייצן.

אַטענטאַטן אויפן באָדן פון רעליגיִעזן פאַנאַטיזם און ראַסן־האַס קומען פאָר אין די פאַרייניקטע שטאַטן פּראַקטיש טאָגטעגלעך. לויט די אָנגאַבן פון די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, זײַנען פאַראיאָרן באַגאַנגען געוואָרן אינעם לאַנד באַ 600 פאַרברעכערישע אַקציעס, געריכטעטע קעגן ייִדן, זייערע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס און פאַרמעגן.

(טאַסס)

■ ■ ■



הירש רעלעס



## איבערגענומען די מאָס

איינער, שוין ניט קיין יונגער מענטש, האָט אַף אַ כאַסענע איבערגענומען די מאָס. אַ צײַט איז ער געזעסן פאַרכמורעט און געשוויגן. פּלוצ־לינג האָט ער אָנגעהויבן מעקען.

— מע... מע... מע... מע...

און אַזוי אָן אַ סאַף. מע האָט אים בעשום־אופן ניט געקאָנט באַרויקן. ווען מע האָט אים געפירט אַהיים, האָט ער דעם גאַנצן וועג געמע־קעט. אין בעט האָט ער נאָך אַ צײַט געמעקעט, ביז ער איז אײַנגעשלאָפן.

אַף מאָרגן פרעגט מען בא אים:

— וואָס פאַר אַ מעקענייש איז אַף דיר נעכטן אָנגעפאַלן?

— אַ פּאַשעטע זאַך. — האָט ער געענט־פערט, — איך האָב געוואָלט אויסזינגען די ליד „מעכוטענעסטע מײַנע“ און ווײַטער פון ערשטן טראַף איז בעשום־אופן ניט געגאַנגען.

## אַן איבערצײַגנדיקער אַרגומענט

— איר טײַנעט, אַז דער אָנגעפאַרענער גאַסט איז אַ גאַרבישט, און מיר האָט ער געזאָגט, אַז ער איז באַפרײַנדעט מיט די גרעסטע שרײַבער פון מאָסקווע.

— ניט אַנדערש, ער לײַגט.

— וואָס רעדט איר, אַ מענטש, וועלכער איז באַפרײַנדעט מיט די גרעסטע שרײַבער, וועט ניט לײַגן...

•

## צוויי אַקשאָנים

פון קעגנזײַטיקע ריכטונגען זײַנען צוויי אַק־שאָנים געגאַנגען איבער אַ שמאָלער לאַנגער קלאַדקע. וועז זיי האָבן זיך געטראָפן פּאָנעם־על־פּאָנעם, האָט קיין איינער פון זיי ניט געוואָלט אומקערן זיך, קעדיי פאַרן צווייטן באַפרײַען דעם וועג.

שטייען זיי אַזוי לאַנג, ביז איינער פאַלט אַף אַ האַמצאָע. ער נעמט אַרויס פון פּאָרטפעל אַ גראָבן בוך און הייבט אָן לייענען פון סאַמע אָנ־הייב. אין אַ צײַט אַרום רופט זיך אָפּ דער צווייטער:

— איך האָב צו אײַך אַ ביטע. ווען איר וועט ענדיקן לייענען דעם בוך, זאָלט איר אים מיר אַנטלײַען.

•



## הײַנטיקע קינדער



— מאריקל, ווער אנשלאָפֿן, אויב ניט, וועט די באבע־יאגא קומען צו פֿליִען אױף א בעזעם.

— זי וועט ניט קומען.

— פֿאַרוואָס ביסטו אזוי זיכער?

— דער פֿלי־וועטער איז ניט קיין פּאַסיקער.

•

## א וויכטיקע מאָטיווירונג

יאשען האָט מען געראָטן, ער זאָל קויפֿן א מאָטאָציקל „אוראל".

— דאָס איז אזא מאָטאָציקל, — האָט מען אים געזאָגט, — וואָס אויב דו וועסט אין אָוונט דאָ, אין וויטעבסק, זיך זעצן אױף אים פֿאָרן, וועסטו פֿאַרטאָג שוין זײַן אין מינסק.

— טויג עס מיר ניט, — האָט קאַטעגאָריש געענטפֿערט יאשע.

— וואָסי?

— און וואָס וועל איך טאָן אזוי פֿרי אין מינסק?

## א געצוווּנגענע אנערקענונג

— אָנשטאָט פֿאַריכטן דעם זייגער, האָט איר אים נאָך מער קאַליע געמאַכט.

— וואָס רעדט איר? איך האָב זיך צו אים אפֿילו ניט צוגערירט.

•

## א טאָעס



— דאָקטער, איך בין הײַנט ניט ארויס אױף דער ארבעט, מאַכמעס די פֿיס טוען וויי.

— העכער!

— אוי, דער בויך טוט מיר וויי!

— העכער!

— ווײ איז מיר! דאָס האַרץ!

— העכער!

— דער קאָפּ ווערט צעשפּאַלטן!

— העכער!

דער פּאַציִענט ווערט מעוווּלבל.

— וואָס קאָן זײַן העכער?

— דער מעדפּונקט איז העכער אױף א שטאָק, איך בין ניט קיין דאָקטער, נאָר א פּראָקוראָר.

געזאמלט פֿון הירש רעלעס







די שרײַבער מאָטל טאַלאַליעװסקי און קאָנסטאַנטין סימאָנאָװ (דער פּערטער פון רעכטס) בעשאַס דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע

דער דיכטער מאָטל גרוביאַן (רעכטס) און יאַראָסלאַװ סמעליאַקאָװ אין בי־ראָבידזשאַן (1967)

נאָטע לוריע (דער דריטער פון רעכטס) צװישן א גרופּע אוקראַיִני־שע ליטעראַטן





דער גענעראַל־לייטענאַט הירש פּלאַסקאָוו מיטן נאַציאָנאַלן פּאָרזיצער פון דער קאָמפּאַרטיי פון פּשא הענרי אוינסטאָן בעשאַס א באַזוך אין דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ אין די 70־ער יאָרן

די מיטגלידער פון דער רעדקאָלעגיע „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַם דענקמאָל אין באַבי יאַר

# מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן
## פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

### סאַפּראַ, אוורהם
(1965—1888)

— דיכטער, פּראָזאַיִקער. געבוירן אין אלט־ביכאָוו, מאָהילעווער געגנט, ווייַסרוסלאַנד. פון דער יוגנט שטודירט שפּראַכן. אין 1904 געוואָרן א לעדער־ארבעטער, דערנאָך א לערער אין זייַן טאַטנס טאַלמעטוירע. דעביוטירט מיט א קאָרעספּאָנדענץ פון אלט־ביכאָוו אין דער ווילנער צייַטונג „דער נייַער וועג" אין 1903. פון דעמלט געדרוקט ארטיקלען, איבערזעצונגען, לידער, דערציילונגען. אין 1913 געקומען קיין ווילנע און מיטגעארבעט אין ווילנער „טאָגבלאַט" אלס איבערזעצער, קאָרעקטאָר און רעדאַקציע־סעקרעטאַר. נאָך דער רעוואָליוציע געארבעט אין קולטור־ און בילדונגס־אָפּטייל פון דער וויטעבסקער ייִדסעקציע און אלס רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דער וואָכנבלאַט „דער פרייַער ארבעטער". אין 1919 געוועזן סעקרעטאַר פון דער צייַטונג „דער שטערן" (מינסק און וויטעבסק). געדרוקט אין מאָסקווער זשורנאַל „קאָמוניסטישע וועלט" דערציילונגען און פארצייכענונגען. פארעפנטלעכט לידער און דערציילונגען אינעם וויטעבסקער זשורנאַל „כוואַליעס" (1920) און אין וויטעבסקער „דער רויטער שטערן", ווי אויך אין מאָסקווער זשורנאַל „קולטור און בילדונג" און אין אנדערע אויסגאַבעס. אין 1922 געוואָרן א מיטגליד פון וויטעבסקער „גובנאַץ" און ארויסגעגעבן א וועכנטלעכן ביולעטען „ייעדיִעס". אָרגאַניזירט אין וויטעבסק דעם ערשטן ייִדישן געריכט אין סאָוועטנפארבאַנד און געוועזן זייַן סעקרעטאַר. אינעם „ארבעטער־קאַלענדאַר אפן 1924־טן יאָר", וועלכן ס'האָט ארויסגעגעבן אין 1923 דער מאָסקווער צענטראַלער מעלוכע־פארלאַג באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר נאַציאָנאַלע איניאָנים, פארעפנטלעכט ער אן אָפּהאַנדלונג „דער ערשטער פאָלקס־געריכט אף ייִדיש". אין זעלבן יאָר אריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע און געוועזן רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דער צייַטונג „עמעס". געוועזן טעטיק אויך ווי אן איבערזעצער.

ביבליאָגראַפיע: לעקסיקאָן פון דער נייַער ייִדישער ליטעראַטור, זעקסטער באַנד. ניו־יאָרק, 1965, שפּאַלטן 530—531, ז. רייזען, לעקסיקאָן, באַנד. 2.

### סאָלאָווייטשיק, הענעך
(דאַטעס אומבאַוווּסט)

— פּראָזאַיִקער, דראַמאַטורג. געבוירן אין נייַ־ווילייקע, לעבן ווילנע. עטלעכע יאָר געארבעט אין א ווילנער טאַבאַק־פאַבריק, איינצייַטיק געשריבן דערציילונגען אף דאָרפישע טעמעס. דעביוטירט מיט דערציילונגען אין דעם ווארשעווער זשורנאַל „אופגאַנג" אין 1922. געוועזן א מיטגליד אין דער ליטעראַרישער גרופּע „יונג־ווילנע". אין 1932 געקומען מיט דער אומלעגאַלער מאַסן־איבערוואַנדערונג קיין פססר, זיך באַזעצט אין מאַגניטאָגאָרסק, געוואָרן אן ארבעטער אף א זאַוואָד. לויט זייַן איניציאַטיוו איז באַם מאַגניטאָגאָרסקער שרייַבער־פארייַן געשאַפן געוואָרן א ייִדישע ליטעראַרישע גרופּע. דער אָרטיקער ייִדישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל האָט אופגעפירט זייַן פּיעסע „שוואַרץ־רויט". זיך געדרוקט אין דער ייִדישער און רוסישער פּרעסע. אין 1934 דעלעגירט געוואָרן פון דער מאַגניטאָגאָרסקער פיליע פונעם שרייַבער־פארבאַנד אפן ערשטן צוזאַמענפאָר פון די סאָוועטישע שרייַבער.

ביבליאָגראַפיע: לעקסיקאָן פון דער נייַער ייִדישער ליטעראַטור, זעקסטער באַנד. ניו־יאָרק, 1965, שפּאַלטן 289—290; „ווילנער טאָג", 29 יאַנוואַר 1930; „שטערן", מינסק, מייַ—יון 1935, ז. 125; ש. קאַהאַן, „ליטעראַרישע בלעטער", ווארשע, 26 פעוראַל 1937; א. וואָגלער, „די גאָלדענע קייט", 1955, נומ. 23, זז. 174—176; מייער פּופּס, „פאָלקס־שטימע", ווארשע, 25 אווגוסט 1959.

### סאָלץ, באָרוך
(1928—1903)

— זשורנאַליסט, רעדאַקטאָר, געבוירן אין ווייַסרוסלאַנד. יונג זיך אָנגעשלאָסן אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. אין 1918 געדינט אין דער רויטער ארמיי. אין 1921 ארעסטירט געוואָרן אין פּוילן פאַר אומלעגאַלער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייַט און פארמישפּעט געוואָרן דורכן פּוילישן געריכט צו טויט־שטראָף, וואָס איז שפּעטער פארביטן געוואָרן אף 13 יאָר טפיסע. אין 1925 ווערט ער ארויסגעשיקט קיין סאָוועטנפארבאַנד. באַזעצט זיך אין מינסק און ווערט א מיטארבעטער פון דער צייַטונג „דער יונגער ארבעטער".

ווערק: (צוזאַמען מיט נ. ווייַנהויז) יאָמים נוראָיִם. מינסק, „טשערוואָנאַיאַ זמענאַ", 1926.

ביבליאָגראַפיע: לעקסיקאָן פון דער נייַער ייִדישער ליטעראַטור, זעקסטער באַנד. ניו־יאָרק, 1965, שפּאַלט 296; ב. אלטער, נעקראָלאָג־ארטיקל, צייַטונג „דער שטערן", כאַרקאָוו, 11 סענטיאַבער 1928.

**עליִאָוויטש, יויסעף**
(1943—1908)

— ביבליִאָגראף. געבוירן אין דער שטאָט פּערם, אוראל, אין אן אָרעמער ארבעטער־מישפּאָכע. באוווּסט אלס איינער פון די אָנגעזעענסטע ביבליִאָגראפן אין סאָוועטנפארבאנד, א צונויפשטעלער פון די ערשטע ייִדישע מאטעמאטיש־ביבליִאָגראפישע אָנצייַגערס, פארוואלטער פונעם צענטראלן אלפארבאנדישן ייִדישן פּרעסע־ארכיוו באַם קיִעווער וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור אין דער אוקראַיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיע. אין סאָף 1933 קאָמאנדירט אים דער אינסטיטוט קיין ביראָבידזשאן, ווו ער אָרגאניזירט און פירט אָן מיט דער צענטראלער ביבליִאָטעק פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ארבעט איבער א ביבליִאָגראפישן אָנצייַגער וועגן דער געגנט. שפּעטער קערט ער זיך אום קיין לעניִנגראד, פארוואלטעט מיט דער ייִדישער אָפּטיילונג פון דער עפנטלעכער מעלוכע־ביבליִאָטעק אף מ. יע. סאלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען. ווי נאָר עס הייבט זיך אָן די גרויסע פּאָטערלענדישע מילכאָמע, גייט ער פרייַוויליק אוועק אפן פראָנט, און אין 1943 קומט ער אום אפן שלאכטפעלד.

ווערק: **די איבערוואנדערונג־קאמפּאניע און די ייִדישע ביבליִאָטעק** (צוזאמען מיט כ. נאָדעל), זשורנאל „ראטנבילדונג", 1929, נום. 3; **אָנווייַזער פון רעצענזיעס און קריטישע ארטיקלען.** כארקאָוו, מעלוכע־ביבליִאָטעק אף וו. ג. קאָראָלענקאָס נאָמען, 1929; **ביבליִאָגראפישער אָנווייַזער.** „אוקרגעזערד", כארקאָוו, 1930; **די לעניִניאדע, ביבליִאָגראפישער אָנצייַגער.** צייַטונג „אָקטיאבער", 1931, נום. 161.

ביבליִאָגראפיע: **לעקסיקאָן פון דער נייַער ייִדישער ליטעראטור,** זעקסטער באנד. ניו־יאָרק, 1965, שפּאלטן 589—590; **מ. ליבערמאן, וועגן אָנווייַזער פון רעצענזיעס.** צייַטונג „אָקטיאבער", מינסק, 1929, נום. 229; **דאָס ייִדישע בוך,** זשורנאל „ראטנבילדונג", קיִעוו, 1929, נום. 12; **י. ליבערבערג, די ביבליִאָטעק און דער פּרעסע־ארכיוו פונעם אינסטיטוט.** „ביבליִאָגראפישער זאמלבוך", דאָרט, 1930, ז. 253; **נייַע ביכער,** „ליטערארישע בלעטער", ווארשע, 5 יון 1931; **אין אינסטיטוט פאר ייִדישער פּראָלעטארישער קולטור,** „וויסנשאפט און רעוואָליוציע", קיִעוו, 1934, נום. 1—2, זז. 155, 161, 172; **י. בעקער, די ייִדישע סעקציע פון דער לעניִנגראדער פאָלקס־ביבליִאָטעק.** צייַטונג „אונדזער פרייַנט", מאָנטעווידעאָ, 6 יאנוואר 1945; **כ. נאדעל, אופלעבן דאָס ביבליִאָגראפיע־וועזן.** צייַטונג „אייניקייַט", מאָסקווע, 5 יול 1947.

**סעגאלאָוויטש, וואָלף־הירש**
(1937—1890)

— פּעדאגאָג, אווטאָר פון לערנביכער פאר דער ייִדישער שול. געבוירן אין ביאליסטאָק, פּוילן. געווען א לערער אין לאָדזש. אין 1921 געקומען קיין סאָוועטנפארבאנד, זיך באזעצט אין מינסק, ווו זיך פארנומען מיט אָרגאניזאטאָרישער ארבעט אינעם שולוועזן. אין אָנהייב פון די 30־ער יאָרן געלעבט אין ביראָבידזשאן, געווען טעטיק אין געזערד, זיך געדרוקט אינעם זשורנאל „אף די וועגן צו דער נייַער שול", אין די צייַטונגען „אָקטיאבער", „ביראָבידזשאנער שטערן" און אין אנדערע אויסגאבעס.

ווערק: **מאטעמאטיק, 1־טער טייל, ארבעטבוך פארן דריטן שול־יאָר.** מינסק, מעלוכע־פארלאג, 1926; (צוזאמען מיט י. ראַווין) **העפט פאר מאטעמאטישע ארבעטן, ערשטער טייל,** דאָרט, 1931; **ארבעטבוך אף מאטעמאטיק פארן 4־טן לערניאָר.** דאָרט, 1932; (צוזאמען מיט א. שקראבע) **מאטעמאטיק, ארבעטבוך פארן 7־טן שול־יאָר.** דאָרט, 1932.

ביבליִאָגראפיע: **לעקסיקאָן פון דער נייַער ייִדישער ליטעראטור,** זעקסטער באנד. ניו־יאָרק, 1965, שפּאלטן 480—481; **ביבליִאָגראפישע יאָרביכער פון ייִוואָ.** ווארשע, 1928, זוכצעטל.

■ ■ ■

## Урок V (*продолжение*) — לימעד פינף (פאָרזעצונג)

### Чтение

**Задание 10.** Выпишите новые слова к тексту «Письмо».

| | |
|---|---|
| письмо | דער בריוו־ |
| дорогой | ט׳ײַערער |
| друг | דער פרײַנט־ |
| вся (жен. род) | ג׳אַנצע |
| семья | די מישפּ׳אָכע־ |
| сейчас | איצט |
| на | אף [אפן] |
| отдых | דער ׳אָפּרו |
| поселок, поселение | דער ייִשעוו (מצ. ייִש׳ווּים) |
| Черное море | דער שוו׳ארצער יאַם |
| комната | דער צ׳ימער־ן |
| дом | דאָס הויז (מצ. הייזער) |
| дом отдыха | דאָס ׳אָפּרו־הויז (מצ. ־יהײַזער) |
| лето | דער ז׳ומער־ס |
| день | דער טאָג (מצ. טעג) |
| ночь | די נאכט (מצ. נעכט) |
| прохладный | ק׳ילער |
| раннее утро, рассвет | דער קאי׳אָר־ן |
| росистый | ט׳וייִקער |
| роса | דער טוי |
| цвести | בל׳יִען |
| цветок | די בלום־ען |
| зеленый | גר׳ינער |
| зеленеть | גר׳ינען |
| дерево | דער בוים (מצ. ב׳יימער) |
| много | א סאך |
| служащий | דער ׳אָנגעשטעלטער (מצ. ׳אָנגעשטעלטע) |
| приезжать | ק׳ומען צו פאָרן |
| из, от, с (*с кого?, с чего?*) | פון (פ׳ונעם) |
| конец | דער עק־ן |
| большой | גר׳ויסער |
| родина | דאָס ה׳יימלאנד |
| снег | דער שניי־ען |
| снежный | שנ׳ייִקער |
| цветущий | בל׳יִענדיקער |
| они идут | זיי ג׳ייען |
| часто | אָפט |
| купаться | באָדן זיך |
| к | צו |

| | |
|---|---|
| קימ׳אט | почти |
| שט׳ענדיק | всегда |
| ר׳ויִקער | спокойный |
| די כוו׳אליע־ס | волна |
| ׳אלטער | старый |
| ׳יונגער | молодой |
| ׳עלטערן מצ. | родители |
| דאָס מיידל־עך | девушка |
| די יוגנט | 1. молодежь 2) молодость |
| דער אָוונט־ן | вечер |
| אין אָוונט | вечером |
| דער טאנץ (מצ. טענץ) | танец |
| דער פלאץ (מצ. פל׳עצער) | площадь |
| דער ט׳אנצפלאץ (מצ. ט׳אנצפלעצער) | танцевальная площадка |
| די ׳עלטערע | люди более пожилые |
| ג׳ייען שפאצ׳ירן | идут гулять |
| ׳אָדער | или |
| האנ׳אָע האָבן | получать удовольствие, наслаждаться |
| בלײַבן | оставаться |
| ׳ענטפערן | отвечать |
| מיר[1] | мне |
| מיר[2] | мы |
| גלײַך[1] | тотчас же |
| גלײַך[2] | одинаково, ровно |
| געז׳ונט | здоров |

**Задание 11.** Научитесь правильно и бегло читать текст.

| | |
|---|---|
| א בריוו. | [а брив. |
| ט׳ײַערער פרײַנט! | тайэрэр фрайнт! |
| 1) איך און מײַן ג׳אנצע מישפ׳אָכע ז׳ײַנען איצט אף ׳אָפרו. | 1) их ун майн га́нцэ мишпо́хэ за́йнэн ицт аф о́пру. |
| 2) מיר לעבן אין א י׳ישוו שוו׳ארצן יאם. | 2) мир лэбм ин а йи́шэв бам шварцн ям |
| 3) מיר האָבן צוויי צ׳ימערן אין אן אָפרו־הויז. | 3) мир ḣобм цвэй ци́мэрн ин ан опру-ḣойз. |
| 4) עס איז ז׳ומער, יול. | 4) эс из зу́мэр, юль. |
| 5) די טעג ז׳ײַנען הייס, די נעכט זײַנען קיל, די קאי׳אָרן ז׳ײַנען ט׳ויִק. | 5) ди тэг за́йнэн ḣэйс, ди нэхт за́йнэн кил, ди кайо́рн за́йнэн то́йик. |
| 6) עס בל׳יִען בל׳ומען. | 6) эс бли́ен блу́мэн. |
| 7) עס גר׳ינען ב׳יימער. | 7) эс гри́нэн бэ́ймэр. |
| 8) דאָ ז׳ײַנען א סאך קוראָ׳רטניקעס: ׳ארבעטער, קאָלכ׳אָזניקעס, אָנגעשטעלטע. | 8) до за́йнэн а сах куро́ртникэс: а́рбэтэр, колхо́зникэс, о́нгэштэлтэ. |
| 9) זיי ק׳ומען צו פאָרן פון ׳אלע עקן פון א׳ונדזער ה׳יימלאנד. | 9) зэй ку́мэн цу форн фун а́лэ экн фун у́ндзэр ḣэ́ймланд. |
| 10) פון נאָוואָראָס׳ייסק און ק׳יִעוו, פון דעם שנ׳ייִקן נאָר׳ילסק און פון דער בל׳יִענדיקער מאָלד׳אוויע. | 10) фун Новоросси́йск ун фун Ки́ев, фун дэм шнэ́йикн Норильск ун фун дэр бли́эндикэр Молда́виэ. |
| 11) מיר ז׳ײַנען איין גר׳ויסע אינטערנאציאָנ׳אלע מישפ׳אָכע: | 11) мир за́йнэн эйн гро́йсэ интэрнациона́лэ мишпо́хэ: |
| 12) רוסן און י׳ידן, טשוו׳אשן און אוקרא׳יִנער, גרוז׳ינער און בורי׳אטן. | 12) русн ун йидн, чува́шн ун украйнэр, грузи́нэр ун буря́тн. |
| 13) מיר ג׳ייען אָפט זיך באָדן צום יאם. | 13) мир гэ́йэн офт зих бодн цум ям. |

| | |
|---|---|
| 14) эр из кима́т штэ́ндик блой ун ру́ик. | 14) ער איז קימ′אט שט′ענדיק בלוי און ר′ויִק. |
| 15) а́лэ бодн зих ин ди я́м-хвалес: | 15) ′אלע באָדן זיך אין די י′אם-כוואליעס: |
| 16) алт ун юнг, э́лтэрн ун ки́ндэр, йи́нглэх ун мэ́йдлэх. | 16) אלט און יונג, ′עלטערן און ק′ינדער, י′יִנגלעך און מ′יידלעך. |
| 17) ин овнт гэйт ди югнт афн та́нцплац. | 17) אין אָוונט גייט די יוגנט אפן ט′אנצ-פלאַץ. |
| 18) ди э́лтэрэ гэ́йэн шпаци́рн о́дэр ин кино́, о́дэр аф а концэ́рт. | 18) די ′עלטערע ג′ייען שפאצ′ירן, ′אָדער אין קינ′אָ, ′אָדער אף א קאָנצ′ערט. |
| 19) а́лэ һобм һано́э фу́нэм шэ́йнэм зу́мэр. | 19) ′אלע האָבן האנ′אָע פ′ונעם ש′יינעם ז′ומער. |
| 20) мир бла́йбм до нох фир ун цва́нцик тэг. | 20) מיר בלײַבן דאָ נאָך פיר און צוו′אנציק טעג. |
| 21) э́нтфэр мир глайх! | 21) ′ענטפער מיר גלײַך! |
| 22) блайб гэзу́нт! | 22) בלײַב געז′ונט! |
| дайн за́лмэн мижири́цкий.] | דײַן ז′אלמען מיזשיר′יצקי. |

**Задание 12*.** Переведите текст. Обратите внимание на формы прилагательных в тексте. Сверьте свой перевод с ключом.

Примечание. слово [эс] в предложениях 4, 6, 7 при переводе опускается.

**Ключ к заданию 12.**

Письмо. Дорогой друг! 1) Я и вся моя семья находимся сейчас на отдыхе. 2) Мы живем в поселке около Черного моря. 3) У нас (*буквально*: мы имеем) две комнаты в доме отдыха. 4) Лето, июль. 5) Дни жаркие, ночи прохладные, рассветы росистые. 6) Цветут цветы. 7) Зеленеют деревья. 8) Здесь много курортников: рабочие, колхозники, служащие. 9) Они приезжают со всех концов нашей Родины. 10) Из Новороссийска и Киева, из снежного Норильска и из цветущей Молдавии. 11) Мы одна большая интернациональная семья: 12) русские и евреи, чуваши и украинцы, грузины и буряты. 13) Мы часто ходим на море купаться. 14) Оно почти всегда синее и спокойное. 15) Все купаются в морских волнах. 16) Стар и млад, родители и дети, мальчики и девочки. 17) Вечером молодежь идет на танцплощадку. 18) Более пожилые ходят на прогулку, или в кино, или на концерт. 19) Все наслаждаются прекрасным летом. 20) Мы останемся здесь еще 24 дня. 21) Сразу ответь мне! 22) Будь здоров! Твой Залмэн Мижирицкий.

**דאָצענט ש. ס א נ ד ל ע ר**

# אינהאַלט פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד"

## פאַרן יאָר 1987

### ראָמאַנען



### דערציילונגען, עסייען, רײַזע־נאָטיצן, נאָוועלעס, פאַרצייכענונגען

ע. קאנצעדיק. אניקשט, מײַן שטעטל אניקשט. נום. 8, ז. 84.

צום 90־טן געבורטסטאָג פון דעם גרויסן ארמענישן דיכטער יעגישע טשארענץ. ר. שיריניאן. א פּאָעט פון דער רעוואָליוציע. נום. 6, ז. 102.

מיר זעצן פּאָר צו דרוקן ווערק פון יונגע שרײַבער. ג. עסטרײַך. צוויי דערציילונגען. נום. 3, ז. 102.

געפונענע מאנוסקריפּטן. אי. באבעלס א ניט־פאר־ענדיקטע דערציילונג. ייִדיש — י. שרײַבמאן. נום. 9, ז. 51.

## לידער און פּאָעמעס

י. בוכבינדער. צווישן פרײַנטלעכע הערצער. נום. 6, ז. 34.

כ. ביידער. טשערנאָביל (פּאָעמע). נום. 8, ז. 64.

ל. בערינסקי. נײַע לידער. נום. 1, ז. 96.

מ. גאָלבשטיין. דער פרילינג־גערויש פון בע־ריאָזעס. נום. 1, ז. 129; צו רוסלאנד. נום. 5, ז. 16; לידער. נום. 11, ז. 82.

כ. גורעוויטש. אן אויסגעשטערנטע נאכט. נום. 9, ז. 96.

מ. גרוומאן. אין טאָג פון זיג. נום. 5, ז. 87.

ל. העלער. איך גלייב. נום. 5, ז. 110.

א. ווערגעליס. די אייביקע ליד. נום. 1, ז. 31; נום. 2, ז. 62.

י. טשארענץ. ארמעניע. ייִדיש — כ. ביידער; צום גײַסט. ייִדיש — ב. מאַגילנער. נום. 6, ז. 106—108.

ד. כײַקינע. אפדערנאכט. נום. 12, ז. 87.

ב. מאָגילנער. אין א מאזלדיקער שאָ. האלב־פאנטאסטישער רעפּאָרטאזש. נום. 4, ז. 80; לידער. נום. 11, ז. 84.

פ. פלאָטקין. ווען ס׳קומט די מילכאָמע אפן זינען... נום. 8 ז. 101; לידער. נום. 11, ז. 143.

א. קאצעוו. כאפּ איך זיך ארויס אין דרויסן... נום. 9, ז. 82; מיניאַטיורן. נום. 11, ז. 170.

מ. ריִאנט. אין לויטערן באגינען. נום. 10, ז. 75. מיט דער ליכט פון מײַנע אויגן. נום. 12, ז. 41.

ה. רעלעס. מיניאַטיורן. נום. 12, ז. 156.

א. ס. פּושקין. צום 150־טן יאָרצײַט פונעם גרויסן רוסישן דיכטער. ליריק (לידער). נום. 2, ז. 4.

70 יאַר אַקטיאבער. פון אונדזער ליטעראטור־אויצער.

ע. באגריצקי. די ליד וועגן אָפּאנאסן. נום. 5, ז. 49.

מ. בראָדערזאָן. אָקטיאבער־לידער. נום. 8, ז. 28.

ש. האלקין. פון דער דיכטערישער ירושע. נום. 12, ז. 111.

מ. ליפשיץ. לידער פון פארשיידענע יאָרן. נום. 12, ז. 114.

פּ. מארקיש. לידער וועגן דער רעוואָליוציע און דעם בירגערקריג. נום. 9, ז. 12.

ל. קוויטקאָ. אין רויטן שטורעם (פּאָעמע). נום. 1, ז. 52.

אָ. שווארצמאן. יוגנט. נום. 6, ז. 10.

קאמפּס־לידער צום יאָרטאָג פונעם העלדישן אופ־שטאנד אין ווארשעווער געטאָ צום 19־טן אפּ־ריל פון ק. ברוידע, ר. גלעזער, ס. סאפיר, ש. קאטשערגינסקי. נום. 4, ז. 144—177.

נײַע איבערזעצונגען. ק. באלמאָנט. לידער אין דער איבערזעצונג פון א. ווערגעליס. נום. 10, ז. 98.

א. בלאָק. צוועלף (פּאָעמע). ייִדיש — מוישע בראַדערזאָן. נום. 11, ז. 47.

נ. גומיליאָוו. לידער. נום. 10, ז. 96.

וו. כלעבניקאָוו, אָ. מאנדעלשטאם, אי. סעווועריאנין. ייִדיש — א. ווער־געלים. נום. 9, ז. 48.

מיר זעצן פּאָר צו דרוקן ווערק פון יונגע שרײַבער. נ. זילבערמאן. היימישער מאָטיוו. נום. 3, ז. 112; מ. פעלזענבאום. מײַן כאָלעם. נום. 3, ז. 108.

לידער פון אונדזערע לייענער. ה. גאָרנשטיין (ווילנע), ש. גערשוני (טשעליאבינסק), פ. זילבער (סטאראָקאָנסטאנטינאָוו), א. לעמבערגער (קראמאטאָרסק), ל. יודאָ־ווין (וויטעבסק), אי. לערנער (כארקאָוו). א. נוגער (בעלגראד), ק. פעשטשאנ־סקע (קיִעוו), ר. קוזניעצאָווע (אָדעס), מ. קאָפּשטיין (לענינגראד), אי. ראכ־מאן (טשערקאס), אי. רויט (כערסאָן), ס. שווארצמאן (קעשענעוו), ג. שמערקאָ־וויטש (קאָוונע).

כאָשעווער רעדאקטאָר, איך שיק אײַך דאָ איין ליד מײַנע, בלויז איינע... ע. ביידער, מ. גאָלב־שטיין, כ. גורעוויטש, מ. גרוומאן, ל. העלער, ד. כײַקינע, פ. פלאָטקין, מ. ריִאנט, ה. רעלעס. נום. 4, ז. 98. כ. ביידער, ע. ביידער, ל. בערינסקי, מ. גאָלבשטיין, מ. גרוומאן, ל. הע־לער, וו. טשערנין, פ. כאַיִמאָוויטש, פ. פלאָטקין, א. קאצעוו, ה. רעלעס. נום. 10, ז. 27.

## ווערק פון יונגע שרײַבער

נום. 7

דמ. יושקאָווסקי. אף ביידע ברעגן און צווישן זיי. ז. 79.

וו. טשערנין. פול מיט האָפענונג. ז. 35.

## ווערק פון אויסלענדישע שרײַבער



## אונדזער קאָסמאָס־ווינקל



## ליטעראַטור־קריטיק, ביבליאָגראַפיע, פראַגן פון קונסט

אָפּשאַצונגען פון לייענער. ד. וואנדער (טאַגיל). א פײַנע מאַטאַנע. נומ. 4, ז. 148; וו. ליכאבאבין (כארקאָוו). מײַן אנטדעקונג. נומ. 4, ז. 148; מ. סטעקלאָוו. דער אומרוִיקער זיקאָרן; מ. ראסול. אין א גוטער, אין א מאזלדיקער שאָ; ג. ראַמאנאָווא. „דלאָניע צו דלאָניע — אינמיטן דאָס הארץ". נומ. 5, ז. 142—146.

א בריוו אין רעדאקציע. ל. שומסקי. וועגן אַן אָנצײַגער צו א וויכטיקער טעמע. (וועגן מענדעלע מויכער־ספאָרימס ווערק). נומ. 6, ז. 140.

פון דער ליטעראטור־געשיכטע. כ. ביידער. דרײַ עטיודן (פונעם ציקל „זוכן און געפינען"). נומ. 3, ז. 140; י ע. מעלאמעד. די געשיכטע פון א „געשיכטע"... נומ. 9, ז. 124.

פון דער קולטור־געשיכטע. מ. אָסטראָווסקי. „קונסט פאַרייניקט די פעלקער און באַפרײַנדעט". נומ. 8, ז. 126; נומ. 12, ז. 133.

פּראָבלעמען און פערספעקטיוון (אָף דער באראַטונג פון די יונגע ייִדישע שרײַבער אין דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד"). נומ. 11, ז. 156.

א רעפּליק מיט א שמייכל. ה. פּאָליאנקער. ווִיאזוי פייסעך נאָוויק האָט פארווערט דאַוויד בערגעלסאָנען צו שפאסן. נומ. 6, ז. 154.

אין די יובילײ־טעג פון „סאָוועטיש היימלאנד". אָף דער פײַערלעכער פארזאמלונג, געווידמעט דער באלוינונג פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" מיטן אָרדען פון פעלקער־פרײַנטשאפט. רעדע פונעם פאָרזיצער פון דעם שרײַבער־פארבאנד פון פססר געאָרגי מארקאָוו. נומ. 1, ז. 3; רעדע פון דעם הויפּט־רעדאקטאָר פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד" ארן ווערגעליס. נומ. 1, ז. 6; דערקלערונג פון די אָנטיילנעמער פון דעם „רונדן טיש" בײַם דער פײַערונג פונעם 25־יאָריקן יוּיוול פון „סאָוועטיש היימלאנד". נומ. 1, ז. 8. ארויסטרעטונגען אָף דער פלענארער זיצונג פון דער רעדקאָלעגיע פונעם זשורנאל און באַם „רונדן טיש".

## קורצע רעצענזיעס

ל. דאדיִאני (צו זײַן 60־טן געבורטסטאָג). מאַטעריאלן פונעם XX צוזאמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון ייִסראָעל. נומ. 9, ז. 121.

ל. יאקאָבסאָן. א נײַער אָנצײַגער. נומ. 3, ז. 137.

א. טווערסקאָי. א פרײַנט פון אונדזער ליטעראטור (וועגן ארנאָלד טאם). נומ. 4, ז. 133.

וו. טשערנין. יודאיִקא באהעמיע". נומ. 4, ז. 132.

וו. מאגידסאָן. ליכט אפן באַרג (וועגן ספעקטאַקל לויט וו. טיכאָנסקיס ראָמאַן). נומ. 9, ז. 122.

ל. קאָוואל. אן אײדעס מיצאד דער באשולדיקונג. נומ. 3, ז. 135.

כראָניק. אי. קרופּניק. פּראָבלעמען פון די אוראלטע מיזרעך־קולטורן. נומ. 3, ז. 139.

נײַע נומערן פון פעריִאָדישע אויסגאבעס. מ. קרוטיקאָוו. „פּאלעסטינסקי סבאָרניק". נומ. 4, ז. 131.

שמועסן וועגן מוזיק און עסטראדע. ס. בענגעלסדאָרף. דאָס וואָרט וועגן א זינגערן (מ. בייִעשו). נומ. 4, ז. 134.

וו. לעבנזאָן. ייִדישע פאָלקסלידער אינעם גרויסן זאל פון דער מאָסקווער קאָנסערוואטאָריע. נומ. 12, ז. 142.

מ. קאָטליאראָווע. צום אָנדענק פון סידי טאל. נומ. 10, ז. 164.

ז. קאָמפּאנייעץ. צוויי עפּיזאָדן (צו זײַן 85־טן געבורטסטאָג). נומ. 9, ז. 134.

א. קאָרדונער. דער נאָמען און דער טאָך (וועגן ייִדישן מוזיקאלן קאמער־טעאטער). נומ. 4, ז. 125.

צום 80־טן געבורטסטאָג פון דמיטרי שאָסטאקאָוויטש. א. דובנאָוו. דער גענִיאלער קינסטלער דמיטרי שאָסטאקאָוויטש. נומ. 3, ז. 153.

טוער פון טעאטער. מ. קאָזאקאָוו. מאָנאָלאָג וועגן א פרײַנט (ג. ליאמפּע). נומ. 1, ז. 140.

קינאָ. דער יובילײ פון א פילם („גליקזוכער"). נומ. 4, ז. 123.

טעלעוויזיע. דאָס לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן אפן טעלע־עקראן. נומ. 4, ז. 124.

60 יאָר אין ייִדישן טעאטער (וועגן רעזשיסער י. ראָטבאום). נומ. 8, ז. 155.

פריש אין זיקאָרן. י. גאָכבערג, ג. עסטרײַך. דאָס ערשטע גאָלד (וועגן וועלט־טשעמפּיאָן ג. נאָוואק). נומ. 8, ז. 158

## פּובליציסטיק

פאר א וועלט אָן נוקלעארן וואָפן, פאר הומאניזם אין די צווישנפעלקערלעכע באצִיונגען. רעדע פון מ. ס. גאָרבאטשאָוו. נומ. 5, ז. 3.

ג. באקאנורסקי. דער בונד מיט דער קלעריקאלער רעאקציע. נומ. 3, ז. 13.

איבער לענדער און קאָנטינענטן. אָ. געראסימאָוו. די ווארעמקײַט פון דער האנט. נומ. 8, ז. 138; אין די מיזרעך־ראיאָנען פון ליוויע. נומ. 12, ז. 123.

ל. דאדיִאני. צוויי מינים פונעם קלײנבורזשואזן נאצִיאָנאליזם. נומ. 3, ז. 6;

ל. דאדיִאני, ס. מאָקשין, ע. טאדעוואָסיאן. וועגן אייניקע פראגן פון דער היסטאָריאָגראַפיע פונעם פּראָלעטארישן אינטערנאַציאָנאליזם. נומ. 4, ז. 102.

פּ. וואָלאָבועוו. דער גרויסער אָקטיאַבער און די היסטאָרישע גויראָלעס פון אונדזער היימלאנד. נומ. 11, ז. 5.

א. טשערקיזאָוו. דעמאָקראַטיע — דאָס איז ניט צעלאָזטקײַט. נומ. 8, ז. 151.

ע. ראָזענטאַל. נאָטיצן פון א זשורנאַליסט. נום. 9, ז. 138; די אנאַטאָמיע פון שרעק. נום. 10, ז. 142.

איבערבויונג און זיטלעכקייט. ארויסטרעטונג פונעם מיטגליד פון דער פּאָליטביוראָ, סעקרעטאַר פון צק קפּסס א. נ. יאַקאָוולעוו אפן פּאַרטאַקטיוו אין דער שט. קאַלוגע דעם 14 יול 1987. נום. 10, ז. 3.

שמועסן מיט די לייענער. ג. שמיגאָוו. דער פּאַרקישעפטער קרייַז, אָדער דער טרוים, וועלכן מע האָט פאַראַטן. נום. 2, ז. 133; דעמאָקראַטיע לויטן אַמעריקאַנישן נוסעך. נום. 4, ז. 107; די דעמאָקראַטיע פונעם געלט־זאַק. נום. 5, ז. 149; ראַסיזם "Made in USA", נום. 6, ז. 143.

צו דעם סאָוועטישן פאָלק. ווענדונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. נום. 6, ז. 3.

געלייענט אין דער סאָוועטישער פרעסע. ווען דעמאַגאָגן צעגאַרטלען זיך (וועגן דער פאַרייניקונג „פּאַמיאַט"). נום. 9, ז. 97; „פּאַמיאַט" באַקומט די געהעריקע אָפּשאַצונג. נום. 10, ז. 153.

70 יאָר אָקטיאַבער. דער אָטעם פון דער שטורעם־צייַט (רעפּאָרטאַזש פון דער ייִדישער פּרעסע אין די יאָרן 1917—1920). נום. 11, ז. 15.

דער וועג אין XXI יאָרהונדערט. די סאָוועטישע פּראָגראַם פון א נוקלעאַרער וועלט. נום. 4, ז. 3.

טעאָרעטישע קאָנפערענץ פון „סאָוועטיש היימלאַנד". א. קאַפּטאָ, די דיִאַלעקטישע איינהייַט פונעם אינטערנאַציאָנאַליזם און דער פּאַטריאָטיזם. נום. 3, ז. 3.

## אונדזערע מיטיילונגען

ל. ווילסקער. אפן וועג פון קאַסטיליע קיין גראַנאַדע. נום. 4, ז. 136.

נ. יאַקוטסקי. ייִדן אין יאַקוטסק. נום. 1, ז. 155.

מיר אינפאָרמירן אונדזערע לייענער. פון קאָמפּעטענטע קוואַלן. וועגן דער באַשטימונג פון דעם מיניסטאָרן־ראַט פון פסער פונעם 1 יאַנוואַר 1987. צו די טאַקאָנעס וועגן אַרייַנפאָרן אין פסער און וועגן אַרויספאָרן פון פסער. נום. 3, ז. 158.

דער אַנטיסעמיטיזם אין די מייַרעוו־לענדער זעצט פאָר צו בושעווען. נום. 9, ז. 147; נום. 12, ז. 152.

געלייענט אין דער צייַטונג „איזוועסטיִא". א רויטער טעפּיך, אָדער א „שווארצער וואָראָן". א פאַנטאַסטיש־דעטעקטיווע געשיכטע מיט פּילצאָליקע רעאַלע פאַקטן. נום. 2, ז. 154.

אונדזער אינטערוויו. אין ביראָבידזשאַן וועט זייַן א פּעדאַגאָגישער אינסטיטוט. דעם שמועס האָט דורכגעפירט א. גינזבורג. נום. 9, ז. 51.

י. א. באָקער. די איבערבויונג און די סאָוועטישע ליטעראַטור. נום. 10, ז. 161.

מענטשן, זייער צייַט, זייער גורל. ש. גאָרשמאַן. „עקאָנאָמיק איז א האַרב ניטל". נום. 11, ז. 140; כ. גורעוויטש. סיבירער מאָטיוון (פאַרצייכענונג). נום. 11, ז. 97; ק. גריידינא. מע דאַרף... נום. 11, ז. 105; ה. פּאָליאַנקער. דער וועג אין לעבן. נום. 11, ז. 86; ר. פּוסטילניקאָוו. צווילינגן (פאַרצייכענונג). נום. 11, ז. 128; מ. ריִאַנט. דער באַלעבאָס פונעם ראַיאָן. נום. 11, ז. 137; ה. רעלעס. די קראַנאָוושטשיצע (פאַרצייכענונג). נום. 11, ז. 132.

מיר ענטפערן אף פראַגן פון אונדזערע לייענער. וו. סולטאַנאָוו (וואָראָניעזש). ווי גרויס איז דער שאָדן, וועלכן די מילכאָמעס האָבן געבראַכט דער מענטשהייַט? נום. 2, ז. 158.

עס ווערט פאָרגעזעצט דער שמועס. ניטאָ קיין פאַרעלטערונגס־טערמינען! דער מאַטעריאַל איז איבערגעדרוקט פון דער צייַטונג „איזוועסטיִא". נום. 8, ז. 154.

זיכרוינעס. מ. לאַנדמאַן. וויִאַזוי דאַרף אויסזען א מענטש. נום. 3, ז. 155.

מ. לאָיעוו. זיי שטייען מיר אלע פאַר די אויגן... (זיכרוינעס פון א ייִדישן שוישפּילער). נום. 2, ז. 145.

י. א. קאַפּער. פון גענעם אַרויס. נום. 10, ז. 100.

י. א. קאָזלאָווסקי. מאַרשאַקס לימודים (בלעטלעך פון זיכרוינעס). נום. 12, ז. 117.

די שטאָט ביראָבידזשאַן פייַערט איר 50־יאָריקן יובילייַ. נום. 10, ז. 160.

אונדזער רעפּליק. א. בראָדסקי. קעגן אומפאַראַנטוואָרטלעכע אָנפאַלן אף א יונגן דיכטער. נום. 3, ז. 110.

## קינסטלערישע בייַלאַגעס

נום. 1. קינסטלער וויקטאָר וועקסלער (אָדער) פונעם פאָלקס מויל.

נום. 2. איליוסטראַציעס פון י. טשייַקאָוו צו מענדעלע מויכער־ספאָרימס דערציילונג „דאָס קעלבל". קינסטלער הערש אינגער (מאָסקווע). — פּאַגאַניני; איליוסטראַציעס צו שאָלעם־אַלייכעמס „דאָס טעפּל", „דער פאַרקישעפטער שנייַדער", „בלאָנדזנדע שטערן".

נום. 3. קינסטלער וואַלערי גאַנעסין. שט. זאַלאָטאָנאָשע, טשערקאַסער געגנט, אוקראַיִנע.

נום. 4. קינסטלער ליפּע רוטער. פּאָרטרעט פון שאָלעם־אַלייכעמען, איליוסטראַציע צו מיכאַיִל שטיטעלמאַנס „דערציילונג וועגן דער קינדהייַט"; פון דער סעריע „סטודענטן אף דער צעלינאַ"; פון דער פראָנט־סעריע.

נום. 5. אף דער 17־טער מאָסקווער יוגנטלעכער אויסשטעלונג. ל. טאַבענקין. א זונטיקטאָג; מ. קאַנטאָר. אינעם וואַרט־זאַל; א. קאַמילין, וו. רוסאַנאָוו. פרילינג אין קרים; מ. גורעוויטש. אין צענטראַלן פּאַרק פאַר קולטור און אָפּרו אף גאָרקיס נאָמען; א. סונדוקאָוו. אין ריי; וו.ל. ברייַנין. א הויז אפן ראָג.

נומ. 6. קינסטלער מ א ר ק ש א ג א ל. צום 100־טן געבורטסטאָג. ווייניק־באַוווּסטע ווערק פונעם גרויסן מײַסטער, וועלכע געפינען זיך אין סאָװעטנפאַרבאַנד.

נומ. 7. מ. י א כ י ל ע ו י ט ש. באַרג־אַראָפּ, אין הויף; ב אָ ר י ס מ י נ ק אָ ו ס ק י. נאַטאַשע, טשערנאָוויץ. א געסעלע, אין טביליסי, כאַווײַרים.

נומ. 8. קינסטלער ב ר אָ נ י ס ל א ו ט ו ט ע ל מ א ן. וו. מ ײ ל א נ ד. עטוואָס וועגן ב. טוטעלמאַנס קינסטלערישער מאַניר. ז. 161.

נומ. 9. ל. ג א ד ײ ע ו (מאָסקווע) מ. ש י ס ט ע ר (אָדעס).

נומ. 10. מ. ט ײַ ב ע ר (כאַרקאָוו).

נומ. 11. דער קינסטלער און די צײַט.

נומ. 12. 30 יאָר לעקאָוועד דעם קאָסמאָס.

בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען. נומ. 1, 2, 5, 6.

דאָס איז טשיקאַווע. נומ. 2, 3, 4, 5, 6.

די פּאָטשט פון „סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 9.

זעלבסטלערער פון ייִדיש (Самоучитель) נומ. 1, 2, 3, 4, 5, 6, 8, 9, 10, 11.

פון אונדזער פּאָטאָ־אַרכיוו. נומ. 9.

מאַטעריאַלן פאַר א לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור: נומ. 1, 2, 4, 5, 6, 10, 11.

כראָניק און רעזומע אין אַלע נומערן.

ביבליאָטעק פון „סאָוועטיש היימלאַנד”

נומ. 1. יאַנוואַר — ז. ק א ג א ן. פונעם זשורנאַליסטישן בלאָקנאָט.

נומ. 2. פעברואַל — „סאָוועטיש היימלאַנד” 1981—1986. ביבליאָגראַפישער אָנצײַגער.

נומ. 3. מאַרט — ה. ב א ר א ז. דער מאַמעס האַרץ.

נומ. 4. אַפּרעל — מ. אָ ס ט ר אָ ו ס ק י. קיין בעסער לאַנד, ווי רוסלאַנד, איז אַף דער וועלט ניט פאַראַן.

נומ. 5. מײַ — וו. ל ע נ ז אָ ן. מוזיק אין אונדזער לעבן.

נומ. 6. יוני — א. פ ר י ב ל ו ד ע. צו דער געשיכטע פון ייִדישע פאַמיליע־נעמען.

נומ. 7. יולי — א י ן ש ט ו ר ע מ ד י ק ע ט ע ג (דערציילונגען פון ש. גאָדינער, מ. דאַניעל, ד. בערגעלסאָן).

נומ. 8. אַווגוסט — ב. ג א ר אָ ד ע צ ק י. אַן אינטערוויו מיט זיך אַליין.

נומ. 9. סענטיאַבער — י. ק אָ ו ע ל מ א ן. נאָטיצן וועגן ייִדישער גראַפיק און מאָלערײַ־קונסט.

נומ. 10. אָקטיאַבער — ג. ש מ י ג אָ ו. די דעמאָקראַטיע פונעם געלט־זאַק.

נומ. 11. נאָיאַבער — אין יענע שטורעמטעג (דערציילונגען פון א. קושניראָוו, כ. גילדין, ב. אָליעווסקי).

נומ. 12. דעקאַבער — י. ש ו ס ט ע ר. מינסקער אַספאַלטן.

En el presente número aparece la continuación de la obra "Surgimiento y desarrollo del idioma yíddish" del filólogo Bentsión Rubshtéin, partes de la cual publicamos en enero, febrero, junio y setiembre últimos. En diciembre los lectores pueden conocer el capítulo sobre los procesos lingüísticos de los judíos residentes en territorio de Rusia.

Materiales sobre las manifestaciones de antisemitismo en Occidente aparecen en la sección "Informamos a nuestros lectores".

Como siempre en el último número del año ofrecemos la relación de todos los escritos aparecidos en la revista en los doce meses.

Continuamos publicando los tradicionales "Materiales para el lexicón de la literatura judía soviética" y "Manual autodidáctico del idioma yíddish".



## Suplemento al número: Iósif Shúster. "Asfalto de Minsk"

---

### צום אָנדענק פון סאָל פאקטאָר

עס איז אוועק אין דער אייביקיַיט סאָל פאקטאָר — אן אקטיווער טוער פון דער קאָמוניסטישער באוועגונג אין אווסטראליע און געטריַיער פריַינט פון סאָוועטנפארבאנד.

געבוירן איז סאָל פאקטאָר אין לאָדז, פרי געמוזט אָנקומען אף שווערער ארבעט. אין 1938 עמיגרירט ער קיין מעלבורן, פאלט אריַין אין שווערע באדינגונגען, נאָר געפינט סיַיווי צײַט און קויכעס איַינצושליסן זיך אין דער געזעלשאפטלעכער טעטיקיַיט. אין מעלבורן איז ער געווען דער לאנגיאָריקער סעקרעטאר פונעם יידישן פראָגרעסיוון קריַיז אפן נאָמען פון איציק וויטענבערגן.

סאָל פאקטאָר איז געווען אן איבערגעגעבענער כאווער, א הארציקער פריַינט. עטלעכע מאָל באזוכט ער דעם סאָוועטנפארבאנד, טרעפט זיך מיט די מיטארבעטער פון „סאָוועטיש היימלאנד" און ווערט דער ליַידנשאפטלעכער פארשפרייטער פונעם זשורנאל אין אווסטראליע.

עס איז פון אונדז אוועק אן אקטיווער שאָלעם־קעמפער.

מיט טיפן טרויער און צאר פארנייגן מיר די קעפ פאר דעם אומפארגעסלעכן מיטקעמפער.

קאָוועד זיַין ליכטיקן אָנדענק!

מ. בידערבערג,
מעלבורן

# EL RESUMEN

## "Soviétish Héimland" ("La Patria Soviética")
## N° 12, diciembre, 1987

El número de diciembre de la revista se abre con el ensayo "Viaje a Bakú (historia de una entrevista a Garri Kaspárov" de Evgueni Guik (Moscú). "Mi protagonista —manifiesta el autor— es el decimotercero campeón mundial de ajedrez. Sin embargo, no se trata de la biografía del más joven rey escaqueado, además, otros personajes también aparecen en el ensayo. Verdad, quien escribe estas líneas no sabe definir el género al que pertenecen estas notas: ensayo, artículo, entrevista... Tal vez lo más exacto sería llamarlas memorias subjetivas."

De bellas letras presentamos los cuentos "Juegos infantiles" de Alexandr Lizen (Lvov) y "El tercer encuentro" de Borís Moguílner (Moscú). También publicamos el relato autobiográfico del moscovita David Dragunski, coronel general, dos veces Héroe de la Unión Soviética, titulado "Padres e hijos". El lector encontrará asimismo muestras del "género menor": miniaturas literarias de Hirsh Reles (Minsk).

En esta ocasión celebramos tres aniversarios literarios: 90 años del nacimiento de Shmuel Halkin (1897-1960), uno de los fundadores de la literatura judía soviética, 80 años del poeta judío soviético Mendl Lifshits (1907-1983) y el centenario de Samuil Marshak, destacado poeta y traductor soviético. En nuestras páginas aparecen ciclos poéticos de Halkin y Lifshits y las memorias del moscovita Yákov Kozlovski sobre Marshak.

La recopilación de poesías de Max Riant (Samarkanda), como también versos de Dora Jáikina (Kíev), Motl Gruvman (Novgorod) y el ya mencionado Hirsh Reles representan la poesía judía contemporánea.

Ofrecemos al lector el nuevo ensayo del periodista moscovita Oleg Guerásimov titulado "En las zonas orientales de Libia" que forma parte de su ciclo "Países y continentes".

Continuamos publicando "El arte une y emparienta a los pueblos", ensayo de Mijaíl Ostrovski (Moscú), comenzado en el N°8 de la revista. El autor despliega un amplio panorama de la vida literaria y teatral de Rusia en la segunda mitad del siglo pasado.

El candidato a Doctor en Artes Víktor Lenzon (Moscú) dedicó su artículo "Canciones populares judías en la Sala Grande del Conservatorio de Moscú" a la actuación en la capital soviética del Coro Académico Estatal de Letonia dirigido por Imants Cepetis, Artista del Pueblo de esta República Federada.

Continuing the publication of the linguistic work "The Appearance and Development of Yiddish" by Bentsion Rubshtein, whose previous chapters were included in issues Nos 1, 2, 6, 9, 1987, the current issue introduces chapter dealing with the Yiddish language processes on the territory of Russia.

Under the heading "Informing our Readers" the magazine carries materials about anti-semitic acts in Western countries.

As usual, the last issue comprises a table of contents published during the year.

Included are the traditional section "Materials for a Lexicon of Jewish Soviet Literature" and "Teach Yourself Yiddish".



**Supplement to the issue:**
**"The Asphalts of Minsk" by Yosif Shuster**

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland ("Soviet Homeland")
## No 12, December, 1987

The current "Sovietish Heimland" issue opens with a documentary story by Yevgeni Gik (Moscow), entitled "Trip to Baku (an Interview with Carry Casparov)". "The protagonist of the story', writes Ye. Gik, 'is the thirteenth World Champion. However, it is not a biography of the youngest chess king for it features other characters, too. The author himself finds it hard to define the genre of his story, whether essay, article, interview... or rather, perhaps, subjective reminiscences..."

The prose section carries the stories "Children's Games" by Alexander Lizen (Lvov) and "The Third Meeting" by Boris Mogilner (Moscow) as well as the autobiographical story "Fathers and Children" by colonel-general David Dragunsky, Twice Hero of the Soviet Union. Also included are miniatures by Hirsh Reles (Minsk), specimens of the "small genre" of prose.

The December issue observes three literary memorial dates: the 90th birthday anniversary of Shmuel Galkin (1897—1960), one of the founders of Jewish Soviet literature, the 80th birthday anniversary of the Jewish poet Mendl Lifshits (1907—1983), and the birthday centenary of Samuil Marshak (1887—1964), the outstanding Soviet poet and translator. In commemoration of these dates the magazine publishes selectlions of poems by Galkin and Lifshits, and Yakov Kozlovsky's (Moscow) memoirs about Marshak.

Modern Jewish poetry is represented by selections of poems by Max Riyant (Samarkand), Dora Khaikina (Kiev), Hirsh Reles (Minsk) and Motl Gruvman (Novgorod).

The "Over Countries and Continents" section includes a new essay by publicist Oleg Gerasimov (Moscow), entitled "In Libya's Eastern Regions".

The magazine continues the publication, started in issue No 8, 1987, of Mikhail Ostrovsky's (Moscow) essay "Art Unites and Draw People Together", which presents a wide panorama of the literary and theatre life of Russia in the latter half of the 19th century.

The performances of the State Academic Choir of the Latvian Republic under the leadership of Imantas Cepetis, given in Moscow, are dealt with by Victor Lenzon (Moscow) in his article "Jewish Folk Songs in the Moscow Conservatoire".

